שלמה גרינשפּאַן

# יידן אין



# JEWS IN PLOTZK


3111 Brighton 7th Street
Brooklyn 35, N. Y.






שער בלאַט געצייכנט פון דוד טושינסקי

*Printed in the U. S. A.*

נדפס בדפוס „א & ה"

A & H PRINTING AND PUBLISHING CORP.

211 EAST BROADWAY NEW YORK CITY 2, N. Y.

# לזכרון

מיינע נאָנטע און טייערע, באַזונדער
מיין פאָטער יצחק מאיר און מוטער
ליבע ראַצע — אומגעקומען אויף
קדוש־השם אין די יאָרן תש״א־תש״ד

## ערשטער טייל:

### פון סוף 18־טן יאָרהונדערט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.



## צווייטער טייל:

### די צייט צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה.

## דריטער טייל:

### חורבן פלאָצק.



## פלאָצקער שרייבן וועגן חורבן:





אין 1937 האָט דאָס יידישע פלאצק זיך געגרייט פייערן דעם 700־יעריקן יובל פון פלאצקער יידישן ישוב.

אויף דער איניציאַטיוו פון מאלער נתן קאזשען, איז געוואָרן געשאַפן אַ יובל־קאָמיטעט צו פייערן די דאַטע, וועלכע איז געווען פון וויכטיקייט נישט נאָר פאַר די פלאצקער יידן, נאָר פאַרן פוילישן יידנטום בכלל.

אין קאָמיטעט זענען דאַן אַריין: נ. קאזשען, י. בערנשטיין, ד״ר טעמערסאָן, ד״ר י. שיפער, ד״ר ע. רינגעלבלום און ש. טרונק.

דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן די פולע געשיכטע פון יידישן ישוב אין פלאצק.

אין 1939, קורץ פאַרן אויסברוך פון קריג, איז דערשינען דער ערשטער טייל פון דער „געשיכטע פון יידן אין פלאצק“, — געשריבן פון ש. טרונק, — פאַר דעם צייט־אָפּשניט 1237 — 1657. דאָס בוך איז געהאָט דערשינען דורך דער היסטאָרישער סעקציע ביים „ייווא“ אין פוילן.

די וויטערע בענדער זענען, לײדער, שוין נישט דערשינען.

אין אָנבליק פון דער טראַגישער פאַרניכטונג פון יידישן לעבן אין פלאצק, האָבן די פלאצקער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1945, אַ בוך „פלאצק“.

דאָס בוך איז ווייט פון געבן אַ בילד פון דער רייכער פאַרגאַנגענהייט פון יידישן פלאצק, נאָר איז גיכער אַ זאַמלונג זכרונות פון לאַנדסלייט, וועלכע לעבן אין אַרגענטינע.

אין דער פאַרשפּרייטער דערשיינונג אַרויסצוגעבן יזכור־ביכער נאָך די חרובע קהלות אין פוילן, האָט די געשיכטע פון דער עלטסטער יידישער קהלה אין פוילן, נישט געטאָרט פעלן.

אויף דער איניציאַטיוו פון שרייבער פון די שורות, זענען געמאַכט געוואָרן באַמיונגען אַרויסצוגעבן אַ קאָלעקטיוו יזכור־בוך, וואָס זאָל אויף אַ ברייטן פאַרנעם אַרומנעמען די געשיכטע פון יידן אין פלאצק.

ווען דאָס אַרויסגעבן אַזאַ יזכור־בוך איז נישט געלונגען, האָט דער שרייבער פון די שורות געמאַכט די אָנשטרענגונג, אַליין אַרויסגעבן אַ בוך, וואָס זאָל זיין אַ זכרון נאָך דעם פאַרניכטעטן יידישן לעבן אין פלאָצק. אין רעזולטאַט, האָבן מיר דאָס בוך „יידן אין פלאצק“, וואָס ליגט פאַרן ליינער.

אונטער די שווערע אומשטענדן פון זאַמלען מאַטעריאַלן און די באַגרענעצטע צאָל מאַטעריאַלן וואָס איז מעגלעך געווען צו דערגרייכן, —

האָבן מיר דאָס בוך אָנגעשריבן. פאַרשטייט זיך, אַז דערמיט איז די געשיכטע פון יידישן פלאצק נישט אויסגעשעפּט.

דאָס אָנגעשריבענע איז פאַר דעם צייט־אָפּשניט פון ענדע אַכצנטן יאָרהונדערט ביז נאָך דעם חורבן פון יידישן קהלה־לעבן בעתן צווייטן וועלט־קריג.

מיר גלויבן, אַז דערמיט האָבן מיר כאָטש טיילווייז געטאָן אונזער חוב לגבי דעם יידישן פלאצק וואָס איז מער נישטאָ.

דער מחבר.

# אַריינפיר-וואָרט

ווען עס איז ענטשטאַנען אַ יידישער ישוב אין פלאצק, איז נישט באַוווּסט, פונקט ווי מ׳קען נישט פעסטשטעלן דעם אָנהויב פון יידישער איינוואַנדערונג אין פוילן.

דער דיפלאָמען קאָדעקס פון מאַזאָוויע פון יאָר 1237, דערציילט אַז, „די גרענעצן פון שטאָט ציען זיך פון צמענטאַזש וואָס ליגט אויפן וועג קיין טשערסק, ביז צום ברונעם פון וויסלאווס קירך און ביז צו דעם נאָענטסטן ברונעם דעם יידישן".

סאיז די ערשטע אָפיציעלע באַשטעטיקונג וועגן יידן וואָס וווינען אין פלאצק.

מעגלעך אויך, אַז יידן האָבן דאָרט געלעבט פיל יאָרן פריער, אפשר נאָך פאַר דער פאָרמירונג פון אַ פוילישער מלוכה.

די פוילישע היסטאָריאָגראַפיע רעכנט דעם אָנהויב פון דער פוי־לישער געשיכטע פון יאָר 966, ווען דער פירשט מיעשקאָ דער ערשטער האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן.

ס׳איז נישט פעסטגעשטעלט פון וואַנען זענען געקומען די ערשטע יידן קיין פלאצק, פונקט ווי עס איז אומבאַקאַנט פון וואַנען איז געקומען דער אָנהויב פון דער איינוואנדערונג קיין פוילן.

ד״ר שיפּער האַלט, אַז די ערשטע איינגעוואַנדערטע קיין פוילן, יידן, זענען געקומען פון מזרח, פון דער כוזרים־מדינה, אַרום דעם 9־טן אָדער 10־טן יאָרהונדערט. אַנדערע היסטאָריקער, ווי גרעץ און באַלאַבאַן, האָבן געהאַלטן, אַז די ערשטע יידן אין פוילן זענען געקומען פון דייטשלאַנד.

אַ גרעסערע איינוואַנדערונג פון יידן קיין פוילן איז געקומען פון דייטשלאַנד סוף 11־טן יאָרהונדערט.

דעמאָלסט האָט שוין עקזיסטירט אַ יידישער ישוב אין פלאצק.

אין די יאָרהונדערטער פון איר עקזיסטענץ, האָט דער יידישער ישוב אַדורכגעמאַכט אַ לאַנגן וועג פון עליות און ירידות, רדיפות און קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אין די אַלע יאָרהונדערטער איז אָבער געווען דער גרונטשטריך פון יידישן ישוב, דאָס שטרעבן צו אַנ׳אייגן יידישן לעבן, און צו יידישן המשך.

אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, האָט דער גייסט פון וויסן זיך דורכגעריסן די געטאָ גרענעצן. יידן, בפרט די יידישע יוגנט, האָט מיט גרויס חשק זיך גענומען לערנען נישט נאָר תורת משה, נאָר אויך די תורות פון דער ברייטער וועלט. די טרוימער פון געטאָ האָבן מיט ענטוזיאַזם און נייגער געשלונגען וויסן און חכמה פון די אומות

העולם און זיך געלאָזן אין דער גרויסער וועלט פון בילדונג, אידייען און קאַמף.

דער ציוניזם וואָס איז ענטשטאַנען אין פלאצק, איז געווען אַ פאָרטזעצונג פון דער השכלה באַוועגונג, וועלכע איז ענטשטאַנען אונטערן שטאַרקן איינפלוס פון משה מענדעלסאָן. די אידייען פון דעסויער, האָבן אַריינגעבראַכט אין פלאצק דייטשע יידן וואָס זענען געקומען צוליב מסחר אָדער האָבן זיך באַזעצט אין פלאצק.

די עליה פון פלאצקער יידן קיין א״י, האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי פרי ווי 1830. יצחק לעדערבערג, דער עלטער־זיידע פון באַרימטן נאָבל־פרייז טרעגער פאַר מעדיצין־פאָרשונג — ד״ר יהושע לעדערבערג, איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל פון דער שטאָט פלאצק אין יאָר 1830.

אויך די יידישע אַרבעטער באַוועגונג, האָט זער פרי געשטעלט אירע ערשטע טריט אין שטאָט. שוין אין 1905 האָט עקזיסטירט אַ אומ־לעגאַלע פועלי־ציון פאַרטיי, וועלכע האָט אין געהיים פאַרשפרייט אויפרופן, רופנדיק צום סטרייק. סאיז דורך דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אַנ׳אַטענטאַט אויף אַנ׳אכזריותדיקן פאָליציי־באַאַמטן, — געבנדיק דערמיט אויסדרוק צו זייער קאַמף פאַר פרייהייט.

פלאצק איז כסדר געשטאַנען אונטערן צייכן פון אינערלעכע קאַמפן פאַר גייסטיקער געשטאַלטיקונג פון דער יידישער קהלה. צי דאָס איז געווען אַ קאַמף צווישן מתנגדים און חסידים, אין וועלכע מחלוקת׳ן דער רב איז אַלעמאָל געווען דער ציל פונקט, צי דאָס איז געווען אַ קאַמף פאַר נייע אידייען בכלל, וועלכע דער גייסט פון דער צייט האָט אָנגעטראָגן, — די דאָזיקע קאַמפן האָבן אַלעמאָל אַריינגעבראַכט ניי לעבן און נייע האָפנונגען אין דעם יידישן קבוץ אין פלאצק.

יידן האָבן שטענדיק געהאָפט אויף גאולה. אין אַ הערמעטיש־פאַר־מאַכטער געטאָ, אָפגעשלאָסן פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָט געלעבט די משיח האָפנונג צווישן די *יידישע* מאַסן. די געטאָ ווענט זענען געוואָרן דורכגעבראָכן מיט דער האָפנונג פון סאָציאַלער באַפרייונג אויך פאַר יידן. בפרט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אויך די האָפנונג פאַר גאולה מיטן אויפקום פון ציוניזם.

די פאַרשידענע פעריאָדן פון יידישן לעבן אין פוילן און פלאצק בתוכם — איז איין לאַנגע קייט פון חלום פאַר גאולה.

מיר ווילן די קומענדע קאַפּיטלעך, אָנהויבן מיט פלאצקער פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געלעבט ענדע 18־טן יאָרהונדערט, און זיך בעיקר אָפּשטעלן אויפן פעריאָד פון יידישן לעבן אין פלאצק אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, ביז דעם אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג.

אַ פּעריאָד, וועלכער איז געווען אַן׳אָנהויב פון אַ רעוואָלוציע אין יידישן לעבן און אין גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, וואָס האָט געפירט צו אַ נייעם יידישן שטייגער־לעבן און איז אַ רינגעלע אין קייט צום אויפקום פון מדינת־ישראל.

## אָנזאָגער פון אַ נייער צייט — הרב י. ל. מרגלית

אַ פּיאָנער אויפן געביט פון פאַרשפּרייטן וויסן צווישן יידן, איז די אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט פון הרב יהודה לייב מרגלית, וועלכער האָט געלעבט און געווירקט אין 18־טן יאָרהונדערט, (1747 — 1811).

אין אַ צייט ווען יידן אין פּוילן האָבן געלעבט אין אָפּגעזונדערקייט פון דער אַרומיקער וועלט, נישט האָבנדיק קיין אַנונג פון דעם פאַרשריט אויף פאַרשידענע געביטן פון וויסן, לעבנדיק אָפּגעשלאָסן אין דער געטאָ, זיך ווידמענדיק אויסשליסלעך דאָס לערנען תלמוד און די מפרשים. ווען ביי יידן איז געווען אַזוי טיף פאַרוואָרצלט דער אינסטינקט פון נישט מאַכן אַ שריט פאָרויס, פון נישט וועלן וויסן וואָס עס טוט זיך אויסער די געטאָ־ווענט, — אין דער צייט, איז מרגלית׳עס רוף זיך צו באַקענען מיט נאַטור־וויסנשאַפט, געווען אַ ווייטגייענדער שריט אין יענער צייט. מ׳האָט אים נישט געקענט באַשולדיקן אין אפּיקורסות, — ער איז דאָך געווען אַ פרומער ייד אין פולן זין פון וואָרט.

י. ל. מרגלית, וועלכער איז געווען באַקאַנט צווישן פאָלק אויך אַלס יהודה פּערל, איז אָן ספק געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַרשפּרייט צווישן יידן די אידייע פון זיך באַקענען מיט נאַטור־וויסן.

זיין ספר „אור עולם" — על חכמת הטבע, ווי ער רעכנט אויס אויפן שער־בלאַט די מעלות פון ספר: „מלא מגדים, דברים נאמנים ונחמדים, וחדושים במאמרים ופסוקים", — איז דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס.

אין זיין הקדמה, רעדט ער זיך דורך מיטן רבש"ע וועגן זיין ספר: „אור עולם" האָב איך דאָס ספר אַ נאָמען געגעבן, און טאָמער מיידסטו מיך אויס און פאַרשעמסט מיך, בלייבן דאָך דיינע געצעלטן אין פינסטערניש, אָן ליכט. איך פאַרלאָז זיך אויף דיינע רחמים, אַז מיין ליכט וועסטו לאָזן לויכטן און דיין האַנט וועט מיך פירן אויפן גלייכן וועג, און כ׳וועל נישט נכשל ווערן אַרויסצוברענגען פון מיין האַרץ ווערטער, וואָס איז קעגען דיין ווילן. מיר זענען געוואָרן — זאָגט מרגלית — צו שאַנד און שפּאָט ביי אַלע פעלקער, זיי קוקן אויף אונז ווי אויף פּשוטע בהמות, ווייל

אין אונזער לשון האָבן מיר נישט קיין איין ווערק, וואָס זאָל קענען שטילן דעם דורשט פון די וואָס ווילן זיך באַקענען מיט די נאַטור־געזעצן״.

זיין ספר טיילט ער איין אין באַזונדערע קאַפּיטלעך:

חכמות למודיות — זענען מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. פאַר חכמות טבעיות, איז באַצייכנט פיזיק, פאַרשונג (השקפה), — צו אויס־געפינען גאַנג פון די נאַטור־געזעצן, דאָס אויסגעפינען און צוגעבן טאָג־טעגלעך נייע ערפינדונגען, פון וועלכע מ׳האָט פריער נישט געוווסט. אַנאַטאָמיע (מלאכת הנתוח), וואָס לערנט צו שטודירן בעזונדערע מענשלעכע אברים, זייער אָרט אין קערפּער און זייערע פונקציעס. פיזיאָלאָגיע, מעטאַ־פיזיק (פילוסופיה אלוהות), די פילאָזאָפיע וועגן גאָט, וועלכע ער באַצייכנט „מה שאחורי הטבע״. לאָגיק (חכמת ההגיון) און די חכמה פון רעדנס־אַרט, — רעטאָריק וועלכע ער האַלט, וואָס קען דינען דורך זיסע קלוגע רייד צו דערנענטערן דעם מענש, אַריינדרינגען אין זיין געדאַנקן־וועלט און ווירקן אויפן צוהערער אין דער געהעריקער ריכטונג. און צולעצט „חכמת הנהגת האדם״, — די סאָציאָלאָגיע, וועלכע ער טיילט איין אין דריי טיילן: מדינה פּראָבלעמען, די עקאָנאָמישע פראַגע און די מענשלעכע עטיק.

דער ספר „אור עולם״ איז דערשינען אין 1777 און האָט אויסגע־האַלטן עטלעכע אויפלאַגעס. עס באַווייזט, ווי ס׳האָט ביי יידן דערוואַכט דער אינטערעס צו אַ נייער אומבאַקאַנטער וועלט. נייע האָריזאָנטן האָבן זיך באַוויזן ביי די געטאָ־איינוווינער, און דער דראַנג צו וויסן, האָט דורכ־געבראָכן די געטאָ־מויערן. ווי אַ דערגרייכונג מוז פאַרצייכנט ווערן דער פאַקט, אַז בערך 25 יאָר נאָכן דערשיינען פון „אור עולם״, איז אין וואַרשע געעפנט געוואָרן די ערשטע יידישע שולע, וועלכע האָט אַ חוץ די רעלי־גיעזע למודים אויך איינגעפירט וועלטלעכע אונטערריכט.

מרגלית האָט שאַרף אָנגעגריפן די רבנים וואָס ווילן נישט וויסן פון קיין אַנדער לערנען אויסער דעם תלמוד. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז יידן פון זיין צייט זאָלן זיך באַקענען אויך מיט אַנדערע וויסן. ער האָט אויך קריטיקירט די מעטאָדן פון לערנען און דערציען די תינוקות של בית רבן. ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק אַ גרינטלעכע רעוויזיע אין די מעטאָדן פון דערציונג.

אַלס אָנהענגער פון אַריסטאָטעלעס פילאָזאָפיע, האַלט ער אַז עס איז נישט קיין שטער צו די גלויביקע אין תורת משה. די דאָזיקע פילאָזאָפיע, גלויבט ער, פירט נישט אַראָפּ פון דרך הישר, עס העלפט אָבער יאָ פאַרפולקאָמען דעם מענשלעכן וויסן, דערפאַר דאַרף מען עס קענען.

אין אַ צווייטן ספר זיינעם „טל אורות", וואָס איז אַרויס אין מערערע אויפלאַגעס, דערציילט אונז מרגלית, אַז ער איז קראַנק געוואָרן און אַ שרעק איז אים באַפאַלן, וואָרום ער האָט נישט געניג מצוות געטאָן. ער האָט זיך זייער געזאָרגט, אַז ער וועט נישט באַוויזן אָפדרוקן זיינע חבורים נאָך ביי זיין לעבן. בעיקר — שרייבט ער — האָט ער געוואָלט זעען אָפגעדרוקט „טל אורות", וואָס העלפט מענשן ווייזן אַ וועג אין לעבן, וואָס „וועט זיי פירן צו אַ גליקלעכן ברעג".

ער דאַנקט אין ספר דעם רבש"ע וואָס האָט זיך צוגעהערט צו זיין תפלה און ער איז געזונט געוואָרן און זיך צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט.

געזונט ווערנדיק האָט ער באַשלאָסן פאָרן קיין ארץ־ישראל און ער האָט זיך געוואנדן צו זיינע פריינט און פאַרערער, זיי זאָלן אים העלפן פאַרווירקלעכן זיין פלאַן פון עולה זיין אין הייליקן לאַנד. פון זיין פלאַן איז גאָרנישט געוואָרן, און די סבות דערפון זענען אונז נישט באַוווסט.

אין דער הקדמה צו „טל אורות", וואָס איז דערשינען אין תקע"א, שרייבט ער:

ובהגיעי לפרק אמי נחלתי, נפלתי למשכב שלש פעמים בשנה זו, ועל משכבי זחלתי ואירא מאורתא רחיקא, ואירא כי ערום אנכי דלות מן המצוות. בעיקר האָב איך געוואָלט מען זאָל אָפדרוקן טל־אורות שיש בו זכוי לרבים להדריך אנשים על פי משלי חכמים וחדותם. אשר כתבתי בספר זה להורותם. ולשומם דוברות בים זועף של מצולת המבוכות והספיקות ורגליהם הלוך נטפוף תלכנה. ירומון מסילותם. אל חוף האושר להנחותם. על כן לגמור חבורי זה דלו עיני למרום, וממעמקים קראתי, חזקני נא אך הפעם לגמור זה החבור בדפוס. וברוך ה' אשר לא הסיר תפלתי ויט אלי חסד עד שקמתי ממטתי. וחזרתי לעבודתי, ועתה גמרתי בלבי לנסוע לארץ הקדושה, אולי יכפר זקנתי על ילדותי. ויקוים בי דרשת חז"ל בפסוק וכיפר אדמתו עמו. ובקשתי ממיודעי ואוהבי על זאת תלוי לאל עמדי שיעזרני שה"י ויגמור בעדי.

מרגלית איז געווען אַ מענש פון הויכער מאָראַלישער ווערט, ער האָט נישט נאָר געשריבן איבער עטישע ווערטן, נאָר אויך געקעמפט פאָר זיי אין דער קהלה זיינער, אַלס רב און מאָראַלישער פירער. דערפאָר איז ער געווען אַ מענש פון הארמאנישער גאַנצקייט. ער איז געווען נישט נאָר אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים. ער איז געווען אַ מוסר־זאָגער קעגן די קהל־פירער, וואָס זענען באַגאַנגען אומגערעכטיקייט קעגן די אָרעמע און שוואַכע.

ער אונטערשיידט זיך אין זיין דור, אַלס רב און פירער און אויך אַלס לערער. דערזעענדיק די גרויסע וועלט וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין וויסנשאַפטלעכן פאָרשן און אין דערגיין די סודות פון דער נאַטור, האָט ער געוואָלט, אַז זיינע ברידער יידן, זאָלן, פאַר זייער אייגענער טובה, זיך באַקענען מיט דער דאָזיקער וויסנשאַפט.

אין דעם פעלד איז ער געווען אַ פּיאָנער. אין די אומשטענדן פון יענער צייט איז עס אַ ראַדיקאַלער שריט. ער איז במילא געווען פון די פאָרגייער פון השכלה ביי יידן. זיין „אור עולם", געשריבן אין אַ פּרומער שפּראַך, האָט געעפנט נייע האָריזאָנטן פאַר די יידן, וועלכע זענען גייסטיק געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ, אַ טריט פאָרויס, צו אַ נייער ביז דאַן, פאַר יידן אומבאַקאַנטער וועלט.

ער האָט זיך באַקאַנט מיט די שאַפונגען פון די גרויסע יידישע גייסטער אין מיטלאַלטער אין אַראַבישען אָריגינאַל, וועלנדיק זיי קענען פון מקור.

אין ספר זיינס „בית מדות", האָט רעצענזירט וואָלפסאָן אין „המאסף", (תק"ן ז"ז קע"ז — קפ"ו).

מרגלית האָט געהאַט פאַרפירט אַ פּאָלעמיק מיט נפתלי הערץ שלעזינגער, וועלכער איז אין 1797 אַרויס מיט אַ חבור „שאלת חכם", און באַקעמפט די תיכף׳דיקע קבורה ביי יידן.

הרב מרגלית האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן אויפן כסא הרבנות אין אַ שטאָט, הויפּטזעכלעך, ווייל ער האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט די פירונגען פון די קהל פאַרזאָרגער. דערפאַר האָט זיין כסא הרבנות געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך. ער איז געווען רב אין פלאָצק, באַדזאַנאָוו, בוסנאָוו, שעברעשין, לעסל און פראַנקפורט ביים אָדער.

טאַקע, ווייל ער איז געווען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די קהל־פאַרזאָרגער און זיך צוגעקוקט צו זייער פירונג, האָט זיין חוש פאַר גערעכטיקייט, רעבעלירט קעגן די קהלשע תקיפים און ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט שאַרפע רייד קעגן זיי אין זיינע דרשות.

זיי טראַכטן — זאָגט ער — נאָר וועגן זייערע אינטערעסן. זייער גאַנצער מאַכט נוצן זיי אויס אויף צו וואַרפן אַ שרעק אויפן צבור, — מיט זייערע שאַרפע ציינער, טוען זיי פרעסן די אָרעמעלייט. פון זיך וואַרפן זיי אַראָפּ דעם עול פון שטייערן און לייגן אַלעס אַרויף אויף די אָרעמע. ווי נאָר איינער באַקומט מאַכט אין האַנט, ווערט ער אַ בקי אין אַלע פאַלשקייטן. די שטייערן פון די אָרעמע זענען כפל כפלים וואָס עס צאָלט דער גביר. דער וואָס דאַרף זיין דער היטער פון גערעכטיקייט, ווערט דער באַשיצער פון רויבער און באַנדיטן".

אין שוואַרצע פאַרבן שילדערט הרב מרגלית די ראָל וואָס עס שפּילן די פירער פון יידישן קהל. נישט קיין וואונדער וואָס ער האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטן אַלס רב אין שטאָט. אין די אומשטענדן פון יענער צייט, ווו דער רב איז געווען אָפּהענגיק פון די בעלי בתים, האָט זיך געפאָדערט פיל מוט און קוראַזש, אַרויסצוטרעטן און זאָגן מוסר די קהלשע תקיפים.

ווי דער פאַרטרעטער פון דער פלאצקער קהלה, האָט ער אָנטיילגענומען אין אסיפות פון עטלעכע קהלות, וועלכע זענען געווען אונטער דייטשער אקופּאַציע. די באַראַטונגען האָבן באהאַנדלט פראַגן פון גרויס וויכטיקייט פאַר די אָנטיילנעמנדע קהלות אין דער באַראַטונג, ווי עס איז געווען די פראַגע פון „טאַקסע" און די פראַגע פון אַריינציען יידן אין מיליטער.

מרגלית, איידער ער איז געוואָרן רב אין פלאצק, איז געזעסן אויף כסא הרבנות אין שטעטל באָדזאַנאָוו, נעבן פלאָצק (1782).

ער האָט באַוויזן אָנשרייבן ניין ספרים אויף פאַרשידענע געביטן, ווי: פילאָזאָפיע, קריטיק איבער מענדעלסאָנס „יערוזאלעם", אַ ספר וועגן סטיל און פאָרם און אַ קאלעקציע פון פאָעמען איבער דאגמאַטישע, גראַמאַטיקאַלישע און רעליגיעזע פראַגן. ער איז אָן ספק, דער ערשטער מחבר ביי יידן צו שרייבן איבער נאַטור־וויסנשאַפט.

## ר' שמואל בן עזריאל

צווישן די פלאצקער רבנים אין מיטן פון 18־טן יאָרהונדערט, איז געווען שמואל בן עזריאל, וועלכער איז פריער געווען רב אין סטרים און קוטנא. זיין פאָטער ר' עזריאל איז געווען רב אין לאנצבורג. ער האָט מחבר געווען צוויי ספרים: „חגורת שמואל" און „עמודי עולם". דאָס ערשטע איז דערשינען אין פראַנקפורט ד'אדער 1772 און „עמודי עולם" אין בערלין 1741. הסכמות אויף „חגורת שמואל" פון פאַרשידענע רבנים צ. אַ. אויך פון גאון ר' גרשון פולי"ץ, ניקעלסבורגער רב, — זענען פאַרברענט געוואָרן בעת אַ גרויסער שרפה אין תקל"א. אַנדערע הסכמות אויף זיינע ספרים זענען פאַרניכטעט געוואָרן אין צייט פון אויפשטאַנד אין פוילן, ווען ס'האָט געהערשט אונאָרדנונג און כאַאָס. דער ספר איז דערשינען מיט דער הילף פון דוד, דעם זון פון ר' יהודה לייב קוניץ פון פראַנקפורט א"א און פון זיין פרוי, וועלכע האָבן אים געהאָלפן אָפּדרוקן דעם ספר.

זיין ספר „עמודי־עולם" ענטהאַלט אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל וועגן אַ בלוט בלבול אין פויזן, צוליב וועלכן ער האָט געמוזט אַנטלויפן צו

ראַטעווען זיין לעבן. אין דער הקדמה ווידמעט ער דאָס ספר צו די צוויי אומגעקומענע אויף קדוש השם אין דעם בלוט־בלבול. געדרוקט איז דאָס ספר אין 1741 אין בערלין, אין דער דרוקעריי פון אהרון בן משה רופא.

דער בלבול איז פאָרגעקומען ערב ראש־השנה אין פויזן (תצו״ל). אַ האַלב מייל פון דער שטאָט איז געפונען געוואָרן טויט אַ קריסטלעך קינד. האָבן די קריסטן גענומען און געמאַכט לעכער אין זיין קערפּער און אַרויסגעלאָזן אַ בלבול, אַז יידן האָבן עס געטאָן, כדי צו פאַרברויכן קריסטלעך בלוט. פּאָליציי איז געקומען אין יידישן געטאָ און אַרעסטירט דעם רב ר׳ אריה לייב און דעם שתדלן ר׳ יעקב. די באַאַמטע האָבן אָנגעהויבן פּייניקן די צוויי אַרעסטירטע. מ׳האָט זיי אָפּגעשוירן די האָר פון קאָפּ, פון באָרד און פון גאַנצן קערפּער, כדי — ווי די קריסטן האָבן געגלויבט — זיי זאָלן נישט קענען טאָן „כשוף״ דערמיט און נישט פילן די ווייטאָגן פון די פּייניקונגען. דער רב ר׳ אריה לייב האָט זיך געבעטן ביי די פּייניקער, מ׳זאָל אים פּייניקן לענגער ווי געפּלאַנט דורך זיי, אַבי מ׳זאָל אים נישט אָפּשערן די באָרד. זיין געבעט האָט נישט געהאָלפן. די זעלבע נאַכט האָט מען אַרעסטירט נאָך 5 יידן פון די אָנגעזעענע אין דער קהלה. ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט דערזעען די געפאַר פאַר זייערע לעבנס, זענען דריי פערטל פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַנטלאָפן ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. צווישן די אַנטלאָפנדע, איז אויך געווען דער מחבר פון „עמודי־עולם״. ער האָט באַשלאָסן אַנטלויפן קיין לאַנצבורג אין דער ניימאַרק פּראָווינץ, ווו זיין פאָטער איז אַמאָל געווען רב.

קומענדיק צום שטאָט־טויער, קומט אים אַנטקעגן דער שטאָט־שומר און זאָגט אים אַז ער האָט אַ באַפעל נישט אַריינצולאָזן קיין ייד אין שטאָט אַריין. ר׳ שמואל האָט אים אָנגעהויבן בעטן מיט תחנונים, ער זאָל אים לאָזן ראַטעווען זיין לעבן און ער האָט אים אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט געהאַט. דער שומר, אויפן אָנבליק פון געלט, איז ווייכער געוואָרן און אים אַריינגעלאָזן אין שטאָט אַריין. שפּעטער, איז ר׳ שמואל געוווּיר געוואָרן פון די שרעקלעכע ענויים וואָס מ׳האָט געטאָן צו די צוויי יידן. ער שילדערט וואָס די צוויי אומגליקלעכע יידן האָבן אַדורכגעמאַכט ביז זייער נשמה איז אויסגעגאַנגען פון יסורים, על קדוש־השם:

„הבשורה רעה שמעתי שהיו מענין ומייסרין את הרב הדרשן. וקודם הענוי בחר לו מהשופט חצי שעה להתבודד ולהתוודות על עונותיו. כי ירא לנפשו פן ואולי בעת הענוי תצא נשמתו. ובעת הענויי היו כופין את השתדלן להיות עומד

אצלו ונרות קלועים דלקו בידיו, כדי שיראה מה שיעשו לו אחריו בדינו, ופן ואולי מחמת אימת חרדת המות היה נסוג אחור מהאמת והאמונה. והארי׳ נוהם וגנותי גנת וילולי יליל בקול תרועה ושברים וקולו לא ישמע, רק שפתותיו נעות בתפילה ובוודויים. ולאחר סיום וגמר הענוי היה שוכב ודומם כאיש נרדם. ואחר זה היו מענין ומייסרין את השתדלן, וקולו קול יעקב נשמע ברחובות ובשווקים. ויאמר יעקב להשופטים בזה הלשון: הלא אתם בידכם רק להיות שולט ומושל בגופי, אבל נשמת רוח חיים תצא ותהא צרורה בצרור החיים. ואתם תורידו לבאר שחת בנקמת אל ארך אפים. והנה תרי קדושים קידשו שמו הגדול לעיני כל העמים, ומאסו בגופם ונפשם״.

דער תליון וואָס האָט זיי געפייניקט — דערציילט ר׳ שמואל — האָט שפּעטער געהאַט אַ מיאוסן סוף. ער איז דערטרונקען געוואָרן אין טייך.

אין יאָר ת״ק, איז דערשינען אַ באַשלוס פון קאַנצלער, אין דעם ענין פון בלוט־בלבול. ער האָט באַפוילן, אַז די יידן זאָלן צושטעלן 9 פּריצים. פון צווישן די ניין, זאָלן זעקס פּריצים שווערן, אין דער אַנוועזנהייט פון די איבעריקע, אַז די באַשולדיקטע יידן זענען אומשולדיק. אויך די אַרעסטירטע יידן זאָלן שווערן, אַנגעטוענע אין טלית און קיטל, אַז זיי האָבן נישט קיין שייכות צו דער באַשולדיקונג קעגן זיי.

דערמיט זענען זיי באַפרייט געוואָרן.

אין דער צייט פון בלוט־בלבול, האָבן פּויזנער יידן געשיקט דעם אָנגעזעענעם שתדלן וואָלף רופא צום פּוילישן קעניג, ער זאָל זיך ביי אים משתדל זיין צו באַפרייען די יידן פון דעם בלבול קעגן זיי. אויפן וועג צוריק אַהיים, איז וואָלף רופא געוואָרן געוואָרנט, זיך נישט צוריקקערן אַהיים, ווייל זיין לעבן איז אין געפאַר. ער איז דעריבער אַוועק קיין בערלין. דער זעלבער וואָלף רופא, האָט שפּעטער געהאָלפן ר׳ שמואל׳ן אָפּדרוקן זיין „עמודי־עולם״.

ר׳ שמואל בן עזריאל איז פריער געוואָרן רב אין שטרין, אין 1739, שפּעטער האָט ער געלעבט אין קוטנע, און צום סוף פון זיין לעבן, איז ער געוואָרן רב אין פלאָצק. אין די יונגע יאָרן זיינע, האָט ער אויך געלערנט אין אַמסטערדאַם. דער סאָכאַטשעווער רב ר׳ פּנחס כ״ץ, איז געווען זיין מחותן. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1772.

שלמה גרינשפאַן

# הרב ר׳ אריה לייב צונץ (ר׳ לייבעלע חריף)

ר׳ אריה לייב צונץ, איז געבוירן געוואָרן אין 1768 אין פּינטשעוו. (לויט שאַצקי, איז ער געבוירן געוואָרן אין 1773, לויט אַנדערע מקורות אין 1798), זיין פאָטער איז געווען אַ ברודערן־זון פון באַרימטן ר׳ יונתן אייבעשיץ.

אַלס קינד, האָט ער אַרויסגעוויזן גאוניש׳ע פעאיקייטן און גאַנץ פרי אָנגעהויבן מחבר צו זיין ספרים.

דאָס ספר „יעלת חן" וואָס איז דערשינען אין 1793 אין פּראגע, האָט ער אָנגעשריבן אין זיין קינדהייט. אין דער הקדמה צום ספר „גט מקושר", שרייבט ר׳ אריה לייב וועגן „יעלת חן", — „שחברתי בילדותי". דעם ספר „טיב גיטין", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין 1812, האָט ער אָנגעשריבן אין עלטער פון 18 יאָר.

צוליב זיין גאונות אין לערנען, האָט מען אים גערופן „ר׳ לייבעלע חריף".

נאָך דעם ווי הרב מרגלית האָט אויפגעגעבן דאָס כסא הרבנות אין פּלאצק, איז ר׳ אריה לייב צונץ געוואָרן פּלאצקער רב אין עלטער פון דרייסיק יאָר, און געווען אומעטום באַקאַנט אַלס „פּלאצקער רב". אין אַלע זיינע ספרים, ווערט ער אויפן שער־בלאַט באַצייכנט אַלס פּלאצקער רב. ער איז געווען איבער צען יאָר אויפן פּלאצקער כסא הרבנות, שפּעטער איז ער אַ צייט געווען רב אין פּראגע, נאָכער אויפגעגעבן דאָס רבנות, און זיך באַזעצט אין וואַרשע ווו ער איז געווען זער געשעצט אַלס אויטאָריטעט אין תלמוד. ער האָט זיך געווידמעט דאָס שרייבן זיינע ספרים ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, אָבער נאָר אַ טייל פון זיינע חבורים, האָט ער באַוויזן אָפּצודרוקן. פיל פון די תקנות וואָס ער האָט געשריבן, זענען געוואָרן אָפּגעהיט אין אַ טייל קהלות אין פּוילן.

צווישן זיינע תלמידים איז אויך געווען ר׳ אברהמעלע טשעכאַנאָווער און דער ערשטער גערער רבי ר׳ יצחק מאיר. דער זעלבער גערער רבי ר׳ איטשע מאיר אַלטער האָט געהאָלפן, נאָך ר׳ אריה לייבס טויט, אַרויסגעבן צונץ׳ס ספר „משיבת נפש", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1849.

ער איז געווען אַ שעפערישער מחבר. ער האָט אָנגעשריבן בערך 25 ספרים, הונדערטער זייטן יעדער חבור. טייל זענען שפּעטער דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס.

דער מחבר פון „שם הגדולים החדש" שרייבט, אַז ר׳ אריה לייב צונץ האָט צוגעזאָגט אויף זיין טויטן־בעט צו זיין אַ מליץ אין הימל פאַר די מענשן וואָס וועלן אָפּדרוקן זיינע ספרים. דאָס האָט געהאָלפן, אַז

זיינע חבורים זאָלן זען די ליכטיקע שיין. **אויף זיין מצבה ליינען מיר:** **„פה נטמן הרב מ״ו אריה לייב ב״ר משה ז״ל מחבר ספר גט מקושר ושאר** ספרים אשר כבר באו לדפוס ושאר ספרים כתיבת־יד כמבואר בהקדמת ספר ברכת השיר. ומי שישתדל בהדפסתן יהי׳ לו המחבר למליץ אם יהי׳ לו זכות. נפטר ביום ג׳ אייר תקצ״ג לפ״ק תנצב״ה״.

דערדאַזיקער צוזאָג זיינער האָט געווירקט, אַז זיינע ספרים זאָלן ווערן אָפּגעדרוקט. אין „קומץ המנחה״ וואָס איז דערשינען אין בילגאריי אין 1910, שרייבט אין דער הקדמה דער פראגער רב ר׳ ישעיה מושקאט: „כל איש אשר יתעסק להביא לבית הדפוס חידושיו, יהיה לו למליץ למלט נפשו מפגעי הזמן. ושמעתי כי נבחנו דבריו״.

אַזוי איז דערשינען „גרש ירחים״ אין וואַרשע, דורך זיינע פאַרערער יידל טאָקער און ישראל מאיר לינדעשטאט, אַ יאָר נאָך זיין טויט אין 1869, — „שמחת יום טוב״ דורך אליקום געצל אין ווארשע אין 1881, — „חידושי מהרא״ל״ אין 1884, — „יין המשמח״ אין 1889 א. אַ. וו.

דער ספר „גט מקושר וטיב גיטין״ איז צוערשט דערשינען אין תקע״ב, אַ צווייטע אויפלאגע איז אַרויס אין תרצ״ב, 120 יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי די ערשטע אויפלאגע איז געוואָרן אַ יקר המציאות. דער אַרויסגעבער פון „גט מקושר וטיב גיטין״ ר׳ חיים יעקב נפתלי פון ווארשע, האָט געהאַט שוועריקייטן ביים דרוקן דאָס ספר. אין דער הקדמה צום ספר באַקלאָגט ער זיך, אַז נאָכדעם ווי 64 זייטן זענען שוין געווען אָפּגעדרוקט, זענען די מאַטריצן געוואָרן צוגעגנבעט, און אין דער כאַאָטישער מלחמה־צייט פאַרלוירן געגאַנגען. אָבער טראָץ די שוועריקייטן, איז דאָס ספר פון גרויסן פאַרנעם דערשינען אין 1931.

אַ אַנדער ספר „טיב קדושין״ וואָס איז דערשינען אין 1856, איז געבראַכט געוואָרן צום דרוק מיט דער הילף פון אַ קרובה פון ר׳ אריה לייב, די פרוי אסתר, וועלכע איז געווען אַן׳אלמנה פון גאון ר׳ חיים.

דאָס ספר „שאלות ותשובות מהרא״ל״, איז דערשינען מיט דער הילף פון מרדכי גלאַס, אַ פרנס פון דער קהלה אין וואַרשע, — אין יאָר 1890.

ר׳ אריה לייב צונץ, איז געשטאָרבן אין 1833 אין עלטער פון 65 יאָר.

ער האָט מחבר געווען פאָלגענדע ספרים:

יעלת חן (פראגע, 1793), הספדא (וויען, 1793), טיב גיטין (וואַרשע, 1812), גט מקושר (וואַרשע, 1812), טיב חליצה (וואַרשע, 1848), משיבת נפש ח׳ א׳ (וואַרשע, 1849), טיב קידושין (וואַרשע, 1856), גרש ירחים, (וואַרשע, 1869), מעיני חכמה (ערשטע אויפלאגע — וואַרשע, 1875), מקצוע בתורה (פיעטריקאוו, 1878), שמחת יום־טוב (וואַרשע, 1881), חדושי

מהרא״ל (וואַרשע, 1884), אילת אהבים (וואַרשע, 1888), יין המשמח על ש״ע (וואַרשע, 1889), שו״ת מהרא״ל (וואַרשע, 1889), מעייני חכמה 2־טע אויפלאגע, וואַרשע, 1895), משיבת נפש חלק ב׳ (פּיעטריקאוו, 1900), קומץ המנחה (בילגאריי, 1910), גט מקושר וטיב גיטין (וואַרשע, 1931), מלא עומר על התורה, ברכת השיר על הגדה, גור אריה, פני אריה ליקוטי הש״ס — ג׳ חלקים, מגן אלף, חידושי הלכות.

## ד״ר פיליפּ לובעלסקי און דער פּוילישער אויפשטאַנד

די צעטיילונג פון פוילן איז פאַרגעקומען אין 1772, צווישן רוסלאַנד, פּרייסען און עסטרייך. ביים פּוילישן פאָלק האָט אָבער כסדר געלעבט די האָפנונג, פאַר דער ווידעראויפריכטונג פון זייער מלוכה׳שער זעלבסטשטענדיקייט. דער דראַנג צו נאַציאָנאַלער פרייהייט האָט געגורטעוועט אין פּוילישן פאָלק און די מאַסן האָבן זיך געגרייט אַראָפּצוואַרפן דעם אָקופּאַנטישן יאָך. אין קאַמף פאַר באַפרייונג, האָבן גענומען אַ העפטיקן אָנטייל די פּוילישע יידן.

טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן געשטיצט מיט געלט און זיך אַליין באַטייליקט אין די שלאַכטן פאַר פּוילנס פרייהייט, — האָט דער פּוילישער המון דורכגעפירט פּאָגראָמען אויף יידן און ראַבירט זייערע געשעפטן.

די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג האָט געוואָלט געווינען די שטיצע פון די יידן. אין איר אויפרוף „צו די ברידער יידן״, זאָגן זיי: „ווי ברידער פון איין ערד, פאַרזיכערן מיר אייך מענשן־רעכט״. צי די פּאָליאַקן האָבן אויך געמיינט מקיים צו זיין זייער צוזאָג, איז אַ אַנדער ענין. יידן האָבן יעדנפאַלס, קיינמאָל נישט געטרויט די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן, דור נאָך דור, אַרויסגעוויזן זייער בלינדע שנאה צו די פּוילישע יידן. די יידן האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס גיט זיי די געלעגנהייט צו קעמפן פאַר גלייכע רעכט. עס האָבן זיך אויך געפונען פּוילישע יידן, וועלכע האָבן שאַרף געקעמפט פאַר פּויליש־יידישער פאַרברידערונג, אין דער צייט פון אויפשטאַנד פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און זיי האָבן געשטויסן איינצופירן דעם למוד פון דער פּוילישער שפּראַך אין די חדרים און תלמוד־תורות.

טייל פּוילישע היסטאָריקער, האָבן געהאַלטן פאַר אַ פעלער דעם אויפשטאַנד פון 1831, ווייל ס׳איז פון אָנהויב געווען פאַראורטיילט צו אַ נידערלאַגע. זיי האָבן געוואָרפן די שולד אויף די מאַסאָנען, וואָס לויט זייערע רייד, האָבן יידן דאָרט אויסגעאיבט דעם גרעסטן איינפלוס. פאַקטיש, איז עס געווען אַ בלבול אויף יידן, ווען זיי האָבן גענומען ווי אַ שעיר לעזאזל, צו זייערע מפּלות.

טראָץ דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, האָבן יידן גענומען אַקטיוון אָנטייל אין קאַמף. אין אַן׳אויפרוף צו די יידן וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן יאָסל בערקאָוויטש, דער זון פון באַרימטן יידישן פרייהייטס־קעמפער צוזאַמען מיט קאָשציושקאָן, בערעק יאָסעלעוויטש, — רופט ער די יידן, „צו פאַרגעסן וואָס די פּאָליאַקן האָבן אונז אָנגעטאָן צרות און זיי זאָלן זיך פאַרזאַמלען אונטער דער פרייהייטס־פאָן״. עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין בערקאָוויטשעס אָפּטיילונג 130 פרייוויליקע, צווישן זיי שילער פון רבנים־סעמינאַר און יידישע סטודענטן פון הויכשולן. מיט ענטוזיאַזם האָבן זיי געקעמפט פאַר פוילנס פרייהייט און אַרויסגעוויזן גרויס העלדישקייט אין די שלאַכטן. זיי האָבן געוווסט, אַז עס איז אויך דער קאַמף פאַר מענשלעכע און בירגערלעכע רעכט פון די יידן אין פוילן. „מיר וועלן — זאָגט זיך אין אַן׳אויפרוף פון די יידן — דינען דאָס לאַנד מיט אונזערע גופים און ניט נאָר מיט אונזער געלט״.

אין יאָר 1843 האָבן יידן צוזאַמענגעשטעלט 1,1% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, ציילנדיק איבער אַ האַלבן מיליאָן נפשות. אין 1862, זענען זיי געווען 12,6% פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד, ציילנדיק נאָענט צו 600 טויזנט נפשות. זיי זענען געווען איינגעוואָרצלט אין לאַנד לאַנגע יאָרהונדערטער. ווי אַ באַווייז, איז דער יידישער ישוב אין פלאָצק, וועלכער האָט שוין עקזיסטירט אין 1237.

אין די פרייהייטס־שלאַכטן, האָבן יידן אויך באַקומען די העכסטע אויסצייכנונגען.

דער פריער דערמאָנטער יאָסל בערקאָוויטש, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין נאַפּאָלעאָנס אַרמיי קעגן רוסלאַנד און געוואָרן פאַרוווּנדעט זעכצן מאָל. באַקומען אַ גאָלדענעם און אַ זילבערנעם מעדאַל. נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה, איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד און געדינט אין פוילישע לעגיאָנען אין דער פרעמד. צוריקקומענדיק קיין פוילן, האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן אַלס וואַלד־אויפזעער אַרום פלאָצק. שפּעטער, איז ער פון די פּאָליאַקן געוואָרן באַשולדיקט אין מיסברויכן רעגירונגס־געלטער, פאַרקויפנדיק אויף זיין אייגענער האַנט, האָלץ פון רעגירונגס־וועלדער. ער האָט געזאָלט געמשפּט ווערן אין פלאָצק אין 1830. דער אויפשטאַנד אין נאָוועמבער 1830, האָט געבראַכט אַ נייע ווענדונג אין זיין פּראָצעס. דער משפּט איז בטל געוואָרן אין פלאָצק, צוליב מאַנגל אין באַווייזן. טראָץ זיינע העלדישקייטן, האָט יאָסל בערקאָוויטש נישט אַרויסגערופן צו זיך דעם רעספּעקט און אָנזעען וואָס ס׳האָט געהאַט זיין באַרימטער פאָטער בערעק יאָסעלעוויטש.

אַ גרויסן אינטערעס אין פוילנס פרייהייט, האָבן אין יידישע קרייזן

אויך געהאַט חסידישע יידן. וואַרשעווער רבנים האָבן באַשטימט אַ טאָג פון פאַסטן פאַר חורבן ירושלים און פאַר ראַטעווען דאָס נייע פאָטערלאַנד פוילן. טייל זענען אַוועק אַזוי ווייט אין אויסדריקן זייער פאַטריאָטיזם, אַז זיי האָבן אָפּגעשוירן זייערע בערד און זיך גענומען קליידן אייראָפּעאיש. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט מצד די פרומע.

דער קאָצקער רבי מנחם מענדל, און זיין תלמיד איטשע מאיר פון גער און דער זשיכלינער רבי ר׳ שמואל אבא, האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אויפשטענדלער — צוליב זייער האַס צום צאַרישן רעזשים, וואָס האָט פאַרפאָלגט ר׳ ישראל ריזשינער.

אַ זון פון ר׳ יאנקעלע נאַשעלסקער און אייניקל פון פלאצקער עלוי דעם רבין ר׳ אברהמעלע טשעכאנאווער, וועלכער איז געוואָרן אַנ׳אידים צום פלאצקער גביר ר׳ דן לאנדוי, — דער ראספשער רב ר׳ חיים מענדל לאנדוי, איז געוואָרן פאַרמסרט צו דער רוסישער מאַכט, פאַר העלפן די פוילישע פאָווסטאַנצעס אין יאָר 1863. ער איז דערפאַר, דורך דער מאַכט, געוואָרן אַרויסגעשיקט פון שטאָט און פאַרלוירן די דאָרטיקע רבנות־שטעלע. (אגב, זישע לאנדוי, דער באַרימטער יידישער דיכטער פון פלאצק, איז אַ אור־אור־אייניקל פון ר׳ אברהם טשעכאנאָווער).

אין יאָרטאָג פון די קאשציושקא קאַמפן, האָבן פוילישע פאַטריאָטן איינגעאָרדנט אין די קירכן פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע ס׳האָבן אויך אַנטייל גענומען אַ סך יידישע יוגנטלעכע. דאָרט האָט מען געהאַלטן פאַטריאָטישע רעדעס און געזונגען לידער וואָס רופן צו פרייהייט. אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל איז געווען, ווען אַ פאַטראָל־אָפיציר, האָט זיך געוואָנדן צום יידישן יוגנטלעכן לובעלסקי, און אים דערקלערט די פאַראָרדנונג פון גענעראַל כראַבאָוו, אַז אויב ער האָט נישט געזונגען אין קירך פאַטריאָטישע לידער, וואָס איז פאַרבאָטן, — מעג ער פריי פאַרלאָזן דעם פלאַץ. דערויף האָט אים לובעלסקי שטאָלץ געענטפערט: איך האָב געזונגען און דעם פלאַץ וועל איך נישט פאַרלאָזן.

אויף די פויליש־יידישע באַציונגען, וואַרפט אַ ליכט, דער עפּיזאָד אין 1768: ס׳איז דעמאָלסט אַנטלאָפן פון די קאזאקן, דער מאַרשאַלעק פון ווישעגראדער קרייז און פירער פון די קאָנפעדעראַנטן סאווא צאַלינסקי. עס האָבן זיך מיט אים אינטערעסירט די פלאצקער יידן און אים אויסבאַהאַלטן אין דער מקוה. (אין די מקורות ווערט עס באַצייכנט: כשרער ברונעם (Studnia Koszerna שפּעטער, האָבן זיי אים פאַרשטעלט פאַר אַ קראַנקן און אים געהאַלטן אין פלאצקער יידישן שפּיטאָל. פון דאָרטן, אויס מורא מ׳זאָל נישט קומען אויף זיינע שפּורן, האָבן יידן אים איבער־געפירט אין בית־המדרש, פאַרשטעלט פאַר אַ ייד וואָס לערנט און דאַוונט.

נאָך אַ געוויסע צייט, איז אים געלונגען, מיט יידישער הילף, צו אַנטלויפן פון שטאָט, פאַרשטעלט אַלס בעל־עגלה.

אַ אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט, קריגס־העלד, טוער פאַר יידיש־פוילישער פאַרברידערונג און משכיל, איז געווען ד״ר פיליפּ לובעלסקי. ער האָט דעם גרעסטן טייל פון זיינע יאָרן, אַרום זעכציק יאָר, געלעבט אין פלאצק און געשטאָרבן דאָרט אין טיפן עלטער פון 99 יאָר.

ער איז געבוירן געוואָרן אין 1780 אין לובלין, — דערפאַר איז זיין נאָמען לובעלסקי. אין יאָר 1805, איז ער אַריינגעטראָטן אין ווינער אוניווערסיטעט, און שטודירט אויפן מעדיציניש פאַקולטעט, ווו ער האָט פאַרענדיקט אַלס כירורג. פירשט יוזעף פּאַניאטאָווסקי, דער קריגס־מיניסטער, האָט אים באַשטימט פאַר סאַניטאַרישן לייטער אין פוילישן מיליטער. שפּעטער, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אַלס מיליטערישער דאָקטאָר אין נאַפּאָלעאָנס אַרמיי און אָנטייל גענומען אין אַ ריי מלחמות. אין דעם פעלקער־שלאַכט נעבן לייפּציג אין 1813, איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן, און צוויי וואָכן שפּעטער, איז ער ווידער געווען אויפן שלאַכט־פעלד. פאַר זיין העלדישקייט האָט ער באַקומען, פון נאַפּאָלעאָנען דעם דריטן אין 1867, דעם קרייץ פון ערן־לעגיאָן און דעם מעדאַל „הייליקע העלענאַ״, און לויט אַ בריוו פון קייסער פון 11־טן נאָוועמבער 1867, אויך אַ יערלעכע פּענסיע פון 600 פראַנק. ער דינט אויך ווי אַ מיליטערישער דאָקטאָר אין פראַנקרייך, שפּעטער קערט ער זיך צוריק קיין פוילן און באַזעצט זיך אין פלאצק. אין 1821 ווערט ער באַשטימט דורך פירשט קאָנסטאַנטין, פאַר דאָקטאָר פון 2־טן פוס־גייער לעגיאָן. דעם 25־טן סעפּטעמבער 1823, ווערט ער פאַרגעשטעלט דורך גענעראַל קראַשינסקי, פאַר דעם פירשט קאָנסטאַנטין, וועלכער דריקט אים אויס אָנערקענונג פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן, — אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן לעגיאָן.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד, מעלדעט ער זיך פרייוויליק און ווערט באַשטימט פאַר הויפּט־מיליטערישן דאָקטאָר. נאָכן דורכפאַל פון אויפשטאַנד, פאָרט ער צוריק קיין פלאצק און בלייבט דאָרט ביז 1840. ער וווינט שפּעטער עטלעכע יאָר אין וואַרשע. אין 1843, באַקומט ער פון פּרעפעקט פּאַשקעוויטש די רעכט צו וווינען אויף שוויענטאָיערסקא גאַס אין וואַרשע. ווו ס׳איז יידן פאַרבאָטן צו וווינען. טראָץ זיינע פאַרדינסטן און גרויסע אויסצייכנונגען, טראָץ זיין גרויסן אָנזעען, האָט ער נישט באַקומען בירגערלעכע רעכט ביז ערשט אין 1852. אין פּעריאָד פון קרימער קריג, אַרבעט ער אין רוסישע מיליטערישע שפּיטעלער און ער באַקומט דאָרט אַ הויכע אויסצייכנונג. נאָך דער מלחמה, פאָרט ער צוריק קיין פלאצק.

דעם 15־טן מאַי 1858, ווענדעט זיך ד״ר לובעלסקי מיט אַ ביטע צום קייסער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, צו געבן אים און זיינע קינדער, דעם סטאַטוס פון אַ נאָבעלן און אויך דאָס רעכט צו באַזיצן אומבאַוועגלעך אייגנטום אין שטאָט אָדער דאָרף אין פּוילן, און די רעכט צו באַזעצן 25 יידישע פאַמיליעס אויף יעדן אייגנטום וואָס ער וועט בויען. זיין ביטע איז געוואָרן איבערגעשיקט צו די אויטאָריטעטן אין וואַרשע, מיט דער באַמערקונג, אַז דער קייסער איז מסכים צו געבן אים די רעכט פון באַזיצן אומבאַוועגלעך אייגנטום. די פראַגע פון געבן אים דעם סטאַטוס פון אַ נאָבל־מאַן זאָל דעצידירט ווערן שפּעטער. פון אָנהויב, האָבן די רעגירונגס־אָרגאַנען אין פּוילן, זיך קעגנגעשטעלט צו געבן אים די אויבנדערמאָנטע רעכט. נאָך אַ שקלא וטריא, האָט דער קייסער באַפוילן דעם רעגירונגס־סעקרעטאַר, צו לאָזן וויסן דעם 24־טן יוני, דעם אַדמיניסטראַציע־ראָט אין וואַרשע, אַז עס איז דעם קייסערס ווילן, אַז דער חשובער בירגער ד״ר לובעלסקי, זאָל באַקומען די רעכט צו קויפן אומבאַוועגלעך אייגנטום אין שטאָט און אין דאָרף, אָן דער פליכט צו באַזעצן אויף זיין באָדן 25 יידישע משפחות, און די רעכט צו לאָזן ירשנען זיין אייגנטום צו זיינע דורות נאָך אים.

דער אַדמיניסטראַציע־ראָט האָט געמוזט נאָכגעבן דעם ווילן פון קייסער. וועלנדיק אָבער, נישט מותר זיין פון זייער אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיי צוגעגעבן אַנ׳אַמענדמענט צו זיינע רעכט, וואָס לייגט אַרויף אויף אים אַלע איבעריקע פאַרבאָטן, פון וועלכע יידן האָבן געליטן, ספּעציעל דעם געזעץ, וואָס פאַרבאָט יידן צו וווינען נענטער פון 3 מייל פון דער פּרייסישער און עסטרייכישער גרענעץ.

ד״ר לובעלסקי האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן, פּראַקטיצירנדיק אַלס דאָקטאָר אין פּלאָצק, — אין טיפן עלטער פון 99 יאָר. ער איז געשטאָרבן אין פעברואַר 1879.

ד״ר לובעלסקי, איז נישט געווען דער איינציגער ייד פון פּלאָצק, וואָס האָט געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון פּוילן. צווישן אַנדערע, איז באַקאַנט דער נאָמען יעקב טשערובין, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין 1809 אין פּלאָצק און געדינט אין צייט פון אויפשטאַנד אין ערשטן אולאַנער לעגיאָן און אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פון 1831. נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד, איז ער געוואָרן פאַרשפּאַרט אין פּרייסישער געפאַנגנשאַפט אין גרודזשיאָנדז. שפּעטער, האָט ער עמיגרירט און געלעבט אַלס אַרבעטער אין לאָנדאָן, וואו ער איז געשטאָרבן דעם 18־טן פעברואַר 1865.

אַ צווייטער פּלאָצקער ייד, אַקטיווער אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד, איז געווען קאָנראַד זילבערשטיין. אין דער „פּאָווסטאַניע״ האָט אויך

אָנטיילגענומען דער בעל־עגלה איטשע משה קאַפּיטאַ. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין די קאַמפן און באַקומען אַ מעדאַל.

ווען דער רעוואָלט איז געוואָרן אונטערדריקט, זענען אויך פיל יידישע אויפשטענדלער געוואָרן פאַרשיקט קיין סיביר און זייער אייגנטום איז געוואָרן קאָנפיסקירט.

## ר׳ אברהמעלע טשעכאַנאָווער

צווישן די פּוילישע צדיקים און „גוטע יידן״, איז ר׳ אברהמעלע טשעכאַנאָווער געווען אַ זעלטענער טיפּ.

פאַרשידענע רביים האָבן זיך באַמיט אַריינצוקריגן ר׳ אברהמעלען פאַר זייערן אַ חסיד, ווייסנדיק וואָס פאַר אַ למדן, עניו און בעל מקובל ער איז, אָבער ער האָט נישט געוואָלט פאָרן און האָבן אַ רבין. ער אַליין, איז אויך געווען ווייט פון האַלטן זיך פאַר אַ רבי און האָבן חסידים, אָבער דער עולם חסידים האָט זיך דערקענט אויף אים און שטאַרק געהאַלטן פון זיין הנהגה, פון זיין אַרט דאַוונען און געגלויבט, אַז ער איז אַ בעל־מופת. אין אַלע עקן פּוילן איז זיין נאָמען באַקאַנט געוואָרן, און מ׳האָט אָנגעהויבן קומען צו אים און מ׳האָט אים פאַרהייליקט. מיט זיין פּשטות און עניוות, האָט ער ערוועקט צו זיך דרך־ארץ, אפילו מצד די פאַרעקשנטע מתנגדים, און זיי האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט רעספּעקט.

דער טשעכאַנאָווער, ווען מ׳האָט שפּעטער אויך גערופן דער פלאָצקער עלוי, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1785, אין שטעטל פאַרנעטשעווע ביי לענטשיץ, זיינע עלטערן זענען געווען פּשוטע יידן. זיין זיידע איז אָבער געווען אַ גרויסער צדיק, מ׳האָט אים גערופן: ר׳ בעריש הגדול פון קוטנאָ.

וועגן דעם ר׳ בעריש, זענען צווישן יידן אַרומגעגאַנגען אויסטערלישע מעשיות. מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ „נסתר״, און ער זאָל האָבן געשלאָפן פערציק יאָר אויף אַ שטיין, ביז דעם טאָג וואָס ער איז געשטאָרבן. איבערגעבנדיק די „נפלאות״ וועגן ר׳ בערישן, האָט מען דערציילט, אַז ווען ר׳ יונתן אייבעשיץ האָט זיך אַמאָל געפרעגט אין הימל, ווער ס׳וועט זיין דער חבר זיינער אויף יענער וועלט, האָט מען אים אָנגעוויזן אויף ר׳ בעריש הגדול פון קוטנאָ...

י. ל. גרויבאַרד און זיין „ספר הזכרון״ (פאַרלאַג „מסורה״ תרפ״ו) שרייבט וועגן ר׳ אברהמלען: „ר׳ אברהם לאנדא היה למופת וילמד על הכלל, אחשוב כי לא יצא שמו בליטא, ואין יודעים מי הוא, והוא היה ראש גדולי פולין. והנני מדייק היטב באמרי, כי מסופק אני מאד, אם

בתקופתו, היה עוד למדן כמוהו בליטא. והוא לא הוציא כל ספר, וארבעים שנה לפני מותו חדל לכתוב דברי תורה, אף כי ישב בישיבה עד יומו האחרון, ואחרי מותו הדפיסו יורשיו איזו חוברות חידושיו".

אין פלאצק איז געוואָרן דערציילט צווישן די חסידים אַ מעשה וועגן אַרענדאַר ר׳ רפאל דאָבזשינסקי:[1]

עס האָט אים נישט געהאָלפן. אַ גוטער טרונג בראַנפן איז וויכטיקער

ר׳ רפאל איז געווען אַ ייד אַ למדן, מיט אַ גוט יידיש האַרץ פאַר צדקה און מעשים טובים, ובפרט אַן׳אָפּגעהיטענער ייד אין מצוות.

בעלי־עגלות און פוס־גייער, רביים און חסידים, וואָס זענען געווען אויפן וועג קיין, און פון פלאצק, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין זיין קרעטשמע, וואָס האָט געהאַט אַן׳אָפענע טיר און אַ וואַרעמע היים פאַר יעדן. ביי ר׳ רפאלן איז עס געווען אַ גליק צו האָבן אַ יידן פאַר אַן׳אורח. צי מ׳האָט באַצאָלט, צי נישט, אַלעמען האָט ער אויפגענומען בסבר פנים יפות. מ׳האָט אים פשוט אַ טובה געטאָן, אַז מ׳איז געווען זיין גאַסט. אַן׳אמתער מכניס אורחים.

יידן, און להבדיל גויים, האָבן אים זייער ליב געהאַט, פאַר זיין גוט האַרץ צו יעדן. דער גוי האָט געהאַלטן, אַז אַזאַ גוט ביסל משקה ווי ביי ר׳ רפאלן קריגט מען נישט אין ערגעץ. איז טאַקע געוואַקסן די שפע אין זיין הויז.

אין דאָרף, וואו די קרעטשמע האָט זיך געפונען, איז אָנגעקומען אַ נייער גלח, אַ שונא ישראל און ער האָט נישט געקענט צוקוקן ווי ר׳ רפאל איז אַזוי חשוב ביי זיינע גויים אין דאָרף. האָט ער געזוכט ר׳ רפאלן שלעכטס צו טאָן און אָנגערעדט די גויים אין קלויסטער, אַז ס׳איז אַ זינד צו קויפן ביי אַ יידן.

עס האָט נישט געהאָלפן. אַ גוטער טרונק בראַנפן איז וויכטיקער ווי דעם גלח׳ס רייד. זיי האָבן אפילו ר׳ רפאלן מער געגלויבט ווי דעם גלח.

אפילו ביים פריץ, האָט דער גלח נישט געקענט פועלן, ער זאָל נישט באַנייען דעם קאָנטראַקט אויף דער קרעטשמע מיט ר׳ רפאלן.

האָט זיך דער גלח דערוווּסט, אַז ערב פסח, פאַרקויפט ר׳ רפאל זיין חמץ צו אַ גוי פון דאָרף. איז דער גלח אַוועק צום ערל און מיט אים אַזוי לאַנג איינגעטענה׳ט און אים צוגעזאָגט געננג שנאַפס, ער זאָל דעם חמץ נישט קויפן ביי ר׳ רפאלן.

דער ערל איז ענדלעך באַשטאַנען דערויף.

אין קירכע האָט דער גלח געפּרעדיקט, אַז קיין קריסט זאָל נישט דערוועגן קויפן דעם חמץ ביים אַרענדאַר.

---

1) ראטשטיין — אַ חסידישע מעשה

אַז ס'איז געקומען ערב פּסח, איז ר' רפאל געבליבן אָן אַ גוי וואָס זאָל קויפן זיין חמץ. דער ערל וואָס האָט אַלע יאָר געקויפט, האָט זיך אויסבאַהאַלטן, ער האָט זיך געשעמט ווייזן זיין פּנים פאַר ר' רפאלן.

זעט דאָך ר' רפאל אַז ס'איז אַ גזר פון הימל. עפנט ער אויף זיין קרעטשמע און רופט אויס אויף פּויליש־לשון, כדי אַרומיקע פּויערים זאָלן הערן: איר זאָלט וויסן זיין, אַז כ'בין מפקיר אַלע חמצדיקע זאַכן. אַלץ איז הפקר און ווער ס'וויל קען קומען און נעמען פראַנק און פריי...

אָפּגעזאָגט דאָס דאָזיקע, שפּאַנט ער איין זיין פערדל אין וועגעלע און פאָרט מיט זיין ווייב אַ צעפרידענער אין שטאָט אַריין און פראַוועט דאָרט אַ פריילעכן פּסח, כדת וכדין.

די פּויערים האָבן זיך נישט צוגערירט צו זיין בראַנפן אין דער שענק. צו כאַפּן אַ טרונק בראַנפן אומזיסט, — האָבן זיי שוין יאָ געוואָלט, נאָר ביים אַריינגאַנג אין דער קרעטשמע זענען געשטאַנען צוויי גרויסע שוואַרצע הינט מיט שצירענדע ציין, גרייט צו צערייסן יעדן וואָס וואַגט צוקומען נאָענט.

נאָך פּסח, האָט ר' רפאל הערנדיק די מעשה וועגן די הינט, געזען, אַז די זאַך איז נישט קיין פּשוטע. מסתמא הימל־זאַכן אויף וועלכע מ'פרעגט נישט קיין שאלות. ביי אים איז די סחורה זיינע חמץ, און מ'טאָר נישט דערפון קיין הנאה האָבן. נעמט ער און עפנט אויף די קראַנען פון די פעסער און לאָזט די בראַנפן אויסרינען אין גאַס אַריין. זיין יידענע האָט געמאַכט אַ געוואַלט און געפּועלט ביי אים, ער זאָל מיט איר פאָרן אין שטאָט און פרעגן אַ שאלה ביים רב.

דער פלאָצקער רב, אויסהערנדיק די געשיכטע, האָט געפונען אַ היתר און דער בראַנפן איז מותר בהנאה.

אויפן וועג אַהיים, מאַכט ר' רפאל זיין אייגענעם חשבון הנפש: אמת, די פעסער בראַנפן זענען זיין גאַנץ פאַרמעגן, אָן דעם איז ער אַ ייד אַן אָרעמאַן. דעם רב'ס פּסק איז אָבער אַן אויסגעפּשטלטער, איז ווי קען אַזאַ ייד ווי ער יוצא זיין אָן אַ ביסל מסירת־נפש פאַר אַ מצוה פון האָבן אַ כשרן פּסח? ניין, ער וועט פון דעם בראַנפן נישט נהנה זיין.

אַהיימקומנדיק, האָט ער שטילערהייט, די ווייב זאָל נישט זען, אַרויסגעלאָזן דעם בראַנפן פון די פעסער וואָס איז גערונען אין גאַס אַריין, און די פּויערים זענען געלעגן אויף דער ערד און געלעקט פון דעם ביטערן טראָפּן.

די ווייב איז אַוועק ווידער צום רב, ר' לייבעלע חריף, מיט אַ יללה: רבי! דאָס פאַרמעגן האָב איך פאַרלאָרן, קיין קינדער האָב איך נישט. וואָס וועט זיין מיין סוף?!

דער רב איז ממש אַרויס פון די כלים, הערנדיק וואָס ר׳ רפאל האָט אָפּגעטאָן. ער האָט אַרומגעשפּרייזט איבערן צימער אַ צעקאָכטער און לסוף געזאָגט צו דער פרוי:

— ר׳ רפאל׳ס ווייב! פאָרט אַהיים לחיים ולשלום. איך בין אייך מבטיח אין זכות פון מיין תורה און אין זכות פון אייער מאַנס מסירות פאַר אַ מצוה, אַז דאָס יאָר וועט איר געהאָלפן ווערן מיט אַ זון, וואָס וועט באַלייכטן די יידישע וועלט מיט זיין תורה און צדקות.

און די ברכה פון פלאצקער רב, ר׳ אריה לייב צונץ, וועלכן מ׳האָט אויך גערופן ר׳ לייבעלע חריף, איז מקוים געוואָרן. ביים פאַרפאַלק איז געבוירן געוואָרן דער גאון און צדיק ר׳ אברהמעלע טשעכאַנאָווער.

ר׳ אברהמעלע האָט נישט געלערנט אין אַ ישיבה, זיינע עלטערן, האָבן אים נישט געשיקט אין אַ ישיבה. ער האָט אָבער געהאַט אַ חשק צום לערנען און אַנ„אייזערנעם" קאָפּ דערצו. — האָט ער באַקומען אַ נאָמען, אַ דאַנק זיין התמדה, פאַר אַ גרויסן למדן.

זיין נאָמען איז געוואָרן באַקאַנט ווייט איבערן לאַנד און קיין וווּנדער נישט וואָס גבירים האָבן זיך געריסן נאָך דעם עלוי, צו באַקומען אים פאַר אַנ׳איידעם.

אינטערעסאַנט, ווי אַזוי ס׳איז צושטאַנד געקומען אַ שידוך, און ר׳ אברהמעלע איז געוואָרן אַ חתן:

אין פלאצק האָט מען פיל געהערט וועגן דעם עלוי, האָט אַ פלאצקער גביר געשיקט זיין איידעם ר׳ דן — וועלכער איז אַליין אויך געווען אַ רייכער ייד — צו ר׳ אברהמעלען, ער זאָל אים פאַרהערן אין תורה, — און אויב ר׳ אברהמעלע איז באמת אַנ׳עלוי, זאָל ער זעען צו נעמען אים פאַר אַ חתן פאַר זיין טאָכטער, ר׳ דן׳ס שווער.

ר׳ דן האָט אַזוי געטאָן, אָוועקגעפאָרן צו ר׳ אברהמעלען, אים פאַרהערט, און געוואָרן איבערראַשט פון זיינע חידושים אין תורה, און אַ טראַכט געטאָן: כ׳האָב אַליין אויך אַ געראָטענע טאָכטער, און אַריינצוקריגן פאַר אַנ׳איידעם ר׳ אברהמעלען וואָלט געווען פשוט אַ גליק מן השמים. אויב ס׳איז אַ גוטער שידוך פאַר מיין שוועה, איז עס גוט פאַר מיר אויך. און טאַקע נישט פאַרלוירן קיין צייט און גלייך פאַרקנסט זיין טאָכטער איטעלע צו ר׳ אברהמעלען.

ווען ר׳ דן לאַנדוי איז אַהיימגעקומען, האָט ער די זאַך געהאַלטן בסוד פאַר יעדן, אפילו פאַר זיינע בני־בית, און פאַר דעם שווער זיינעם, האָט ער אויסגעזוכט אַ תירוץ וואָס זאָל נישט זיין אויפפאַלנד.

אַזאַ סוד, האָט ער אָבער לאַנג נישט געקענט האַלטן. דער שווער זיינער, געוויר ווערנדיק פון דעם „פאַרראַט", איז געוואָרן מלא חמה, ער האָט אַזאַ זאַך נישט געקענט זיך שענקען, זיין איידעם זאָל אים אָפּטאָן

אַזעלעכס, — און ער האָט אים גערופן צו אַ דין־תורה.

געבליבן איז, אַז די צדדים באַשטייען אַז ר׳ אברהמעלע אַליין זאָל פסקענען, וועמענס טאָכטער ער וויל נעמען פאַר אַ ווייב. ר׳ אברהמעלע האָט, נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי ר׳ דן האָט זיך מיט אים משדך געווען, מסתמא איז עס מן השמים, — טאָ זאָל עס שוין אַזוי בלייבן. ר׳ אברהמעלע איז געוואָרן ר׳ דן׳ס איידעם. ווערנדיק זיין איידעם, האָט זיך ר׳ אברהמעלע אָנגעהויבן חתמענען מיט זיין שווערס צווייטן נאָמען: ר׳ אברהמעלע לאַנדוי [1].

דער „ייד הקדוש" פון פשיסכע, האָט שטאַרק געוואָלט האָבן ר׳ אברהמעלען פאַר זיינעם אַ חסיד, דער שווער זיינער, אַ מתנגד, האָט אים נישט געלאָזן פאָרן צו קיין רבין, — האָט דער „ייד הקדוש" באַפוילן איינעם פון זיינע חסידים אין פלאָצק, פאַר יעדן פרייז צו ברענגען צו אים ר׳ אברהמעלען, דעם פלאָצקער עלוי. ווען ר׳ אברהמעלע איז שוין געווען אויפן וועג צום רבין, איז דער שווער זיינער דערפון געוווי׳ר געוואָרן און ער האָט אים צוריק געבראַכט אַ היים מיטן כח פון פאָליציי. ר׳ אברהמעלען, האָט זיין שווערס האַנדלונג שטאַרק ווי געטאָן. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז לאחרי מאה ועשרים שנה, וועט ער אים רופן צו אַ דין־תורה אין הימל.

יוסף אַפּאַטאָשו, וועלכער איז געווען זישא לאַנדויס אַ וויטער קרוב און האָט גוט געקענט לאַנדויס יחוס, האָט אַמאָל דערציילט וועגן ר׳ אברהם טשעכאַנאָווער, וועלכער האָט דורכגעפירט אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער, מיט אַ יידן, אַ גביר פון אַ נאָענטער שטאָט [2].

ווען ר׳ אברהמעלע האָט געלאָזט וויסן דעם גביר, דעם טאָג פון דער חתונה וואָס ער האָט באַשטימט, האָט אים דער גביר געענטפערט, אַז אין דעם טאָג וועט ער נישט קענען קומען, ווייל ער מוז אָוועקפאָרן צוליב מסחר, גראַד דעם זעלבן טאָג.

פאַר ר׳ אברהמעלען, איז דעם גבירס ענטפער געווען אַ חידוש. וואָס הייסט? געשעפט איז וויכטיקער ווי חתונה מאַכן אַ קינד? וואָס טוט ר׳ אברהמעלע? נאָך אַ שטיקל ישוב הדעת, האָט ער געשיקט רופן צו זיך אַן אָרימען אַרענדאַר, אַ פּראָסטן יידן. דער אַרענדאַר, איז פון דעם רבי׳ס רופן אים, געוואָרן נשתומם. ווער וויס וואָס דאָס קען זיין?! ווען ער איז געקומען צום רבי, האָט אים ר׳ אברהמעלע אויפגענומען ווי אַ טייערן גאַסט, און גאַנץ היימישלעך אים גענומען אויספרעגן:

— האָסטו אַ זון?

— יאָ, רבי.

1) משה פיינשטיין — גוטע יידן אין פוילן, וואַרשע, 1936.
2) זישא לאַנדוי־בוך, ניו יאָרק, 1938.

— וואָס טוסטו ווען דו שטייסט אויף אין דערפרי?

איך טו מיך אָן, גיס אָפּ נעגל־וואַסער, גיי אַרויס און גיב עסן די בהמות און עופות. דערנאָך, גיי איך צוריק אין שטוב און שטעל זיך דאַוונען. דערנאָך וואַש איך זיך און בייס עפּעס איבער.

— אַזוי? גיסט פריער עסן די בהמות און עופות און דערנאָך דאַוונסטו און עסט אַליין? אַזאַ ייד איז גענוג גוט, צו זיין מיין טאָכטערס שווער.

און מ׳האָט אין קורצן געשטעלט אַ חופה.

ר׳ אברהמעלע איז שפּעטער געוואָרן רב אין טשעכאנאָוו. געווען פאַרטאָן יומם ולילה אין לערנען און דאַוונען. זיין דאַוונען איז געוואָרן אַ שם־דבר. מ׳האָט אים אויך גערופן „דער דאַוונער״, — ווייל אויב ער וועט נישט אויספועלן אַ זאַך אין הימל, וועט עס קיין צווייטער אַודאי נים קענען.

ר׳ אברהמעלעס התנהגות איז געווען פשטות. געווען בטבע אַ איש תמים. מ׳דערציילט, אַז ווען מ׳האָט אים געזאָגט, אַז מ׳האָט אויסגעטראַכט אַ וואָגן אָן פערד, האָט ער געפרעגט, צו וואָס מ׳דאַרף עס, און אַז מ׳האָט אים געענטפערט, ווייל אַ וואָגן אָן פערד, וועט לויפן שנעלער ווי אַ וואָגן מיט פערד, האָט ער אין זיין גרויס תמימות, זיך געחידושט: וואָס האָבן זיי אַזוינס קיין צייט נישט?

זיין רביצין איטעלע איז געווען געבענטשט ביי אַלעמען, דעם פּדיון וואָס ער האָט באַקומען, האָט זי פונאַנדערגעטיילט צווישן אָרעמע.

ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 90 יאָר, ד׳ אָדר, תרל״ה (1875), אַ יאָר נאָך דעם ווי זיין געטרייע, פרומע איטעלע איז געשטאָרבן. ער האָט איבערגעלאָזן דריי ספרים געדרוקטע: „זכות אברהם״, „בית אברהם״ און „אהבת חסד״.

זישא לאַנדוי, דער באַרימטער יידישער דיכטער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער פּאָעטישער שאַפונג אין יידיש, איז געווען אַן׳אור־אור־אייניקל פון ר׳ אברהמעלען. אין זיינס אַ ליד, געווידמעט דעם עלטער־זיידן זיינעם, כאַראַקטעריזירט ער די קרובה׳שאַפט און כאַראַקטער־ענלעכקייט צום פאַרהייליקטן זיידע זיינעם:

איך בין ניט פריי — פון מיינע זיידעס
ציט זיך נאָך מיר אַ לאַנגע קייט;
איך בין ניט פריי — מיין טראָט און קער
איז פון אויגן נאָנטע שטרענג באַגלייט!
נאַכלעסיק, אָבער מיט אַ האַנט אַ פעסטער,
דיך שמיד איך ווייטער, אייזערנע קייט.

אַם נאָנטסטן פילט מיין בלוט דיך, טשעכאַנאָווער,
ווייל פונקט ווי דיר איז ס׳לעבן מיר אַ פליכט,
וואָס יאָ צי ניט באהבה אָנגענומען,
דאָך אָבער פאַר דעם שיקזאַלס שטיינערנעם געזיכט,
ווען ס׳האַרץ מיינס ניט קיין ציטער געבן,
ווייל פונקט ווי דו פיל איך די הייליקייט פון פליכט.

---

דאָ אין דער נעץ פון פליכטן און געזעצן,
אָ, וויפל פרייהייט איז פאַראַן און פרייד!
און בלויז אַ שקלאַף קען מיינען, אַז אַן אָדלער
האַלט אין דער שטייג ניט זיינע אָרעמס אויסגעשפרייט!

---

אָ, ר׳ אברהם טשעכאַנאָווער,
איך האַלט ווי דו די אָרעמס אויסגעשפרייט!

---

## ר׳ עזריאל אריה לייב ראַקאָווסקי

פלאצק איז געווען באַקאַנט מיט די קאַמפן וואָס אירע רבנים זענען אויסגעשטאַנען פון זייערע קעגנער. דער צד שכנגד, חסידים אָדער מתנגדים, האָבן אָנגעוואָנדן אַלערליי מיטלען כדי צו באַזייטיקן דעם רב פון כסא הרבנות. די מחלוקת׳ן האָבן אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז דעם רב איז עס נמאס געוואָרן און ער האָט פאַרלאָזט זיין אַמט. פלאצק איז געווען אַ שטאָט „האוכלת רבניה״, ווי עס דריקט זיך אויס אַ קאָרעספאָנדענט פון פלאצק אין „המליץ״ (כ״ז כסלו, 1880).

עזריאל אריה ראַקאָווסקי איז געווען אַ אָנגעזעענע רבנישע פערזענלעכקייט אין פוילן, מיט אַ יחוס קייט פון 36 דורות רבנים. ער איז געבוירן אין 1818 און געשטאָרבן אין עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר אין 1893. ער איז געזעסן אויף כסא הרבנות פופציק יאָר אין פלאצק, סטאַווישקי, לאָמזשע, אמטיסלאָוו און מאַריאַמפּאָל. זיין גזע היחוסין דערגייט ביז דעם של״ה. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט ביי זיין אָנקל און רבי ר׳ יעקב פון קאַרלין דעם בעל „משכנות יעקב״. ער האָט אָנגעשריבן אַ פירוש אויף די ערשטע פיר מסכתות, וועלכע ער האָט נישט באַוויזן אָפּצודרוקן.

גלייך נאָכ׳ן אויסקלייבן ר׳ עזריאל אריה׳ן פאַר אַ רב אין פלאצק,

אין יאָר תרכ״ב, זענען אויסגעבראָכן מחלוקת׳ן. זיינע קעגנער, די חסידים, האָבן דערזען אין אים אַ קעמפנדן מתנגד, וועלכער וויל איינפירן „נייע זאַכן״ אין קהלה לעבן. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין מיאוסע מיטלען אים צו באַשמוצן. דעם רב ר׳ עזריאל אריה לייב ווערט נמאס די מחלוקת, פאַרלאָזט ער די שטאָט און ווערט רב אין לאָמזשע. ווען דער רב האָט פאַרלאָזט פלאצק, איז אויסגעבראָכן אַ מגפה אין שטאָט.

אין „המגיד״ (נומער 34, 1867) ווערט מיט באַדויער דערציילט די געשיכטע: „ויהי מעת עזב עירנו היתה בנו יד ד׳ לרעה ורבו חללי המגפה רח״ל. ויתאספו נכבדי העדה מה לעשות בימים רעים כאלה, באין מורה ומנהל, באין מי שם לב על העניים והיתומים והאלמנות, כאשר עשה הרב בהיותו עמנו״. דער קאָרעספּאָנדענט שילדערט ווי די ראשי העדה האָבן זיך אַוועקגעזעצט זוכן אַן׳עצה. אפילו דעם רב׳ס שונאים האָבן שוין אַרויסגעוויזן חרטה אויף זייערע שלעכטע מעשים און אים געבעטן צוריקקומען. נאָך פיל בקשות, האָט דער רב מסכים געווען צוריקקערן זיך קיין פלאצק, און ער איז געוואָרן אויפגענומען מיט גרויס פרייד און כבוד. דער שלום אין שטאָט איז געוואָרן צוריק איינגעשטעלט. די מגפה האָט אין דער צייט אָפּגעלאָזן. די חברה בקור־חולים האָט פיל געאַרבעט די עפּידעמיע צו באַקעמפן. י. מייזלער ענדיקט זיין קאָרעספּאָנדענץ אין „המגיד״ מיט די ווערטער: „ד׳ ברחמיו יאמר למלאך המשחית: הרף! ותעצר המגפה״.

נאָך זיין צוריקקומען, האָט דער רב געהאַט אַ העפלעכקייטס־באַזוך ביים גובערנאַטאָר און זיין פאַרטרעטער. ער האָט געפירט דעם געשפּרעך מיטן גובערנאַטאָר אין דער דייטשער שפּראַך, וועלכע ער האָט גוט באַהערשט.

די רוסישע רעגירונג האָט דאַן באַקעמפט די טעטיקייט פון די חסידים, אַלס שטער צו פאַרשפּרייטן אויפקלערונג און וויסן צווישן יידן. דער גובערנאַטאָר, אין זיין געשפּרעך מיט׳ן רב ראַקאָווסקי, האָט אים געבעטן, ער זאָל האַלטן אַ וואַך אויג אויף די חסידים, ביי וועמען עס הערשט אין אַ גרויסער מאָס אונאָרדנונג — „שישים עין פקוחה על החרדים אשר אי־סדרים בהם במדה גדולה״ — ווי עס גיט איבער אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ״.

ער האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט קהלשער טעטיקייט. פון דער נאַטור, זייענדיק אַן׳איש אמת און אויפריכטיק ביז גאָר, איז ער אָפט געווען אין קאָנפליקט מיט די קהלשע פירער. מיר געפינען אין „המגיד״, „המליץ״ און אַנדערע זשורנאַלן פון יענער צייט, וועגן זיין טעטיקייט אין פלאצק. אָפט, האָט ער אַליין געשריבן אין דער העברעאישער פּרעסע וועגן

וויכטיקע פּאַסירונגען אין שטאָט. אַ זער אינטערעסאַנטער אַרטיקל וועגן אַן עקאָנאָמישער אונטערנעמונג אין פלאָצק, וועלכע דאַרף דינען די אינ־טערעסן פון מיטלשטאַנד און פון אַרבעטער, האָט הרב אריה־לייב ראַקאָווסקי פאַרעפנטלעכט אין „המגיד״ (24, 1870). ער דערציילט, אַז נאָכן טויט פון גביר י. פּאָגעל, האָט דער זון זיינער געשאָנקען 15 טויזנט רובל פאַר דעם אויפבוי פון אַ שפּיטאָל אויף זיין פאָטערס נאָמען, אַנ׳אַנשטאַלט וואָס דאַרף דינען ווי אַ מוסטער פאַר ענלעכע אין שטאָט. דער זעלבער פּאָגעל, פאַר זיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן — דערציילט ער אונז — האָט באַקומען אַ מעדאַל פון דער רעגירונג. פּאָגעל האָט פאָרגעלייגט פאַר די הויכע גובערניע באַאַמטע, אַ פּלאַן, פון עפענען אַ גרויסן געשעפט־לאַגער, אָנגעפירט פון יידן און קריסטן, וואָס זאָל פאַרקויפן סחורות פון לאַנד און אויסלאַנד, און זאָל געבן סחורה אויף קרעדיט מיט פינף פּראָצענט ריוח (ער רופט עס אָן „קאָנסום און קרעדיט פאַריין״). דאָס דאַרף זיין, האַלט ער, פון גרויס נוצן פאַר קליינע סוחרים, וועלכע וועלן קויפן אויף קרעדיט און נישט דאַרפן איבערצאָלן דעם פּרייז פאַר׳ן באַקומען קרעדיט. עס וועט זיין נוצלעך אויך פאַר די, וואָס אַרבעטן אין אָפיסעס און באַקומען זייער געצאָלט איין מאָל אין חודש, וואָס ביז יעצט האָבן זיי פאַר׳ן קרעדיט געמוזט איבערצאָלן, ווייט אַריבער דער פּרייז.

ווען דער גובערנאַטאָר און די באַאַמטע אין דער גובערניע, זענען געוווייר געוואָרן פון פּאָגעל׳ס פּלאַן, זענען זיי געוואָרען באַגייסטערט דערפון און אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי פּאָגעל׳ן אין זיין רייכער היים אין שטשעטשין, אויסער דער שטאָט. זיי האָבן אים זייער געלויבט פאַר זיין אויפטו. ווי הרב ראַקאָווסקי שרייבט, האָבן זיי אים געקרוינט פאַר „פּרעזעס״, „ויכתירו אותו בכתר „פּרעזעס״, אשר על פיו ישק כל בית המסחר הנ״ל״.

ראַקאָווסקי האָט געהאַט די איניציאַטיוו, ביים בויען דאָס יידישע שפּיטאָל אין פלאָצק. ער האָט אויסגעווירקט ביים גביר פּאָגעל, ער זאָל אויפבויען דאָס שפּיטאָל. ער האָט אויך גענומען אַ שטאַרקן אינטערעס אין דער דערציונג פון די קינדער אין דער תלמוד־תורה, וועלכע איז געווען די וויכטיקסטע ערציונגס־אַנשטאַלט ביי דער קהלה. ראַקאָווסקי האָט געזען די קינדער אָפּגעלאָזענע, אַרומלויפן באָרוועסע איבער די גאַסן און בעטן נדבות ביי פאַרבייגייער. מלמדים אין דער תלמוד־תורה, זענען אויך נישט געווען געהעריק קוואַליפיצירט צו טאָן זייער דערציונגס־אַרבעט, און ראַ־קאָווסקי האָט פאַרלאַנגט אויסבעסערונגען אין דער הינזיכט.

די תלמוד־תורה איז אַלעמאָל געווען פאַרנאַכלעסיקט, צוליב די קהלה־פירער, וואָס האָבן נישט געקענט דורכפירן וועלכע עס איז אויסבעסע־רונגען, צוליב זייער מורא פאַר די פאַנאַטיקער־חסידים, וועלכע האָבן נישט

טאָלערירט וועלכע ס׳איז רעפאָרמען (המליץ, 24, 1880).

נישט שטענדיק זענען די קהלה־פירער געשטאַנען אויף דער הויך פון זייערע אויפגאַבן. אָפט זענען עס געווען אַזעלכע, וואָס זענען נישט פעאיק געווען אָנצופירן מיט די קהלה־טעטיקייטן. די צייט ווען ראַקאָווסקי איז געווען רב, איז ער אָפט געשטאַנען אין קאָנפליקט מיט די דאזוארעס, און ווען די גערעכטיקייט איז געווען אויף זיין זייט, האָט ער קיינעם נישט געשוינט. דאָס האָבן געוויסע קהל־פירער נישט געקענט פאַרטראָגן און זיי האָבן געזוכט פון אים פּטור צו ווערן אַלס רב. זיי האָבן אָנגעוואָנדן די מיאוסטע מיטלען, אָבער דער רב ראַקאָווסקי האָט זיי מוטיק באַקעמפט.

אינטערעסאַנט, וואָס עס דערציילט וועגן איר זיידן, דאָס אייניקל זיינס, די באַקאַנטע העברעאישע דערציערין, שריפטשטעלערין, קעמפערין פאַר פרויען־רעכט און ציוניסטישע פירערין פועה ראַקאָווסקא, („זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנערין״).

„אין פּלאָצק איז דער זיידע געווען רב גאַנצע זיבעצן יאָר, כאָטש פון דאָרט האָט ער די אַלע יאָרן געוואָלט אַנטלויפן.

„מיין זיידע, ר׳ לייבעלע פּלאָצקער איז געווען אַ גרויסער מתנגד, האָט פיינט געהאַט חסידים בתכלית השנאה און זיי, די חסידים, האָבן אים דערפאַר אָנגעטאָן געברענטע צרות. אין סטאַוויסק למשל, וואו ער איז געווען רב, האָט מען אין איינעם אַ פרייטיק — דער זיידע איז דעמאָלט נאָך געווען אַ יונגערמאַן — אין דער איינציקער וואַנע וואָס איז געגרייט געוואָרן פאַרן רב, אָנגעלייגט טשוועקעס מיט די שפּיצן אַרויף, צופעליק איז ביים זיידן אין שטוב גאָר קראַנק געוואָרן אַ קינד, דערפאַר איז ער נישט אַרויס פון דערהיים און זיך נישט באַנוצט מיט דער וואַנע. ווען מ׳האָט דערנאָך אויסגעגאָסן דאָס צוגעגרייטע וואַסער, האָט מען געפונען די טשוועקעס וואָס זענען אַריינגעהאַקט געוואָרן אין דעם דנא פון דער וואַנע. נאָך דער געשיכטע איז דער זיידע אַוועק קיין פּלאָצק. אויך דאָרט איז געווען אַ גרויסע עדה חסידים. כסדר האָט זיך געפירט אַן׳אָפענער קאַמף צווישן די מתנגדים, די אָנהענגער פון רב און די חסידים וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר בפירושע קעגנער זיינע״.

„מיין זיידע איז געווען באַרימט פאַר אַ גרויסן איש אמת. קוים האָט ער געהאַט עמעצן עפּעס צו זאָגן, האָט ער זיך מיט קיינעם נישט גערעכנט. דער דאָזיקער, האָט געמעגט זיין פון די פני־העיר, אפילו זיינער אַנ׳אנהענגער, צי אַ קעגנער, — ער האָט געזאָגט וואָס ער האָט באַדאַרפט זאָגן. די חסידים האָבן אים דערפאַר גערודפט. איין פאַל אַזאַ קען איך נישט פאַרשווייגן. די מעשה איז פאָרגעקומען אין אַ יום־כפור־טאָג, פאַר נְעִילה. דער זיידע האָט געהאַלטן אין מיטן פון זיין דרשה, האָט ער באַ־

מערקט אויף דער בימה אַ גויע מיט אַ קינד אויף די הענט. זי האָט זיך דערנעטערט גלייך צום רב און געפאָדערט פון אים מזונות פ אַ ר ז י י ן ק י נ ד. דער זיידע האָט זיך באַהערשט און גאַנץ רויק געזאָגט דער גויע:

— „אויב דאָס איז מיין קינד, ווייסטו דאָך וווּ איך וווין, טאָ קום צו מיר אַ היים. — און מיט דעם זעלבן אינערלעכן גלייכגעוויכט און מיטן פריערדיקן ברען פאַרענדיקט די דרשה.

„שפּעטער האָט מען דערציילט אין שטאָט, אַז אָט די גויע איז געווען אַ איבערגעטועטענער גוי, וועלכער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר הדרת פנים און פאַר דער האַלטונג פון ראַבין און איז דערנאָך געקומען איבערגעבן די נעמען פון די חסידים, וועלכע האָבן אים געשיקט צו דעם „משא ומתן". די אָנהענגער פון מיין זיידן, האָבן מיט יאָרן שפּעטער איבערגעגעבן, אַז די אַלע לייט האָבן געהאַט אַ ביטערן סוף".

„דער זיידע האָט אָבער אין אַזאַ שטאָט מער נישט געוואָלט בלייבן, באַלד נאָך תענית האָט ער פאַרלאָזן די שטאָט. זיינע אָנהענגער האָבן אים אָבער אָנגעיאָגט, אויסגעשפּאַנט די פערד, אַליין זיך איינגעשפּאַנט אין דער קאַרעטע און מיט גרויס פּאַראַד אים געבראַכט צוריק".

נאָך אַ שטיקל צייט פון שלום, האָט דער רב ווידער געהאַט אויס־צושטיין רדיפות מצד די חסידים. אין „המליץ" (כ"ז כסלו, 1880) שרייבט אַ קאָרעספּאָנדענט פון פלאָצק: „כל הימים האלה שבע כעס ומכאובים, כי מלחמה היתה להחסידים ומורדי האור בו, כי שמטוהו וירדפוהו בלי חמלה, על כי לא מחשבותם־מחשבותיהם". ער רעכנט אויס די דערגרייכונגען פון רב: ער האָט געגרינדעט די תלמוד־תורה, גייענדיק אַליין איבער בוידעמער און קעלערס צונויפזאַמלען געלט און האָט געווירקט אויפן גביר סעגאַל, ער זאָל שענקען אַ הויז וואָס פון די הכנסות זאָל זיך אויפהאַלטן די תלמוד־תורה. זיין באַלוינונג איז אָבער געווען, וואָס מ'האָט אים געמסרט פאַר דער מאַכט, אַז ער האָט געזאַמלט געלט פאַר פּאָליטישע אַנטלאָפענע. זיין אייגענע פרייהייט איז דעמאָלסט געווען אין געפאַר. זיי האָבן געפּרוּווט באַשמוצן זיין נאָמען און אויסגעטראַכט אויף אים שלעכטס אין דער צייטשריפט „איזראַעליטא".

אין אַ דרשה וואָס ראַקאָווסקי האָט געהאַלטן, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז די תלמוד־תורה זאָל שטיין אויף דער געהעריקער הויך אין לערנען און אין סאַניטאַרישע באַדינגונגען. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל לערנען אין אַזאַ מאָס, אַז די בחורים וואָס גייען שפּעטער אין מיליטער דינען, זאָלן נישט פאַרגעסן, אַז זיי שטאַמען פון יידן און קענען יידיש וויסן.

נאָך דער דרשה האָבן אים חסידים פאַרמסרט, אַז ער האָט

פֿאַרבאָטן יידישע עלטערן צו שיקן זייערע קינדער לערנען, און ער רופֿט אַלע, די וואָס דאַרפֿן גיין דינען אין מיליטער, זאָלן זיך ראַטעווען און אַנטלויפֿן. איינער פֿון די חסידים, אַ שמש, וועלכער איז געווען אַ נידע־ריקער נפֿש און פֿאַנאַטיקער, האָט אין געריכט פֿאַלש עדות געזאָגט אויפֿן רב. עס האָט אים געדראָט אַ געפֿאַר. אַ דאַנק זיין קאָנטשאַפֿט מיט די הויכע באַאַמטע, וועלכע האָבן אים געקענט און הויך־געשעצט זיין כאַראַקטער און פּערזאָן און זענען געווען באַפֿריינדעט מיט אים, איז די באַשולדיקונג צו־נישט געוואָרן.

דער רב ראַקאָווסקי איז געווען אַן עטישע פּערזענלעכקייט און דינאַמישער עסקן. ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר שוועריקייטן אין זיין אַרבעט. די צייט פֿאַר ווינטער איז ער אַליין אַרומגעגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב, זאַמלען אויף באַהייצונג פֿאַר אָרעמעלייט אויפֿן ווינטער. ווען אין פּלאָצק איז אין 1878 איינגעשטאַנען צוויי פּולקן רוסיש מיליטער, צווישן וועלכע, עס האָבן זיך געפֿונען הונדערטער יידן, האָט ער מיט גרויס אייפֿער געאַרבעט צו באַזאָרגן די יידישע סאָלדאַטן מיט כשר עסן.

דעם רבס זון, אברהם אבא ראַקאָווסקי, איז געווען באַקאַנט אין שטאָט מיטן נאָמען אַבטשע. זייענדיק אַ יונגער בחור, איז ער געווען אַ מתמיד און פֿרי זיך באַקענט מיט דער השׂכּלה־ליטעראַטור אין זיין צייט. סלופּעצקיס גאָרטן איז געווען אַ שפּאַציר־אָרט ווו מ׳האָט אים, אַבטשען, געקענט טרעפֿן מיט אַנדערע יונגעלייט שמועסן און דיסקוטירן וועגן ביכער און ספֿרים.

נחום סאָקאָלאָוו, אין זיין בוך „אישים" דערציילט, ווי אַזוי אַבטשע ראַקאָווסקי האָט גענומען אַ פּראַנצויזשן לערן־בוך און עס אויסגעלערנט אויסנווייניק, פֿון וואָרט צו וואָרט. עס האָט אים נישט אויסגעמאַכט וואָס ער האָט געליינט פּראַנצויזיש, אַזוי ווי עס שרייבט זיך, — ווייל ער האָט די פּראַנצויזישע שפּראַך נישט געהערט רעדן.

אברהם אַבאַ איז געבוירן אין מאַריאַמפּאָל אין תּרט״ו, ער האָט געלערנט אונטערן אויפֿזיכט פֿון זיין פֿאָטער און זיין עלטערן ברודער דוב־בער. גלייכצייטיק, האָט ער געלערנט מיט חשק העברעאיש און פֿרעמדע שפּראַכן. אין תּרל״ב, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אַרטיקלען אין „המגיד" און „הצופה להמגיד". אין 1875, איז אין וואַרשע דערשינען זיין איבער־זעצונג „נדחי ישׂראל". אין דער צייט האָט אָנגעהויבן אין בערלין דערשיינען די „הצפירה". אין אַלע „הצפירה" נומערן, אין אַ משך פֿון יאָרן, זענען ערשינען זיינע אַרטיקלען איבער נאַטור־וויסנשאַפֿט און געאָגראַפֿישע אָפּ־האַנדלונגען און געשיכטע אַרבעטן, פֿיל איבערזעצונגען און אויך אָריגינעלע אַרבעטן. אין 1876, ווען ער איז געווען געשעפֿטלעך אין קעניגסבערג,

האָט ער געגעבן דער צייטונג „הקול" זיין בוך „נספה ללא משפט". ער האָט אָנגעשריבן אַ לערן־בוך פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, לויט אלענדאָרפס שיטה. אין 1885, איז דערשינען זיין בוך „חטר מגזע ישי" אין צוויי טיילן, און אַן׳איבערזעצונג פון ביקאָנספּיעלד׳ס בוך „דוד אַלראי". אין 1886, איז אַרויס זיין בוך „הנקמה". ער האָט אויך איבערזעצט פאַרן „האסיף" ארזשעשקאָוואַס דערציילונג „מירטאלא".

אַ צווייטער זון דוב־בער ראַקאָווסקי, איז געוואָרן באַטראַכט אין שטאָט, ווי דער וואָס וועט פאַרנעמען דאָס פאָטערס כסא־הרבנות אין שטאָט. דער זון זיינער דוב־בער, איז געשטאָרבן אין פלאצק אין 1879, אין עלטער פון 38 יאָר. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין זאָרג פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. דער טויט פון ר׳ דוב בער׳ן איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַרן פאָטער. אברהם אַבא, דער ברודער, ווידמעט אים אַ טרויער־אַרטיקל אין „הצפירה" (1879,12).

קורץ נאָך דעם זונס טויט, האָט הרב אריה לייב ראַקאָווסקי, פאַר־לאָזן זיין רבנות־שטעלע אין פלאצק.

ווען ער איז געשטאָרבן אין 1893, איז אין „המאסף" געוואָרן פאַרעפענטלעכט אַן׳אַרטיקל, וואָס שאַצט אָפּ זיין טעטיקייט אַלס רב, געזעלשאַפטלעכער טוער און מחבר.

## דער פנקס פון „חברה חייטים"

דער פנקס פון „חברה חייטים" שטאַמט פון סוף 18־טן יאָרהונדערט (1798), און איז געפונען געוואָרן ביי מאָדנע אומשטענדן. דער פנקס האָט זיך געפונען ביי דער רוסישער מאַכט, וועלכע האָט אים ענדע 19־טן יאָרהונדערט פאַרקויפט צוזאַמען מיט פּעק אַנדערע אַמטלעכע פּאַפּירן, אַלס מאַקולאַטור. דאָס יינגל אַסטראָווער, זייענדיק דעמאָלט 13 יאָר אַלט, האָט דעם דאָזיקן פנקס אָפּגעראַטעוועט און אָפּגעהיטן. יאָרן שפּעטער האָט ער דעם פנקס איבערגעגעבן דעם היסטאָריקער ד״ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט אין דעם דערקענט אַ וויכטיקן היסטאָרישן דאָקומענט פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פלאצק.

דער פנקס, איז אין צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געווען אַן׳אָפיציעלער דאָקומענט, דערפאַר איז ער איבערגעזעצט געוואָרן אין דייטש דורך אַ אָנגעזעענעם כלל־טוער אין פלאצק, איינעם מיטן נאָמען ראָזנצווייג.

דער פנקס רעגולירט די באַציונגען צווישן די חייטים, די געזעלן

און באַלעבאַטים, און באַשטימט די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער חברה.

ד״ר רינגעלבלום, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט דעם פנקס פון פלאָצקער חברה חייטים, אין די ייוו״א „שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק״, גיט אַן אַריינפיר צום פנקס און אַנאַליזירט די באַדייטונג פון פלאָצקער פנקס לגבי אַנדערע באַקאַנטע פנקסים פון יידישע שניידער־צעכן אין פוילן.

מיר ברענגען דאָ דעם טעקסט פון פנקס אין זיין אָריגינעלער אָרטאָגראַפיע:

## טעקסט פון פנקס

### אריינפיר־שיר

י צוה צור חסדו על כל הנלוים אלינו
כצפרים עפות יגן עלינו [!] ועל כל ישראל חברים
ה יחונו לו והוא יענה שלומינו להשיב שלימות
האחרון מתוך שלימות הראשון לדור דורם
ו בחבור״תינו ירפא לנו ויגהה מדור כל ריב
ינגע ויקרב לבבנו כאחד זקנים עם נערים
ד רך המלך נלך במסילה העולה בית אל
יקרא לה דרך הצדק ומשפט ומשרים
ה בריח התיק״ון יבריח מקצה וקצה לבל יפול
דבר ארצה מאלו התקונים הישרים
נעשה בהסכמת ישרים ועדה ורבנים הקדמונים חכמי חרשים
לפ״ק פה פלאָצק יע״א [—יבנה עריה אמן]

### תקנות

תקנה א׳

כל בעל מלאכה חייט בהיותו בביתו צריך שיקום בזריזות לעבודת בורא שיבא לבית הכנסת עכ״פ קודם ישתבח ויתפלל עם הציבור, ובאם שיעבור על זה יוקנס א׳ גדול פ׳ [ווליש] לחברה חייטים וב׳ גדול פ׳ על נרות לבית הכנסת הקדושה.

תקנה ב׳

הגבאים והנאמנים ורואי חשבונות של החבורה חייטים חלילה להם לילך כפועל בטל ולדבר דברים בטלים ביום השבת אך מחויבים לילך

מדי שבת בשבתו לשמוע שעור דברי תורה מחכמי העיר שיהי׳ בימיהם. ובאם שיעבור אחד על זה יוקנס ח׳ גדולים על נרות לבה״מ.

תקנה ג׳

איין בעל מלאכה וואש איז איין גקויפט אין דער חברה אסור לו להשתתף עוסק במלאכת שניידריי צו זיין בחברותה מיט איין בעל מלאכה וואש האַט זיך נאך ניט איין גקופט אין דער חברה ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט [ראַטע טאַלער] קש על הבהמ״ד וא׳ ר״ט קש על החברה, ושלשה ר״ט על הקאמיר.

תקנה ד׳

איין חייט שהוא נשוי אונ׳ איז ניט איין גקופט אין דער חברה אונ׳ וויל זיך אויך ניט איין קופין מלבד וואש ער טאהר ניט גיין בחנות אן צו נעמין ארביט אונ׳ ווען עהר גייט יוא מאג איין גקופטר חייט דיא ארביט אוועק נעמין. מלבד זה. מוז ער געבין לקופת החברה בכל שנה ושנה ממשך השנים וואש עהר ניט איין גקופט איז א׳ ר״ט אונ׳ אפילו ווען עהר גיט דאש טאהר עהר דאך קיין פועל אונ׳ קיין לערין יונג האלטין ומי שיעבור על זה יוקנס שני ר״ט על בית הכנסת וא׳ ר״ט על בהמ״ד וא׳ ר״ט על הנ״ת [—הנר תמיד] וב׳ ר״ט על הקאמיר.

תקנה ה׳

קיין בעל מלאכה טאהר מער ניט האלטין רק פועל אחד וחוץ לזה לערין יונג אחד ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבה״מ וא׳ ר״ט על החברה וב׳ ר״ט על הקאמיר. אם לא שישיג רשיון על זה מי״א אנשים הנבחרים שיקובל אצלם התנצלות שלו — — —

תקנה ו׳

בעל מלאכה אחר החתונה ג׳ שנים איז ער ניט איין גקופט בחברה טאהר ניט האלטין ניט קיין פועל ניט קיין לערין יונג. איז ער יוא איין גקופט מעג עהר איין לעהרין יונג האלטין רק קיין פועל טאהר ער ניט האלטין אונ׳ מוז זיין איין מלאטשי כל השלשה שנים ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על ביהכ״נ וא׳ ר״ט בהמ״ד וא׳ ר״ט על האדון יוסטיץ וכל השנים וואש ער האט זיך אין דער חברה נישט איין גקופט נחשבים כיום א׳ אונ׳ דער דין שלשה שנים הנ״ל מתחיל מזמן וואש ער וועט זיך איין קופין — — —

תקנה ז׳

ווען ב׳ או ג׳ בעלי מלאכה ווערין קומין איינער נאך דעם אנדרין אין איין חנות אונ׳ ווערין אלי זיין בייא דעם אב שניידן אזו זענין זיא כולם שותפות צו דער מלאכה. ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על בית הכנסת וא׳ ר״ט על בהמ״ד אונ׳ זענען שותפין רק למלאכה. און דער כלל

פון כל דיני שותפת איז אז דער פועל ווען עהר טוג צו דער מלאכה קעהן איהם דער צו גנומנר בעל מלאכה ניט מדחה זיין רק דער פועל האט אזו גוט איין חלק כמו הבעה״ב שלו — — — — — — — — — — —

תקנה ח׳

אפי׳ ווען דער קונה וועט בפרוש זאגין אז ער וויל נאר דעם בעל מלאכה אליין זענין דאך אלי דיא בעלי מלאכה וואש זענין גוועזין בשעת חתיכת הסחורה אלי שותפים אין דער מלאכה יהי׳ הקונה מי שיהי׳ יהודי או כפרי או אדון או כומר ומי שיעבור ע״ז [—על זה] יוקנס הקנס הנזכר בתקנה ז׳ — — — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה ט׳

ווען אביר עש וועלין קומין יותר משלשה בעלי מלאכה לחנות אחד אונ׳ וועלין אלי זיין בייא דעם אב שניידין זענין נאר דיא שלשה הראשונים וואש זענין גקומין בהתחלה שותפין בין שלשתן, אונ׳ דיא איברגי טאהרען ניט מערער זיין אויף דיא ג׳ הראשונים בקנס הנזכר בתקנה ז׳.

תקנה יוד

ווען איזה קונה יהי׳ מי שיהי׳ וועט מתחלה רופין איין בעל מלאכה ביחוד עהר זאל מיט איהם גיין לחנות צו קופין איזה סחורה האט דער בעל מלאכה אליין זוכה גוועזין במלאכה זו ואפילו עש וועלין זיין אנדרי בעלי מלאכה מיט איהם בייא דעם אב שניידין האבין זיא קיין חלק דראהן ניט ומי שיעבור ע״ז יוקנס כנזכר בתקנה ז׳ — — —

תקנה יא

ווען דער בעל מלאכה וואש דער קונה יהי׳ מי שיהי׳ האט איהם גרופין לחנות וועט אביר בחנות אן טרעפין בעלי מלאכה וואש זענין שון דארט גוועזין מקודם אזו מוז ער צו נעמין איינם פון זיא אעפ״י [—אף־על־פי] שהמלאכה הוא שלו כנזכר בתקנה יוד נאר פון דיא וואש ווענין קומען אח״כ אפי׳ ווען זיא ווענין קומין בשעת אב שניידן דארף עהר אפילו א׳ מהם ניט צו נעמין. והעובר ע״ז יוקנס כנזכר בתקנה ז׳ — — — —

תקנה יב

ווען איזה סוחר שיקט נאך איין בעל מלאכה ער זאהל קומין לחנות שלו, אונ׳ ער וועט אן טרעפין דארט בעלי מלאכה אדער עש ווענין דער נאך קומין בעלי מלאכה אפי׳ זיא ווענין קומין פיר דעם אב שניידן דארף דער בעל מלאכה וואש דער סוחר האט איהם גרופין ניט מעהר צו נעמין צו דער מלאכה רק אחד מהם וואש איז גקומין בתחלה ומי שיערער על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על הנ״ת [—הנר תמיד] וא׳ ר״ט על החברה וא׳ ר״ט על הקאמיר. אונ׳ דער וואש מעהן האט איהם צו גנומין

אין דער מלאכה יטול חלק גם במה שיורווח בחנות — — — — — — — —

תקנה יג

ווען איזה קונה יהי׳ מי שיהי׳ וועט שיקן מביתו נאך איין בעל מלאכה אונ׳ עהר וועט גיין לחנות אונ׳ וועט אן טרעפין בחנות אנדרי בעלי מלאכה אודר זיא וועלין דער נאך קומין פר דעם אב שניידן ברוך אותו בעל מלאכה שקראוהו ניט צו נעמין צו דער מלאכה רק א׳ מאותן שבאו בתחלה בקנס הנזכר בתקנה יב׳.

תקנה יד׳

ווען כמה בעלי מלאכה וועלין ביחד שטעהן בשוק או ברחוב אונ׳ איזה קונה יהי׳ מי שיהי׳ וועט קומין צו זיא אונ׳ וועט זי פרעגין בז״הל [—בזה הלשון] איז ניט אחד מכם איין חייט אזו זענין כל העומדים שם חברים צו דער מלאכה ומי שיעבור על זה יוקנס שלשה זהו׳ [בים] על הנ״ת ושלשה זהו׳ על החברה וא׳ ר״ט על האדון יוסטיץ יר״ה.

תקנה טו

ווען איזה קונה יהי׳ מי שיהי׳ וועט אוף טרעפין בשוק או ברחוב היהודים בעלי מלאכות אונ׳ וועט איינם פון זיא אן רופין ביחוד מחמת וואש עהר איז מיט איהם בקענט פון לאנג עהר זאל איהם אן נעמין איין מלאכה צו ארבטין ברוך דער בקענטר בעל מלאכה ניט צו נעמין רק אחד מן העומדים עמו אונ׳ דער איינער איז מחויב מיט דעם בקענטין מיט גיהן לחנות צו זיין בייא דעם אב שניידין פון דער סחורה. און ווען דער בקענטר בעל מלאכה מוז גיין לכפר צו דער מלאכה מוז דער אנדרער וואש ער האט איהם אויש גקליבן אוך מיט גיין לכפר. ומי שיעבור על זה יוקנס שלשה זהו׳ על הבהמ״ד ושלשה זהו׳ על החברה וא׳ ר״ט על האדון היוסטיץ יר״ה — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה טז׳

ווען איין בעל מלאכה וועט אצל איזה אדון או ערל סטעמפווין או צייכנין מיט קרייד איזה בגד האט עהר זוכה גוועזין במלאכה, אונ׳ קיין אנדרר בעל מלאכה וואש קומט דער צו אונ׳ טרעפט אז דאש בגד איז גסטעמפווט או גקריידט טאהרער דיא מלאכה ניט אן נעמין ומי שיעבור על זה יוקנס שלשה זהו׳ על הנ״ת ושלשה זהו׳ על החברה וא׳ ר״ט על הקאמיר.

תקנה יז׳

ווען איזה בעל מלאכה וועט קומין לכפר מוז עהר מקודם גומר זיין דיא מלאכה שהתחיל בה באותו בית דער נאך מעג עהר גיין לבית אחר צו נעמין איין מלאכה. אביר עהר טאהר ניט טאהן ברמי׳ צו גיין מבית לבית צו שניידין אודר צו סטעמפווין ארביט כדי דער אנדרר בעל מלאכה

זאהל עש ניט קענין אן נעמין. ומכלל זה ווען איינער וועט יוא טאהן דיא רמי׳ מעג הבא אחריו אן נעמין דיא מלאכה אעפ״י שהיא גשניטן אודר גסטעמפווּיט ולא יחריך רמי׳ צידו. ויוקנס הרמאי א׳ ר״ט קש על הת״ת וא׳ ר״ט על החברה ושני ר״ט על הקאמיר — — — — — — — — — — — —

תקנה יח׳

ווען איזה בעל מלאכה וועט אן נעמין מלאכה בעיר או בכפר מאיזה סחורה או בגד שיהי׳ אפי׳ דער בעל מלאכה וועט בעצמו נעמין אותה הסחורה או הבגד בחנות אונ׳ וועט צו דער מלאכה ניט קומין עוסק צו זיין משך ג׳ ימים בלי אונס, אזו מעג איין אנדרער בעל מלאכה אחר שלשה ימים אן נעמין דיא מלאכה בלי שום מוחה אונ׳ ווען דער ערשטער וועט דרוף מערער זיין באלמות אזו לעת מצא יוקנס שלשה זהו׳ על ת״ת ושלשה זהו׳ על החברה וא׳ על האדון היוסטיץ יר״ה — — — — — — —

תקנה יט׳

אם יהי׳ לאיזה בעל מלאכה דירה בבית חנוני, ומחמת זה קען עהר מעהר מצוי ורגיל זיין באותה החנות אונ׳ קען מזיק זיין לבעלי מלאכות אחרים על ידי תקנה ז׳ ותקנה ח׳, בעבור זה אשתני דינו אז ער איז נאהר בכלל אלו התקנות בחנות של אחרים. אביר בחנות של בעל הבית שלו. אפי׳ ווען עהר קומין מקודם זענין דיא אנדרי בעלי מלאכה וואש קומין אח״כ מיט איהם שותפים צו דער מלאכה אונ׳ ווען אנדרי קומין מקודם אונ׳ עהר קומט אח״כ האט עהר קיין שום חלק במלאכה. וגם לענין תקנה יא׳ ותקנה יב׳ איז זיין דין אנדרש אז עהר מוז די בעלי מלאכה וועלכי עהר וויל צו נעמין צו דער מלאכה וואש מעהן האט איהם ביחוד גרופין ולא די לו צו נעמין אחד מהם לבד. ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט [על] הת״ת וא׳ ר״ט על האדון יוסטיץ יר״ה.

תקנה כ׳

קיין שום חייט טאהר ניט שיקן לכפר זיין פועל לבד אדר עם פועל אחר מבעה״ב אחר רק הבעה״ב של הפועל מוז בעצמו מיט גיין עם הפועל שלו ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על בהכ״נ וא׳ ר״ט על החברה וב׳ ר״ט על הקאמיר רק ווען דער בעה״ב איז מתחלה בעצמו גוועזין עם הפועל מעג עהר אח״כ דעם פועל אליין לאזין בכפר.

תקנה כא

ווען איין חייט וועט אן נעמין איין לערין יונג ללמדו המלאכה איז דער בעל הבית מחויב צו געבין להחברה ששה זהו׳ פו׳[יליש] איז אביר דער לעהרין יונג ניט מקהלתינו יצו [—יצ״ו] רק מקהלה אחרת או מכפר איז איז דעהר בעה״ב מחויב צו געבין להחברה שנים עשר

זהו׳ פו׳ אונ׳ דאש כתב התקשרות ביניהם איז מחויב גמאכט צו ווערין בידיעת הגבאים דחברה ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על הנ״ת וא׳ ר״ט על החברה וב׳ ר״ט על הקאמיר אין כל זמן דער לעהרין יונג איז ניט מברר אז עהר איז אויש גוועזין זיין משך התקשרות פאר איין לעהרין יונג טאהר איהם קיינר צו נעמין פר קיין פועל בקנס הנ״ל — — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה כב

ווען איזה חייט וועט זיך מתחתן זיין עם חייט אחר טאהר דער חתן קודם החתונה ניט ארבטין פאר זיך. און וועט דער מחותן אודר זיין בעל מלאכה אחר וועט איהם בייא זיך האלטין אויף איין חלק יוקנס א׳ ר״ט קש על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על ת״ת וא׳ ר״ט על החברה וב׳ ר״ט על הקאמיר ואינו נאמן להתנצל אז ער האלט איהם פאר איין פועל רק אם ימלא שבוע״ה על זאת יוקחו [! יקחו] בעליו השבועה ולא ישלם הקנס. ואין צריך לומר זו אז דער חתן וואש ארביט פאר זיך איז חייב קנס הנ״ל: רק אחד עשר הנבחרים בהסכמת כולם יכולים להתיר לאיזה חתן לעשות על חוק כשיהיו לו אמתלאות צודקות. אבל לא לפועל בשום אמתלא:: — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה כג

קיין בעל מלאכה חייט טאהר ניט ארבטין מלאכת חייט עם בעל מלאכה קירזנר בקנס א׳ ר״ט על ת״ת וא׳ ר״ט על החברה וא׳ ר״ט על היוסטיץ יר״ה: — — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה כד

ווען איזה חתן [אויסגעשטראָכן: „או פועל"] וועט ארבטין אצל בעה״ב אחד מאנשי החברה איז עהר מחויב צו געבין להחברה מכל זהוב שיגיע על חלקו חמשה גדו׳ פ׳ ואם יעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על החברה וא׳ ר״ט על היוסטיץ יר״ה [פי׳ (פירוש) תקנה זו שלא יהיו סתירה לתקנה כ״ב אשר שם נאמר שאין החתן רשאי לעשות מלאכה על חלק. שהרי מצוייר שיעשה איזה חתן על חלק ע״פ רשיון אחד עשר הנבחרים. ושני תיבות אלו או פועל שנזכר למעלה והעתקתיו מתקנה הקדומה בעבור שאין לו פירוש כלל שהוא סותר לתקנה כ״ב אעפ״י שהעתקתי אלו התיבות נחמתי אח״ז ומחקתים] אונ׳ איטלכר פועל איז מחויב ליתן להחברה מכל זהוב א׳ גדול פוליש — — — —

תקנה כה

הן נער או חתן טאהר ניט ארבטין מלאכת חייטות פר זיך כדבר האמור בתקנה כ״ב ושם נאמר הקנס אשר יושת עליו ובאנו לפרש כאן שאף אם יהי׳ זה הנער או החתן מפה קהילתינו יצו הדין כך. וגם בכל

שלשה פרסאות הסמוכין איז חל תקנה זו — — — — — — — — — — —

תקנה כו

קיין שום בעל מלאכה טאהר ניט מגנה זיין מלאכה של חברו אודר חלילה מלשין אויף איהם צו זיין בענין המלאכה ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט קש על הנ״ת וא׳ ר״ט קש על החברה וב׳ ר״ט על הקאמיר. וכ״ש ששום בעל מלאכה לא יגנה סחורה של חנוני בחנותו או שיאמר שהסחורה ביוקר וכדומה ולא יוליך הקונה לחנות אחרת אחר שכבר בא לחנותו של זה או שפגע החייט בשוק ואמר לו להוליכו לסוחר זה שלא יוליכנו לסוחר אחר ואם יבורר זה על איזה חייט בעדים או עפ״י הוצאת עצמו אחר הטלת חרם עליו בב״ד יוקנס כאמור בתקנה ז׳ אונ׳ דער וואש עש ווערט מבורר אז ער האט מלשין גוועזין פארלירט ער זיין דין שותפות פון דיא תקנות אז מען בראך איהם ניט צו נעמין פאר קיין שותף:: — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה כז

חלילה לכל בעל מלאכה לשכור פועל רק על שנה או חצי אביר ניט אויף דער וואך. אונ׳ ווען איינעם איין פועל אן שטענדיג איז אונ׳ דער פועל איז ניט מפה קהילתינו טאהר עהר איהם ניט האלטין יותר משתי שנים בקנס א׳ ר״ט על הת״ת וא׳ ר״ט על החברה וא׳ ר״ט על האדון היוסטיץ יר״ה[3].

תקנה כח׳

איין פועל פון דער פרעמד וואש איז שון גוועזין אצל בעל מלאכה מפה טאהר איהם קיין אנדרער בעל מלאכה נישט צו נעמין אם הי׳ כבר שתי שנים אצל הראשון ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על החברה וא׳ ר״ט על האדון היוסטיץ — — — — — — —

תקנה כט׳

איין חייט וואש ווערט זיך ווערלין איין קופין בתוך החברה נאך דער התונה מוז עהר געבין לא פחות משני ר״ט ובאם איזה גבאים או כשרים ווערלין פון איהם נעמין פחות מזה אונ׳ נעמין איין דער חברה אזו יוקנסו א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על הנ״ת וא׳ ר״ט על היוסטיץ. ואין הגבאין לבד רשאין לקבל איזה בעל מלאכה לחברה כ״א [—כי אם] כשיסכימו עכ״פ [—על־כל־פנים] חמשה אנשים מהנבחרים האחד עשר —

תקנה ל

כל אחד מבעלי מלאכה איז מחויב ליתן לקופת החברה מדי חודש בחדשו ששה גדולים פ׳ און דער גבאי חודש איז מחויב בכלות החדש גובה כל זה צו זיין עד פ״א [—פרוטה אחת] ואם יעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הת״ת — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה לא׳

הגבאים ואנשי האסיפה וואש וועלין זיין בשעת הקלפי טאהרן קיין קלפי געבן לאותו בעל מלאכה וואש וועט איין נשאר חייב בלייבין הן רב או מעט. ומי שיעבור על זה יוקנס ב׳ ר״ט על ביהכ״נ — — — — —

תקנה לב׳

חלילה לכל אחד מבעלי מלאכה להעיז ולדבר דברים רעים נגד הגבאים או הנבחרי׳ בעסקי החברה בקנס על ת״ת א׳ ר״ט וא׳ ר״ט על החברה

תקנה לג׳

הגבאים זענין מחויב תוקף צו געבין דעם שמש וואש גייט גובה זיין איין גבי׳ עש זאהל איהם קיינר ניט מזלזל זיין, והמזלזל והשמש יוקנס בקנס עצום מהגבאים

תקנה לד׳

ווען דער שמש פון דער חברה וועט איינעם פון דער חברה אן זאגין בשבת או בע״ש [—בערב־שבת] אין עליות התורה אונ׳ עהר וועט ניט גיין יוקנס שלשה זהו׳ על נ״ת ושלשה זהו׳ על ת״ת. אם לא עהר וועט זיין איין חיוב בבית הכנסת ואזי יופטר מהקנס ואין לו רשות לכבד לאחר רק לאביו או לבנו שיעלה הוא לתורה בין החייטים. עוד זאת קבלו עליהם כל בעלי המלאכה החייטים באלה ובש״ח [ובשבועה חמורה] שלא יעכבו ע״י שום תחבולה ואלמות בעולם על הצבור ביום שמיני עצרת בערב שמחת התורה מלהתפלל ערבית קודם בואם לביהכ״נ אך מחויבים לזרז עצמם שלא יתעכב הצבור בביהכ״נ ח״ו מחמתם ואם יהיו זריזים יושכרו [?] להתפלל עם הצבור ואם לאו יכולים הצבור להתפלל גם קודם בואם — — — — — — — — — — — — — — — —

תקנה לה׳

ווען שנים או שלשה בעלי מלאכה וועלין שותפת [! שותפות] מאכין לזמן, אונ׳ דיא שנים או שלשה וועלין קומין לחנות זענין זיא גרעכנט רק בעל מלאכה אחד נגד שאר בעלי מלאכה כדי עש זאהל קיין קנוני׳ ניט זיין ביניהם איינער דעם אנדרין מודיע צו זיין ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על היוסטיץ ירה און דער כלל פון א שותפת וואש מען איינם צו נעמנין זאל איז אז דער צו גנומנר זאל עכ״פ ראוי זיין לתפירה אותה המלאכה אולם ווען שלשה בעלי מלאכה פון דיא מפורסמים לבעלי מלאכה וועלין מעיד זיין שאינו ראוי אפי׳ לתפירת מלאכה זו בראך מעהן איהם ניט צו נעמין — — — — — —

תקנה לו

**איין בעה״ב מיט איין פועל וואש וועלין האב(ן) התקשרות ביניהם.**

אין דער פועל וועט חוזר זיין ויתן אמתלא שיש לו דוחק אצל בעה"ב או דער בעה"ב איז עושה מריבה עמו בחנם אונ׳ עש וועט זיין איין ממש בדברי הפועל. וועט דיא חזרה זיין בקיץ מוז איהם דער בעה"ב בצאהלין בעד כל הקיץ בעד כל שבוע ושבוע כפי החשבון של כל השכירות. וועט דיא חזרה זיין בחורף זאהל ער איהם בצאהלין בעד כל שבוע לפי ערך שני חלקי שכירות. אונ׳ דער פועל מאג זיין אצל בעל מלאכה אחר. [וכל זה אם יעבור הבעה"ב והתנהג עם הפועל כמנהגו הראשון אחר ההתראה עפ"י ב"ד] אונ׳ ווען דער בעה"ב וועט חוזר זיין ויתן אמתלא אז דער פועל איז ניט עוסק במלאכתו באמונה או כדומה מהאמתלאות והי׳ ממש בדבריו אזי זאהל איהם דער בעה"ב בצאהלין בעד כל שבוע לפי ערך חשבון הקיץ שליש השכירות והחורף חצי השכירות אונ׳ דער פועל טאהר ניט זיין אצל בעל מלאכה אחר פה קהילתינו כל ימי משך זמן התקשרות הראשון [וגם זה דווקא אחר ההתראה כנ"ל]ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר"ט על הבהמ"ד וא׳ ר"ט על החברה

תקנה לז

בכלות משך השנה זענין די גבאים המסתלקים מחויב מוסר צו זיין דעם פנקס צו דיא גבאים או כשרים החדשים אונ׳ זענין מחויב צו ווייזין לפני הב"ד אז זיא האבין ניט מוסיף או גורע גוועזין אין דיא תקנות ח"ו מדעתם ואם יעברו על זה יוקנסו ב׳ ר"ט על ביהכ"נ וא׳ ר"ט על הבהמ"ד וא׳ ר"ט על האדון יוסטיץ

תקנה לח

ווען בעל מלאכה א׳ או ב׳ וג׳ שיהיו בייא דעם אב שניד פון דער סחורה ויקחו אצלם משי או חוטים או קרסים או פאטשעבוס ויעכבו אצלם יותר מג׳ ימים בלי אונס מאג אחר שלשה ימים איין אנדרר שניידר דיא מלאכה אן נעמין בלי מוחה.

תקנה לט

חלילה לבעל מלאכה צו ארבטין טאנדעט לחנות אלא מכנסים בלבד וגם מזה מחויב ליתן שלשה גדולים פויליש להחברה מכל זוג מכנסים בקנס א׳ ר"ט על הבהמ"ד וא׳ ר"ט על החברה וא׳ ר"ט על האדון היוסטיץ ירה"ה

תקנה מ

חלילה לשום גבאי חודש להחזיק הבוך של החבורה חייטים אצלו יותר מחדש בחדשו של אותו גבאי חודש ובכלות החודש איז עהר מחויב דאש בוך מוסר צו זיין לגבאי הבא אחריו בקנס א׳ ר"ט על הבה"מ וא׳ ר"ט על החברה

תקנה מא

**א** די כשרים וואש וועלין ארויש קומין אין דער חברה אין רשאין

לעכב יותר משני שבועות לעשות גבאים בקנס שלשה ר״ט על ביהכ״נ הקדושה: ב ומי שיעלה עליו גורל הקלפי שיהי׳ כשר או הגבאי אשר יבררוהו הכשרים ולא יקבל להיות יוקנס כזה: ג הנאמן מחויב ליתן על עצמו שטר אחריות על מעות החברה שיגיע לידו בכל משך השנה. ואינו רשאי ליתן עפ״י הגבאים מעות לצורך איזה הוצאה יותר משני זהו׳ בחודש אם לא שיסכימו גם חמשה אנשים מאחד עשר הנבחרים שנבחרו בהסכמת רוב אנשי חברה וכתב הבחירה נעתק בפנקס זה: ד כל גבאי שעברה שנתו מחויב לחשוב חשבון כולל עם הנאמן תוך משך ארבעה שבועות משנה שאחרי׳ והנאמן יזכה לו בחתימת ידו על ברור החשבון ואם יעכב יותר מארבעה שבועות בלי אונס ברור לא יקובל חשבונו כ״א בהסכמת רוב אנשים מאחד עשר הנבחרים: ה כל חייט אשר יקרא אל הגבאים או הכשרים בעסקי החברה ולא ירצה לבא לפניהם יוקנס א׳ ר״ט על הבהמ״ד וא׳ ר״ט על ת״ת: ו כל שלשה הגבאים וגם הנאמן מחויבים לצאת ממקומם לבא למקום שיקראו אנשי החברה בס״ת בשבת, ומי שיעבור על זה יוקנס א׳ ר״ט על הנ״ת וא׳ ר״ט על ת״ת ז וזאת אשר הוסיפו ותקנו ביניהם ביום ג׳ כג׳ אייר תקנו [1796] לפ״ק בבית הרב המגיד מו״ה נחמן נ״י וחתמו עליו רוב בנין שנים וארבעים איש מהחבורה נקובי ראשית. כל בעל מלאכה אשר יקנה בגדים טאנדעט הן פה קהילתינו יצו הן בכפרים או במקומות אחרים ומוכרם פה קהילתינו יצו או במקומות אחרים אחר שהביאם פה מחויב תיכף ליתן להחברה מכל בגד שני גדולים פויליש. והקונה ממנו אחר שסילק הוא אותן השני גדולים יתן להחברה גדול א׳ פויליש כשימכור הבגד: ומי שיעשה מלאכת טאנדעט מחדש הן לעצמו ומכור לאחרים הן שיעשה אצל אחר מלאכת טאנדעט מחויב הבעל מלאכה ליתן מכל בגד גדול או קטן שלשה גדולים פויליש, לכן באותן שני גדולים פויליש מבגד טאנדעט ישן הנזכר למעלה אין חלוק בין בגד גדול או קטן. ואם איזה גבאי יעלים עיניו מלגבות כנ״ל או אם יעלים עיניו מלגבות הסכום שנתחייבו הבעלי מלאכה ליתן בכל חדש מחויב להשלים מכיסו ומלבד זה ההפסד שיפסוד מכיסו יהי׳ לו העברה מהתמנות משך ארבעה שנים ואותן השנים וארבעים חתומים הנ״ל קבלו עליהם קודם חתום שטר הנ״ל שאם יחזור בו א׳ מהם ויסרב מלסלק כפי התקון הנ״ל מחייב בחיוב גמור ליתן קנס עשרה ר״ט על החברה ועשרה ר״ט על הקהל ועשרה ר״ט על הקאמיר של מלך יר״ה. וכל המעות שיבא לידי גובינא יהי׳ מונח אצל הנאמן. ואין הגבאין אפי׳ שלשתן ביחד בצרוף הנאמן יכולין להוציא אפי׳ חוב קווארטאלני ושכר קורא ושמש כ״א בצרוף רוב אנשי החברה ע״כ. וכעת בחרו אחד עשר אנשים כפי הכתב שיועתק בפנקס זה שתהא כח בידם ככח כל האסיפה

של החבורה ביחד. לכן תהא מעתה דעת הנבחרים לענין הוצאת מעות החבורה ככח כל אנשי חברה כמבואר למעלה באות ג׳.

## אָפּמאַך צווישן די אנשי החבורה און דער ניי־אויסגע־ווילטער פאַרוואַלטונג אין יאָר 1798, וועלכער שטעלט פעסט די חובות און קאָמפּעטענץ פון די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער

העתק תורף כתב התקשרות שנעשה ביום א׳ ד׳ שבט תקנ״ח לפ״ק בין האלופים אנשי החבורה דחייטים והנבחרים.

הן רבים עתה דעות שונות בחבורה כמספר אנשי החבורה מספרם כמשפטם איש הישר בעיניו ולפעמים נופלים עסקים גדולים בענין החבורה לעמוד על נפשם נגד אנשי רבם [ריבם] בד״י [—בדיני ישראל] או בדא״ה [—בדיני אומות־העולם] ולהטות ימין ושמאל בעניני התקנות כעת לפי התחלפות הזמנים והנושאים וראינו כי לא טוב היות דעות רבות בעסקים. לזאת הסכמנו על אחד עשר אנשים מיוחדים מאנשי החבורה (שיתבארו למטה) לצאת ולבא בכל העסקים ותהא ידם כידינו וכל עשייתם כאלו עשינו בעצמנו והרשות בידם להוציא הוצאות לטובת החבורה בכל העסקים ולעמוד לפני שרי הקאמיר יר״ה והמאגיסטראט ולעמוד נגד יעלי ריב בד״י [—בדיני ישראל] או בדא״ה [—בדיני אומות־העולם] ואפי׳ [ואפילו] שיעשו חמשה או ארבעה מהנבחרים הנ״ל תהא עשייתם כעשייתינו ואנחנו החתומים מחויבים להחזיר להם הוצאותיהם איש לפי חלקו כאשר יושת על כל אנשי החבורה לפי מספרם וגם הנבחרים בכללם לסייע להוצאות איש כפי חלקו והנבחרים התחייבו א״ע [—את־עצמם] בשעבוד גופם להשתדל בכל יכלתם לטובת אנשי החבורה בדברים הנוגעים למלאכתם ובכל העסקים הנ״ל ושיראו שיהי׳ דו״ה אנשים מהם מוכנים תמיד לעסוק בעסקיהם של אנשי החבורה ואם יהי׳ אחד מאלה דו״ה אנשים טרוד בעסקי עצמו מחויב להעמיד איש אחר במקומו באופן שלא יסובב התרשלות ואחור בעסקי החבורה בשום זמן ועידן עוד קבלו הנבחרים על עצמם באלה ובש״ח שלא לחזור בהם בשום זמן מהתמנות הנ״ל אם לא בהסכמת כל בני החבורה. ובנידון המשפט שהי׳ להחייטים אלמב״ע [—אשר לא מבני עמנו?] נגדינו הרשות ביד הנבחרים לכנוס עמהם אפי׳ בפשרה שלא יהי׳ גמר בדבר בדא״ה ולא יאבדו הנבחרים אפי׳ פ״א [—פרוטה אחת] מהוצאות שיוציאו על בני החבורה בשום טענה בעולם. ונעשה הכל בח״ח ובשד״א [—בחרם חמור ובשבועה דאורייתא] ובנפשות חפיצות בבטול ובפסול כל מיני עידי מודעא ומדמ״מ עד סופן כדרך שמבטלין בג״נ; ע״כ תורף הכתב

ואלו הן האחד עשר הנבחרים הנה״ל שנבחרו מאנשי החבורה לעמוד על משמרת משאם בעסקי החבורה

המרומם הנעלה ה׳ חיים ב״ה מאיר
המרומם הנעלה ה׳ משה בן רב שמואל
המרומם הנעלה ה׳ צבי ב״ה ישראל
המרומם הנעלה ה׳ אבא בר״י
המרומם הנעלה ה׳ יונה בר״ז
המרומם הנעלה ה׳ נחמי׳ בר״ז
המרומם הנעלה ה׳ זיינוויל בר׳
המרומם הנעלה ה׳ יוסף בר״י
המרומם הנעלה ה׳ שמואל לבר״ד
המרומם הנעלה ה׳ גומפל סג״ל
המרומם הנעלה ה׳ אלי׳ בר״ב ר״ץ

## הסכמה פון קהל מיטן רב בראש אויף די 41 תקנות (י׳ 1798)

אלו האחד וארבעים תקנות שהסכימו ביניהם בעלי האומנות החייטים דפה קהילתינו ק״ק פלאצק יע״א מצאנו ראינו תבנית ידו של אדם חשוב חתום עליהם ה״ה הרב הגאון מו״ה שמואל ז״ל שהי׳ אב״ד פה. ועוד שאר רבנים ואלופים רוזנים ומנהיגי הקהילה אשר היו בימים ההם רום יד ייהו נשאו ועלו בהסכמה עליהם. ומאז לא הוסיפו עליהם חדשים כ״א [—כי אם] מעט מזעיר עשוים באמת וישר אחרי פקוח עיני השכל ועשיתם מוסבות אל מול פני היושר לתקן ולא לעוות אדם בריבו. וגם שעבדו עצמם ומסרו שטר תקנותיהם לב״ד ושלא לעשות מעשה תקפם בשום זמן מתנגד לד״ת מ״י לפי הנושאים והענין לזאת אף ידינו הבב״ד והאלופים רוזנים מנהיגי הקהל תיכון עמהם היו׳ יו׳ [—היום יום] ז׳ אדר תקנ״ח לפ״ק

## דער אינדעקס פון די 41 תקנות

מפתח למצא דברי חפץ ופתח השער לדופקי בתקנות

אות — ב — ביחוד ווען מען וועט רופין איין בעל מלאכה...
דף — יד, טו, יט. סימן — יוד, יא, טו.
אות — ג — גבאים וכשרים ווא עס זאל זיין איר התנהגות
דף — מא, מד. סימן — לד, מ׳.

אות — ד — דירה בבית חנוני ווען איינער האט — דף — כג. סימן — יט׳
אות — ה — הולכה לסוחר אחר — — — — — — דף — ז. סימן — כו׳
אות — ז — זלזול ודברים רעים נגד גבאים וכשרים זלזול השמש ווען ער גייט גובה זיין — — — — — דף — לו, לז. סימן — לב, לג
אות — ח — חתן קודם החתונה או פועל מהו דינם — — — — דף — כו. סימן — כב, כח׳ כד׳
אות — ״ — חזרה ווען איין בעה״ב ופועל זענין חוזר — דף — מ׳ סימן — לו׳
אות — ט — טאנדעט ווען איינער ארביט אודר ברענגט — — — — — — דף — מג, מה. סימן — לט, מא
אות — כ — כפר דיא תקנות פון איין כפר הסמוך — דף — כא סימן — יז
אות — ל — לערין יונג זיינע תקנות — — — — — דף — כה סימן — כא
אות — מ — מילי דשמיא איז צו פינדן — — — — — — דף — ה, י, לח. סימן — א, ב, לד
אות — ״ — מלשין ומגנה מלאכת חבירו איז צו פינדן דף — ז. סימן — כו
אות — נ — נשאר חייב ווען איינער בלייבט — — דף — לה סימן — לא
אות — ״ — ניט איין גקופטי זעהרי תקנות — — — דף — ז סימן — ג
אות — ״ — נתינות וואש קומין להחברה דף ל״ד סי״ו דף — ח סימן — ד
אות — ״ — נאמנים ונבחרים זעהרי תקנות דף מה סי׳ מא ודף מ״ט — — דף — יוד סימן — ו
אות — ס — סוחר וואש שיקט נאך איין בעל מלאכה סטעמפווין וצייכנין שנעשה בבגד — — — — — - דף — ב, כב. סימן — טז, יח
אות — ע — עכוב ווען איינער איז מעכב שלשה ימים — — — — — — דף — מב סימן — לח
אות — ״ — עלי׳ לתורה ווען מעהן זאגט איינעם אן — — — — — — דף — לח, ח סימן — לד, ד
אות — פ — פועל ולעהרין יונג — — — דף — ט, י, כד סימן — ה, ו, כ
אות — ״ — פועל מיט זייני אנדרי תקנות — דף — לא, לב סימן — כד, כח
אות — ק — קלפי וואו עש זאל גגעבין ווערין אבר ניט — — — — — — דף — לה, מה סימן — לא, מא
אות — ״ — קני׳ וואש מעהן קופט זיך איין בחברה — דף — לג סימן — כט
אות — ״ — קירזנר זאהל איהם קיין חייט צו נעמין — דף — כז סימן — כג
אות — ר — רחוב העיר ווען איין קונה טרעפט אן בעלי מלאכה — — — דף — יח, יט סימן — יד, טו
אות — ש — שותפת ווען איינער איז מחויב אנדרי צו נעמין אביר ניט — — דף — יא, יב, יג, טו, טז, יז, יח, כג, לט. — — — — — — —
סימן — ז, ח, ט, יא, יב, יג, יד, יס, לה.

## 32 מיטגלידער פון דער חברה זיינען זיך מתחייב אָפּצוהיטן די 41 תקנות (י' 1798)

אנחנו ח"מ [—חתומים מטה] קבלנו לאשר ולקיים בח"ח [—בחרם חמור] ובפ"מ [—ובפה מלא] את כל תוקף התקנות והנהגות הישרות שנעשו ויצאו מפ"ה הקדושים אשר בארץ המה ה"ה הרבנים הגאונים ראשי ב"ד הקדמונים דפקהילתינו [!] ועל ידם מלאו דבריהם ה"ה הרב האי גאון הגדול אב"ד מקהילתינו ובד"צ [—ובית־דין־צדק] שלו וגם ב'[!]בהסכמת האלופים ראשי רוזני ומנהיגי הקהילה קהל עדת ישורון אשר על פיהם יבוא ויצא כל דבר אמת וענות צדק הנה על כל הנ"ל הסכמנו גם אנחנו הח"מ על פי ד"ת ודין הכתוב בספר הפנקס הזה להתנהג בכל התקנות הנרשמים בפנקס הזה בכל תוקף ועוז וכל מי שיסרב ויתנגד נגד התקנות הנל אזי יוקנס בקנס עצום כמבואר בפנקס הזה אפילו עם יעבור על דבר זה שכפלים יוקנס כעל דבר חמור שבחמורה כל הנ"ל קבלנו ע"ע [—על עצמנו] והסכמנו כולנו פה אחד בכל יתר תוקף ועוז ולראי' מהמנא בעה"ח [—באנו על החתום] בחתימת ידינו ממש הי' יו' א' ששה ועשרים חדש סיון תקנחית לפ"ק פה ק"ק פלאצק.

## ס'זוערן אַנולירט די וואַלן פון 3 רואי חשבונות, מחמת ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען קרובים (י' 1801)

היות שנתמנו על פי הכשרים דחברה חייטים דהאי שתא ת'קס'א לפק גבאים ונאמנים ורואי חשבונים כמו שנרשמים מעבר לדף אך מחמת שנתכשר שיש ביניהם פסולי קורבא ע"כ ערערו כמעט ריב בני החברה על עשייתם הפסולו [!] וע"כ עלה בהסכמתם לעשות מחדש קלפי על שלשה רואי חשבונות אחרים כדי שיהיו כל התשעה אנשים הממונים על ההתמנות כולם כשירם וכך נעשה היום יום כ"ג לחודש סיוון שנת [?] על פי במעמד אנשי החכמה ונעשה באמת וביושר ואלו הן האנשים אשר עלו הי' על פי הקלפי להיות רואי חשבונות הראשון הנעלה כמר מרדכי בן כמר פייוויל ר"ח א' השני הנעשה כמר גמפיל השלישי הנעשה כמר טעוויל חייט

## די גבאים נעמען אויף אַ נייעם מיטגליד (י' 1814)

היום יום ה' יום ד' בחודש טבת שנת תקעד לפק קבלנו אנחנו הגבאים הח"מ את החתן משה זלמן בהרר אקבא' [!עקיבא] על האופנים באצי ואור [?] קודם הנשואין איין לו רשות לעסוק במלאכת החייטין בפני עצמו רק אם אייזה שותף מהחברה שלנו ואחר הנשואין הוא, כאחד מיבנה [!מבני] החברה וכל מי לו בלי שום פוצה פה אב מחויב הוא

לצידת את החברה משך שני שנים הן קודם הנשואין והן לאחר הנשואין בכל מלי כפי התקנה וא"י יעכוב על התקנה קלה כמות שהוא ותקנות הנזכרים בפנקס זה יאבד זכות החברה כאילו לא הי' ניקנה בחברה מעלום [!] ועל זה באנו על החתום היום יום הנ"ל פה קק פלאצק

## התחייבותן פון די ניי אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער, אין י' 1806, געשריבן בלשון „דייטש"

מיט איינשטימונג אונזרער אונד פילער אונזרער חברה איבערגעבין וויר אללע געוואלט אן דען נונמעהריגען גדאכט אלס ה"ה נחמו דהרר זאב, הרר אלי' בהרר דוב בער כון, הרר אברהם בהרר יעקב קאפיל, דאס דיא קראפט האבין זאללען פיר דאס בעסטע אונזרער צונפט צו זארגין. אונד נימאנד פאן אונס זאלל אים שטאנדע זיין געדאכטע פארגעזעצטע איינוועדונג ווידער איהרע ראטהשלעגע צו מאכין פיל מעהר זאללען זיא וויא וויר דאס דאטא אללעס פאררעכנט לויט איינפיהרונג דעס בוכס האבין נאך איהר וואהל געפאללען צו האנדעלן אונד צו טהון. דאך אבר זינד ערוועהנטע פארגעזעטצטע שולדיג אונד פערבונדען פיר דאס וואהל אונזרער גאנסען צונפט צו זארגען, דא דאס אללער צופרידענ־הייט בעפערדערט ווירד. אום אבר דאס פארגעזעטצטע ניכט אלליין נאך איהרען וויללען האנדעלן זאללען דא האבין וויר נאך דרייא רעכנונגס אבנעהמער בעשטימט אלס ה"ה טעדלה בה דוד, הרר נחמי' זאב יצחק אייזיק, הה שמואל בר' דוד, דאס ערשטער אהני לעצטרע קיינע זאכע פארנעהמען דארפין אונ זאללען, פילמעהר מיססען זיא לעטצטע דרייא יעדע צייט צו ראטה ציהען, צור זיכרונג אונד פעסט האלטונג דיזעס אונטרשרייבען וויר אונס אייגענהענדיג אונד זאגין נאכמאלס דאס געדאכטע פארגעזעצטע פאן אונס געווהלטע אונד פאן אונזרע גאנסע צונפט דאפיר גענעהמיגט אונד געאכטעט ווערדין זאללען, אונד דאס דיא אללע אזנדרע ביס העריגע געוואלט האבען פה פלאצק יום ג יוד סיון תקסוו.

## אויפנעם פון אַ נייעם מיטגליד דורך די גבאים, אין י' 1806, אויך בלשון „דייטש"

לאז אונטער הייטיגען דאטטא האבען וויר גבאים מחברה חייטין ה"ה החתן יצחק איצק בה יהודא ליב זל אונטער אונזרע חברה גענאממען אונד דאס ער דא גוט אלס איינער פאן אונס דיא מלאכה טרייבין קאן, דאך אבער דארף דער געדאכטע יצחק איצק דיא מלאכה קודים חתונה ניט טרייבין אויסגענומען וועך ער מיט איינעם פאן אונזרער חברה חתונה האבין זאלל, זאלטע ער אבר קום חתונה אלליין ארבייטען פערליהרט ער אלל זיין גערעכטיגקייט דער חברה אונד זאל קיין אנשפרוך אויף איהרער

איינווילליגונג מאכען, פערנער מוס דער יציק צווייא נאך איינאנדער פאל־
גענדע יאהרע נאך דער חתונה דיא חברה בעדינען אונד אללעס אהנע
אנוועגדונג טהון וואס זיא פאן איהם פארדערן אונד אין אללע שטיקען
געהארזאם זיא דא באלד דער יצחק אללעס דיזעס נאך פאלגען ווירד קאן
ער אלס מיט געלד אונזרער חברה אנגעזעהן ווערדען דאס בעקרעפטיגען
וויר דורך אונזרע אונטערשריפט. פלאצק יום ה׳ יג סיון תקסו

## דריי העברעאישע דערציער

א) א. י. פאפיערנא

אברהם יעקב פאפיערנא, דער באַקאַנטער העברעאישער שרייבער, קריטיקער און השכלה קעמפער און גלייכצייטיק אָנהענגער פון רוסיפיקאַציע ביי יידן, האָט 40 יאָר געלעבט אין פלאָצק. געקומען איז ער קיין פלאצק אַלס יונגער מענש אין עלטער פון 30 יאָר, און געווען די אַלע יאָרן, לערער פון יידישער רעליגיע אין פלאצקער גימנאַזיעס, ווו ס׳האָבן אויך געלערנט יידישע שילער. דער פעריאָד זיינער אין פלאצק, האָט זיכער איבערגעלאָזן שפורן אין דער דערציונג פון די יידישע גימנאַזיע־שילער, און אין אַנדערע יידישע דערציונגס־אַנשטאַלטן אין שטאָט. ער איז פאַר אַ צייט אויך געווען לייטער פון דער אָרטיקער תלמוד־תורה.

פאפיערנא האָט אויך אָנגעפירט אין פלאצק מיט אַ רעגירונגס־שולע פאַר יידישע קינדער, ווו די אומגאַנגס־שפּראַך איז געווען רוסיש.

דער רוסישער שול־אינספעקטאָר, אונטער וועמענס אויפזיכט עס זענען געווען אויך יידישע חדרים, האָט באַשטימט פאפיערנאן ווי אַנ׳־אויפזעער איבער יידישע חדרים אין פלאצק. פון צייט צו צייט, האָט ער צוגעשטעלט באַריכטן צום אינספעקטאָר איבער דער לאַגע פון פלאָצקער חדרים. זייענדיק גוט באַקאַנט מיט׳ן חדרים־וועזן, האָט ער פאַרעפענטלעכט אַ בוך אין רוסיש וועגן די חדרים אין פלאצק.

פאפיערנא איז געווען ניט נאָר אַ פּאַטריאָט פון דער רוסישער שפּראַך, ווי עס ווייזט דער כאַראַקטעריסטישער פאַל: ווי אַנ׳אויפזעער איבער די חדרים, איז ער איינמאָל געקומען צום גמרא־מלמד דוד קאשיקעוויטש אין חדר אריין, זעט ער דאָס בילד פון צאַר הענגען אויף דער וואַנט אין אַ שלימזל׳דיקער פּאָזיציע. דאָס האָט אים אַרויסגעבראַכט פון די כלים. נאָכן אויפהענגען עס ריכטיק, האָט ער געגעבן אַ פסק דעם חדר־מלמד, פאַר פאַרנאַכלעסיקן אַזאַ זאַך.

ער האָט אויך געהאַט אויפזיכט איבער דער תלמוד־תורה, וועלכע האָט ענדע לעצטן יאָרהונדערט, געהאַט דריי מלמדים און איין לערער. דער לערער איז דאַן געווען רובאַק.

אין דער באַציונג צו זיינע שילער, איז ער געווען אַ טאָלעראַנטער און פריינטלעכער, ווייט פון „דערציונגס־מעטאָדן" פון מלמדים אין דעמאָלס־טיקע חדרים.

מ'האָט דערציילט, אַז פרומע יידן זענען געווען ברוגז אויף אים, ווייל ער שפילט שאַך אין שבת. דערצו נאָך, שלעפּט ער אַריין אין דעם שפּיל „אָפּגעהיטענע" יידן.

פאפיערנאן האָט מען געזעען יעדן שבת און יום־טוב אין שוהל, ער האָט ס'רוב געדאַווענט אין מנין ביים יידישן שפּיטאָל. ער איז בכלל געווען רעספּעקטירט פון יעדן.

פאפיערנא האָט אָנגעשריבן זכרונות, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אנערקענונג אַלס איינע פון די בעסטע ווערק אין דער יידישער מעמואַרן־ליטעראַטור. זיי ברענגען וויכטיקן מאַטעריאַל פאַר דער קולטור־געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד פון פאַריקן יאָרהונדערט. (איבערזעצט פון פּועה ראַקאָווסקא אין יידיש). די דאָזיקע מעמואַרן זיינע, ציען זיך ביז דער צייט וואָס ער האָט פאַרלאָזן זיין שטעטל קאפוליע אין דער מינסקער גובערניע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. זכרונות פון זיין שטעטל געפינען מיר אויך אין יובל־בוך לכבוד דעם 25 יעריקן ליטעראַרישן שאַפן פון נחום סאָקאָלאָוו (1904), א. נ. „כאפיקים בנגב". פון דעם פעריאָד זיינעם אין פלאצק, — פון 1870 ביז 1910 — זענען קיין זכרונות נישט געבליבן. זיי וואָלטן געווען פון גרויס וויכטיקייט. מיר ווייסן, אַז ער איז געווען אַקטיוו אין אָרטיקן קולטורעלן לעבן, און האָט מיטגעאַרבעט אין דער ביבליאָטעק, אָפּט אויך געהאַלטן רעפעראַטן.

פאפיערנא האָט געלערנט אין דער ראַבינער־שולע און געענדיקט די שולע אין 1865. אַ פּאָר יאָר איז ער געווען לערער אין דער יידישער שולע אין שטעטל זאקראטשים נעבן פלאָצק, פון יאָר 1870 איז ער געווען לערער אין פלאצק. פון פלאצק אַרויס, איז זיין פרוכטבאַרע ליטעראַרישע אַרבעט צעשיקט געוואָרן אין דער העברעאישער און רוסיש־יידישער פרעסע איבער רוסלאַנד. ער האָט געשריבן אַרטיקלען, היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, ליטעראַטור־קריטיק, און אָנגעשריבן לער־ביכער פאַר לערנען די רוסישע שפּראַך. זיין ערשטע פּאָעמע „אמת ואמונה", איז דערשינען אין „הכרמל" אין 1863. פון זיינע בעלעטריסטישע זאַכן איז וויכטיק דער „משלי־הזמן" (1893), פון זיינע פאָרשונגס־אַרבעט איז די וויכטיקסטע אַרבעט וועגן חדרים אין פוילן, וועלכע איז דערשינען אין פלאצק אין רוסיש (1884). פון זיינע קריטישע אַרטיקלען, האָט אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט ביי די משכילים זיין „קנקן חדש מלא ישן" (הכרמל 1867).

זיינע העברעאיש־רוסישע לערן־ביכער, זענען שטאַרק פאַרשפרייט געוואָרן און דערשינען אין מער אויפלאַגעס. אין „וואַרשאַווסקי דניעווניק״, האָט פאפיערנא געדרוקט אַרטיקלען „וועגן דער יידן־פראַגע אין דעם ווייסל־קאנט״. פּאָליטיש, איז ער געווען אַ קעגנער פון פוילנס זעלבסטשטענדיקייט, און געהאַלטן, אַז יידן דאַרפן זיך אָריענטירן אויף דער „מעכטיקער רוסישער נאַציע״.

די פוילישע משכילים, זענען געווען אַנטוישט פון זיין רוסיפיקאַציע־טעטיקייט. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר פוילישע יידן און געווען קעגן איינפלוס פון דער רוסישער קולטור. פאפיערנא האָט געהאַלטן, אַז פוילן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער הינטערשטעליקייט פון די פוילישע יידן לגבי זייערע ברידער אין מערב, וועלכע האָבן געמאַכט שריט פאָרויס אין וויסן און בילדונג. חסידיזם, האָט ער באַטראַכט פאַר אַן אָפּגעשטאַנענע באַוועגונג ביי יידן, וועלכע האָט נאָר געקענט אַנטשטיין אין די באַדינגונגען פון פוילן.

פאפיערנא איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון פאַרשפרייטן קולטור אין דער יידישער שפּראַך, וועלכע ער האָט באַטראַכט ווי אַ „זשאַרגאָן״. נח פרילוצקי אין זיין בוך „באַרג אַרויף״ (1917), דערציילט, אַז פאפיערנא האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין אָנוועזנהייט, אַז 35 יאָר שוין, ווי ער רעדט נישט קיין „זשאַרגאָן״, — אָבער זיין זון, אַ דאָקטאָר אין פעטערבורג, איז געווען דערפאַר אַ פלאַמיקער פריינט פון יידישן וואָרט און אַ טעטיקער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט פאַר יידישער פאָלקס־מוזיק.

פאפיערנא, ווי די משכילים פון זיין צייט, האָבן טיף געגלויבט אין זייער אויפגאַבע פון פאַרשפרייטן השכלה, וועלכע האָט אָפט געפירט אויפן וועג פון אַסימילאַציע. זיי האָבן אָבער נישט נעגירט די יידישע ווערטן פון עבר. פאַלש איז געווען זייער אויפפאַסונג בנוגע דער שפּראַך פון די יידישע מאַסן — יידיש. די צוקונפט האָט געוויזן ווי פאַלש זייער צוגאַנג איז געווען און ווי געזונט און נאַטירלעך דער פאָלקס־אינסטינקט איז געווען.

די העברעאישע ליטעראַטור־קריטיק, האָט זיך איינגעבירגערט פרי אין דער ליטעראַטור. די ליטעראַטור־קריטיק האָט זיך פאַרמאָסטן פאַרנעמען אַ חשובן אָרט אין העברעאישן שאַפן. די קריטיק האָט אויך געהאַט אירע פעריאָדן פון אויפשטייג און ירידה.

פאפיערנא, צוזאַמען מיט אורי צבי קאַוונער, זענען געווען פון די ערשטע און וויכטיקסטע העברעאישע ליטעראַטור־קריטיקער. זיי האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין אָנהויב פעריאָד פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

קאָונער איז שפּעטער אַוועק פון דער העברעאישער ליטעראַטור. געבליבן איז פּאפּיערנא אַליין. אויף אַ באַשיידענעם אופן, פון פּלאָצק אַרויס, האָט ער רעאַגירט אויף דערשיינונגען אין דער העברעאישער ליטעראַטור. ער איז געווען ווייט פון יעדע רעקלאַמע און פּוסטן טומל. אין זיין קריטיק איז ער געווען געלאַסן און אַנאַליטיש.

די לעצטע ליטעראַרישע אַרבעט פּאפּיערנאס איז פאַרעפנטלעכט אין „פּנקס פאַר ליטעראַטור, געשיכטע, פילאָלאָגיע און עקאָנאָמיק" (ווילנע תרפ"ג). עס זענען דעראינערונגען וועגן פאָטער פון יידישן טעאַטער אברהם גאָלדפאדען. ער ברענגט דאָרט ווערטפולע זכרונות וועגן גאָלדפאַדענען און וועגן באַוווסטע שרייבער פון יענעם פּעריאָד, ווי: גאָטלאָבער, מיכל גאָרדאָן, י. ל. גאָרדאָן, מענדעלע און אַנדערע און זייער באַציונג צו דער יידישער שפּראַך. ער אונטערשטרייכט גאָטלאָבערס גרויסן פאַרדינסט וואָס ער האָט געגעבן דער העברעאישער ליטעראַטור 2 וויכטיקע תלמידים, מענדעלע און גאָלדפאדען, וואָס איינער איז שפּעטער געוואָרן דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור, און דער צווייטער, דער פאָטער פון יידישן טעאַטער.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, זעען מיר פּאפּיערנאס גינסטיקע באַציונג צו יידיש. די צייט, האָט אים ווי אַנדערע, געפירט צו אַ נייע אָריענטאַציע וועגן צוקונפט פון יידישן קולטור לעבן.

ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזט פּלאָצק אין יאָר 1915, איז פּאפּיערנא אויך אַוועק פון פּלאָצק. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס, וווּ ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1918.

ב) אהרן כהנשטם

אהרן בן משה כהנשטם איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק אין יאָר 1859.

זיין פאָטער האָט געהאַט פּרנסה פון אַ גאַלאַנטעריע געשעפט. ער איז געווען אַ זער פרומער, אָבער נישט קיין פאַנאַטישער מענש. זיין זיידע האָט מחבר געווען אַ לערן־בוך פאַר מאַטעמאַטיק אין דער יידישער שפּראַך.

ווען ער איז אַלט געוואָרן 15 יאָר, זענען זיינע עלטערן אַוועק וווינען אין אַ דאָרף נעבן פּלאָצק. דאָרט האָט זיין פאָטער איינגעאָרדנט אַ קליינע פאַבריק. זיינע עלטערן, זאָרגנדיק וועגן אהרן'ס צוקונפט, האָבן זיי אים געשיקט קיין פּלאָצק לערנען. ער האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן ביי זיינעם אַ פעטער וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט פון ביכער און שרייב־מכשירים. אין דעם געשעפט האָט אהרן פלייסיק געאַרבעט. אַלע האָבן אים פאָרויסגעזאָגט אַ צוקונפט אַלס סוחר.

אונטערן איינפלוס פון דרויסן, הויבט ער אָן שטודירן „חכמות

חיצוניות״, און אין אַ קורצע צייט איז ער שוין גרייט אַריינצוטרעטן אין 7־טן קלאַס פון גימנאַזיום אין פלאָצק. נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע, טרעט ער אַריין אין יורידישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. ער ענדיקט אוניווערסיטעט אָנשרייבנדיק אַ דיסערטאַציע וועגן „רוימישן ירושה געזעץ״. ער האָט חתונה און באַזעצט זיך אין פלאצק און אַרבעט אַלס געהילף ביי אַן׳אַדוואָקאַט.

אין 1895, באַקומט ער אַן׳איינלאַדונג איבערצונעמען דעם פּאָסטן פון מנהל פון דער פּראָפּעסיאָנעלער שולע „תלמוד־תורה״ אין לאָדזש. נאָך זייענדיק אין פלאָצק, האָט ער געהאַט אַ אינטערעס אין דערציונגס־פראַגן און זיך פאַראינטערעסירט אין דער פלאצקער „תלמוד־תורה״, ווירקנדיק, אַז מען זאָל אָנשטעלן מער מאָדערנע לערער.

פאַרן פאַרלאָזן פלאצק, האָט מען אים איינגעאָרדנט אַ באַנקעט. דער פלאצקער רב האָט אים געגעבן אַ מתנה. א. י. פאפּיערנא האָט לכבוד אים געווידמעט אַ דיכטונג.

אין זיין אַרבעט אַלס הויפּט פון דער לאָדזשער „תלמוד־תורה״ שולע, האָט ער ספּעציעל אויפמערקזאַמקייט געווידמעט צו קינדער פון לאָדזשער אָרעמקייט. אַ שטאַרקן רושם האָבן אויף אים געהאַט די קעלער־היימען פון די לאָדזשער אָרעמע קינדער.

ער האָט גענומען אַ שטאַרקן אינטערעס אין דער בילדונג פון דעפעקטיווע קינדער און פון קינדער פאַרברעכער. ער גרינדעט זומער־קאָלאָניעס פאַר אָרעמע קינדער, אַריינברענגענדיק פרייד אין זייער לעבן.

בראַמסאָן פון פעטערבורג, זעענדיק זיין אַרבעט, לייגט אים פאָר די אָנפירונג פון דער שולע פון דער פעטערבורגער „חברה מפיצי השכלה״, — וועלכע ער נעמט אָן. ער איז נישט זער צופרידן פון דעם אַרבעטס־פּלאַץ און ער פאָרט קיין גראָדנע, ווו ער גרינדעט די „גראָדנער פּעדאַגאָגישע קורסן״. דאָ הויבט זיך אָן זיין וויכטיקסטער אַרבעטס־פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דער העברעאישער פאָלקס־שולע אין רוסלאַנד.

אין 1914 באַזוכט ער ענגלאַנד, צו שטודירן דאָרט די מעטאָדן פון דערציונג. דער אויסברוך פון וועלט־קריג און די באַוועגונג פון מלחמה־פראָנט, צווינגט אים וואַנדערן פון גראָדנע קיין סלאָנים און פון סלאָנים קיין כאַרקאָוו. זיין טעטיקייט ווערט איבערגעטראָגן פון אָרט צו אָרט.

אין כאַרקאָוו אָרגאַניזירט ער אַן׳אָפּטיילונג פון דער „תרבות״־געזעלשאַפט, וואָס איז דאַן געשאַפן געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ פון „חובבי שפת עבר״ אין מאָסקווע. ער אָרגאַניזירט אויך דעם פאַרבאַנד פון העברעאישע לערער אין כאַרקאָוו.

ער אָרגאַניזירט שפּעטער אין פּעטערבורג דעם העברעאישן לערער פאַרבאַנד, וועלכע רופט זיך „המורה״. אין 1917 קומט פאָר די ערשטע קאָנפערענץ פון „המורה״ און ער ווערט ערווײלט אַלס אָנפירער פון דער צענטראַלע.

דעמזעלבן יאָר, אָרגאַניזירט ער אין כּאַרקאָוו די ערשטע העברע־אישע גימנאַזיע. ער אָרגאַניזירט אַ קאָמיסיע פון לערער און שרייבער צום פאַרפאַסן און איבערזעצן לערן־ביכער, ליטעראַטור פאַר קינדער און וויסנשאַפטלעכע ביכער אין העברעאיש.

אין 1918 נעמט כהנשטם איבער די לייטונג פון אַ העברעאישן לערער־סעמינאַר אין קיעוו. מיט זיין פלייסיקייט און וויסן שטעלט ער דעם סעמינאַר אויף אַ הויכער מדרגה.

ער העלפט אויך גרינדן אַ העברעאישע גימנאַזיע אין קיעוו.

אין דער צייט ווען די קאָמוניסטן האָבן באַהערשט רוסלאַנד, ווערט די גרויסע פאַרצווייגטע העברעאישע דערציונגס־סיסטעם אָפּגעווישט.

ער קערט זיך צוריק קיין כּאַרקאָוו, וווּ זיין פאַמיליע האָט זיך אויפגעהאַלטן. אונטער שווערע באַדינגונגען, זעצט ער פאָר זיין העברעאישע דערציונגס־אַרבעט. עס הערשט קעלט, נויט און הונגער אין כּאַרקאָוו, ווי אין אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד. איבער זיין אַרבעט, הענגט די פאַר־ניכטענדע שווערד פון דער יעווסעקציע. זיין טרוים איז ארץ־ישראל, — דאָרט צו באַנייען זיין העברעאישע קולטור און דערציונגס אַרבעט. מ׳האָט שוין פאַרהאַנדלט וועגן זיין קומען אַהין. פּלוצלונג, ווערט זיין עלטסטער זון קראַנק אויף טיפוס. דער פאָטער איז זיך מטפּל מיטן זון טאָג און נאַכט ביז ער ווערט געזונט. ער אַליין, אהרן, דער פאָטער, האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט, וועלכע האָט שנעל געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

געשטאָרבן איז ער, — כ״ט שבט תר״פ.

בן־ציון דינאַבורג האָט זיך וועגן אים אויסגעדריקט: דער מענש איז געווען אַ סימבאָל פון איבערגעגעבנהייט צו אַ זאַך און פון ליבע צו מענשן.



ג) דער העברעאישער לערער ש. פענזאן.

אַ פולער אויפן פנים, מיט אַ קורצע פאַרקעמט באָרד אַרום דעם געזיכט. אַ פּאָר קלוגע אויגן וואָס דרינגען דיך דורך גוטמוטיק. שטענדיק ציכטיק געקליידעט מיט דער זייגער־קייט אויף דער וועסט. זיין גאַנג אַ מאַיעסטעטישער און זיין רעדן רופט אַרויס רעספּעקט צו אים און אַ געפיל פון פריינטשאַפט.

ער איז געווען פון די אָנגעזעענע משכילים אין שטאָט. אַליין אַ

ליטוואַק, געהייראַט אין פלאצק, פון די לאַנדוים. זיין גאַנצער איך פאַרטאָן אין דער העברעאישער ליטעראַטור פון זיין עפּאָכע. פענזאן איז געווען אַ העברעאישער לערער, וואָס האָט ערצויגן דורות יוגנטלעכע מיט ליבע צו דער העברעאישער שפּראַך און איר ליטעראַטור. זער פיל פון דער פלאָצקער יוגנט האָבן „געגנאַשט" פון זיין העברעאיש לערנען.

אַז ער פלעגט ליינען פאַר זיינע תלמידים אַ זאַך פון ביאַליקן אָדער אַ צווייטן שרייבער, איז ער געוואָרן באַהערשט פון אַ מתיקות אַרום דעם העלד פון דער דערציילונג. די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור איז געווען אַ טייל פון זיין לעבן. זיין נאַטירלעכקייט און פשטות האָט איבערגעלאָזט אַ ווירקונג אויף זיינע תלמידים.

יצחק גרינבוים אין זיין צייט אין פלאָצק, — איז אויך געווען איינער פון זיינע תלמידים.

ליידער, איז אונז אומבאַקאַנט פאַקטן פון זיין לעבן און טעטיקייט. ער האָט אָבער אָן ספק איבערגעלאָזט אַ גרויסע השפּעה אויף פיל פון דער פלאצקער יוגנט.

פאַר אַ קורצער צייט, אַרום 1928, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אַ תלמיד אויף זיינע העברעאישע אָוונט־קורסן. די געשטאַלט זיינע, זיין באַנעמען און זיין פריינטלעכקייט, בלייבט אומפאַרגעסלעך.

## נחום סאָקאָלאָוו

נחום סאָקאָלאָוו, איז די וויכטיקסטע פערזענלעכקייט וואָס פלאצק האָט אַרויסגעגעבן. כאָטש אַ געבוירענער אין ווישעגראַד, אַ שטעטל נעבן פלאָצק, ביים ברעג ווייסל אויפן וועג קיין וואַרשע, — האָט זיך סאָקאָלאָוו דוקא גערעכנט פאַר אַ פלאָצקער. אין פלאָצק האָט ער זיין יוגנט פאַר־בראַכט, ובעיקר אין פלאָצק האָט ער געלערנט אי תורה, אי וועלטלעכע למודים. אין זיינע ערשטע רעפּאָרטאַזשן אין „המליץ", שילדערנדיק דאָס יידישע לעבן אין פלאָצק, שרייבט ער זיך אונטער: „נ. סאָקאָלאָוו איש פלאצק".

ער איז געבוירן געוואָרן אין 1860. זיין פאַמיליע שטאַמט פון אַ קייט רבנים און ציט איר יחוס ביז דעם רבי'ן פון רמ"א — ר' נתן שפּירא (דער „מגלה עמוקות"). דער פאָטער זיינער שמואל יוסף האָט געלערנט אין פלאצק און דאָרט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דאָרטיקן גביר ר' שמואל כהן. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין ווישע־גראַד, ווו זיין זון נחום איז געבוירן געוואָרן. נחום האָט אָנגעהויבן לערנען אין חדר ווען ער איז קוים 3 יאָר אַלט געווען. אין יאָר תרכ"ה איז די פאַמיליע אַריבער קיין פלאצק, און נחום איז אַריין אין דער סביבה פון

זיין מוטערס צאַלרייכע משפחה — די קאַנ׳ס, שיפּ׳ס, סעגאַל׳ס, גלאַבוסעס א. אַ. אין פלאצק האָט ער געלערנט ביי בעסערע מלמדים און אויך ביי זיין פאָטער, וועלכער האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף זיין לערנען. דער פאָטער זיינער, כאָטש אַ שטרענג רעליגיעזער מתנגד, האָט געהאַט אַ נייגונג צו חקירה און אויך געלאָזן נחום׳ן לערנען אַלגעמיינעם וויסן. דער דראַנג צום לערנען איז געווען אָן אַ שיעור ביים קליינעם מתמיד. ער לערנט 16 שעה אַ טאָג און איז וואַך גאַנצע נעכט.

דער פאָטער זיינער, וועלכער איז פאַר אַ צייט געווען אַ קהלה־טוער אין ווישעגראַד, האָט אָפט געהאַט צו ערליידיקן קהלה ענינים מיט דער מאַכט אין פלאָצק, און ער איז געווען באַקאַנט מיטן גובער־נאַטאָר. אויף איינעם פון אַזעלכע אָפיציעלע וויזיטן ביים גובערנאַטאָר, האָט ער מיטגענומען נחום׳ן, וועלכער האָט נושא חן געווען ביים גובער־נאַטאָר, מיט זיינע גרויסע פעאיקייטן און בילדונג. דער גובערנאַטאָר באַראָן וואראַנגעל, האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיטן יינגל נחום און אָנגעהויבן זיך אַריינמישן און זאָגן דעות ר׳ שמואל יוסף׳ן וועגן דער ערציונג פון זיין זון נחום. ער האָט געוואָלט נחום זאָל גיין לערנען אין גימנאַזיע. דער פאָטער האָט נישט געוואָלט הערן דערפון, — אַז זיין זון זאָל לערנען שבת און אויך דאַרפן שרייבן שבת. לסוף, האָט ער מסכים געווען אַז נחום זאָל לערנען עטלעכע שעה פּריוואַט ביי פלאָצקער גימנאַזיע־פּראָפעסאָרן. נחום האָט אָנגעהויבן לערנען ביי די גוישע לערער מאסלאָווסקי, שולץ און דעמביצקי אַלגעמיינע קעגנשטאַנדן. ער פלעגט יעדן טאָג לויפן פון דער גמרא ביים רבין צום פּראָפעסאָר און פון פּראָפעסאָר צום רבי׳ן. שפּעטער האָט ער געלערנט אין לאָוויטש ביים רב׳ס איידעם און ביים קוטנער רב דעם גאון ר׳ יהושעלע קוטנער. נחום האָט אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו חסידות, וואָס איז דעם פאָטער זיינעם, דעם מתנגד, נישט געפעלן. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פלאָצק, אַ בקי אין דער וועלט פון תורה, אין חסידות און וועלטלעכן וויסן פון זיינע פלאָצקער פּראָפעסאָרן, האָט ער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט השכלה. צוזאַמען מיט עטלעכע חברים זיינע, האָט ער אַרויסגעגעבן אין פלאָצק אַ געשריבענע צייטונג מיטן נאָמען „השושנה״, און געמאַכט איבערזעצונגען אויף העברעאיש און געשיקט קאָרעספּאָנדענ־ציעס אין „המגיד״, „העברי״ און „הצפירה״, ווו ער איז שפּעטער געוואָרן רעדאַקטאָר.

דער יונגער נחום האָט פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכן דראַנג צו וויסן. אין די באַדינגונגען פון יענער צייט, האָט זיך געפאָדערט שטאַרקער ווילנס־קראַפט און ליבע צום לערנען, כדי גובר צו זיין די פאַרשידענע שוועריקייטן.

אָט, וואָס סאָקאָלאָוו שרייבט אין זיין „אישיים" וועגן יענער צייט:

„רעוואָלוציאָנערע עקשנות און אַנטשלאָסנקייט האָט געווירקט אין אונז. נישט קיין רו בייטאָג, נישט קיין שלאָף ביינאַכט, אין דחקות מיט געלט, שוואַרץ ברויט מיט ציבעלע, אָן סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס, ווו איינער מוטיקט און שטאַרקט דעם צווייטן, נאָר יעדער באַזונדער אויף זיין איינ־זאַמען שטעג, איינזאַמע, געיאָגטע, קעמפנדיק פאַר יעדן פונק וויסן. ריזן־קינדער האָבן מיר דאָן געזעען — אין דער צייט פון גבורה און מסירת נפש פאַר וויסן לשם וויסן, יידיש און מענשלעך אין דעם פולן גלאַנץ פון איר רייכטום, וויפל תעניתים און שלאָפלאָזיקייט, וויפיל פאַמיליען־קריגע־רייען, קלעפּ און געשלעגן, זידלערייען און בזיונות, קללות און חרמות, האָט געקאָסט אַ קאַפּיטל פיזיק, אַ ביסל מאַטעמאַטיק, וואָס איז שוין צוליב דעם אַליין געוואָרן ליב און טייער, ווי אַ טייערער זאַק־רויב אין די הענט פון אַ גבור. אַלע טאָג פלעגן מיר פאַסטן אַ האַלבן טאָג, מען פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג, צוויי מאָל אין וואָך איז מען געווען אויף די גאַנצע נאַכט. ווער האָט געוווסט וואָס ביי אונז אין האַרצן טוט זיך? ווער האָט געוווסט דעם צער פון די תלמידי חכמים, ובעיקר פון די משכילים אויטאָדידאַקטן?"

שרייבער הלוי פון פלאָצק, וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר פון „פאַנאָגראַף" אין אַרגענטינע, שרייבט וועגן סאָקאָלאָווס חדר־יאָרן: סאָקאָלאָווס אַ מלמד, האָט מיר דערציילט, אַז נאָך זייענדיק אַ קליינער ייִנגל אין חדר, לערנענדיק גמרא, פלעגט ער אונטערן טיש, אויפן שויס, אָנשרייבן אַ „צייטונג" אין העברעאיש און עס דערנאָך איבערגעבן די חברים זיינע.

אין שטאָט האָט מען דערציילט פאַרשידענע מעשיות וועגן דעם יונגן נחום. נאָך אַלס קינד, האָט ער אַלעמען פאַרחידושט: ביי זיין פעטער דוד סעגאַל, אינם צוקער געשעפט, אויף גראַדזקע גאַס, האָט מען געדאַרפט דורכקלאַפּן אַ טיר. האָט זיך דער שטאָטישער אַרכיטעקט געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי עס צו טאָן. האָט ער איינגעלאַדן אַ קאָמיסיע צו באַראָטן זיך. און נחום, דער קליינער בחור, איז דערביי געשטאַנען און געזאָגט: „חמורים וואָס זיי זענען", און האָט געוויזן ווי דורכצוהאַקן די טיר.

ווען סאָקאָלאָוו איז „געשטאַנען אין שידוכים", איז מען איינמאָל פון אַנ'אַנדער שטאָט געקומען „אָנקוקן" נחום'ן, האָט מען אים אַרומגעזוכט איבער דער גאַנצער שטאָט און נישט געקענט געפינען. צום סוף, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר אין טעאַטער. אַז אַ יידישער בחור זאָל גיין אין טעאַטער, איז דאָן געווען אַ גרויסער חידוש.

**זיינע ערשטע רעפּאָרטאַזשן זענען דערשינען אין „הצפירה" אין 1875, ער איז דעמאָלט אַלט געווען 15 יאָר. ער שילדערט דאָרט דעם**

גייסטיקן צושטאַנד אין פּלאָצק און די איבערקערניש וואָס איז פאָרגעקומען אין דאָרטיקן יידישן לעבן. אין דער קאָרעספּאָנדענץ, שרייבט ער קריטיש וועגן יידישן קהלה־לעבן אין פּלאָצק.

אונזער קהלה־פאַרזאָרגער, — שרייבט ער — האָבן גאָרנישט אויפגעטאָן עפּעס וואָס איז ווערטפול, אָבער שטייערן מאָנען זיי אײַן מיט אַ פולער האַנט פון אַלע. די תלמוד־תורה איז פאַרנאַכלעסיקט און געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ ענגן פינסטערן צימער ווו עס זיצן דאָרט פאַרשלאָסן באָרוועסע און נאַקעטע קינדער, מיט ניט־פּאַסיקע מלמדים. דאָס שיינע גרויסע בית־המדרש, — שרייבט סאָקאָלאָוו — איז נאָר שיין פון דרויסן. גייט מען אַריין אינעווייניק, איז דאָס אָרט שרעקלעך. לאָבוסעס לויפן דאָרט אַרום און פירן אַ גראַנדע.

אין אַ צווייטע קאָרעספּאָנדענץ פון אַ יאָר שפּעטער (1876), באַקלאָגט ער זיך אין „המליץ״, אַז דאָס יידישע לעבן אין פּלאָצק ווערט אָפּגעשטאַנען, אנשטאָט וואָס אַמאָל איז עס געווען אַ שטאָט פון יידישן וויסן מיט וועלכן יעדער האָט שטאָלצירט, ווערט היינט פּלאָצק אויסגעלאַכט פון די אַרומיקע שטעטלעך און פיל האָבן מורא מיט פּלאָצקער חתנים זיך משדך צו זיין. אויך די השכלה אין שטאָט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ער אַנאַליזירט דאָס יידישע לעבן אין ליכט פון דער נייער צייט, וואָס האָט רייף געמאַכט ביי יידן דעם דראַנג צו השכלה. ער רופט צו אַ נייעם צוגאַנג אין יידישער דערציונג פון יונגן דור און זיך צו באַקענען מיט נייעם וויסן. ער פאָדערט אויף פּלאָצקער יידן, זען צו ענדערן די לאַגע צום בעסערן. ער ענדיקט מיט די ווערטער: „ואתם יושבי פלאצק, יחידי סגולה, אשר בכם נפגשו יחד השכלה והצלחה! הן ערכתי לפניכם שאלה קשה מאד, ודעת לנבון נקל, כי מצבנו ההוה לא יתן לנו כל תקוה לימים יוצרו, אם לא אנשים ידועים וחכמים יתקנו את המעות בידי הזמן, ובמועצת והשכל, בטוב טעם ודעת, ואז אודיע בקהל קוראי הצפירה את אשר פעלתם, וכאשר תכבד העבודה כן ירבה שכרכם ותהלתכם״.

אין זיינע שריפטן וואָס זענען דערשינען אין תרע״ב אין וואַרשע, געפינט זיך אַ פרעכטיקע דערציילונג פון זיינע חדר־יאָרן אין פּלאָצק, א. נ. „דער מלאך פון רעגן״. סאָקאָלאָוו, אין זיין פערלדיקער שפּראַך, האָט אונז איבערגעלאָזן אַ דעראינערונג וועגן זיין רבין ר׳ וועלוול, ביי וועמען אין חדר ער האָט געלערנט.

זיינע נאַטור שילדערונגען זענען לעבעדיקע פרילינגדיקע און גלייכצייטיק געזעגן מיט „יידישע אויגן״. אַרום די וועלדער און פעלדער ווו עס פאָרן פאַרביי אין די בוידן און פורן יידן פון אַ גאַנץ יאָר, אָטעמט אַ יידישע וועלט, וועלכע סאָקאָלאָוו שילדערט מיט בונטע פאַרבן און

יידישן טעם. אין דער דערציילונג וועגן זיין רבין, שילדערט ער צ. אַ. דאָס וועלדל נעבן דער ראגאַטקע:

„ס'איז געווען פאַר שבועות; אין מיטן טאָג. אין בית המדרשל ביי „חברה תהילים", האָט מען שוין געמעגט דאַוונען „מנחה גדולה". ביי דער ראגאַטקע, דאָרט ווו מיין שטאָט לאָזט זיך אויס, אַקוראַט דאָרט,ביים גרענעץ, איז געשטאַנען אַ לינדענבוים. ס'האָט זיך געדאַכט אַז ער דערציילט, אַז אָט דאָ עקט זיך דער שאָסיי, וואָס מ'פאַרט קיין פלינסק, און אַז דאָ — ליבע קינדערלעך — הויבט זיך אָן פלאָצק! ער האָט דער־ציילט און דערביי געשאָקלט מיט זיינע באַחנטע צווייגן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס יונגע, געלבלעכע בלאַטוואַרג שושקעט צו: יאָ, קינדערלעך! דאָ הויבט זיך אָן פלאָצק, דאָ איז שוין גאָר אַ אַנדערע וועלט. דאָ איז שוין ר' אליעזר מרא דאתרא, דאָ גייען שוין די דאזארעס „די הויזן איבער די שטיוול", דאָ איז שוין אַ גראדזקע גאַס מיט גרויסע קאַמעניצעס, מיט „דייטשען", דאָ האַנדלט מען שוין מיט „דאנסק", דאָ זענען שוין גאָר אַנדערע מנהגים ווי אין עפּעס אַ פלינסק, אָדער אַ באַלסק, דאָ זאָגט מען שוין נישט אל ארך אפים פון פסח ביז ראש־חודש אייר!"

„פון אָט דעם לינדענבוים ווייטער זענען געשטאַנען אַ מאַסע קרזשאַקעס, מיט טונקעלע טיף־גרינע בלעטער. זיי זענען געווען אַזוי פאַר־שטויבט אַז מ'האָט קוים געקענט דערקענען אַז די דאָזיקע קרזשאַקעס, וואַקסן, כדי צו פאַרזאָרגן „גאַנץ פלאָצק" מיט ערבות. אָבער די קרזשאַקעס, צווישן וועלכע אַ קליין טייכל האָט זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש, זענען אַרויסגעשטיגן עטלעכע עפּל־ביימער; עפּל, האָט מען נאָך דעמאָלסט נישט געזעען, די ביימער זענען געווען קונדסים, הפקר־ביימער, די עפּל זויערע פלעגן ערשט צייטיק ווערן אין די „דריי וואָכן", (אַז מ'האָט געוואָלט פטור ווערן פון חדר, האָט מען געגעסן אַזאַ פּרי), נאָר די קיילעכדיק צוגעשפּיצטע, געקאָרבט געזעגטע בלומענבלעטער האָבן שוין איצט רויזנ־פאַרביק געפלאַקערט פון דער ווייטנס. זיי זענען געווען אַזוי חוצפה'דיק רויט, אַז אַלע יידן, וואָס זענען פאַרביי געפאָרן אין די בוידן פון פלינסק קיין פלאָצק, ווי מיד פאַרשלאָפן זיי זענען נישט געווען, האָבן געמוזט אַרויסקוקן אויף די רויטע בלעטער. נישט לאַנג, זיינען די בלומענבלעטער געבליבן רויט. גרוי ווי אַש זענען זיי נעבעך שפּעטער געוואָרן, אָבער שבועות צייט, זענען זיי נאָך געווען רויט, ווי די קרעלן. נאָך די עפּל־ביימער איז געשטאַנען דאָס „וועלדל". דאָס „וועלדל" איז שוין געווען פון יענער זייט ראגאַטקע. אין „וועלדל" האָט מען שוין נישט געטאָרט טראָגן, אויס שטאָט־עירוב! ס'„וועלדל" איז געשטאַנען „שמונה־עשרה"; איז די לופט געווען רויק, איז עס געשטאַנען ווי אַ פעסטער מתנגד, ערנסט מיט הקפדה,

שטייף. איז אָבער די לופט געווען ווינטיק, האָט עס זיך געוואָרפן און געשאָקלט, ווי אַ קאָצקער שאַרפער חסיד ביי „כתר“ צו מוסף יום־כפור. דעריבער האָבן מיר עס טיילמאָל גערופן: „דער גרינער מתנגד“, טיילמאָל: „דער גרינער חסיד“, מחמת גרין איז עס שטענדיק געווען, אפילו ווינטער. ס׳האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע, די קליינע פויגעלעך זענען דאָרט געגאַנגען איין און אויס, ווי „אורחים“ אין אַלטן בית־המדרש; עס האָט געפייפט און גערוישט און געשושקעט ווי אין אַ דרדקי־חדר“.

די דערציילונג ווו דער העלד איז זיין רבי ר׳ וועלוול, ווערט פון סאָקאָלאָוו׳ן געשילדערט מיט וואָרעמקייט און פאַרערונג, און ברענגט אַרויס דאָס מענשלעכע אין זיין רבין וואָס ליגט טיף באַהאַלטן.

דער רבי ר׳ וועלוול איז געווען אַנ׳אַלמן, אַ חדר אָן אַ רביצין, ער האָט אָבער פול געמאַכט דעם חדר „מיט זיין כונה, שמחה און שאַרפקייט, מיט זיין אמונה, ווילדקייט, דבקות און זיסקייט, טיילמאָל אפילו כעס. געהאַט האָט ער אַ גאונישן זכרון, אָבער איין זאַך פלעגט ער שטענדיק פאַרגעסן — דאָס עסן. נאַרישקייטן“.

דער רבי, דער חדר, די יינגלעך און די „מאיופקע“, וואָס דער רבי האָט באַשלאָסן גיין מיט די חדר יינגלעך הינטער דער ראגאטקע, — ס׳איז הארמאָניע פון אַ סימפאָנישער דערציילונג. דאָרט, הינטער דער ראגאטקע, האָט געוווינט גרונם־הויקער און זיין טאָכטער בלימעלע, אַ „סכנה׳דיק שיינע“. דאָרט האָט מען געטרונקען מילך, און דער רבי איז דאָרט געווען אַ זער אויפגעהייטערטער. פאַר אַ חידוש האָט מען נישט געהערט פון רבין קיין וואָרט תורה. מיטאַמאָל, איז אַראָפּ אַ גאָס רעגן, און דער רבי שטייט אונטערן רעגן אַ נאַסער און איז זיך מחיה. פּלוצים, זעען די חדר יינגלעך דעם רבין מיט בלימעלען אונטערן עפּל־בוים. דער מאַנספערשוין און דאָס מיידל האָבן זיך ערנסט און אינערלעך געזעען איינס דאָס אַנדערע אין די אויגן. מיטאַמאָל האָט זיך אויפן הימל באַוויזן אַ הערלעכער רעגנבויגן.

מיר האָבן אין דער דערציילונג אַ פּאַנאָראַמע פון יידישן שטייגער לעבן, קינסטלעריש איינגעפלאָכטן אין סיפור־המעשה, אמתע פערל פון קונסט פון שילדערן אויף וואָס סאָקאָלאָוו איז אַזוי פּעאיק. ער שילדערט אין ווערטער, ווי עס מאָלט אַ מייסטער אַ פּרעכטיק בילד, אַ שטיק לעבן פון דער נאַטור געמישט מיט לעבנס־אַרט פון דורות פריער, וואָס איר הייסן אָטעם מ׳פילט ממש.

אין „הצפירה“ האָט אַמאָל סאָקאָלאָוו געפּרוווט אויפקלערן אַ פראַגע, וועגן דעם אָפּשטאַם פון זשול ווערן, דעם באַרימטן פראַנצויזישן שרייבער פון פאַנטאַסטישע ראמאַנען. די לעבנס־געשיכטע פון דעם וועלט־באַרימטן

שרייבער פון 19־טן יאָרהונדערט, איז איינגעהילט אין אַ שטיקל מיסטעריע. זשול־ווערן, — ווייסט מען — איז געבוירן געוואָרן אין 1828. עס איז אָבער פאַרהוילן דאָס אָרט פון זיין געבורט. פאַנטאַסטישע וויכוחים האָבן זיך אַמאָל צעפלאַקערט איבער דער אָפּשטאַם פון זשול־ווערן, ביז עס איז געקומען נחום סאָקאָלאָוו און אין דער „הצפירה" געלייזט די געהיימניס. סאָקאָלאָוו האָט דערקלערט, אַז זשול ווערן איז אַ פּוילישער ייד און איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט פלאָצק.

דאָס איז געווען אין יאָר 1903. סאָקאָלאָוו האָט געשריבן, אַז ער האָט געהאַט אַ וויזיט פון פלאָצקער ייד אַלשעוויטש, און יענער האָט אים דערציילט די פאָלגנדע געשיכטע: ער האָט געהאַט אַ קרוב וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אַלס קינד, און דאָס איז... זשול ווערן! ער איז אָנ־געקומען קיין פראַנקרייך און דאָרט האָט מען אים געביטן זיין נאָמען „אַלשעוויטש" („יאלכע") אויף דעם פראַנצויזישן נאָמען „ווערן", וואָס האָט די זעלבע באַדייטונג. מיט צוויי יאָר שפּעטער, איז געקומען אַ פּוילישער גלח סמאליקאווסקי און פאַרעפנטלעכט צוויי אַרטיקלען, געשטיצט אויף אַ גרויסן אַרכיוו מאַטעריאַל, אַז זשול ווערן איז אַ ייד. אין פראַנקרייך גופא זענען דערשינען אַרטיקלען אין דעם זעלבן זין.

מיר ווילן נישט אָפּשטעלן זיך אויף סאָקאָלאָווס אַלזייטיקער טע־טיקייט, אַלס באַרימטער שרייבער אין העברעאיש און יידיש, אויף סאָקאָלאָווס טעטיקייט אַלס פירער פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און פאַר אַ צייט אויך איר פּרעזידענט. מער פון אַלעם איז קענטיק געווען סאָקאָלאָוו דער געלערנטער און בקי אין יידישן און אַלגעמיינעם וויסן און דער פאָלקס־מענש אין אים.

סאָקאָלאָוו האָט אַמאָל דערציילט: אויף אַ מאָלצייט מיטן ענגלישן קעניג דזשאָרדזש דעם 5־טן, פרעגט אים דער קעניג: ווו האָט איר זיך אויסגעלערנט די קונסט פון פיינער באַציונג צו מענשן? ענטפערט אים סאָקאָלאָוו: אין פלאצקער בית־המדרש, ווו כ'האָב געלערנט, געפינט זיך אַ קליין ספר'ל. צווישן די זעקס סדרים אין ספר איז איינער „מסכת דרך־ארץ", — פון דאָרט האָב איך געשעפּט די חכמה פון באַציונג צו מענשן.

סאָקאָלאָוו האָט פאַרמאָגט אַ טיפן געפיל און פּיעטעט צום פּוילישן ייד, ובעיקר צו זיין היים־שטאָט און סביבה אין וועלכער ער איז אויפגע־וואַקסן. אין זיין „אישים" שרייבט ער:

„ווען איך וועל אַמאָל זוכה זיין צו שרייבן מער וועגן אָט דער פוילק, צו וועלכער איך בין אַזוי צוגעבונדן, די פוילן פון אונזערע קליינע שטעטלעך, די פוילן פון דער אַלטער שליאכטע מיט זייער יחוס־שטאַם, און

פון אונזערע רבנים און משכילים, וועל איך אפשר דאַן קענען קלאָר מאַכן, וואָס איז דער אייגנטלעכער טעם פון אַ זאַמאשטש, פון אַ פלאָצק..."

אַמאָל האָט סאָקאָלאָוו געשריבן צו זיין יונגער טאָכטער סאָפיאַ:

„עס פרייט מיך זער, וואָס דו פאַרברענגסט אין מיין באַליבטן פלאָצק. איך מוז מודה זיין, אַז ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָלאַנד, מעגן זיך באַהאַלטן, ווען איך דערמאָן זיך מיינע קינדער־יאָרן, מיט וועלכע עס בינדן מיך גאָלדענע זכרונות. ווען דו וועסט אַדורכשפּאַצירן גראדזקע גאַס, זאָלסטו וויסן, אַז דאָרט האָט געוווינט אונזער גאַנצע פאַמיליע. מיין באבע ע"ה האָט דאָרט געמאַכט אָפטע באַזוכן. זיי רוען בשלום אויפן פלאָצקער בית־עלמין, און כ'וויים נישט צי עמיצער געדענקט מיך נאָך. דאָס אַלעס איז דאָך געווען נישט לאַנג צוריק, עס דוכט זיך אַז נעכטן. גיי אַריין צו די שיפ'ס און גיב זיי אָפּ אַ גרוס פון מיר. גיב אויך אָפּ אַ גרוס די יעקב קאַנ'ס, וועלכע וווינען דערנעבן. גיי צו אין דער גילדענע גאַס, דאָרט איז געווען דאָס הויז פון מיין זיידע ע"ה, פון מיין מוטערס צד, — ער האָט געדענקט נאַפּאָלעאָנען דעם ערשטן".

„אַז וועסט זיין אויף דער שוהל־גאַס, זאָלסטו וויסן, אַז דאָרט האָב איך זיך פאַרטיפט איבער דער גמרא. ווידער אויפן אַלטן מאַרק, האָב איך דערוואָרבן לאַטיין ביים פּראָפעסאָר מאסלאָווסקי, וועלכער האָט גערעדט דייטש און געטראָגן באַקן־בערד ווי פראַנץ־יאָזעף. אינם אַלטן גאָרטן ביי סלופּעצקין, האָב איך פאַרפאַסט לידער. הינטערן טום האָב איך מיט מיינע חברים געלייענט די קלאַסיקער און געטרוימט פון אידעאַלן. מיין ווירקלעכקייט האָט זיך אָבער פאַרטיפט אין מיין שטודיר־צימער אין הויז אויפן אַלטן מאַרק ,וואָס האָט באַלאַנגט צו אברהם פאקזשיוואַ. דאָרט האָב איך געהאַט מיין ביבליאָטעק'ל אין וועלכער כ'בין געווען מער פאַרקאָכט ווי שפּעטער פון דעם בריטישן מוזעאום. ס'איז געווען בעסער ווי היינט".

סאָקאָלאָוו האָט ליב געהאַט צו הערן די יידישע שפּראַך אין מויל פאָלק. אין זיין עסיי „וועגן אָפּשטאַם פון אנרי בערגסאנס משפחה", זאָגט ער: „וואָלט איר געדאַרפט הערן טעמערל (אנרי בערגסאנס באבע) רעדן יידיש! עס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם! מען האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. נאָר צוויי פערזאָן האָבן גערעדט אַזאַ יידיש: פערל־מירל (אנרי בערגסאנס מומע) און מיין באבע יוטע פון פלאָצק. און ווי זי האָט געקענט דערציילן!"

אין עסיי וועגן פרץ שרייבט סאָקאָלאָוו:

„איך האָב אַלעמאָל פיינט געהאַט און מיך עקלט, פון די, וואָס באַציען זיך מיט גרינגשעצונג און שפּאָט צו יידיש. איך פלעג אויפגעקאָכט ווערן, ווען אַ פאַרדייטשער אָדער פּאָלאָניזירטער יידל, וואָס קען קוים פּלאַפּלען אויף זיין לאַנדעס־שפּראַך, האָט געוואָגט צו אָנרירן דעם „פּאָלקס־זשאַרגאָן".

איך האָב אַ סך געשריבן אויף יידיש, און איך האָב מיר מיין יידיש, וואָס איך האַלט טייער און היט אָפּ, עס זאָל נישט ווערן קיין זשאַרגאָן, ווי אין די פּאַרטיי־פּראָקלאַמאַציעס, מיט אַ סך דייטשמערישקייטן און אין רוסישן גייסט. מיין יידיש איז נישט פון זאמאשטש מיט אירע מערק און געסלעך, אַ רעזולטאַט פון פּאָפּולאַריטעט פון אַ דאָרטיקן „טשאָסטני פּאָווערענע״ און זיינע שמועסן מיט פאַרשידענע מענשן. מיין יידיש איז אַ פּלאָצקער־ווישע־גראַדער, וואָס האָט אַן׳עלעמענט פון גרויס פּוילן, מיט אַ ריח תורה, וואָס קומט נישט צו באַווירצן און באַטעמען, נאָר גייט מיר נאָך ווי אַ שאָטן פון מיין טאַטנס שטוב, און פון די אַלטע און נייע בתי־מדרשים. אין מיינע אויגן איז עס נישט די גאַנצע יידישע פאָלקסטימלעכקייט, אָבער, לכל הפחות אַ קענטיקער חלק און נישט דער ערגסטער פון פאָלקסטימלעכקייט. מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז עס איז געווען אַ יידיש פון בעלי־עגלות און אַ יידיש פון ווויל־לערנער, מיט אָפּקלאַנגען פון „דייטש״ פון איר געבורט־אָרט, וואָס דאָרט האָט אויסגעפורעמט און גערעדט אויף איר אַ האַרט און פרעמד פאָלק. און פאַראַן אַ יידיש מיט קלאַנגען, קאָלירן און זילבן, זיפצן, שפּרוכן, שמייכלען, געלעכטער, וווּנקן און וויצן, פון חדר, בית־המדרש, ישיבה און קהל־שטיבל (די פּנקסים זענען פון 18־טן יאָר־הונדערט זענען אַריבער פון העברעאיש אויף יידיש), פון בית־דין־שטוב (אַ סך עדות זאָגן וואָס ווערן געבראַכט און די שאלות ותשובות פון רבנים אין די לעצטע יאָרהונדערטער זענען אין יידיש), אויך פון שטוב (בעיקר די קינדער־שטוב), אויך פון מאַרק״.

ווי מיר זעען, איז סאָקאָלאָוו געווען נאָענט און טייער יידיש, די שפּראַך אין וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן.

זייענדיק טיף פאַרוואָרצלט אין יידיש און אַלגעמיינעם וויסן, האָט עס אים פיל געהאָלפן אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. בעת דער שלום־קאָנפערענץ נאָכן 1־טן וועלט־קריג, איז ענטשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון די מערב גרענעצן פון פּוילן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צעטיילונג פון אויבער שלעזיען. די דיפּלאָמאַטן האָבן נישט געקענט קומען צו קיין הסכם. די פּוילישע דיפּלאָמאַטן זענען געקומען פרעגן אַן׳עצה ביי סאָקאָלאָוו׳ן. האָט ער אַרויסגענומען אַן׳אַלט זעלטן ספר׳ל וואָס איז געווען געדרוקט אין איינער פון די שטעט וואָס האָט זיך געפונען אין דער טעריטאָריע, אַרום וועלכער ס׳איז אָנגעגאַנגען דער שטרייט. און דאָס ספר׳ל האָט באַשטעטיקט, אַז די שטאָט האָט זיך געפונען אין דער טעריטאָריע פון דער פּוילישער מלוכה. דער פאַקט איז מיט דערפאָלג געוואָרן אויסגענוצט.

אין 1924 האָט סאָקאָלאָוו באַזוכט פּלאָצק. מיר ברענגען אַן׳אויסצוג פון אַ סעריע אַרטיקלען וואָס דער באַקאַנטער זשורנאַליסט און שרייבער מאַרק טורקאָוו, האָט פאַרעפענטלעכט אין די „יידישע צייטונג״:

„אין די פּריע מאָרגן שעה׳ן זענען מיר אָנגעקומען מיטן דאמפּ:ר קיין פּלאָצק.

„ווען מיר זענען אַרויס אויפן דעק און עס האָט זיך פּאַר א:נז ענטפּלעקט די הערלעכע פּאַנאַראַמע פון דעם הויכן פּלאָצקער באַרג, האָבן זיך סאָקאָלאָוו׳ן באַוויזן טרערן אין די אויגן.

„עפּעס האָט אים די דאָזיקע פּאַנאַראַמע דערמאָנט. עס זענען דאָך אַריבער כמעט פערציק יאָר זינט ער האָט פאַרלאָזט די דאָזיקע שטאָט און אין משך פון דער צייט האָט זיך אַ גאַנצע וועלט געענדערט.

„ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך פאַר אונז ענטפּלעקט אַ ניי אויסערגעוויינלעך בילד. אויפן ברעג זענען געווען פאַרזאַמלט עטלעכע טויזנט פּערזאָן מיט יידישע און פּוילישע נאַציאָנאַלע פענער, מענער, פרויען און שול־קינדער, און איבער אַלע אַ גרויסער טריאומף־טויער באַ־פּוצט מיט בלומען און פענער מיט אַ גרויסן אויפשריפט אויף העברעאיש און פּויליש: „ברוך הבא", „וויטאמי".

„דער ענטוזיאַזם פון עולם, ווען מען האָט דערזעען סאָקאָלאָוו׳ן, איז ממש נישט צו באַשרייבן. עס זענען געקומען מענשן פון אַלע שיכטן און עס זענען אויך געווען פאַרטרעטער פון דער לאָקאַלער מלוכה־אַדמיני־סטראַציע און מוניציפּאַליטעט.

„קיין שום ייד, פאַר און נאָך סאָקאָלאָווס ערשטן באַזוך אין פּוילן, האָט מען נישט געהאַט צוגעטיילט אַזאַ כבוד, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי זיין אָנקומען אין פּלאָצק.

„אין אַ גרויסן ברייטן דראשקע־וואָגן, געשפּאַנט מיט פיר ווייסע פערד, באַפּוצט מיט בלומען, און אפילו די קריסטלעכע צושויער, זענען מיטגעריסן געוואָרן פון דעם ענטוזיאַזם פון יידישן המון.

„פון פיל הייזער האָבן אַראָפּגעפלאַטערט יידישע און פּויל׳שע פענער און עס זענען אויפגעהאנגען געוואָרן טראַנספּעראַנטן מיט סאָקאָלאָווס בילד און מיט אויפשריפטן „יחי נחום סאָקאָלאָוו". די צוויי טעג פון נחום סאָקאָלאָווס אויפהאַלט אין פּלאָצק, זענען געווען צוויי טעג פון גרויסן יום־טוב. מען האָט געוואַרט שעהן לאַנג פאַרן האָטעל, ווו ער איז איינ־געשטאַנען, און ריזיקע מאַסן זענען נאָכגעגאַנגען אומעטום, ווו ער איז געגאַנגען.

„באַזוכן ביי קרובים און פריינט פון די יוגנט־יאָרן, באַזוכן אין אינסטיטוציעס און ביי אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער לאָקאַלער מאַכט, האָבן אויסגעפילט דעם גאַנצן פּראָגראַם, פון באַלד אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט. יעדער איינער האָט געוואָלט האָבן די זכיה צו זען סאָקאָלאָוון, צו דערלאַנגען אים „שלום" און אויסצוריידן מיט אים אַ וואָרט.

„סאָקאָלאָוו האָט געקענט יעדעס ווינקל פון שטאָט, יעדעס געסל און יעדע אַלטע געביידע, וואָס האָט אויסגעמיטן דאָס פייער פון 1־טן וועלט־קריג.

אַלטע יידן פלעגן קומען און פרעגן:

— זי געדענקען, פּאַניע סאָקאָלאָוו, ווי זי פלעגן קומען צו מיר אין קלייט אַריין קויפן...

— זי געדענקען ווי זי האבן זיך דאָ געלערנט?

— זי געדענקען, פאניע סאָקאָלאָוו, ווי זי פלעגן זיין דאָ, זיין דאָרט, טוען דאָס, טוען אַנדערש...

„יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס צו פרעגן. יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס צו דערמאָנען.

„און סאָקאָלאָוו פלעגט טאַקע געדענקען, ער האָט דערקענט די מענשן, ווי ערשט נישט לאַנג וואָלט ער זיך געהאַט מיט זיי צעשיידט, ווי ער וואָלט במשך פון די פּאָר צענדליק יאָר קיינעם נישט געזעען מער, ער פלעגט זיך אפילו נאָכפרעגן אויף מענשן, וואָס זענען שוין לאַנג אַוועק פון פלאָצק אָדער גאָר אַוועק פון דער וועלט.

„צו מאָרגנס אין אָונט, האָט סאָקאָלאָוו געהאַלטן אַ רעפעראַט אין שטאָטישן טעאַטער, וועגן ציוניזם. וויפל מענשן עס זאָלן נישט האָבן געוועזן אין טעאַטער, איז פיל מער געבליבן אויפן גאַס, ווייל דער זאַל האָט מער נישט געקענט אויפנעמען אַזאַ ריזיקע מאַסע, וואָס האָט געוואָלט הערן רעדן סאָקאָלאָוו׳ן, און קיין גרעסערער זאַל איז אין פּלאָצק נישט געווען. אויך קריסטן זענען געקומען אים הערן.

„וועגן דעם טיפן רושם וואָס זיין רעפעראַט האָט געמאַכט, איז איבעריק צו זאָגן. ער האָט גערעדט וועגן ציוניזם, וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע און וועגן דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. ער האָט אָנגעהויבן זיין רעפעראַט אין פויליש, דאַן אַ קורצע ווילע גערעדט אין העברעאיש, און דעם עצם ענין אויפגעקלערט אין יידיש.

„זיין באַזוך איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג פאַר די דאָרטיקע יידן. מיט פיל יאָרן שפּעטער, אַז איך פלעג קומען קיין פּלאָצק, פלעגט מען נאָך אַלץ דערמאָנען דעם דאָזיקן באַזוך, כאָטש עס זענען שפּעטער געווען דאָרט אויך אַנדערע יידישע גדולים, פּאָליטישע פירער, שרייבער און רעדנער.

„אין סאמע ברען פון יום־טוב׳דיקייט, האָט נחום סאָקאָלאָוו געמוזט פאַרלאָזן פּלאָצק, בכדי פרייטיק פרי אָפּצופאָרן קיין ווישעגראַד".

סאָקאָלאָוו דער פירער און שטאַטסמאַן פון דער יידישער מדינה אונטערוועגס, האָט נישט פאַרטונקלט סאָקאָלאָוו׳ן דעם מענש פון גייסט.

ער איז געווען פּראָדוקטיוו אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, אין דער זעלבער צייט וואָס ער האָט ערפילט זיינע דיפּלאָמאַטישע שליחות׳ן. ער איז געווען פּילזייטיק און אייגנאַרטיק אין זיין שרייבן. סאָקאָלאָוו איז אויך געווען אַ פאָלקס־מענש און פולן זין פון וואָרט. זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען וואָרצלען טיף אין יידישן פאָלקס־לעבן. ער איז געווען אַ וואָרט־מייסטער איןביידע שפּראַכן: יידיש און העברעאיש. זיין ערשטע עסיי אין יידיש האָט ער פאַרעפנטלעכט אין פּרצס „פאָלקס־ביבליאָטעק״, אַן עסיי וועגן נחמן קראכמאל. ער איז געווען רעדאַקטאָר פון פיל צייטשריפטן און טאָג־צייטונגען, ובעיקר פון דער „הצפירה״.

פיל פון זיינע אַרבעטן זענען אונטערגעשריבן מיט זיינע ראשי־תבות — נ״ס. ער איזווירקלעך געווען דער נס פון פוילישן יידנטום.

סאָקאָלאָוו איז געשטאָרבן דעם 16־טן מאַי 1936.

פלאַצקער יידן דערמאָנען מיט שטאָלץ זיין נאָמען.



„דער צדיק״ (ב. טשעמערינסקי)
אין דבוק פון „הבימה״, געצייכנט פון נתן קאזשען.

# דאָס קהלהשע לעבן און אירע מענשן

אין יאָר 1641 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שרפה אין דער געטא אין פלאָצק. דער יידישער קוואַרטאַל איז געוואָרן אָפּגעברענט. דער קעניג יאַן קאזימיעזש האָט אין 1658 דערלויבט די יידן צוריק אויפבויען זייערע פאַרברענטע הייזער.

אַ צווייטע גרויסע שרפה האָט אין יאָר 1688 פאַרניכטעט דעם יידישן שטאָט־טייל אין פלאָצק.

די דאָזיקע גרויסע שרפות ווערן געשילדערט אין אַ ספר, געשריבן פון יוסף ראקאָווער, א. נ. „מרכבת המשנה". דאָס דאָזיקע בוך איז געבליבן אין מאַנוסקריפּט [1].

ראקאָווער איז געווען באַקאַנט אַלס מחבר פון „לשון נקיה", וועלכע איז געווען פון די בעסטע העברעאישע בריוונשטעלערס פון פריען פעריאָד. געשטאָרבן איז ער אין 1707.

דער ביסקופּ לעבענעק [2], וועלכער האָט אין 1752 געגעבן פלאָצקער יידן די דערלויבעניש צו האַנדלען מיט שפּייז־פּראָדוקטן, האָט אויך פאַר־אָרדנט, אַז יעדן זונטיק, ווען עס פלעגט דורכגיין דורך די גאַסן די קריסט־לעכע פּראָצעסיע צום קלויסטער ביים אַלטן מאַרק, זאָל אויף ראָג גילדענע און גראָדזקע גאַסן, ווערן פאַרצויגן אַ פאָרהאַנג, איבער דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס, אַ שטאָק הויך. דאָס האָט דער פאָרהאַנג פאַרשטעלט צו זען די פּראָצעסיע וואָס פלעגט זיך ציען צו דער קירכע און פאַרבייגיין די ענדע פון יידישן געטאָ, — כדי די „אומגלויביקע" אויגן פון די יידן זאָלן נישט זען די הייליקע בילדער. די פּראָצעסיע האָט געצויגן צום קלויסטער נעבן מאַגיסטראַט, אַהין צו דער קירכע וווּ עס געפינט זיך ביים אַריינגאַנג אַנ׳אויפשריפט: „זה השער לד׳".

עס ווערט דערציילט, אַז דאָס האָט אויפגעמאָלן אַ משומד. ווען ער האָט געהאַלטן ביים אות ד׳, איז ער אַרונטערגעפאַלן פון לייטער און דערהרגעט געוואָרן.

אויך אין דער צווייטער קירכע, אין דער קאַטעדרע נעבן טום, וועלכער קוקט מאַיעסטעטיש אַרונטער צום ווייסל, איז דאָ אַנ׳אויפשריפט אין העברעאיש: „ישו הנוצרי מלך היהודים". שפּורן פון דעם אַמאָל, געפינען זיך אין דעם ״ . . ״טישן מוזעאום. עס הענגט דאָרט אַ קונע אויף דער טיר. צו דער קונע פלעגט מען צוקאָווען דעם חוטא און יעדער פאַרבייגייער האָט געשפּיגן אויף אים.

---

1) Universal Jewish Encyclopedia

2) שיפּער — 700 יאָר יידישע קהלה אין פלאָצק

אויפן וועג צום „טום״, געפינט זיך אַ שטיין־„סקולפטור״, וואָס חוזקט אָפּ פון אַ יידן. אַ קאָפּ פון אַ ייד אין תפילין, מיט אַן׳אויסגעשטרעקטער געלעכערטער צונג, — אַן׳אויסדרוק פון שנאה צום ייד.

די שוהל האָט געהאַט אַ נאָמען מיט איר מאלעריי אינעווייניק. די קונסט־אַרבעט, האָט געטאָן אַ מאלער מיטן נאָמען קאסטעק. יעדער האָט באַוווּנדערט די מאלעריי און שטאָלצירט מיט דער שוהל.

דער מאלער קאסטעק, האָט געהאַט איינפאַלן פון אַ קונדס און ער האָט אָפּגעטאָן פאָלגענד מאלעריש שפּיצל: אויף דער רעכטער זייט ביים אַריינגאַנג אין שוהל, איז געווען אַ צימער, וועלכעס דער שמש האָט באַנוצט. אויף דער לינקער זייט אַקעגן דעם צימער איז געווען אַ ליידיקע וואַנט. האָט קאסטעק גענומען און אויסגעמאָלן אויף דער ליידיקער וואַנט אַ טיר, אַ געטרייע קאָפּיע פון דער אמתער טיר. קוקנדיק דערויף, וואָלט מען געשווירן, אַז דאָס איז אַ טיר צו אַ חדר מיוחד. די וואָס האָבן עס געזעען צום ערשטן מאָל, האָבן טאַקע געפּרוווט אַריינגיין אַ קוק טאָן. די דאָזיקע קונץ־טיר האָט אים געמאַכט פּאָפּולער איבער דער שטאָט.

כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן לעבן אין פלאָצק, איז דער אריכת ימים פון יידישע זקנים און זקנות אין שטאָט. ס׳איז צו באַוווּנדערן דעם דאָזיקן מענשלעכן לעבנס־דויער אין די באַדינגונגען פון לעבן מיט הונדערט יאָר צוריק. אברהם אבא ראַקאָווסקי, דער זון פון פלאָצקער רב עזריאל אריה, — וועלכער איז געווען אַ וויכטיקער מיטאַרבעטער אין דער העברעאישער פּרעסע, דערציילט אונז אין „המגיד״ (1872), ווי דער מלאך המות האָט זיך גענומען צו די יידישע אַלטע לייט פון פלאָצק. די שטאָט האָט געשיינט מיט אירע זקנים, און דאָ קומט דער טויט און נעמט צו איין אַלטיטשקען פון איבער 100 יאָר, ווענען די שטאָט האָט געאַכטעט. מ׳האָט אים אָפּט געזעען איבער די גאַסן אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, גיין מבקר חולה זיין אָרעמעלייט. אָט איז אַ פרוי פון 110 יאָר, וואָס פלעגט גיין אין שוהל אַריין און מיט ציטערדיקע הענט אָנהאַלטן איר באַגלייטער. זי איז געגאַנגען דאַנקען דעם רבש״ע פאַר די יאָרן וואָס זענען אַריבער און אים בעטן פאַר דער צוקונפט... דער טויט האָט איר אויך אַוועקגענומען. אין פאַרלויף פון די לעצטע צען חדשים, — באַקלאָגט זיך דער שרייבער אין „המגיד״ — זענען אויסגעשטאָרבן אַ ריי יידן אָרום 100 יאָר אַלט, אויסער אַלטע לייט פון אַרום 90 יאָר אַלט. דעם זומער פון 1872, זענען געשטאָרבן יידישע זקנות, איינע 103 יאָר, און איינע 102 יאָר אַלט. חול־המועד סוכות פון זעלבן יאָר, איז געשטאָרבן אַ אָנגעזעענער אַלטיטשקער, דער טיכטיקסטער מבקר־חולה, אין עלטער פון 113 יאָר. אין זעלבן יאָר איז אויך געשטאָרבן אַ פרוי, וואָס מ׳האָט גערופן „שיינע בעטערין״ אין עלטער פון 110 יאָר.

דער ייוו״א פאָרשער מ. בערנשטיין פון אַרגענטינע, אין אַנ׳אַרטיקל וועגן דער יידישער טעקסטיל אינדוסטריע אין פוילן [1] דערציילט, אַז אויפן רעכטן ברעג ווייסל אין דאָרף קוכארי ביי פלאָצק, איז אין 1823 ענט־שטאַנען אַ גרויסע טוך־פאַבריק, וועגן וועלכער עס קען דערציילט ווערן אַנ׳אינטערעסאַנט קאַפיטל פון יידישער פּראָדוקטיוויזאַציע און אינדוסטרי־אַליזאַציע אין פוילן.

„קוכארי, איז איינער פון די עטלעכע דערפער, וואָס עס האָט אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, איינגעקויפט דער וואַרשעווער גביר שלמה פאָזנער, ווו ער האָט באַזעצט אַ גאָר גרויסע צאָל יידן אויף לאַנדווירטשאַפט און אויך אויפגעבויט פאַר זיי אַ ריי אינדוסטריע אונטערנעמונגען. צווישן אַנדערע, האָט ער אין דאָרף קוכארי ביי פלאָצק, אויפגעבויט אין יאָר 1823 אַ טעקסטיל־פאַבריק. אין יאָר 1843 האָבן דאָרטן געאַרבעט 149 פלאָצקער יידישע אַרבעטער. די דאָזיקע טעקסטיל־פאַבריק פון קוכארי, איז געווען אַ שם־דבר ביי יידן און וועגן איר זענען אַרומגעגאַנגען גוזמא׳דיקע געשיכטעס. טייל האָבן ביים באַ־שרייבן איר (האלענדערסקי אין זיינע אַן אַרבעט אין פראַנצויזיש, דער־שינען אין פּאַריז אין 1840, מיט העכער 100 יאָר צוריק) אָנגעגעבן די צאָל פון טויזנט יידישע טעקסטיל־אַרבעטער אין קוכארי״.

אין 19־טן יאָרהונדערט, האָבן עקזיסטירט אַ ריי חברות וואָס האָבן ערפילט וויכטיקע סאָציאַלע פונקציעס אין קהלה לעבן. מיר וועלן דער־מאָנען אייניקע פון זיי.

חברה „משמורים״ איז געווען באַשטימט צו באַזוכן שפּיטאָלן און צעטיילן צווישן די קראַנקע טיי מיט צוקער. יעדן שבת און יום־טוב האָבן זיי אויך געהאַט אַ מנין אין יידישן שפּיטאָל.

„תפארת בחורים״ איז געווען די חברה פון געזעלן־יונגען. זיי פלעגן זיך צונויפקומען און פאַרברענגען מיט שמועסן און לערנען ווי דער שטייגער אַמאָל און זיך געהאַלטן יד אחת ווי ברידער.

חברה „תקון ספרים״, זיי האָבן איינגעבונדן ספרים פון בתי־מדרשים און געלייגט אַכט, אַז לערנערס זאָלן האָבן די ספרים אין גוטן צושטאַנד.

געווען אויך אַ חברה וואָס האָט געהאָלפן יידישע אַרעסטאַנטן, וואָס זענען געזעסן אין פלאָצקער תפיסה. די יידישע אַרעסטירטע, זענען געווען מערסטנס באַלעבאַטישע יידן וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט מיט שמוגלען אַ ביסל סחורה איבער די גרענעץ געגנטן. די חברה האָט איינגעאָרדנט

---

1) „פאָרויס״, יאַנואַר 1959

אַ מנין פאַר די אַרעסטירטע יידן אין יום־טובים, ובפרט ראש־השנה און יום־כפור.

די חברה „בקור־חולים" איז געווען איינע פון די עלטסטע אינסטי־טוציעס אין פלאָצק. די חברה איז געווען אַקטיוו, ווי ס'איז אונז באַקאַנט, אין דער צייט פון אַ מגפה אין דער געטא אין 1867.

די „גמילת חסדים" חברה איז געוואָרן געגרינדעט אין 1873. עס פעלן אָבער ידיעות וועגן איר טעטיקייט.

אויסער די „חברה חייטים", וועלכע האָבן אונז איבערגעלאָזן אַ פנקס, האָבן אַנדערע צעכן אויך געהאַט זייערע חברות. אַ געזעלשאַפט פון בעלי־מלאכות איז געגרינדעט געוואָרן אין 1869, וואָס איר צוועק איז געווען, געבן הילף דעם נויטליידנדן און קראַנקן (לתכלית תמיכת יד אחד מהם בעת ימוך ומטה ידו או כי יפול למשכב) [1].

אויך דער „מושב זקנים", איז פון די פרי געגרינדעטע אינסטיטו־ציעס אין שטאָט, ווו ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן אָרעמע אַלטע לייט אויף זייערע עלטערע יאָרן. די קהלה האָט די אינסטיטוציע אויסגעהאַלטן.

די גרינדונג פון יידישן שפּיטאָל, איז געווען אַ וויכטיק געשעעניש אין פלאָצק. דאָס שפּיטאָל איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1872 מיט די געלטער (30 טויזנט רובל) וואָס עס האָט איבערגעלאָזן פאַר דעם צוועק, דער גביר און נדבן יצחק פאגעל.

זיין זון גוסטאוו, האָט ערלעך דורכגעפירט זיין פאָטערס צואה און געלאָזט אויפבויען דאָס שפּיטאָל אויף דעם פאָטערס נאָמען. אַ שטאַרקן אינטערעס אין דעם אויפבוי פון שפּיטאָל, האָט געהאַט דער גובערנאַטאָר באַראָן וורַאנגעל. ער איז געווען אַ ליבעראַלער מענש און יידן־פריינט, און געטאָן טובות צו פלאָצקער יידן. פאַרן בוי פון שפּיטאָל, האָט דער גובער־נאַטאָר געשאָנקען דעם פּלאַץ צום בויען, און אויך דערמוטיקט צו זאַמלען געלט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג פאַר דעם צוועק. דער רב אין יענער צייט, ר' עזריאל אריה ראקאָווסקי, איז געווען אַן'אָפּטער אַריינגייער צום גובערנאַטאָר, און זיך ביי אים משתדל געווען פאַר זיין עדה יידן. אויס דאַנקבאַרקייט צום גובערנאַטאָר פאַר זיין הילף ביים בויען דאָס שפּיטאָל, האָט ר' עזריאל אריה מיט דער הילף פון זיין זון ר' דוב בער, דורכגעפירט אַן'אַקציע צווישן די פלאָצקער יידן און געשאַפן אַ יערלעכע סטיפּענדיום, אויפן נאָמען פון באַראָן וורַאנגעל, פאַר צוויי יידישע שילער פון דעם גימנאַזיום אין פלאָצק. זיי האָבן געזאַמלט 900 רובל, און די דאָזיקע מתנה אים צוגעטראָגן צו זיין געבוירנטאָג. די דאָזיקע טאַט פון רב, האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען צווישן די פלאָצקער יידן, ווייל

---

1) „המגיד", 4, 1869.

ס׳איז דאָס ערשטע מאָל, אַז דער רב פון שטאָט זאָל זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ „אפיקורסישער" זאַך. ווי געוויינלעך, האָט ער דערמיט אַרויסגערופן קאַמף און דיסקוסיע צווישן זיינע אָנהענגער און די חסידים [1].

דער שפּיטאָל איז געווען איינגעאָרדנט לויט די בעסטע באַדינגונגען פון יענער צייט. ער איז ערעפנט געוואָרן מיט 25 בעטן [2], און שפּעטער פאַרגרעסערט געוואָרן. דער שפּיטאָל האָט אויך געהאַט אַ גרויסן גאָרטן, צום נוצן פון די פּאַציענטן, ווען ס׳איז געווען דערלויבט אַרומצושפּאַצירן.

דער גאָרטן פון שפּיטאָל, איז מיט יאָרן שפּעטער, געוואָרן גענוצט דורך דעם חלוצישן קבוץ אין פלאָצק, פאַר אַגריקולטור צוועקן.

דער נייער בית־המדרש איז געוואָרן אויפגעבויט אין 1833, אַ דאַנק דעם נדבן מרדכי דאַנציקער. אין דאָזיקן בית־המדרש האָבן אין זייער יוגנט געלערנט שפּעטער, באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן. אויך נחום סאָקאָלאָוו האָט דאָרט געלערנט אין זיין יוגנט.

הונדערט יאָר שפּעטער, אין דעצעמבער 1933, זענען אין פלאָצק פאָרגעקומען פייערונגען לכבוד דעם הונדערט־יעריקען יובל פון בית־המדרש.

די עקזיסטענץ פון אַ גרויסע שוהל אין פלאָצק, ווערט דערמאָנט פון יאָר 1576, און אויך פון יאָר 1630 — אַז פלאָצק האָט אַ שיינע שוהל געבויט פון שטיין [3].

פון וויכטיקייט איז געווען די גרינדונג פון דער ת״ת אין פלאָצק אין יאָר תרכ״ח — 1868, דורך דעם נדבן סעגאַל. די ת״ת האָט אַריינגע־נומען אַלע אָרעמע קינדער פון שטאָט, וועמען ס׳איז שווער געווען צאָלן מלמדות געלט. כדי די תלמוד תורה זאָל זיך קענען אויסהאַלטן, האָט סעגאַל איבערגעלאָזן אַ הויז וואָס פון אירע הכנסות האָט מען געקענט אויפהאַלטן די ת״ת מיט וועלכער די קהלה האָט פאַרוואַלטעט.

די ת״ת איז אָפּט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן דורך די קהלה פאַר־וואַלטער: אַ קאָרעספּאָנדענט אין „המליץ" (24, 1880) באַקלאָגט זיך: הנערים ילכו יחפים קרועים ומטולאים ומדי פעם נפגשים בחוצות מבקשים נדבות מכל עובר גם המלמדים לא ידעו את המלאכה אשר לפניהם".

דער תלמוד־תורה איז אָפּט געווען אַן אָביעקט פון קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים. די חסידים האָבן נישט געוואָלט טאָלערירן קיין ענדערונגען אין אופן פון לערנען דאָרט.

דאָס אַלט־מאָדישע חדר האָט נאָך לאַנג אָנגעהאַלטן אין פלאָצק. ביס־לעכווייז זענען ענטשטאַנען מער מאָדערנע חדרים און מער פאסיקע מלמדים. ענדע 19־טן יאָרהונדערט, איז געגרינדעט געוואָרן אַ מאָדערנע

1) „המגיד", 22, 1869.
2) Slownik Geograficzny. 8.
3) ש. קרויס — תולדות בתי התפלה בישראל, נ. י. 1955.

שולע אויף דער זדונסקא גאַס, אָנגעפירט פון לערער יעזשאַמבעק, ווו ס׳האָבן געלערנט אַרום הונדערט יינגלעך.

פיל יידישע יוגנטלעכע, זין פון פאַרמעגלעכע עלטערן, האָבן זיך געלערנט אין די רוסישע גימנאַזיעס אין פלאָצק.

שפּעטער, איז ענטשטאַנען דער „חדר מתוקן״, ווו מ׳האָט געלערנט אויף אַ מער פאָרגעשריטענעם וועג, האָבנדיק אין לער־פּראָגראַם אויך אַ טייל אַלגעמיינע למודים.

אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג, איז די ענטשטייאונג פון חדר „מזרחי״, געווען אַ ווייטערער שריט פאָרויס. אויסער די לאַנד־שפּראַך, איז בעיקר העברעאיש געווען דער הויפּט־למוד. עס האָט אויך געהאָלפן איינוואָרצלען ביים קינד די ליבע צו ארץ־ישראל.

דאָס חדר איז געווען דער איינציקער פּלאַץ וואָס איז געווען דער אָנהויב פון גייסטיקער שפּייז אין די קינדער יאָרן. אינטערעסאַנט וואָס מענטשן פון עלטערן דור, דערציילן וועגן חדר אין פלאָצק פון אַן ערך זיבעציק אָדער אַכציק יאָר צוריק — די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

עס דערציילט אַ בן־עיר: ווען כ׳בין געוואָרן פיר יאָר אַלט, האָט דער טאַטע באַשלאָסן, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צייט פאַר מיר צו ווערן אַ איד און מיך געפירט אין חדר אַריין.

מיין ערשטער חדר איז געווען, אין אַזוי גערופענעם „רביס פאָד־וועזש״. דאָרט האָב איך אָפּגעלערנט פיר יאָר. פון דאָרט האָט מען מיך געפירט לערנען חומש צו אַ צווייטן רבין. מיין חומש־רבי ליגט מיר גוט אין די ביינער. אַ קליין דאַר מענטשל מיט אַ שיטער בערדל, וואָס זעט זיך אויס ווי אַ חלוש וואָס דערהאַלט קוים די נשמה, — אָבער אַז ס׳איז געקומען צו לערנען תורה, האָט ער געלערנט מיט אייזערנע צוואַנגען, — אַזוי זענען געוואָרן זיינע דאַרע הענטלעך ווען ער האָט גאַדאַרפן געבן צו פאַרשטיין אַ פסוק. אַז זיינע פינגער האָבן זיך צוגעדריקט צו אַן אויער, זענען רויטע פינגער־אָפּדרוקן געבליבן פאַר אַ לאַנגע צייט.

ער האָט נישט געגלויבט אין דערלאַנגען פעטש, — ווייל וואָס איז אַ פּאַטש? ווי לאַנג קען מען געדענקען אַ פסוק מיט אַ פּאַטש?

ער האָט געהאַט זיין מעטאָדע פון קנעלן. גענומען האָט ער אַן אומשולדיקע פּאַטשיילע וואָס דאַרף דינען דער נאָז, דאָרט האָט ער אַריינגעלייגט אַ שטיין, עס איינגעדרייט ווי אַ נאַגייקע און דערמיט גע־האָלפן עפענען אונזערע קעפּ פאַר תורה.

אין זעלבן חדר האָט געלערנט אַ יינגל גרונם, זיין פּאָטער איז געווען אַ וואַטע־מאַכער, האָט דאָס יינגל געבראַכט אין חדר אַ שטיק

וואַטע. ווען דער רבי איז אַרויס פון חדר פאַר אַ שעה צייט, — דאָרט אַהין, ווו דער קיסר גייט אויך — האָבן מיר פונאַנדערגענומען די פאַטשיילע, אַרויסגענומען דעם שטיין, אַריינגעלייגט די וואַטע במקומו און צוריק פאַרפלאָכטן די פאַטשיילע.

אַז דער רבי איז געקומען צוריק, און ווידער גענומען לערנען, — פאַרשטייט זיך, בעזרת הפאַטשיילע וועלכע האָט געטאָן איר מלאכה, — זענען מיר, יינגלעך, צעזעצט געוואָרן פון געלעכטער.

פאַר אַ פאָר טעג, איז אין חדר געווען אַ מחיה, ביז דער רבי האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען.

פעלן דען שטיינער אין הויף? ווי אַזוי קען מען לערנען מיט וואַטע?

ווען די נעכט זענען געוואָרן גרויס, האָבן מיר געלערנט ביים שיין פון ליכט. יעדעס יינגל האָט געדאַרפן ברענגען אַ קאָפּיקע און פאַר דעם געלט האָט דער רבי געקויפט ליכט.

יעדן אָוונט האָבן געברענט צוויי ליכט ביי יעדע עקן טיש. אַזוי לאַנג ווי די ליכט האָבן געברענט אַזוי לאַנג האָט מען געלערנט.

מיר יינגלעך, זענען שוין געווינט געווען צו לערנען אַ פשט, האָבן מיר געלערנט, אַז ווען די ליכט זענען קלענער, ברענען זיי ווייניקער, און אַז זיי ברענען ווייניקער, לערנט מען ווייניקער, און אַז מ׳לערנט ווייניקער, גייט מען אַהיים פון חדר פריער.

מיט אונז האָט געלערנט אַ יינגל משה, זיין פאָטער איז געווען אַ בלעכער, געוווינט אין אייזערנעם טויער. דער משה איז געווען דער עלטסטער פון אַלע קינדער, ער איז אויך געווען דער קליגסטער, דערפאַר האָט ער געקראָגן געשלאָגן מער פון אַלע. ברענגט איינמאָל משה אין חדר אַריין קליינע מעסערלעך, געמאַכט פון בלעך, די מעסערלעך האָט ער איינגעטיילט די יינגלעך און זיי געוויזן ווי אַזוי קירצער מאַכן די ליכט, ווען מען שנעלער קענען אַהיימגיין.

אַז דער רבי האָט דאָס אויסגעפונען, איז ניט נאָר וואָס ער האָט אונז מקיים פסק געווען אויפן אָרט, נאָר אויך געוואָרנט אונז וואָס עס ערוואַרט אונז אויף יענער וועלט... ער האָט אונז אין פייערדיקע ווערטער אַוועקגעשטעלט דאָס בילד פון גיהנום פאַר די אויגן. דעם אָוונט, האָבן מיר מורא געהאַט אַהיימצוגיין, איבער די פינסטערע גאַסן און הויפן, וואָס זענען פול מיט שדים, גרייט אונז איינצושלינגען פאַר קורצער מאַכן די ליכט און מבטל זיין דאָס לערנען תורה.

מיין חבר׳ל משה, האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ און אָפט געשטעלט דעם רבין קשיות. לערנענדיק פרשת נח, האַלטנדיק ביים פסוק: וירד

ה׳ לראות את העיר ואת המגדל אשר בנו בני האדם — פרעגט משה׳לע דעם רבין: פאַרוואָס, רבי, האָט גאָט געדאַרפט אַראָפּנידערן צו זען די שטאָט, גאָט האָט ניט געקענט זעען די שטאָט פון הימל?

אַז דער רבי האָט דאָס דערהערט, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ רציחה, און מיט אימפּעט צוגעלאָפן צו משה׳לען, אים אָנגעכאַפּט בייביידע אויערן און גענומען רייסן ביז בלוט. נאָכדעם אים אַרויסגעוואָרפן פון חדר.

דעם צווייטן טאָג, קומט משה׳לעס פאָטער און מוטער אין חדר אַריין, און גענומען שרייען אויפן רבין.

דער רבי האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער וואַקסט אַ שגץ און ער דאַרף קריגן געשלאָגן.

משה׳לעס פאָטער איז געוואָרן זייער אויפגערעגט. ער איז צו צום רבין, אים אָנגעכאַפּט ביי דער באָרד און מיט דער צווייטער האַנט אים געוואָלט דערלאַנגען אַ פּאַטש.

זיין האַנט האָט זיך אָבער אַראָפּגעלאָזן און ער האָט עס נישט געקענט טאָן. פאַרט אַ יידיש האַרץ.

שפּעטער, האָט דער רבי דערציילט זיינע שכנים, פון דעם נס וואָס אים איז געשען, און אַז אַ מלאך פון הימל האָט משה׳לעס פאָטער אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, אין אים גערעטעוועט פון געהרגעט ווערן.

אַ צאָל פּלאָצקער יידן האָבן זיך באַרימט געמאַכט איבער דער וועלט. צווישן זיי איז געווען גוסטאַוו לעוויטע, דער לערער פון געזאַנג אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. ער איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק אין 1855, און פאַרענדיקט זיין שטודירן אין ווינער קאָנסערוואַטאָריע. פון דאָרט פאָרט ער קיין פּאַריז, ווו ער שפּילט אין דער גרויסער ארקעסטער "Pas De Loup" ער איז געווען מוזיק לערער פון דער פירשטין דאמלענסאן, די שוועסטער פון דער עסטרייכישער קעניגן. אין 1885 ווערט ער איינגעלאַדן קיין ווין צו שפּילן פאַר קארל לודוויג, דעם קייסערס ברודער, און געבן אַ קאָנצערט אין „בערזענדארפער האל״. ער מאַכט רייזעס קיין אַמעריקע און טרעט אַרויס אויף קאָנצערטן אין גרעסערע שטעט. ער האָט אויך געגעבן אַ קאָנצערט פאַר דעם בראַזיליאַנישן קעניג, דאָן פּעדראָ. דער קעניג איז געווען זער גערירט פון זיין שפּילן. צוריק־קערנדיק זיך פון אַמעריקע קיין פּוילן, איז ער אויפן וועג אין פּאַריז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין יאָר תרמ״ט.

אַ צווייטער באַרימטער פּערזענלעכקייט איז געווען אליעזר ראָזנטאַל. אַ ביבליאָגראַף און באַזיצער פון אַ גרויסער רייכער ביכער־קאָלעקציע. ער איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק ד. 14 אַפּריל 1794.

זיין ביבליאָטעק אין האנאָווער, דייטשלאַנד איז געווען בארימט, אַזוי ווי אין דער ערשטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, און געוואָרן די גרעסטע העברעאישע ביבליאָטעק אין דייטשלאַנד.

ער האָט פאַרפאַסט אַ ביבליאָגראַפיש ווערק „יודע ספר" ווו ס'ווערן אָנגעגעבן 2530 ספרים, וועלכע זענען דערשינען נישט שפּעטער ווי 1857. אַ קאַטאַלאָג פון 2 בענדער, וואָס ענטהאַלט דעם העברעאישן טייל פון ראָזנטאַל'ס ביבליאָטעק איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1875.

ראָזנטאַל'ס ווערטפולע ביבליאָטעק, איז יעצט אַ טייל פון אַמסטער־דאַמער אוניווערסיטעט ביבליאָטעק.

אַ אָנהענגער פון מענדעלסאָנס רעפאָרמען און קעמפער פאַר השכלה אין פלאָצק, איז געווען ד"ר זיגמונד פערקאַל. ער איז געבוירן געוואָרן אַרום די דרייסיקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט. אין 1852 איז ער אָנגעקומען אין דער וואַרשעווער ראַבינער־שולע, און נאָכן ענדיקן די שולע, האָט ער גענומען שטודירן מעדיצינישע וויסנשאַפטן. נאָכן ענדיקן דעם מעדיצינישן פאַקולטעט האָט ער זיך אומגעקערט קיין פלאָצק און דאָרטן לאַנג פּראַקטיצירט אַלס מעדיקער, געניסנדיק סימפּאַטיע ביי דער גאַנצער שטאָט און אומגעגנט. ער איז געווען הויפּט דאָקטאָר פון יידישן שפּיטאָל אין פלאָצק. אַ צייט איז ער געווען פאָרזיצער פון פלאָצקער מעדיקער פאַרבאַנד. ער איז געווען אַקטיוו אין די השכלה קרייזן אין פלאָצק. געשטאָרבן איז ער יונג, אין עלטער פון עטלעכע און פערציק יאָר. ער איז געווען באַליבט אין שטאָט, ביי יידן און קריסטן צו גלייך. צו זיין לויה זענען געקומען אַנ'ערך צען טויזנט מענשן.

אין שפּיץ פון דעם השכלה־קרייז אין פלאָצק, איז געשטאַנען דער רייכער סוחר יוסף פרענקעל. ער איז געשטאָרבן אין 1873. ער איז געווען באַליבט אין שטאָט. דער רב ר' עזריאל אריה, וועלכער האָט אים מספּיד געווען, האָט אים באַצייכנט ווי „איינעם וועלכן מ'געפינט זער זעלטן אין אונזערע צייטן". ער האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן, אַז וויסן און אַלגעמיינע לערע זאָל ווערן פאַרשפּרייט צווישן פלאָצקער יידן. ער האָט פיל משפּיע געווען אין דעם וווקס פון דער השכלה־טעטיקייט אין פלאָצק.

צווישן די השכלה־טוער, איז אויך געווען ד"ר פיליפּ לובעלסקי, ועמען מיר דערמאַנען פריער.

צווישן די חשובי העיר איז געווען יצחק הכהן נאַשעלסקער. ער האָט געוווינט אין פלאָצק דרייסיק יאָר און דאָרט געשטאָרבן אין 1869. ער איז נישט נאָר געווען געשעצט צוליב זיינע גוטע מעשים פאַר די יידן אין שטאָט, — ער איז געווען רעספּעקטירט פאַר זיין ברייטן וויסן, זייענדיק באַהאַוונט אין פילאָסאָפיע, געשיכטע און קענער פון פיל שפּראַכן.

צווישן די פּלאָצקער, וואָס זענען אַוועק אין דער גרויסער וועלט און זיך אויסגעצייכנט אין זייער טעטיקייט צווישן יידן, איז געווען פאביאַן ש. (שרייבער) הלוי, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין אַרגענטינע. אין 1898 איז ער געוואָרן רעדאַקטאָר פון „פאָנאָגראַף", און אין 1915 אויך רעדאַקטאָר פון „טאָג" אין בוענאָס-איירעס. ער איז געווען אַ תלמיד ביים פּלאָצקער רב ר' עזריאל אריה ראַקאָווסקי, וועלכער האָט אין אים איינגעפלאַנצט ליבע צו יידיש וויסן. ער האָט אויך שטודירט אין פּלאָצקער גימנאַזיום, און צווישן זיינע לערער איז אויך געווען א. י. פּאַפּיערנאַ. אין אַרגענטינע איז ער געווען צווישן די ערשטע יידישע לערער אין די איק"א שולן פון ענטרא-ריאָס און פון בוענאָס-איירעס.

די יידישע שפּראַך אין זיין „פאָנאָגראַף", איז געווען אַ דייטשמעריש-יידיש. אַ גרויסן פּלאַץ האָט דאָרט פאַרנומען ציוניסטישע אויפקלערונג. אין „טאָג" האָט ער געשריבן פּאָליטישע אַרטיקלען און געמאַכט איבער-זעצונגען. ער איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער אין בוענאָס-איירעס.

ווי אַ רעזולטאַט פון דער השכלה טעטיקייט, האָבן יידישע עלטערן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין פּלאָצקער גימנאַזיע, — מיט בערך הונדערט יאָר צוריק. אין „המליץ" פון 1878 לייענען מיר, אַז מיט זעקס יאָר צוריק, ד. ה. אין 1872, האָבן זיך געפונען ניין יידישע שילער אין דער גימנאַזיע, אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 57 שילער. (אגב, אין יאָר 1883 זענען אין פּלאָצק געווען 11,363 קאַטאָליקן, 7,633 יידן, 873 פּראַוואָסלאַוון און 765 פּראָטעסטאַנטן) [1].

די יידישע שילער פון 8-טן קלאַס גימנאַזיע, וואָס זענען געווען אויפן שוועל פון אַריינטרעטן אין אוניווערסיטעט, האָבן זיך געוואָנדן צום רעדאַקטאָר פון „המליץ", ער זאָל זיי אינפאָרמירן, צי ס'איז ריכטיק דער קלאַנג, אַז נאָר שילער מיט „שלאַכעצקע" צייגנישן, וועלן קענען פאָרטזעצן זייער לערנען אין די הויך-שולן. אויב דאָס זאָל זיין ריכטיק, באַקלאָגן זיי זיך, וועלן זיי נישט האָבן די מעגלעכקייט „לראות אור הדעת בעצם זהרו".



פּאָגראָמען, נגישות, בלוט-בלבולים, זענען נישט געווען קיין זעלטנ-הייט אין דער געשיכטע פון פּלאָצקער יידן. דער ערשטער פּאָגראָם וואָס איז אונז באַקאַנט, איז געווען אין 1534, ווען אַ באַנדע פּלאָצקער שילער און געזעלן האָבן זיך אַריינגעריסן אין יידישע וווינונגען און אין שול, צעבראָכנדיק פענסטער און טירן.

1) Słownik Geograficzny, 8,

אַ בלוט־בלבול־פּראָצעס, איז געשען אין 1556, און אין רעזולטאַט האָט מען געהאנגען דריי אומשולדיקע יידן. מ׳האָט אפילו נישט דערלויבט די קרבנות מקבר צו זיין. ערשט זיבן חדשים נאָך דער תליה, האָט דער קעניג אינטערוועניִרט ביים מאגיסטראַט און סטאַראסטאַ, און ס׳איז דער־לויבט געוואָרן די אומגעקומענע ברענגען צו קבר ישראל.

אַ פאַל פון אַ צוזאַמענשטויס צווישן יידן און פּאָליאַקן, איז פאָר־געקומען אין 1884, („המליץ״, 90, פון זעלבן יאָר) ווען מ׳האָט געפירט צו קבורה יידן אויפן וועג צום בית־עלמין.

עס איז געשטאָרבן אין עלטער פון 98 יאָר, דער ייד אַלשעוויץ, אַ אָנגעזעענער תושב פון פלאָצק. פיל יידן האָבן זיך באַטייליקט אויף זיין לויה. דער וועג צום בית־עלמין האָט דורכגעשניטן אַ פעלד וואָס יידן האָבן געהאַט אין אַרענדע פּערציק יאָר.

פלוצלונג באַווייזן זיך צוויי קריסטלעכע „פּאַנעס״ מיט זייערע אונטערטעניקע פּויערים, און לאָזן נישט די לויה מיטן ארון דורכגיין דאָס פעלד, טענה׳דיק, אַז דאָס פעלד איז זייערס. די יידישע מלוים האָבן זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט און מיט כוח געפּרווט דורכשלאָגן אַ וועג. ערשט דעמאלסט, זענען די פּויערים אָנגעפאַלן מיט שטיינער אויף די יידן, און פאַרוואונדעט אַ דרייסיק מלוים, וועמענס בלוט האָט גערונען אויפן פעלד. ווער ווייס, מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט, ווען נישט דער פּאָליציי־מייסטער און זיינע מענשן.

דער גובערנאַטאָר, וואָס איז געווען פריינטלעך צו יידן, האָט געמאַכט אַ פאָרוואורף דעם בירגערמייסטער, פאַר זיין זיצן אין הויז און נישט גיין באַגלייטן אַזאַ חשובן פאַרשטאָרבענעם איינוווינער פון שטאָט. ווען ער, — דער גובערנאַטאָר — וואָלט דערפון געוווסט פריער, וואָלט ער אַליין געגאַנגען מלוה זיין דעם מת, — האָט זיך אויסגעדריקט דער גובערנאַטאָר. די „פּאַנעס״ האָט ער פאַראָרדנט צו מאַכן אַ ברייטן וועג אין פעלד וואָס זיי האָבן גענומען אין אַרענדע — און אויב זיי וועלן נישט אויספילן זיין באַפעל, וועלן זיי האָבן אַ מיאוסן סוף.

די וואָס האָבן געשטערט די לויה און געוואָרפן די שטיינער, זענען געבראַכט געוואָרן פאַרן פרידנס־געריכט און זיי זענען פאַראורטיילט געוואָרן אויף צוויי וואָכן אַרעסט.



# יצחק גרינבוים

## די „הזמיר" ביבליאָטעק, דער אָנהויב פון ציוניזם.

אַ ברויזנדיק געזעלשאַפטלעך לעבן האָט געפירט יצחק גרינבוים אין פוילן. געהאַט פיל אָנהענגער און קעגנער. ער איז געווען פון די זעלטענע פירער אין פוילישן יידנטום, וואָס האָט דעם קאַמף פאַר יידישע רעכט אין פוילן אַרויפגעפירט אויף אַ נייעם שליאַך, דעם קאַמפּס־וועג פון אַ מוטיק שטאָלץ פאָלק, וואָס פאָדערט זיינע רעכט אָן שום קאָמפּראָמיסן. אינטערעסאַנט, אַז גרינבוים, דער אַטעאיסט און קעמפער קעגן רעליגיעזן איינפלוס אין יידישן פּאָליטישן לעבן, איז אַן אייניקל פון חוזה מלובלין.

אַ לאַנגער וועג פון קאַמף און געראַנגל פאַר דער אידייע און נשמה פון ציוניזם, איז דער לעבנס־וועג פון גרינבוים׳ען, דעם ערשטן אינערן מיניסטער פון מדינת ישראל, — פון דער צייט ווען ער האָט זיין ערשטע ציוניסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין פּלאָצק, זייענדיק אַ שילער אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון דער ערשטער יידישער ביבליאָטעק אין פּלאָצק אין 1896, וועלכע איז געווען פון די ערשטע יידישע ביבליאָטעקן אין פוילן.

גרינבוים באַצייכנט די ביבליאָטעק, ווי זיין „ערשטן אויפטו". אין יענע צייטן, אונטער די צאַרישע באַדינגונגען, איז נישט געווען אַ לייכטע זאַך צו באַקומען אַן ערלויבעניש. מ׳האָט עס געקענט לעגאַליזירן נאָר אַלס פּריוואַטע אונטערנעמונג. די ביבליאָטעק איז געוואָרן אַ וויכטיקע באַזע פאַר יוגנט אין שטאָט, צו ליינען און זיך אָנזאַפּן מיט וויסן און אויך ווי אַ צענטער פאַר דיסקוסיעס און פאַרזאַמלונגען, כאָטש זיי זענען פאָרגעקומען אומלעגאַל. מיט דורשט האָט זיך געכאַפּט צו דער ביבליאָטעק די יוגנט פון אַלע שיכטן, ובפרט די בית־המדרש בחורים. ביי דער ביבליאָטעק איז אויך געווען אָפן אַ לעזע־זאַל. אַ ריי גלגולים האָט די ביבליאָטעק דורכגעמאַכט, זי איז אָבער געווען די אינסטיטוציע אויף וועלכער עס האָבן זיך דערצויגן דורות יוגנטלעכע. די ביבליאָטעק איז געווען אַ ווענד־פּונקט אין זייער גייסטיקער צוקונפט.

שפּעטער, האָט די ביבליאָטעק באַקומען דעם נאָמען „הזמיר". גרינבוים, עראינערנדיק זיך וועגן דער ביבליאָטעק, שרייבט: „נישט פאַרלוירן איז געגאַנגען מיין ערשטער אויפטו. אונטערן איינדרוק פון אַ אומעטיקן האַרציקן נגון, פון אַ ציוניסטישע דרשה, וואָס האָט צו אונז געבראַכט די בשורה פון גרויסע האָפנונגען, פון אַ גוואַלדיקן פאַרמעסטן זיך, פון אַן אָנהויב פון אַ העלדישן און שווונג־פולן ראַנגלען זיך, איז

די ביבליאָטעק געשאַפן געוואָרן. דורכגעטראָגן איז ער געוואָרן דורך פייער און פלאַם, דורך טרערן און בלוט, דורך האָפנונג און יאוש, אין יעדער תקופה, צו יעדער צייט, דערפילנדיק זיין אויפגאַבע".

יצחק טוביה אַלטמאַן, איז געווען אַ זייגערמאַכער, — אַ קולטורעלער מענש און אַקטיווער געזעלשאַפטלער. ער האָט אָנגעשריבן אַ ביכל „איין טאָג פלאָצקער סוחר", אונטערן פסעוודאָנים „אני". פאַר אַ צייט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ פלאָצקער אויסגאַבע „דאָס פלאָצקער לעבן". ער איז געווען צווישן די גרינדער פון דער ביבליאָטעק. אין זיינע זכרונות שרייבט ער וועגן גרינבוים'ס ראָלע ביים גרינדן די ביבליאָטעק:[1]

„אייניקע פון אָט דער גרופּע שילער, וואָס איז געוואָרן מיטגעריסן מיטן נאַציאָנאַלן שטראָם, וועלכע האָבן זיך געלערנט אין די העכערע קלאַסן פון רוסישן גימנאַזיום, גרינדן דעמאָלסט די ערשטע יידישע ביבלי־אָטעק אין פלאָצק. צווישן די דאָזיקע גימנאַזיסטן איז געווען איינער, וואָס ער מעג מיט רעכט, פאַררעכנט ווערן אַלס די טרייב־מאַשין פון דער גאַנצער אונטערנעמונג. אַן ערנסטער, אַנ'ענערגישער און אַנ'איבערגעגע־בענער צו דער זאַך, האָט ער מער פאַר אַלע איבעריקע פאַר איר געאַרבעט, מער פאַר אַלע איבעריקע זיך באַשעפטיקט מיט אירע ענינים, און מיט זיין טעטיקייט געדינט ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע, וואָס זענען אַלץ מער צוגעקומען און געהאָלפן רעאַליזירן זיין געדאַנק. דאָס איז געווען דער היינטיקער גוט באַקאַנטער סיים־דעפּוטאַט און פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן — יצחק גרינבוים".

„מען איז געגאַנגען איבער די שטובן פון אינטעליגענטן און געבעטן געלט, ביכער, ספרים פאַר דער ביבליאָטעק. מענשן געדענקען, ווי גרינבוים איז צו זיי אַריינגעקומען, געזאָגט זיין פאַרלאַנג, דערנאָך צוגעגאַנגען צו דער ביכער־שאַנק, אויסגעזוכט ביכער, וואָס קענען זיין נוצלעך פאַר „זיין" ביבליאָטעק און געבעטן רחמים זיי צו שענקען צו דעם צוועק".

גרינבוים, אין זיינע זכרונות פון דער צייט ווען די ביבליאָטעק איז געשאַפן געוואָרן דערציילט אונז:

„איך געדענק די ערשטע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'איז באַ־שלאָסן געוואָרן צו עפענען אַ יידישע ביבליאָטעק און צו אָרגאַניזירן אַ ציוניסטישע אגודה. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין בית־המדרש וואָס האָט געהערט צו דער משפחה פישמאַן".

„ווער האָט צונויפגערופן די פאַרזאַמלונג, ווער האָט געפונען די צוקונפטיקע חברים, איז מיר אַרויס פון זינען. איך געדענק נאָר, אַז איך

[1] „הזמיר" יובילעאום אויסגאבע, פלאצק, 1926.

בין געווען צווישן די אינציאַטאָרן און צוגעגרייט אַ העברעאישע רעדע. דער צווייטער, אָדער אפשר גאָר דער ערשטער, איז געווען אהרן בעקער, אַ ייד פון דער ליטע, וואָס האָט געפלעגט קומען מיט זיין פאָטער און דער גאַנצער משפחה, זיינע און זיין פאָטערס, קיין פלאָצק יעדן פרילינג, געפּאַכט אַ פעלד אונטערן שטאָט, געאַקערט און געזייט גרינס. דערפון האָבןביידע משפחות געצויגן חיונה אַ גאַנץ יאָר. עטלעכע יאָר איז עס אַזוי געגאַנגען, ביז ביידע פאַמיליעס זענען געבליבן אין פלאָצק אויף שטענדיק, און אהרן בעקער, אַ משכיל און אַ בן־תורה, איז געוואָרן דער פירער פון דער ציוניסטישער יוגנט. ער האָט דאָס, וואַרשיינלעך, געבראַכט די בית־המדרש בחורים, וואָס האָבן שוין געגאַשט פון השכלה און זיך געריסן אין דער פרייער וועלט״.

„פאַר דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג, איז געווען אין פלאָצק אַ ציוניסטי־שער מטיף. איך בין געגאַנגען אים הערן. צום ערשטן מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַ ציוניסטישע דרשה פאַרן פאָלק. איר אינהאַלט האָב איך פאַרגעסן, אָבער געבליבן איז מיר אין זכרון דער ניגון פון דעם רעציטאַטור, צו וועלכן דער מטיף איז תמיד איבערגעגאַנגען, ווען ער האָט דערציילט אַ משל אָדער אַן אגדה. דער דאָזיקער ניגון איז פאַר מיר געווען ווי אַ דרשה. ער איז אַריינגעדרונגען אין מיין האַרץ, וואָרום ער איז געווען פאַר מיר כולו בענקעניש״.

„דער פאָרשלאָג צו גרינדן אַ ביבליאָטעק, האָב איך געמאַכט. אין מיין רעפעראַט האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אויף די בית המדרש בחורים, וואָס רייסן זיך אַרויס פון זייערע ד׳ אמות און זוכן אַ וועג אין לעבן. די ביבליאָטעק דאַרף זיי קומען צו הילף מיט אירע ביכער פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. זי וועט זיי אָנווייזן דעם נייעם וועג פון אויפ־לעבנדן יידישן פאָלק אין די צענטערן פון גלות, און אין נייעם יידישן ישוב אין א״י, ווו זי איינוואָרצלט זיך און וואַקסט אויפסניי. דאָס אַלץ האָב איך טאַקע געשעפּט פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. מיינע ווערטער און פאָרשלאַגן, זענען אויפגענומען געוואָרן פון די צוהערער מיט ענטוזיאַזם״.

עס איז אין יענע צייטן נישט געווען קיין לייכטע זאַך צו באַקומען אַן ערלויבעניש אויף אַ ביבליאָטעק בכלל, און אַ יידישע בפרט. אין וואַרשע האָבן עקזיסטירט דעמאָלסט צוויי יידישע ביבליאָטעקן, ביי דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס און ביי דער חברה פון יידישע „סוביעקטן״, ווי מ׳האָט אָנגערופן ביורא־אַרבעטער. עס איז געווען קלאָר, אַז מיר וועלן נישט באַקומען קיין ערלויבעניש אויף אַ ביבליאָטעק ביי דער ציוניסטישער אַגודה, וועלכע מיר האָבן געוואָלט גרינדן. אדרבא, די ביבליאָטעק האָט

געמוזט דעקן די אגודה. דער ציוניזם איז דעמאלסט קוים געדולדעט געוואָרן מ׳האָט זיין אָרגאַניזאַציע נישט לעגאַליזירט די גאַנצע צייט, ביז צו דער רעוואָלוציע פון 1917, אָבער גערודפט נאָר פון צייט צו צייט. די פּאָליטישע פּאָליציי האָט געהאַט אַ דירעקטיווע נישט צו רודפן די ציוניסטן, אָבער ניט אַראָפּלאָזן פון זיי קיין אויג. מ׳האָט געהאַט אין פּאָליציי דעפּאַרטמענט געהאָפּט, אַז דער ציוניזם וועט אָפּווענדן די מאַסן פון רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, אָבער נישט אויפגעהערט זיי חושד צו זיין, אַז באַזונדערס מיט זייער קולטור און ערציונגס־אַרבעט גיסן זיי וואַסער אויף די רעוואָלוציאָנערע מילן. אין דער הינזיכט, האָט די פּאָליטישע פּאָליציי נישט געהאַט קיין טעות. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען אויפגעוואַקסן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען. דער הויפּט אויפמערקזאַמקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געצילט געווען אויף ארץ־ישראל, און זי האָט באַמיט זיך צו געפינען ביי די הויפּט־מאַכטן סימפּאַטיעס פאַר אירע פּלענער, אָבער זי האָט נישט געקענט זיין גלייכגילטיק צו דער אַנטי־יידישער און פּאָגראָמען פּאָליטיק פון דער רעגירונג אין רוסלאַנד״.

„די ביבליאָטעק האָט מען געקענט גרינדן בלויז אויף אַ פּריוואַטן נאָמען פון אַ מענשן, אויף וועלכן עס קען נישט פאַלן דער מינדסטער חשד. און אַזאַ מענש האָט זיך געפונען, דאָס איז געווען טאַקע טוביה פישמאַן אַליין, אין וועמענס בית־מדרש מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אונזער פאַרזאַמלונג. ער איז געווען אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, ווי מען זאָגט, לאַנג געקליידט, אָבער נישט חסידיש. ער איז געזעסן שטיל און צוגעהאָרכט זיך צו די רעדעס. ווען ער האָט געזען אונזער פאַרלעגנהייט, איז ער אויפגעשטאַנען און געזאָגט אַז ער איז גרייט אונטערצושרייבן די בקשה. די בקשה איז באַשטעטיקט געוואָרן, און מיר האָבן געעפנט די ביבליאָטעק. יעדער האָט געבראַכט פון זיינע ביכער. איך האָב צוגעשטעלט מיינע העברעאישע ביכער און די לעצטע ביכער וואָס זענען געבליבן ביי מיין פאָטער פון דער ביבליאָטעק פון דער „חברה לחכמה ותושיה״, וועלכע ער האָט געגרינדעט אין פּלאָנסק אין זיינע יאָרן. זי האָט געשמ׳ט אַלס „קאַלאַקאַטקע״, און צוזאַמען מיט איר „חדר״ פאַר וועלכן ס׳איז אַראָפּ־געבערענגט געוואָרן פון דער סוּוואַלקער געגנט אַ גרויסער תלמיד חכם און משכיל ר׳ חיים פיליפּאָווער, איז זי געוואָרן אַ צענטר פון לומדות און השכלה אין דעם שטעטל און געגנט״.

„ביי דער זעלבער פאַרזאַמלונג, האָבן מיר געגרינדעט אַ ציוניסטישע אגודה און איר געגעבן אַ נאָמען „מזכרת שמואל״, לכבוד הרב שמואל מאָהאָליווער, וועלכער האָט דעמאלט געשמ׳ט מיט זיין ציוניזם און זיין

קאַמף מיט זיינע רעליגיעזע קעגנער. נאָר געציילטע רבנים, האָבן צו יענער צייט געוואָגט צושטיין צום ציוניזם. אין קאָנגרעס פּוילן איז געווען בלויז באַקאַנט דער רב קאָוואַלסקי פון וולאָצלאַוועק. אין ליטע איז געווען פיל לייכטער".

„עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזירטע אַרבעט. פון די יונגע לייט וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער אגודה, געדענק איך בלויז אייניקע נעמען. איינער איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון, צוליב זיין פריען טויט און גרויסע פעאיקייטן — גאָלדקאָרן. ער איז געשטאָרבן אין מלאַווע, ווו ער איז געוואָרן אויפגענומען אַלס לערער ביי אַ רייכער פאַמיליע. עס איז געווען צווישן אונז אַ שלאָסער־אַרבעטער מיטן נאָמען מרדכי קאָשערקעוויטש, וואָס האָט ביי מיר גענומען העבּרעאישע ביכער צום לעזן. ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, און מיט זיין פרוי האָב איך מיך געזעען ביי מיין ערשטן באַזוך אין ניו יאָרק. ער אַליין איז געווען פאַרנומען. נאָך אייניקע, ווי זוסמאַן, גראַבאַרד געדענק איך. באַזונדערס דעם גימנאַזיסט גאָלדע, איינעם פון דער משפּחה גאָלדע וואָס פערדינט אַ גאַנץ בעזונדערע אָפּהאַנדלונג".

„די ביבליאָטעק איז אַריבער פון האַנט צו האַנט, פון פּאַרטיי צו פּאַרטיי. עס האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אין פּלאָצק אַ נייער נגון. ווי אין פּרצ׳עס נאָוועלע איז ער געזונגען געוואָרן פון אַלץ נייע זינגער, וואָס האָבן צוגעגעבן אַ נייעם טאָן, אַ נייעם קנייטש, אָבער דאָס איז געווען דער זעלבער נגון, דער זעלבער מאָטיוו און גרונט. ער האָט גע־הילכט ביז די יידישע קהלה האָט אויסגעהויכט איר נשמה ביי דעם אומקום פון גאַנצן פּוילישן יידנטום, אין די צייטן פון די דייטש־נאַציסטישע מערדערייען".

אין דער ביבליאָטעק זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס ווו ס׳איז אָנגעגאַנגען דער אידייאישער קאַמף. די פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אומלעגאַל. צווישן די ביבליאָטעק־טויער, איז אין די צאַרישע צייטן אויך געווען אַנ׳„אַזעוו", אַ פּראָוואָקאַטאָר. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליציי איז געווען געענוי אינפאָרמירט פון אַלעס וואָס קומט פאָר אין דער ביבליאָטעק און „ווער איז ווער". ס׳זענען פאָרגעקומען אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען און ביי אַזעלכע אומשטענדן איז פון צייט צו צייט די ביבליאָטעק געווען געשלאָסן, עד יעבור זעם.

איינער פון די אַקטיווסטע אין דער ביבליאָטעק טעטיקייט איז געווען דער, דורך גרינבוימען דערמאָנטער, מרדכי קאָשערקעוויטש, אַנ׳אַרבעטער ביי סאָרנען אין דער אייזן־פאַבריק, אַ ענערגישער, ציל־באַוווסטער און גוטער רעדנער, וועלכער האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם

אויפקלערונגס־פעריאָד, ביז ער איז געווען געצוווּנגען צוליב זיין טעטיקייט, ווערנדיק פאַרפאָלגט פון דער מאַכט, צו פאַרלאָזן פלאָצק.

דער לעזער עלעמענט האָט זיך אין פאַרשידענע צייטן געביטן. ס'איז געווען דער שטורעם און דראַנג פעריאָד. דער לעזער שיכט איז געווען אַ פאַרטייאישער און במילא געמאַכט די ביבליאָטעק האַלב אומלעגאַל. זי האָט זיך אָפט געפונען אונטער אַ שטרענגע שמירה פון דער פאָליציי און אין שטענדיקן געפאַר. די ראשי תבות: סא״ס (עס־עסישע פאַרטיי) מעפ״ס (מעטאַל פראָפ. פאַריין) פוע״צ (פועלי־ציון — צעירי־ציון), שא״פ (שניידער ארבעטער פאַריין) א. אַ., דערציילן אונז מיט סודותדיקער שטיל־קייט צו וועלכער פאַרטיי אָדער פראָפעסיאָנעלן פאַריין ס'האָט באַלאַנגט דער אָדער יענער לעזער. די פאַרדרייטע איניציאַלן פון די פאַרטייען, וועלכע האָבן אַריינגעפירט זייערע אָנהענגער אַלס לעזער, האָבן געהאַט דעם צוועק, נישט צו דערמעגלעכן דער פאָליציי — אין פאַל פון אַ רעוויזיע — צו דעמאַסקירן די פאַרטייאישע חברים.

אין 1926 איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער 30 יעריקער יובל פון דער ביבליאָטעק. אין שטאָט־טעאַטער איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע מיטן אָנטייל פון גרינדער פון דער ביבליאָטעק — יצחק גרינבוים. עס איז לכבוד דעם יובל דערשינען אַ יובילעאום־אויסגאַבע. לכבוד דעם יובל זענען באַשטימט געוואָרן אַלס ערן־מיטגלידער פון „הזמיר״: יצחק גרינבוים, יצחק טוביה אַלטמאַן, אהרן בעקער, מרדכי קאשערקעוויטש און דער זייגערמאַכער י. י. בורשטיין. עס האָבן צוגעשיקט דעלעגאַציעס צום באַגריסן, די אָרגאַניזאַציעס פון שטאָט און אומגעגנט. צ. א. אויך די צענטראַלע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן, די צענטראַלע פון „תרבות״, דער פרעזידענט פון שטאָט־ראָט און מאַגי־סטראַט און פיל אַנדערע.

בערך אין דער זעלבער צייט ווען ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן די ביבליאָטעק, איז אויך ענטשטאַנען די ציוניסטישע אגודה אין פלאָצק. אין זיינע זכרונות, ווי אַזוי דער ציוניזם איז געקומען קיין פלאָצק שרייבט גרינבוים:

„פסח צייט איז געווען די שענסטע און פריילעכסטע צייט אין פלאָצק. נישט נאָר די דערוואַכטע נאַטור האָט דערצו געהאָלפן, די בוימער וואָס האָבן זיך שנעל באַדעקט מיט פרישע גרינע בלעטער אין אַלע סקווערן און גאָרטנס אין פלאָצק, פון די יידישע גאַסן ביז דעם טום אויף דעם באַרג איבער דער ווייסל ביז צו די וויטע לאַנצקער וועלדער. פיל מער די שטראַלנדע יונגע מיידלעך, וואָס האָבן אָנגעטאָן זייערע פלאַ־טערנדע און שימערירנדע זומער־קליידלעך, און האָבן זיך באַוויזן אין די

גאָרטנס מיט פרעמדע יונגע לייט, לייכטע מיט כמעט טאַנצנדיקע כלות־טריט, שעמעוודיק באַצויבערנדע. די חתנים זענען געקומען קיין פּלאָצק״.

„יונגע לייט האָבן זיך אין פּלאָצק נישט געהאַלטן. געוויינלעך, האָבן זיי געזוכט אַרבעט און פּרנסה אין לאָדזש און וואַרשע. כלות האָבן זיי געזוכט אין פּלאָצק, און פּסח צייט, זענען זיי געקומען געפינען די באַשערטע. אַמאָל איז עס געווען אַ מיידל מיט וועלכער מ׳האָט זיך געשפּילט אין דער קינדהייט, אַרומגעגאַנגען שפּאַצירן אין די גאָרטנס, אין די אַלייען און געגליטשט זיך אין סלופּעצקיס גאָרטן אָדער אויפן פּלאַץ אונטער דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע. געקומען קיין פּלאָצק נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך געשאַפן אין דער פרעמד אַ גוטע „פּאָסאַדע״, אַ געשעפטל, און געפונען אַז די אַמאָליקע חברטאָרין איז אויסגעוואַקסן און צעבליט זיך. איז קלאָר געוואָרן: אָט זי איז די באַשערטע״.

„אַמאָל איז געגאַנגען שווערער. מ׳האָט געמוזט ערשט באַקאַנט ווערען אין געזעלשאַפט, אויפן שפּאַציר. פאַרלאָזן אויפן מזל, אויף אַנבליק אָדער אַ שמייכל וואָס האָט געצויגן״.

אין דער אַטמאָספער פון בענקשאַפט און זוכעניש און פול פון אונקלאָרע נאָגנדע דערוואַרטונגען, ממש אין אַ מין שיר השירים שטימונג איז אָנגעקומען דער ציוניזם״.

„אין חול המועד פּסח 1897, בין איך איינגעלאַדן געוואָרן פון מיינעם אַ חבר מיטן נאָמען ליפּשיץ — מיר זענען אַריבער אין די לעצטע אַכטע קלאַס גימנאַזיום — אין די וווינונג פון זיינע עלטערן אויף אַ רעפעראַט וועגן ציוניזם. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען געקומען פרויען און מענער פון דעם העכערן מיטלשטאַנד וואָס האָבן שוין גערעדט מיט די קינדער פּויליש. דער רעפערענט, אַ יונגערמאַן, וואָס איז געקומען פון לאָדזש צו זיינע קרובים, האָט געהאַלטן זיין רעפעראַט אין פּויליש״.

„ער האָט אָנגעהויבן מיט דער שילדערונג פון דער יידישער לאַגע אין רומעניע, וווּ אַ גאָר קליינער טייל פון די יידישע איינוווינער, איז דורך דער רעגירונג אָנערקענט געוואָרן אַלס בירגער. די מערהייט יידן זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס פרעמדע, וועלכע מען וועט אַרויסשיקן פון לאַנד ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט, ווען די רעגירונג וועט עס געפינען נוצלעך פאַר די אינטערעסן פון לאַנד, ווי זי האָט זיי פאַר־שטאַנען. דעמאָלט איז טאַקע פאָרגעקומען אַזאַ אַרויסשיקונג, און עס איז ענטשטאַנען די פראַגע: וווהין זאָלן זיך די יידן אַהינטאָן?״

„דער רעפערענט האָט דערמיט אילוסטרירט די היימלאָזיקייט פון די יידן, וועלכע הענגען אָפּ פון דעם ווילן פונם רעגירנדן פאָלק אין לאַנד. די דאָזיקע היימלאָזיקייט פירט צום אייביקן אַרומוואַנדערן איבער

דער וועלט, צו צרות און רדיפות, צו רעכטלאָזיקייט און אָרעמקייט, צו נויט און פּיין. דערצו איז נאָר פאַראַן איין מיטל — אַנ׳אייגענע היים, אַנ׳אייגן לאַנד, ווו די יידן זאָלן זיין די מערהייט איינוווינער, זאָלן באַשטימען די געזעצן לויט זייער אייגענעם ווילן. דער ציוניזם האָט זיך געשטעלט אַלס ציל, צו מאַכן אַ סוף צו דער יידישער היימלאָזיקייט, צו זייער נויט אַלס יידן און מענשן. דער ציוניזם וויל צוריקפירן די היימלאָזע יידן אין ארץ־ישראל, אין דער אוראַלטער היים פון יידישן פאָלק, און רופט די יידן פון אַלע לענדער, צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ גרויסער און שטאַרקער וועלט אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל דעם דאָזיקן ציל דערגרייכן״.

„ער האָט דערציילט וועגן די יידישע קאָלאָניעס אין א״י, וועגן ראָטשילדן און די „חובבי ציון״, וועגן ד״ר הערצל און דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועגן די ציוניסטישע פּלענער און אַרבעט און זייער אָפּקלאַנג אין דער יידישער און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט״.

„פאַר מיר זענען די אַלע געדאַנקען, געשעענישן און פּלענער, נישט געווען קיין נייע. זייט איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין העברעאיש — האָב איך געלעזן צייטונגען, בראָשורן און ביכער, וועגן דער יידישער גאולה באַוועגונג. צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט אַ ציוניסטישן רעדנער, וואָס האָט די אַלע געדאַנקען און פּלענער ערקלערט אין פּשוטע פאַרשטענדליכע ווערטער״.

„דער רעפעראַט האָט געמאַכט אַנ׳איינדרוק, ער האָט אָבער אויך אַרויסגערופן אַ ווידערשטאַנד. מיין שוועגערין, אַליין אַ פּלאָצקערין, האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אויסגעדריקט איר אונצופרידנהייט, אויף וואָס איך האָב שאַרף און אַביסל גראָב רעאַגירט. צו קיין דעבאַטע איז ניט געקומען, קיין פראַגן זענען אויך נישט געשטעלט געוואָרן. איך בין צוגעגאַנגען צום רעפערענט — זיגמונד וויצמאַן האָט ער געהייסן — און מיר האָבן זיך פונאַנדערגעשמועסט און אָפּגערעדט זיך צו טרעפן אין וואַרשע, ווו ער האָט באַקומען אַ פּאָסטן און איך האָב געדאַרפט אין אַ יאָר אַרום אָנקומען אין אוניווערסיטעט״.

„מיר האָבן זיך טאַקע געטראָפן נאָך אַ יאָר אין וואַרשע, באַפריינדעט זיך אויפן גאַנצן לעבן און געשאַפן אַ ענגן קרייז פון חברים וואָס האָבן דעם ציוניזם אין וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן, געגעבן אַ שטאַרקן שטויס און אַנ׳אַנדערע ווענדונג״.

„אין דער זעלבער תקופה, אפשר אין זומער נאָך דעם רעפעראַט פון זיגמונט וויצמאַן איז פאָרגעקומען אַ קליינע פאַרזאַמלונג וועגן ציוניזם. אויב איך האָב נישט קיין טעות, אויפן יסוד פון די צוויי ערשטע באַזעלער קאָנגרעסן. איך בין געווען דער איינציקער ציוניסט צווישן די פאַרזאַמלטע.

ס׳איז מיר איינגאַנצן אַרויס פון זינען, ווער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער פאַרזאַמלונג, און ווי אַזוי איך האָב זוכה געווען איינגעלאַדן צו זיין. אייגנטלעך, האָב איך נעענטער געקענט נאָר דעם פלאַצקער יוסף קוויאטעק. וואָס איז ערשט וואָס צוריקגעקומען פון אַ שטראָף־באַטאַליאָן, ווו ער האָט אָפּגעדינט עטלעכע יאָר פאַר באַטייליקן זיך אין אַ אַנטי־רוסישע סטודענטישע דעמאָנסטראַציע. ער איז געווען פיל עלטער פאַר מיר, אָבער איך האָב שוין מיט אים אַ פּאָר מאָל שפּאַצירט אונטערן טום. ווי אַזוי איז דערצו געקומען, געדענק איך נישט. ס׳איז מיר געבליבן אין זכרון בלויז דער איינדרוק פון אונזערע געשפּרעכן, וועגן יידישע פּראָבּ־לעמען און דער עיקר, פאַרשטייט זיך, וועגן ציוניזם. קוויאטעק האָט מיר דערציילט, וועגן פּ. פּ. ס., אין וועלכער ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער און האָט מיר אַנטדעקט, אַז מ׳קען זיין זיכער מיט זייער פריינטשאַפט צו יידן. אין לאָדזש, בעת׳ן קליינעם פּאָגראָם אויף יידן אין 1892, האָבן אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַטייליקט זיך אין די אָנפאַלן אויף די יידן, און דער קאָמיטעט האָט אויך נישט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן מוט ענטקעגנ־צושטעלן זיך דער פּאָגראָם־העצע. זיינע דערציילונגען האָבן געמאַכט אַ רושם, אַז ער לעבט איבער אַ טיפן קריזיס אין זיין סאָציאַליסטישער פּ. פּ. סישער איינשטעלונג, און איך האָב געהאַפט, אַז דער דאָזיקער קריזיס וועט זיך ענדיקן מיט אַ דערנענטערונג צום ציוניזם״.

„אין דער פאַרזאַמלונג, האָבן זיך באַטייליקט צוויי ברידער קעמפּ־נער,ביידע סטודענטן פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. דער עלטערער, רפאל קעמפּנער, איז דערנאָך געוואָרן דער הויפּט־סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער קהלה־פאַרוואַלטונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַנ׳־אַסימילאַטאָריש־חסידישער קאָאַליציע. ער איז, דוכט זיך, געווען דער רעפערענט. זיין ברודער האָט געשמ׳ט אַלס זער פעאיקער מאַטעמאַטיקער וואָס אינטערעסירט זיך בעזונדערס מיט לופט־פליערייַ. ער פלעגט שפּאַצירן תמיד איינער אַליין. פון צייט צו צייט, האָט מען אים געזעען שטיין און בעאָבאַכטן דאָס פליען פון די פויגל. מען האָט דערציילט, אַז ער שטודירט דאָס פליען פון פויגל, כדי צו דערגרייכן דעם סוד פון דעם מעכאַניזם פון פליען פון קערפּער, וואָס זענען שווערער פון לופט. ס׳איז אים נישט געלונגען, אָבער ער האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרטיפט אין זיינע טרוימערייען, ביז ער איז פסיכיש קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק קראַנקע. דער לעצטער, וועלכן איך געדענק, איז געווען ה׳ בליי, אַ יונגערמאַן וואָס האָט צוגעצויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט דערמיט, וואָס מ׳האָט אים קיינמאָל נישט געזעען אויפן שפּאַציר אין אַ געזעלשאַפט. תמיד אַליין איז ער אַרומגעגאַנגען אין די

פלאָצקער שפּאַציר־גאָרטנס, פאַרטיפט אין זיינע מחשבות. איך האָב געהערט וועגן אים זער ווייניק, ער האָט געהאַט גליק: זיינע פּוילישע פריינט האָבן אים באַהאַלטן אין זאַליבאָרזש, דער פּוילישער גאָרטן־שטאָט ביי וואַרשע. ווען איך בין געקומען קיין פלאָצק, נאָך דער באַפרייונג פון פּוילן, האָב איך אים געטראָפן צווישן די ווייניקע יידן וואָס זענען צוריק־געקומען קיין פלאָצק. ער איז געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזעס פון דער פלאָצקער קהלה, און מיך האַרצלעך אויפגענומען און מיך אַרומגעפירט איבער די אַמאָליקע יידישע גאַסן, ווו ס'האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס הייפל צוריקגעקערטע יידן, וועלכע האָבן נישט געוווסט צי זיי בלייבן אין שטאָט. בלויז האָט פעסט באַשלאָסן צו בלייבן, און אויף וויפל מעגלעך, אויפצוריכטן דאָס יידישע לעבן. מיר האָבן אַ סך נישט געקענט רעדן. איך האָב געוויילט געציילטע שטונדן, געוואָלט זען די ערשטע, מיט וועלכע עס זענען געבונדן געווען זכרונות פון מיינע גימנאַזיאַל־יאָרן. אַ חוץ דעם, האָב איך געבראַכט אַ גרוס פון ארץ־ישראל, ווו מיר זענען געשטאַנען אין אַ שווערן קאַמף און צוגעגרייט זיך צו מלוכה'שן קיום. אויף דער פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע פלאָצקער יידן, האָט ער געהאַלטן אַ באַ־גריסונגס־רעדע, אין וועלכער עס האָבן געקלונגען האַרציקע ציוניסטישע טענער. צווישן דעם ווייניקן וואָס ער האָט מיר דערציילט, האָט אויף מיר געמאַכט אַ באַזונדערן איינדרוק זיין דערציילונג וועגן זיינע איינזאַמע אָבער פרייע שפּאַצירן איבער די גאַסן פון זאַליבאָרזש".

„די פיר יונגעלייט האָבן זיך פאַרזאַמלט, כדי דורכצושמועסן זיך וועגן ציוניזם. זייער באַציונג צו אים איז געווען אַ סימפּאַטישע, אָבער פון זייטיקע צושויער. דער ענין איז פאַר זיי געווען אינטערעסאַנט, די געדאַנקען און פּלענער האָבן נישט אַרויסגערופן קיין ווידערשטאַנד, אָבער צו זיי האָט ער קיין שייכות נישט געהאַט. אַפילו רפאל קעמפּנער, וואָס האָט שפּעטער באַקעמפט דעם ציוניזם, וואָס האָט אַטאַקירט דעם אַסימי־לאַטאָריש־חסידישן רעזשים אין וואַרשע, האָט נישט באַקעמפט די גרונט־פּרינציפּן פון ציוניזם, נישט געפּרוווט צו באַווייזן זיין אונאויספירבאַרקייט. זיי האָבן באַוואונדערט דעם הערצלישן שווונג, דעם געדאַנק, אַז יידן וועלן מיטברענגען פון זייערע ווינלענדער, וואָס זיי האָבן געלערנט און צוגע־אייגנט פון די פעלקער און דאָס וועט געוויס באַרייכערן דעם קולטור פון דעם נייעם יידישן פאָלק, וואָס וויל אויסוואַקסן אין א"י. אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט זיי? מיט זייער לעבן און זייער צוקונפט? זיי זענען דאָך געווען פּאָליאַקן, אפילו נישט פון משה רבינו'ס גלויבן, וואָרום זיי זענען געווען פריי פון יעדן גלויבן. זייער יידישע אָפּשטאַמונג האָבן זיי נישט געלייקנט".

„איך בין געזעסן שטיל און צוגעהערט זיך צו יעדן וואָרט. איך האָב אין זייערע אויספירונגען און באַציונג צום ציוניזם געזען אַ מין הכשר פונם עלטערן דור, וואָס איז אַריינגעטאָן געווען מיט דער גאַנצער נשמה אין דעם פוילישן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַפרייונגס־קאַמף, פאַרן קאַמף פונם יידישן פאָלק פאַר זיין באַפרייונג אין דער אויפגעריכטעטער אייגענער היים".

גרינבוים האָט אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין „יוד", „השלוח" און „הדור". אין 1907-8, האָט ער געשריבן אין „יידישן פאָלק", איבער נאַציאָנאַלע פראַגן. ער האָט רעדאַקטירט דעם „גלאס זשידאָווסקי", „ווסכוד" און „זשיטשע זשידאָווסקע". געשריבן אין „הזמן", „העולם", „טעלעגראַף", „יידישע וועלט", „פריינד". אין 1914 רעדאַקטירט ער „דאָס יידישע פאָלק". אין פעטערבורג, האָט ער רעדאַקטירט „דאָס פעטראָגראַדער טאָגבלאַט". געפירט אַ קאַמף פאַר אַ וועלטלעכער יידישער קהלה. אין 1918 געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן. פאַר אַ צייט רעדאַקטירט די „הצפירה". געווען דער אינציאַטאָר פון בלאָק פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן צו די סיים־וואַלן. געוואָרן אַ סימבאָל פון קאַמף פאַר רעכט פון די יידן אין פוילן. זיינע רעדעס פון דער סיים־טריבונע האָבן געגעבן ניי־לעבן דעם פוילישן יידנטום. געווען פירער פון דער אָפּאָזיציע פראַקציע אין ציוניזם „על המשמר". ווען ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, האָט ער זיך אינגאַנצן געווידמעט ציוניסטישער אַרבעט. געווען מיטגליד פון דער יידישער אַגענטור און לייטער פון דער עליה און אַרבעט־אָפּטיילונג. געווען אַרעסטירט אין לאַטרון מיט אַנדערע ציוניסטישע פירער — דורך דער מאַנדאַט־מאַכט. געאַרבעט פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל. מיטן פראָקלאַמירן ישראל׳ס זעלבשטענדיקייט, געווען ערשטער אינערן מיניסטער פון דער פראָוויזאָרישער רעגירונג און צוגע־גרייט אויפן בעסטן אופן די ערשטע וואַלן צו די כנסת. לעצטנס, אַרבעט ער מיט אין „על המשמר"־צייטונג און ווידמעט זיך אויסשליסלעך ליטע־ראַרישע אַרבעטן. ער שטייט אין אַ זייט פון פּאָליטישן קאַמף און וווינט אין אַ שטילער געגנט אין תל־אביב.

גרינבוים, וועלכער האָט געהאַט דעם פּען־נאָמען פון י. קנאי, בן־חוריז, בן־ישראל א. אַ. — איז געווען און געבליבן אַ פייערדיקער קעמפער קעגן דער אָרטאָדאָקסיע. אין ישראל, ווען ס׳איז אויפגעשוואומען דער אַזוי גערו־פענער „קולטור־קאַמף", האָט זיך גרינבוים אויסגעדריקט: „איך מיין אַז מיר מאַכן אַ טעות אין אונזער באַציונג צו רעליגיע. מיר דאַרפן פאַרזיכערן די רעליגיעזע זייער רעכט אָפּצוהיטן רעליגיע, אָבער קיינמאָל נישט געבן

זיי די מעגלעכקייט אַרויפצווינגען אויף אונז אַ לעבנס־וועג, וואָס איז נישט אין אונזער גייסט".



דער שיבת ציון דראַנג ביי פלאָצקער יידן, איז פיל עלטער ווי דער אָפיציעלער ציוניזם.

דער פלאָצקער עלטער־זיידע פון אַ באַרימטן יידישן געלערנטן און נאָבל־פרייז טרעגער, ד"ר יהושע לעדערבערג — איז עולה געווען פון פלאָצק קיין א"י נאָך אין יאָר 1830.

די משפחה לעדערבערג שטאַמט פון פלאָצק. דער פאָטער פון זיין זיידע (ד"ר יהושע לעדערבערג'ס) — יצחק לעדערבערג, איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1830 פון דער שטאָט פלאָצק, אין עלטער פון זעקס יאָר. זיין באַשעפטיקונג איז געווען אַ מסחר פון הויז און קיך־כלים. זיין זון יהושע (דער זיידע פון נאָבל־פרייז טרעגער) וואָס איז געבוירן געוואָרן אין ירושלים, אין יאָר 1870, האָט געהאַט צוויי זין: יצחק, וועלכער לעבט היינט אין תל־אביב, און צבי אריה — דער פאָטער פון נאָבל־פרייז טרעגער, וועלכער איז רב אין פילאדעלפיע. צבי אריה איז געבוירן געוואָרן מיט 55 יאָר צוריק אין יפו, געווען אַ תלמיד אין דער ישיבה פון הרב קוק אין ירושלים, און אין עלטער פון 13 יאָר איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך ווייטער געלערנט אין דער ישיבה פון ר' יצחק אלחנן. צו 18 יאָר האָט ער באַקומען סמיכה.

די מוטער פון ד"ר יהושע לעדערבערג, איז אַ העברעאישע לערערין. זיי האָבן נאָך אַ זון, סימאָן לעדערבערג, וועלכער איז ביי זיינע 29 יאָר געוואָרן פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע אין בראַון אוניווערסיטעט.

יצחק לעדערבערג, דער פאָטער פון נאָבל־פרייז טרעגער, איז געווען איינער פון די ניין מענשן (צוזאַמען מיט מאיר דיזענגאָף), וועלכע ס'איז דערלויבט געוואָרן צו בלייבן אין תל־אביב, נאָכן טראַגישן גירוש אין זומער 1914, ביים אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג.

דער נאָבל־פרייז טרעגער, ד"ר יהושע לעדערבערג, האָט באַקומען דעם פּראָפעסאָר־טיטול אין עלטער פון 30 יאָר. ער האָט געמאַכט אַ וויכטיקע דערפינדונג אין דער וויסנשאַפט פון גענעטיקס. די וויסנשאַפט וואָס האָט צו טאָן מיט ירושה'דיקייט, מיט אָפּשטאַמונג, מיט אויסבעסערן דעם מענשלעכן מין. ד"ר לעדערבערג האָט אַנטדעקט אַ ריי סודות, וועלכע דערלויבן בעסער צו קענען דאָס אינטימע לעבן פון דעם לעבעדיקן קעמערל און פון די מיסטעריעזע „גענען", וועלכע טראָגן איבער די ירושה איגנשאַפטן פון עלטערן אויף קינדער. זיין צושטייער צו דער וויסנשאַפט,

טראָגט אין זיך די זאָמען פון פּראַקטישע מעגלעכקייטן אינם קאַמף קעגן קענסער. עס דערמעגלעכט אויך צו דערגיין אַ ריי סודות, וואָס האָבן אַ שייכות מיטן איבערטראָגן קראַנקייטן און איינגעבוירענע פעלערן.

אַ סך מיטגלידער פון דער לעדערבערג משפּחה, האָבן דערגרייכט פאַרשידענע הויכע פּאָזיציעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ישראל און אַנדערע לענדער. טייל פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער וויסנשאַפט אין ישראל.



וועגן דער גרינדונג פון אַ ציוניסטישער אגודה אין פּלאָצק, האָבן מיר אויך אַ באַריכט אין „המליץ" (192) פון יאָר 1900, וועלכער באַריכטעט וועגן אַ פאָרגעקומענע פאַרזאַמלונג אין פּלאָצק, צו גרינדן אַ ציוניסטישע אגודה מיטן נאָמען „דורשי־ציון", וואָס איר ציל איז צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק צווישן פאָלק און געבן פינאַנציעלע הילף ביי ציוניסטישע אַקציעס. יעדער מיטגליד פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, איז געווען פאַרפליכטעט צו צאָלן חודשלעך פון 10 ביז 25 קאָפּיקעס, און פאַרקויפן דורכן יאָר 5 שקלים.

ווען די ציוניסטישע אגודה איז געגרינדעט געוואָרן אין ענדע פון 19־טן יאָרהונדערט, האָט עס „אָנגעריסן" אין אַ שטאָט ווי פּלאָצק. די השכלה אידייען זענען שוין געווען דאָרט איינגעבירגערט, דער באָדן פאַרן ציוניזם איז רייף געוואָרן. ציוניסטן האָבן אָנגעהויבן ווערן טעטיק אין דער קהלשער אַרבעט און די באַפעלקערונג האָט עס אויפגענומען מיט פאַרשטענדניס. אין וויכטיקע ענינים האָבן פּלאָצקער יידן פאַרלאַנגט, אַז ציוניסטן זאָלן נעמען די איניציאַטיוו אין זייערע הענט און עס דורכפירן. למשל, אין פּלאָצק איז געבויט געוואָרן, ענדע לעצטן יאָרהונדערט, אַ דערציונגס אַנשטאַלט. די זאַך האָט זיך געשלעפּט דריי יאָר און נישט געוואָרן פאַרענדיקט. די ראשי הקהל האָבן געטענה׳ט, אַז די אורזאַך איז מאַנגל אין געלט. אין דער זעלבער צייט איז געשטאָרבן די פרוי פון גענעראַל דאמבראָווסקי (1902), וועלכע האָט איבערגעלאָזן צווישן אַנדערע, אויך פינף טויזנט רובל פאַר די באַדערפעונישן פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין פּלאָצק.

דער קאָרעספּאָנדענט אין „המליץ" (45, 1902) שרייבט, אַז „פּלאָצקער יידן וואונדערן זיך, פאַרוואָס די ציוניסטן נעמען ניט די איניציאַטיוו אין דער זאַך? מ׳קען דאָך נוצן די געלטער וואָס די פרוי פון גענעראַל דאמ־בראָווסקי האָט איבערגעלאָזן. אַנדערע האָבן מלמד זכות געווען די ציוניסטן, ווייל, זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן צו באַהערשן די יידישע קהלה אין

שטאָט, און זייער שטימע ווערט נאָך נישט געהעריק דערהערט".

(די געשיכטע מיט דער צוואה פון דער פרוי פון גענעראַל דאמ־בראָווסקי, איז ביז גאָר אינטערעסאַנט. לײדער, האָבן מיר נישט קיין ידיעות וועגן דעם).



גרינבוים, איז פון צייט צו צייט געקומען אויף אַ באַזוך אין פלאָצק, הויפּטזעכלעך, אין צייט פון די וואַלן צום סיים. ער פלעגט ווערן פייערלעך אויפגענומען פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיט שטאָלץ געקוקט אויף אים ווי אַ בן־עיר. זיינע באַזוכן זענען אויסגענוצט געוואָרן פון די גרופּירונגען פאַר ציוניסטישע אינטערעסן. אויף איינעם אַזאַ באַזוך אין פלאָצק, אין שבועות פון 1920, איז געוואָרן געזאַמלט פיר טויזנט מאַרק צום פאַרשרייבן אים אין גאָלדענעם בוך פון נאַציאָנאַל־פאָנד, און דער „מכבי" האָט דורכגעפירט אַ „טורן־פעסט" אין שטאָטישן טעאַטער לכבוד אים.

אין צייט פון סיים־וואַלן האָבן פלאָצקער יידן ענערגיש געאַרבעט פאַר זיין דערוויילונג, — ער איז געווען קאַנדידאַט אין פלאָצקער ראַיאָן, ווו ער איז אַלעמאָל דערווײלט געוואָרן.

## די אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פלאָצק

### א.

די ערשטע רוסישע דומע איז געבוירן געוואָרן אין פייער פון דער רעוואָלוציע אין 1905. נאָך רוסלאַנדס גרויסער מפּלה אין קריג מיט יאַפּאַן, האָט אָנגעהויבן וואַקסן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין רעזולטאַט איז צוזאַמענגערופן געוואָרן די ערשטע רוסישע דומע. די וואַלן צו דער דומע זענען פאָרגעקומען אין מערץ 1906, די צוגריי־טונגען דערצו זענען פאָרגעקומען חדשים פריער. די שטימונג צווישן די מאַסן איז געווען אַ פאַרשידענע. די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטערשאַפט האָט אַרויסגעוויזן אומצוטרוי צו דעם צאַר'ס חסדים. אויך אין פלאָצק, האָבן די גרויסע פּאָליטישע געשעענישן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג.

עס האָט שוין אין 1905 עקזיסטירט אַ אומלעגאַלע פועלי־ציון פאַרטיי. פועלי־ציון, אַלס אַ באַוועגונג, איז נאָך נישט געווען איינהייטלעך מיט אַ קריסטאַליזירט פּראָגראַם. עס האָבן נאָר עקזיסטירט גרופּן דאָ און דאָרט. די פלאָצקער פועלי־ציון איז שוין געווען אַן'אַקטיווע גרופּע און פון די ערשטע אָרגאַניזירטע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס אין אומלעגאַלע באַדינ־גונגען אויפן פלאָצקער באָדן.

ווען די שאַפונג פון דער דומע איז געוואָרן פּראָקלאַמירט דורכן צאַר, האָט די פּלאָצקער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן אַ העקטאָ־גראַפירטן אומלעגאַלן אויפרוף וואָס איז דערשינען אין פּלאָצק דעם 28 אויגוסט 1905, און אונטערגעשריבן: די פּלאָצקער אָרגאַניזאַציאָן פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי", וואָס רופט צום סטרייק און באַזייטיקן דעם צאַרישן רעזשים. פיל יידישע אַרבעטער און שטודירנדע יוגנט זענען געווען אָנגעשלאָסן אין אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס.

אין אַ מיטן העלן טאָג, באַווייזן זיך אויף דער ברייטער גאַס לאַנגע רייען מיט יידישע דעמאָנסטראַנטן, טראָגנדיק פענער און זינגענדיק רע־וואָלוציאָנערע לידער.

פאַר דער דעמאָנסטראַציע, זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן געהיימע מי־טינגען. צ. אָ. אויך אין לאָקאַל פון דער יידישער ביבליאָטעק. די פּאָליציי איז געווען אינפאָרמירט וועגן דער פאַרזאַמלונג, און זיך געגרייט צו מאַכן אַנ'איבערפאַל. ווען פּאָליציי איז שוין געווען אין דער געביידע, האָט זיך דער עולם שנעל אָריענטירט און זיך אַוועקגעזעצט לייענען ביכער. די זשאַנדאַרמעריע האָט בודק געווען די ביכער וואָס מ'לייענט, אויב זיי זענען „כשר", געזוכט אין אַלע שופלאָדן און שענק, און נישט געפינענדיק גאָרנישט פאַרדעכטיקס, האָבן זיי קיינעם נישט אַרעסטירט. זיי האָבן בלויז אויס־געזידלט די אָנוועזנדע, פאַרוואָס דער פּאָרטרעט פון קיסר ניקאָלאַי דעם 2־טן וואָס זיי האָבן געפונען אויפן אייוון, האָט געהאַט אַ צעשעדיקט פּנים און איז נישט געהאנגען אויפן פּלאַץ ווו אַ קיסר דאַרף הענגען, — אויף דער פאָדערשטע וואַנט, ווי עס זאָגט ס'געזעץ.

די דעמאָנסטראַציע האָט געצויגן צו דער גילדענער גאַס, ווו זיי האָבן אַרויסגעצויגן אַ רויטע פאָן און געמאַכט אויסרופן קעגן צאַר און פאַר דער רעוואָלוציע. זיי זענען דורך די שוהל־גאַס און פון דאָרט צוריק אין ברייטע גאַס און זיך אויפגעלייזט ביי אַלטמאַנען אין הויף, נאָכן אויסהערן אַ רעדע.

עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע וואָס דאַרף פאָרקומען נעבן דער טורמע אויף וויענזשעננא גאַס, ווו מ'וועט פאַרלאַנגען באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

אין דער באַשטימטער צייט, איז די וויענזשעננא גאַס געווען שוואַרץ פון מענשן. פאַר די דעמאָנסטראַנטן האָט גערעדט דער יונגערמאַן גאָלדע, און גערופן צום אַראָפּוואַרפן דעם צאַר, און איינשטעלן אַנ'אָרדנונג פון פרייהייט און גערעכטיקייט. דער באַגייסטערטער עולם האָט געמאַכט אויס־רופן צום קאַמף און גערופן צו באַפרייען די אַרעסטירטע.

מיטאַמאָל איז ענטשטאַנען אַ מהומה, רייטנדע פּאָליציי האָט גענומען

יאָגן דעם עולם. מיט די פערד זענען זיי אַריין אין המון. מענשן לויפנדיק זענען אין ענגשאַפט געפאַלן איינער אויפן צווייטן. די אַרומיקע גאַסן זענען געווען אַרומגערינגלט מיט סאָלדאַטן און פּאָליציי, און זיי האָבן געשלאָגן יעדן וואָס איז זיי געקומען אונטער די האַנט, מיט נאַגייקעס און מיט די קאָלבעס פון די ביקסן.

דער רעדנער גאָלדע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דער וווינונג פון רוסישן פּולקאָווניק באַסטאַמאָוו, וועלכער האָט געוווינט אין הויז פון גאָלדעס עלטערן.

ביינאַכט זענען פאָרגעקומען פיל אַרעסטן. פיל האָבן אויסגעמיטן צו בלייבן נעכטיקן אין זייערע היימען און זיך אויסבאַהאַלטן. צווישן די אַרעסטירטע, איז אויך געווען משה וואַרשע, פון „בונד”.

די קאַמפּס שטימונג ,איז געוואָרן פאַרשטאַרקט ביי דער אַרבעטער־שאַפט און ביי דער רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אינטעליגענץ. מ'האָט אָנ־געהויבן פאַרלאַנגען אַן 8 שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג. יידישע טרעגער און פורמאַנעס, האָבן זיך געהייסן מער באַצאָלן פאַר זייער אַרבעט. זיי האָבן געדראָט מיט כח, אַז מ'זאָל זיי נאָכגעבן. עס זענען פאָרגעקומען טעראָר אָנפאַלן אויף דער פּאָליציי.

אַ געוויסן אָוונט, האָט מען געהערט שטאַרקע שיסערייען. יידן האָבן פאַרקלאַפּט די געוועלבער און מיט שרעק זיך צוגעהערט צו דעם וואָס עס קומט פאָר אין גאַס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די גאַסן ברייטע, ביעלסקאַ און גראַדזקאַ, האָט מען אין דערזעלבער אָפּגערעדטער צייט, דערשאָסן פיר רוסישע פּאָליציאַנטן און פון די טעראָריסטן קיינעם נישט געכאַפּט.

נאָך דער געשעעניש, זענען אָנגעקומען צוויי פולקן קאָזאַקן, וועלכע האָבן פּאַטראָלירט מיט געווער די גאַסן. דער אָנבליק פון די קאָזאַקן מיט זייערע ווילדע טשופּרינעס, האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער באַפעל־קערונג. פּאָליציי איז געוואָרן שטרענגער און אַגרעסיווער.

אַ געוויסער פּאָליציאַנט — אַרעוויראָוו, האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אין זיין ברוטאַליטעט קעגן דער באַפעלקערונג. אַז ער האָט געזען צוויי יידן שטיין צוזאַמען, האָט ער זיי געשלאָגן מכות־רצח.

די יידישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, האָבן קעגן אים אַרויס־געטראָגן אַ טויט־אורטייל [1].

די אויספירער פון אורטייל האָבן אים נאָכשפּיאָנירט, ביז ער איז אַריין אין אַ טונקעלער גאַס, נעבן טום, ווו עס געפינט זיך די טעאַטער

---

1) וועגן אטענטאט — אין די זכרונות פון י. פינסקי.

געביידע. ער האָט געוואָלט אַ הוליע טאָן קעגן די יידישע באַזוכער פון טעאַטער, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ פאָרשטעלונג.

נאָענט ביים טעאַטער, האָבן יידישע הענט אין אים אריינגעשאָסן צוויי קוילן, אויס נקמה פאַר זיין ברוטאַלער באַציונג קעגן יידן.

עס האָט אים דערשאָסן דער יונגערמאַן טשוק, וועלכער איז נאָכן דערשיסן אים אַריין אין טעאַטער.

די גאַנצע פּאָליציי איז געוואָרן געשטעלט אויף די פיס. מ׳האָט אָפּגעשלאָסן דאָס טעאַטער און יעדן איינעם רעווידירט. ווען ס׳איז אָנגעקומען די ריי אויפן יונגערמאַן טשוק, האָט מען ביי אים באַמערקט אַ צעבלוטיקטן פינגער אויף דער רעכטער האַנט. דאָס איז פאַר דער פּאָליציי געווען גענוג אים צו אַרעסטירן. מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אין טורמע.

דער עלטערער דור יידן אין שטאָט, האָט מורא באַקומען, אַז דאָס, קען ווערן אַ תירוץ דורכצופירן אַ פּאָגראָם, ווי אין קישינעוו און אַנדערע ערטער. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס יינגוואַרג קען ברענגען אַן׳אומגליק אויף דער עדה יידן.

די פאַרטיידיקונג, האָט איבערגענומען דער אַדוואָקאַט ניימאַרק, וועלכער איז, אגב, געווען אַ קרוב צום פאָטער פון באַשולדיקטן, דעם אַלטן טשוק, — אַ קירזשנער, וועלכער האָט זומער ביי יידישע בעלי־בתים איינגעפּעקלט די פוטערנע מאַנטלען, קלאַפּנדיק מיט די צוויי שטעקעלעך איבער די פוטערס צו רייניקן זיי.

דער פאַרטיידיקער האָט בעתן משפט אָנגעוויזן, אַז דער אָנגעקלאָגטער — אַ שניידער, האָט זיך געאיילט גיין אין טעאַטער אַריין, און פאַרן ענדיקן די אַרבעט, זיך צעשטאָכן מיט אַ נאָדל דעם פינגער, און איילנדיק זיך, נישט באַוויזן עס אָפּוואַשן.

דער פּראָקוראָר, האָט נישט געהאַט קיין קלאָרע באַווייזן קעגן אים, און דער באַשולדיקטער טשוק איז באַפרייט געוואָרן.

דעם זעלבן אָוונט, האָבן זיינע חברים שוין צוגעגרייט זיין אַנטלויפן איבער דער גרענעץ.

די שטאָט האָט אויסגעמיטן וועלכע ס׳איז אַנטי־יידישע אָנפאַלן.

ב.

ביי מאַגנעסן אין קעלער אויף דער ברייטער גאַס, איז געווען אַ „טיי־הויז״. דאָרט האָבן זיך אין געהיים געטראָפן חברים פון פועלי־ציון צו לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור.

אָט וואָס עס דערציילט וועגן יענער צייט משה מאַגנעס, אַן׳ אַקטיווער חבר אין דער אומלעגאַלער פּועלי־ציון פּאַרטיי:

נישט בלויז אומלעגאַלע ליטעראַטור, נאָר אויך געווער האָבן מיר באַהאַלטן ביים טאַטן אין קעלער. עס האָט געטראָפן אַז פּאָליציי איז אַריינגעקומען און געפונען אויפן בעט אָנגעוואָרפן רעוואָלווערן. חברה האָבן זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן. פּאָליציי האָט זיך אָבער אָנגעזעצט אויפן טאַטן, ער זאָל זאָגן פון וואַנען עס נעמט זיך.

— איר זעט דאָך — זאָגט דער טאַטע — אַז זיי זענען אַנטלאָפן ווען איר זענט אַריינגעקומען — עס איז זייערס, ס׳האָט נישט קיין שייכות מיט מיר. די יונגעלייט קומען אַריין עסן און טרינקען טיי, און איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי.

די פּאָליציי האָט געוווּסט, אַז דער טאַטע האָט נישט קיין שייכות דערמיט, נאָך אייניקע מאָל אויספרעגן אים אין דער פּאָליציי, האָבן זיי אים צורו געלאָזט.

עס פלעגט אויך טרעפן, אַז אַ רוסישער זעלנער איז אַריינגעקומען עסן און איבערגעלאָזן זיין ביקס ביים אָוועקגיין. דאָס האָט געשמעקט מיט אַ בלבול, — ווייל נאָכן אָוועקגיין, פלעגט אַזאַ איינער גיין אין פּאָליציי זאָגן, אַז מיר האָבן אים צוגעגנבעט די ביקס. אויסצומיידן אַזעלכעס, זענען מיר דעם זעלנער נאָכגעלאָפן, — ער זאָל מוחל זיין און זיין ביקס צונעמען. מיר דאַרפן עס אויף כפרות.

איינמאָל אין אָוונט, זיצט מיינער אַ חבר און לייענט אַ געהיימע פּראָקלאַמאַציע, און איך שטיי נעבן אים און פאָלג נאָך זיין לייענען דעם אויפרוף. פּלוצלונג באַווייזט זיך פּאָליציי אין קעלער, און זיי האָבן אַרויס־געריסן פון זיין האַנט דעם אויפרוף, און אים אַרעסטירט. זיי האָבן מיך אויך געוואָלט מיטנעמען אין דער פּאָליציי, אָבער צווישן די זשאַנדאַרמען איז געווען איינער וואָס האָט געקענט מיין טאַטן, האָט ער זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַזוי ווי איך האָב אַ פּאַס, וויסן זיי ווער איך בין, און אַ זיי ווילן מיך קענען רופן צו אויספאָרשונג צו יעדער צייט, ווען זיי ווילן האַלטן פאַר נויטיק. זיי האָבן מיך געלאָזט צורו און מיין חבר אַרעסטירט. זיי האָבן אים דאָרט מוראדיק געשלאָגן און אים געהאַלטן ביז אַ משפּט.

איך בין געווייינלעך נישט געשלאָפן אין דער היים, נאָך אַלס קינד. מיר זענען געווען אַ גרויסע משפּחה און געוווינט אין ענגשאַפט. בין איך געשלאָפן מערסטנס ביי מיין פעטער אין שוהל־גאַס. איך האָב דערווייל דאָרט אויסגערוימט אַלע „טרפהנע״ זאַכן. כ׳האָב זיך געריכט אויף אַ „באַזוך״. כ׳האָב געהאַט בלאַנקע פּעסער אין הויז, וועלכע די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן פאַר על כל צרה שלא תבא, ווען איינער וועט דאַרפן אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אָט די פּעסער זענען געלעגן אין עטלעכע

מחזורים. כ׳האָב אין גאַנצן פאַרגעסן אין דער דאָזיקער „סחורה״. אין אַ שפּעטן אָוונט איז פּאָליציי טאַקע געקומען און זוכנדיק אין אַלע ווינקלען געפונען די פּעסער. זייענדיק אַליין איבערראַשט, האָב איך נישט געהאַט אַ פּאַרטיקן תירוץ גרייט. פּאָליציי איז גרייט געווען מיך אַרעסטירן, און אויך דאָסמאָל, איז מיר געקומען צו הילף דער זשאַנדאַר וועלכער קען מיין פאָטער. ער האָט זיי אויפגעקלערט, אַז ס׳איז גענוג, אַז זיי וועלן מיך אויפפאָדערן צו קומען מאָרגן צום אויספאָרשן — כ׳האָב דאָך אַ פּאַס און זיי ווייסן ווו איך וווין. אַזוי איז געבליבן. איך האָב זיך געדאַרפט מעלדן צומאָרגנס אין פּאָליציי.

איך בין שוין די נאַכט נישט געשלאָפן. כ׳בין אַוועק פון הויז און זיך אויסבאַהאַלטן ביי פריינט. מיין בלייבן אין פּלאָצק איז געוואָרן אונמעגלעך. צומאָרגנס, האָבן די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע צוגעגרייט מיין אַנטלויפן.

ג.

אינטערעסאַנט, אַז יידישע שניידער האָבן זיך געהאַלטן יד אחת און געווען ברידערלעך צו זייערע חברים פון צעך. אין דער צייט פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, האָט מען גענומען אין אַרמיי איינעם פון די שניי־דער־מייסטערס און געשיקט אויפן פראָנט, זענען זיך די איבעריקע שניי־דערס צונויפגעקומען און געמאַכט אומזיסט די אַרבעט וואָס איז אַריינ־געקומען צו זיין פרוי, בעת איר מאַנס אָפּוועזנהייט, — אָן שום באַלוינונג.

די אַרבעטס־באַדינגונגען ביי שניידער זענען אין יענער צייט געווען זער שווערע. געאַרבעט האָט מען יעדן טאָג ביז אַכט אָוונט. דעם דאָנער־שטיק פאַר אַ יום־טוב, האָט מען געאַרבעט ביז צוועלף ביינאַכט. ערב יום־טוב, אָפט אַ גאַנצע נאַכט. מ׳האָט דאָך געמוזט אויספאַרטיקן די מלבושים צום יום־טוב. דער שניידער־מייסטער האָט אויך געאַרבעט עבודת פּרך. נאָכן אָפּעסן אָוונט־ברויט, האָט ער זיך צוגעלייגט פאַר אַ דרימל, און אויפגעשטאַנען אַרום 6 אָדער 7 אָוונט און זיך גענומען פריש צו דער אַרבעט. אַז ס׳איז געקומען 8 אין אָוונט, פּלעגן די אַרבעטער קוקן איינער אויפן צווייטן, ווער עס וועט דער ערשטער זיך אויפשטעלן אַהיימצוגיין.

די לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן, ווען נייע אידייען האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן צווישן דער יוגנט. פּלאָצק איז נישט געווען קיין אינדוסטריעלע שטאָט. די אַגיטאַציע פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַר־טייען האָט סרוב אָנגעשלאָגן אין דער יידישער גאַס און די שניידערס בתוכם. אַ סך שניידער אַרבעטער זענען געפאַלן אונטערן איינפלוס פון די ס. ס.

דעם ערשטן סטרייק פון די אַרבעטער האָט באַשלאָסן רופן די

ס. ס. פּאַרטיי. ווען די צייט פון סטרייק איז געוואָרן נאָענט, איז די שטימונג וועגן סטרייק געווען אַ געמישטע. ס'איז געוואָרן גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע אַרבעטער אויפן בית־עולם. משה וואַרשע האָט פאַרטראָטן דעם „בונד". עס איז דאָרט פאָרגעקומען די דיסקוסיע וועגן די אויסזיכטן פון אַ סטרייק. ווי עס דערציילט משה מאגנעס, האָט ער גענומען אַ וואָרט אין דיסקוסיע און זיך אויסגעדריקט, אַז ביים יעצטיקן מאָמענט איז וויכטיק, אַז אַלע אַרבעטער זאָלן זיך פאַראייניקן און זען געמיינזאַם געווינען דעם סטרייק. ווען משה וואַרשע האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „זובאטאוויטש! ס'איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע און געשלעג און דער מיטינג איז געוואָרן אויפגעריסן.

ד.

וועגן דעם ערשטן שניידער סטרייק, דערציילט אונז שמואל זאפּוסט:

אַלס 11 יעריק ייִנגל בין איך געגאַנגען זיך לערנען שניידעריי. די צייט פון דער לערע איז געווען ממש אַ חבוט הקבר. אַזאַ סאָרט לערן־ייִנגל האָט מען אויסגענוצט צו טאָן אַלערליי הויז־אַרבעט: ווי וואַשן די פּאָדלאָגע, מאַכן דעם אויוון, ברענגען קוילן. מ'האָט געאַרבעט „גאַנס־שטונדן", שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אַז מ'איז אַוועקגעפאַלן דרימלען ביי דער אַרבעט, פלעגט דער גזעל־אַרבעטער אָפּגיסן מיט קאַלטע וואַסער.

ווען איך האָב געפילט, אַז איך קען שוין מיין שטעטל באַשטיין, אַז כ'בין שוין אַ שטיקל בעל־מלאכה — בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט די פאַרשידענע ריכטונגען פון דער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

נאָך אָפּזיין אַ קורצע צייט אין וואַרשע, האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין פלאָצק. מיטברענגענדיק מיט זיך אַ היפּשן באַגאַזש פון פּאָליטישן וויסן, האָב איך זיך באַקאַנט מיט די מער אינטעליגענטנע אַרבעטער פון אונזער שטאָט, און מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן די אַרבעטער.

דעם ערשטן סטרייק, וואָס מיר האָבן אַרויסגערופן, איז געווען ביי גוזשיק'ן דעם דאַמסקן שניידער. אָבער דאָס איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט ווי עס רעדט זיך. אַזוי ווי קיין צו־גרויסע ערפאַרונגען אין אָרגאַניזירן אַרבעטער, האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט אַ פּראָפע־סיאָנעלן אָרגאַניזאַטאָר פון וואַרשע פאַר דעם צוועק. כדי עס זאָל נישט פאַלן אויף אים אַ חשד און מען זאָל זיך נישט דערוויסן דעם אמת'ן צוועק פון זיין זיין אין שטאָט, האָבן מיר אים אַריינגענומען אין וואַרשטאַט. עס האָט געהייסן, אַז ער איז אַ שניידער און דער באַלעבאָס האָט אים

געצאָלט שכירות; אָבער די אַרבעט, וואָס מען פלעגט אים געבן צו מאַכן, האָבן מיר געטאָן פאַר אים...

עס האָט נישט גענומען לאַנג, און מיר האָבן אָרגאַניזירט דעם גאַנצן שניידער־פאַך אין שטאָט. דאַן האָבן מיר אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען און מיר האָבן די פאָדערונגען געוווּנען.

אַרום יענער צייט, אין 1898, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומטראָגן קלאַנגען, אַז דעם „גרינעם דאָנערשטיק" ווען די קריסטלעכע מאַסן פאַראַדירן מיט זייערע „איקאָנעס", וועלן זיי מאַכן אַ פּאָגראָם אויף די יידן. מיר האָבן גלייך אָפּגעהאַלטן מיטינגען און אויסגעאַרבעט פּלענער ווי צו פאַרמיידן אַ פּאָגראָם.

אין פלאָצק האָט זיך געפונען סאַרנע׳ס אייזן־פאַבריק. יענע אַרבעטער זענען געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דער פּ. פּ. ס. צווישן זיי זענען געווען אַ היפּשער צאָל פון באַוווסטזיניקע, אינטעליגענטע אַרבעטער. מיר האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט זיי און זיי האָבן איינגעשטימט צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינע זעלבסטשוץ־גרופּע צו שטעלן זיך קעגן, אויב אַ פאַרזוך וועט געמאַכט ווערן צו פּאָגראָמען.

אין איינשטעלן אַ פאַרבינדונג מיט סאַרנע׳ס אַרבעטער, האָט אונז אַ סך אַרויסגעהאָלפן אַ יידישער אַרבעטער פון סאַרנע׳ס פאַבריק, מרדכי קאשערקעוויטש, אַ סאָציאַליסט־ציוניסט. אויך עטלעכע גימנאַזיע־סטודענטן זענען צוגעשטאַנען צו אונזער זעלבסטשוץ־גרופּע.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, אַז אונזער אָרגאַניזאַציע, — וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט סטרייקס און זעלבסטשוץ, האָט שוין גאָר נישט געשמעקט די באַלעבאַטים-אַרבעטס־געבער. מען האָט דערלאַנגט אַ מסירה אין די הויכע פענסטער און מען האָט 13 פון אונז אַרעסטירט.

אַמשטאַרקסטן בין איך געווען ביי זיי אַ דאָרן אין די אויגן. ווייל ביי מיר אין הויז פלעגן אָפט פאָרקומען „סאָבראַניעס". און איין מאָל, איז אין יום־כפור געווען ביי מיר אין הויז אַ מיטינג.

עס געדענקט זיך מיר, אַז מיין מוטער איז געווען אַ קרבן צוליב מיינע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן. ווייל אָפט־מאָל פלעגן די מוטערס פון די אַנדערע חברים מיינע, אָנפאַלן אויף מיין מוטער, פאַרוואָס איך האָב פאַרפירט זייערע קינדער.

ווען מען האָט מיר, אַלס איינער פון די 13 אַרעסטירטע, גענומען אויף אַ פאַרהער, האָב איך געלייקנט שטיין און ביין. ווייל ווען איך האָב זיך געריכט אַרעסטירט צו ווערן, האָב איך אויסגערייניקט מיין הויז פון וועלכן עס איז דאָקומענט, וואָס וואָלט מיך געקענט קאָמפּראָמיטירן. מען

האָט מיך אַרויסגעלאָזן און געשטעלט אונטער דעם אויפזיכט פון דער פּאָליציי.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, האָב איך זיך דערוווּסט פון דעם זון פון אַ היגן פּאָליציי־באַאַמטן (וועלכער איז געווען, אַ מיטגליד פון אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע), אַז מען קלייבט זיך מיך ווידער אַרעס־טירן. דאַן האָב איך קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי צו אַנטלויפן.

מיין פאַרמעגן איז דאַן געווען גאַנצע 6 גילדן. מיט דאָס ביסל קליינגעלט האָב איך זיך דערשלאָגן קוים מיט צרות ביז דייטשלאַנד. דאָרט האָט די פּאַרטיי מיר צוגעשיקט אַביסל געלט, וואָס האָט מיר דערמעגלעכט צו פאָרן קיין לאָנדאָן. נאָך אָפּזיין 6 מאָנאַטן אין לאָנדאָן, בין איך אָנגע־קומען אין אַמעריקע — מיט 50 סענט אין מיין קעשענע. דאָס איז געווען אין דעם יאָר 1902״.

וועגן דעם פּעריאָד פון אָנהויב פון דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג אין פּלאָצק, דערציילט איזיק גוטמאַכער:

„אין 1905 בין איך אַלט געווען 6 יאָר. אָבער „הערשל דער לאַמער״, איז שוין דאַן געווען אַ גאַנצער רעוואָלוציאָנער. ער האָט געהערט צו דער פּ. פּ. ס. וועלכע האָט דאַן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס ביי אונז אין שטאָט, אויך צווישן די יידישע אַרבעטער. „הערש דער לאַמער״, פון פאַך אַ מאָלער־אַרבעטער, האָט געהאַט אַרום זיך אַ קרייז יונגעלייט, וועלכע פלעגן זיך מיט אים תמיד שושקען אין און אַרום דעם באַזאַר, און פון דער שושקעניש איז תמיד אַרויסגעקומען עפּעס אַ מהומה אין שטאָט.

„טעראָר־אַקטן״ קעגן דער צאַרישער פּאָליציי, זענען דעמאָלסט געווען אַנ׳אָפּטער דערשיינונג. מיין קינדערשע באַאָבאַכטונגס־פעאיקייט האָט עפּעס ווונדערלעך אויפגעכאַפּט פון דער לופטן דעם געהיימניספולן צוזאַמענהאַנג צווישן הערש דעם לאַמערס קרייז מענשן און די אַלע מהומות, וואָס פלעגן אויסברעכן אין שטאָט. הערש און זיינע מענשן, זענען געוואָרן אין מיינע אויגן די גרעסטע העלדן. דער גרעסטער העלד, איז טאַקע ביי מיר געווען הערש אַליין. איך האָב געפילט, אַז כ׳קען גייען פאַר איר אין פייער און וואַסער.

„טיילמאָל, ווען הערש האָט נישט געהאַט קיין אַרבעט אַלס מאָלער, פלעגט ער שטיין ביי זיין טאַטן אין צוקערוואַרג־פאַבריקל און דרייען דאָס ראָד פון אַ מאַשין, וועלכע האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיך צוקערלעך אָן אַ שיעור. איך פלעג אַריינקומען צו הערשן אים אַרויסהעלפן. עס איז געווען פאַר מיר דאָס גרעסטע גליק, צו קענען שטיין ביים ראָד און העלפן הערש׳ן עס דרייען. און אַזוי דרייענדיק דאָס ראָד, פלעגט הערש אַריינרעדן אין מיר הויכע געהיימניספולע ווערטער, וועגן גלייכהייט פון מענשן, וועגן

דער שלעכטקייט פון רוסישן צאַר א. אַ. וו. דערביי האָט ער מיך שוין אָנגעהויבן אַריינצוציען איינציקווייז אין זיין דינסט. ער פלעגט מיך אַרויס־שיקן אין גאַס אַריין אויפצוזוכן פאַרשידענע חברים זיינע און זיי איבער־געבן פאַרשידענע אָנווייזונגען. איך פלעג דאָס טאָן מיט גרויס ליבשאַפט, און כ׳האָב אָנגעהויבן קוקן אויף זיך אַליין, ווי אויף איינעם פון יענער געהיימניספולער גרופע.

„איינמאָל האָב איך פון די שטילע געשפּרעכן פון הערש׳ן מיט זיינע חברים אויפגעכאַפּט אַ פּלאַן, וועלכן זיי זענען געגאַנגען אויספירן — אַן אַטענטאַט אויף אַ צאַרישן פּאָליציאַנט, וועלכער פלעגט זיין באַזונדער ברוטאַל צו אַרעסטירטע און פלעגט בכלל שטאַרק פאַרפאָלגן די רעוואָ־לוציאָנערן.

„דער אַטענטאַט איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער גרויסער שוהל, בעת אַ צאַרישער מלוכה־פייערונג, ווען אַלע שול־קינדער און חדר־יינגלעך זענען געווען דאָרט פאַרזאַמלט און געזונגען „באָזשע, צאַריאַ כראַני". דער פּאָליציאַנט איז געשטאַנען שטייף, מיט דער האַנט ביים דאַשעק, דעמאָלסט, איז צו אים צוגעגאַנגען פון הינטן איינער פון הערש באמזאנ׳ס מענשן, דעם פריזיער גראבמאנ׳ס אַ זון, און אים געצומען באַלייגן מיט שטעקנס, ביז בלוט האָט זיך געגאָסן, דאָס איז פאָרגעקומען פאַר די אויגן פון הונדערטער פאַרזאַמלטע יידן, וועלכע האָבן געזען ווער עס האָט עס געטאָן. דער פּאָליציאַנט איז געבליבן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט. דער יונגער גראבמאַן, איז געווען דער העלד פון טאָג. אָבער באַלד נאָכן אויספירן דעם אָנפאַל, איז ער פאַרשוווּנדן פון שטאָט, ווייל ס׳איז געווען אַ מורא, אַז יידן זאָלן אים נישט אַרויסגעבן דער פּאָליציי. ער איז אַוועק קיין אויסלאַנד".

„שפּעטער, איז הערש דער לאַמער אַרעסטירט געוואָרן, און מ׳האָט ביי אים געפונען הייס געווער. מ׳האָט אים באַשולדיקט אין באַטייליקן זיך אין אַן אַטענטאַט אויף אַ צווייטן פּאָליציאַנט, און מ׳האָט אים פאַרשיקט קיין סיביר. פלאָצק האָט יאָרן געקלונגען מיט „הערש דעם לאָמען".

„די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז שפּעטער געוואָרן שוואַכער. ערשט נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן אין 1914 ־ 1915, האָט אָנגעהויבן די אַרבעטער באַוועגונג צוריק אויפשטייגן".

„דער ערשטער מענש פון דער ניי־וואַקסנדיקער באַוועגונג אין שטאָט, מיט וועלכן איך האָב זיך דעמאָלסט באַקענט, איז געווען אַ יונגער־בחור פון מיין עלטער — הערש קרוק. ער און אַ צווייטער בחור, ניוניעק קאַגאַן, דער זון פון גוט באַקאַנטן לערער און שפּעטערדיקער לייטער פון דער יידישער „פּאָושעכנער" שולע, — האָבן מיר פאָרגעשלאָגן אַריינצו־

טרעטן אין סאָציאַליסטישן קרייז. הערש קרוק איז געווען דער פירער פון דעם דאָזיקן קרייז, פון דער ניי אויפגעלעבטער פ. ס. ד. אין פלאָצק (די פ. ס. ד. איז שפּעטער סוף 1918, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי). אין דער שפּיץ פון דער פ. ס. ד. זענען געשטאַנען דער קריסטלעכער גימנאַזיע־לערער זאַבוסקי, משה בעקער, דער זון פון פלאָצקער ציוניסטישן עסקן אהרן בעקער, דער דענטיסט גאָלדקינד, דער גימנאַזיע־לערער ערנרייך, הערשל דיוואַן, הערש קרוק א. אַ.



„יידישע קינדער" פון נתן קאָזשען

# די יאָרן פאַרן ערשטן וועלט-קריג

## א.

יידן האָבן געוווינט קאָנצענטרירט; ווער — אין ברייטע גאַס, שול גאַס, גילדענע גאַס און עטלעכע זייטיקע קליינע געסלעך — יעדער מיט זיינע דאגות פרנסה, און די פרייע צייט אויסגעפילט אין בית המדרש אָדער אין שטיבלעך, ווו ס'זענען געווען מנינים פון פאַרשידענע חברות.

אַרבעטער יוגנט איז געווען וואַך צו נייעס פון דער גרויסער וועלט און צו נייע אידייען, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין יידישן קוואַרטאַל. די מער באַוווסטזיניקע אַרבעטער האָבן פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַ־טור, דורכגעפירט אידייאישע דיסקוסיעס אין די אַרומיקע וועלדער, און אַריינגעצויגן נייע מענשן אין זייערע קרייזן.

אַזוי איז זיך געפלאָסן דאָס יידישע לעבן אין פּלאָצק אונטער דעם וואַכן אויג פון רוסישן טשינאָווניק. דער ייד ביי זיין וואַרשטאַט: ביי שניידעריי, שוסטעריי, טאָקעריי א. אַ. וו. דער קרעמער אין זיין קראָם, און דער רייכערער ייד אין זיין גרויס געשעפט. ער האָט שוין געוווינט אין די גויאישע גאַסן.

געווען אויך יידן, וואָס ביי זיי, דער קאָנטאַקט מיט דער דרויסנ־דיקער וועלט איז באַשטאַנען פון דעם פויער פון דאָרף, דעם שבת־גוי, וואָס הייצט דעם אויוון און נעמט אַראָפּ די לייכטער פון טיש און צעהאַקט האָלץ פאַרן ווינטער, און פון פאָרן אויף אַ יאַריד אין אַ נאָענט שטעטל.

אָפט האָט דער גוי זיך אויסגעלערנט אַ געשמאַקן יידיש אַריינגע־פלאָכטן מיט לשון־קודש ווערטער, — ער איז פּאַקטיש אויך געווען אַ טייל פון יידישן קוואַרטאַל, אויסער, וואָס זונטיק האָט אים געצויגן אין קירך אַריין. אַז ער האָט זיך אָנגעשכורט, איז עס גאַנץ נאַטירלעך, ווייל ער איז אַ גוי. אַ ייד אַ שכור, האָט מען געקענט זען אויף דער ברייטער אָדער גילדענע גאַס, נאָר אין שמחת־תורה. איז ער דען שכור פון בראָנפן? ער איז מער שכור פון דער תורה.

שפּאַרונעס האָבן זיך געעפנט אין דער יידישער געטאָ. יידן האָבן שוין געוווינט אין אַרומיקע גאַסן, געעפנט דאָרט געשעפטן. דער פאַרהאַנג וואָס איז געווען פאַרצויגן איבער דער ברייט פון דער גילדענער גאַס, בעת אַ קריסטלעכער פּראָצעסיע, איז פאַרשוווּנדן. אויס געטאָ! די שנאה צום יידן האָט זיך אָבער נישט געענדערט. דער יידן־האַס איז געבליבן, אָפן און אונפאַרשעמט.

דער ייד איז דוקא פאַרנומען מיט זיין וועלט. די מלחמה פאַר

פרנסה אין אַ וועלט, ווו מ׳וויל עקאָנאָמיש דעם יידן דערשטיקן גייט אָן. באַאיינפלוסט פון דער ברייט־געעפנטער וועלט פון תורה און חכמה, וועלכע ווייסט נישט פון קיין גדר און גרענעץ, איז דער ייד געווען פאַרכאַפּט אין בויען זיין אויספּאַנטאַזירטע נייע צוקונפט. מיט פאַראַכטונג האָט ער געקוקט אויף זיין באדריקער. אַנ׳אויסגעפּרוווטער אין זיין טויזנט יעריקן וועג פון ליידן און נסיון, איז זיין יידיש לעבן אין די פּלאָצקער גאַסן און געסלעך אָנגעגאַנגען אין פולן שוונג.

ביי ענדע פון 19־טן יאָרהונדערט, איז די יידישע באַפעלקערונג געווען אַ גרעסערע ווי אין די פריערדיקע יאָרן. אין 1802 האָט פּלאָצק געהאַט 3714 איינוווינער. דערפון — קאַטאָליקן די קלענסטע צאָל — 866, פּראָטעסטאַנטן — 1783 און יידן 1065.

אין 1816 איז די גאַנצע שטאָטישע באַפעלקערונג געווען אַרום 6000 איינוווינער.

אין 1822, ווען די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 6466 איינוווינער, זענען געווען 4219 קריסטן און 2247 יידן.

דער האַנדל איז דעמאָלסט געלעגן אין יידישע הענט. אינטערעסאַנט, אַז עס זענען געווען 3 קריסטלעכע סוחרים און הונדערט יידישע (אין 1817).

כמעט אַלע יידן אין פּלאָצק, זענען געווען אין יענער צייט קאָנ־צענטרירט אין דער גילדענע גאַס און שוהל־גאַס. פון יאָר 1803, איז געבליבן, אַנ׳אַזוי גערופענער, פּלאַן פון דער „יידישער שטאָט אין פּלאָצק״, געצייכנט פון אַ דייטש שמידט. לויט דעם פּלאַן, האָבן יידן געהאַט 77 הייזער. צוזאַמען מיט דעם פּלאַן, רעכנט ער אויס די נעמען פון די 77 יידישער הויז־אייגנטימער.

זינט פּלאָצק איז געוואָרן אַ רוסישע גובערניע־שטאָט אין 1837, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אָנגעהויבן פאַרגרעסערן. אין 1897, זענען דאָרט געווען 20.073 איינוווינער, דערפון — אַרום צען טויזנט יידן.

געווען אַ צאָל פאַמיליעס אין פּלאָצק, אַסימילירטע, וועלכע האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, און זייער טעטיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט אויסער די גרענעצן פון פּלאָצק.

אַ זון פון די קעמפּנערס — רפאל — איז געוואָרן סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער גמינע און י. ל. פּרץ האָט געאַרבעט אין זיין קאַנצעלאַריע. אַ טאָכטער פון די קעמפּנערס, איז געוואָרן די צווייטע פרוי פון איגנאַצי דאַשינסקי, דעם מאַרשאַלעק (ספּיקער) פון פּוילישן סיים. אַ צווייטער זון פון די קעמפּנערס, איז געווען אַ פּעאיקער מאַטעמאַטיקער און געשריבן ביכער איבער עקאָנאָמישע פראַגן, ווי וואַליוטע, אינדוסטריע א. אַ. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ בוך פּאַלעמיזירנדיק מיט׳ן ציוניזם.

די קעמפּנערס האָבן געהאַט אַ פאַרלאַג און בוך־געשעפט אין פּלאָצק בשותפות מיט אַ קריסט סטאַבלעווסקי אויף דער גראַדזקאַ גאַס.

אָנהויב יאָרהונדערט, זענען ביכער־געשעפטן געווען נאָר אין יידישע הענט. צ. א. האָט געהאַט אַ בוך־געשעפט איינער וואַסערמאַן, אַ צווייט ביכער־געוועלב האָט געהאַט דער ייד שוואַרץ.

ביז דאַן זענען קיין קריסטלעכע ביכער־געשעפטן נישט געווען אין פּלאָצק. ווען די אויבנדערמאָנטע האָבן ליקווידירט זייערע געשעפטן, האָט געעפנט אַ בוך־געשעפט דער ייד בוקי, וועלכער האָט עס שפּעטער פאַר־קויפט צו קריסטן.

אויך קעמפּנער האָט זיין בוך־געשעפט פאַרקויפט צום פּאָליאַק טאוטמאַן.

שפּעטערע יאָרן זענען נאָך געווען עטלעכע ביכער געשעפטן אין יידישע הענט, צ. א. קאָוואַלסקי אויף דער טומסקא גאַס, אייכעלט און ברוך זעלקאָוויטש.

דער פּשוטער ייד האָט געהאַט אָפּשיי פאַר דעם רייכן אַסימילאַטאָר. דער אַסימילירטער ייד, אָפט דער טעטיקסטער אין כלל־אַרבעט, האָט זיך געהאַט זיין דרך אין לעבן און דער פרומער ייד האָט נישט געוואַגט זאָגן אַ קרום וואָרט אויף אים. אינטערעסאַנט איז צום ביישפּיל, מיט דער פּערזאָן פון רייכן אַסימילאַטאָר וואַלדענבערג. ער האָט געדאַוונט שבתים און יום־טובים אין דער תלמוד־תורה, ווו ער האָט געהאַט אַ חזקה אויף פּתיחה יום־כפור. ווען ער איז געגאַנגען אַהין דאַוונען אַ שבת, איז ער געגאַנגען איבער דער גאַס רויכערנדיק זיין ציגאַר און דעם שטעקן אין האַנט. פאַרן אַריינגיין דאַוונען, האָט ער איבערגעלאָזן דעם שטעקן ביי אַ באַקאַנטן, פאַרלאָשן דעם ציגאַר און אַריין דאַוונען.

אַ וויכטיק בלעטל געשיכטע, האָבן אַריינגעשריבן די גאָלדעס אין יידישן פּלאָצק.

די קינדער, געבוירענע ביי אַסימילירטע עלטערן, האָבן צעשפּרייט זייער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אין יידישן און נישט־יידישן לעבן אויף פאַרשידענע וועגן.

דער פאָטער, דער אַלטער גאָלדע, איז געווען דער גרינדער פון אַ פאָלקס־קיך פאַר אָרעמע יידישע קינדער, ווו זיי האָבן באַקומען אַ וואַרעמען מאָלצייט. אין אויסהאַלטן די קיך, האָבן אים מיטגעהאָלפן אַנ־דערע רייכע באַלעבאַטים אין שטאָט, ווי, שענוויץ און וואָלפסאָן. אַסימי־לירטע כלל־טוער, האָבן געזאָרגט אויך פאַר אַנדערע קהלשע אינסטיטו־ציעס מער ווי די דאזאַרעס. אפילו די תלמוד־תורה איז געווען אונטערן שוץ פון די פילאַנטראָפּישע אַסימילאַטאָרן.

אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט עקזיסטירט אַ קרעדיט־געזעלשאַפט אין פלאָצק. ניינציק פּראָצענט פון די מיטגלידער זענען געווען יידן. אָבער אין שפּיץ פון דער געזעלשאַפט, איז אַלעמאָל אויסגעקליבן געוואָרן אַ גוי, וועלכער איז אָפט אויך געווען אַן־אַנטיסעמיט.

אויף איינער אַזאַ יערליכער פאַרזאַמלונג, האָט יוליוס גאָלדע געקעמפט, אַז אַ ייד זאָל ווערן אויסגעוויילט אַלס פּרעזעס. אין יענער צייט האָבן יידן נישט געקענט פאַרשטיין דעם מוט פון גאָלדע׳ן, וועלכער האָט פאַרלאַנגט די רעכט וואָס עס קומט דעם ייד. האָבן זיי געקוקט אויף אים ווי אויף אַ חוצפּה׳ניק.

גאָלדעס הויז איז געווען קאָלירפול מיט פּאַרטייען אין וועלכע גאָלדעס זין און טעכטער זענען געווען אנגעשלאָסן. פאַר דער דעמאָנסט־ראַציע אין 1905, איז ביי די גאָלדעס אין הויז, געוואָרן צוגעגרייט די פּאַרטיי־פענער פון די ס. ס., „פּועלי־ציון" און „בונד".

יוליוס גאָלדע און בכלל די גאָלדע׳ס, זענען געווען די אַקטיוויסטע אין אָרגאַניזירן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פלאָצק. געהיימע פאַר־זאַמלונגען זענען אָפט פאָרגעקומען אין לאַנצקער וואַלד. אויפן וועג צום וואַלד, זענען אויף פּונקטן געוואָרן אויסגעשטעלט מענשן, וועלכע האָבן געוויזן דעם וועג און גלייכצייטיק געהאַלטן אַן־אויג, טאָמער באַוויזט זיך פּאָליציי.

יוליוס גאָלדע איז געווען אַ שטאָלצער ייד, און נישט טאָלערירט קיין באַליידיקונג פון די פּוילישע שילער, ווען ער האָט זיך געלערנט אין דער גימנאַזיע. עס זענען אָפט אויסגעבראָכן געשלעגן צווישן אים און די פּוילישע שילער, וואָס האָבן באַליידיקט זיין יידישן כבוד.

פּוילישע פּאַטריאָטישע שילער, האָבן נישט פאַרטראָגן ווען יידישע שילער האָבן גערעדט רוסיש צווישן זיך און נישט פּויליש. געווען צווישן די שילער איינער אברהם מאַרגאָלין, — (וועלכער איז שפּעטער, אין אַמעריקע, געוואָרן מיטאַרבעטער פון „קונדס" און „קיבעצער"), ער איז איינגעשטאַנען אויף סטאַנציע ביי פּאַפּירנאַ׳ן. ער האָט קיין פּויליש נישט געקענט רעדן, — ער איז אויסגעשטאַנען צרות פון די פּוילישע שילער.

די עלטסטע טאָכטער אין דער גאָלדע־פאַמיליע האָט חתונה געהאַט מיט משה אַלטבערג. אַ זון סעלים איז פאַרן קריג געווען דירעקטאָר פון דער יק"א אין פּוילן. אַ צווייטער, אַלעקסאַנדער גאָלדע, איז געווען אַ ציוניסט, און אַריבער צום „בונד", ווו ער האָט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין דער פּאַרטיי־פירערשאַפט. אַ דריטער זון, יוליוס גאָלדע, איז געווען אונטער דער השפּעה פון נחמן סירקין און לאַצקי־בערטאָלדי און צוגע־שטאַנען צו דער ס. ס. פּאַרטיי. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905, איז ער

אַוועק פון פלאָצק. אין דער צייט פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, איז ער געוואָרן אַ קאָמוניסטישער טוער, אַ מיטאַרבעטער פון „עמעס", און אַ אָנגעזעענער טוער אַרום דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין קרים און ביראָ־בידזשאַן. די יינגערע טאָכטער, עסטעראַ גאָלדע, איז געוואָרן אַ אָנגעזעענע טוערין אין דער פּ. פּ. ס., זי איז געווען אַ אויסגעצייכנטע רעדנערין, און ווי אַלע אירע ברידער און שוועסטער, געהאַט אוניווערסיטעט־בילדונג. איר פּאָליטישע קאַריערע האָט זי אָנגעהויבן אין פלאָצק אין דער פּ. פּ. ס. און שפּעטער געוואָרן אַ צענטראַלע פיגור אין דער פּאַרטיי. זי איז געבליבן אַסימילירט און געזעען איר אינטערעס נאָר אין דעם פּוילישן קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט און אין סאָציאַליזם. שפּעטער, איז זי אַריבער אין קאָמוניסטישן לאַגער. אין דער צייט פון פּילסודסקי'ס הערשאַפט אין פּוילן, ווען דער קאָמוניזם איז געוואָרן אונטערדריקט, האָט איר, ווי אַנדערע, געדראָט צו ווערן אַרעסטירט. זייענדיק באַפריינדעט מיט פּילסודסקין פון פריערדיקע פּ. פּ. ס. צייטן, האָט זי אויסגעמיטן אַרעסטירט צו ווערן. אין די דרייסיקער יאָרן, איז זי אַוועק קיין פּאַריז, און דאָרט רעדאַגירט אַ קאָמוניסטישע צייטונג אין פּויליש. צעלינא גאָלדע, איז געווען די פרוי פון ד"ר שלמה מינץ, וועלכער האָט אין 1882 געענדיקט גימנאַזיע אין פלאָצק, און מיטגעאַרבעט שפּעטער מיט אוסישקינען און טשלענאָוו'ן אין „בני־ציון". אין 1887, האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע און געוואָרן אַ ספּעציאַליסט פון מאָגן־קראַנקייטן. ער איז געווען אַקטיוו אין ציוניסטישע און ליטעראַרישע קרייזן. ער האָט געשריבן איבער מעדיצינישע פראַגן אין יידישע, העברעאישע, פּוילישע און דייטשע פּרעסע און פאַרעפנטלעכט עטלעכע ביכער איבער מעדיצין. ער איז געווען נאָענט באַפריינדעט מיט פּרצן.

משה אַלטבערג, אַ שוועסטער־קינד פון פּרצ'ן שטאַמט פון זאַמאשטש. ער האָט געהייראַט די עלטערע טאָכטער פון די גאָלדעס — פּאַולינאַ, — און זיך אַריבערגעצויגן קיין פלאָצק. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט אין דער פלאָצקער רוסישער גימנאַזיע און געווען אַלע יאָרן אַ הייסער פּוילישער פּאַטריאָט.

אין אַ געוויסן טאָג — אונטער דער רוסישער הערשאַפט — האָבן די פּוילישע שילער פון אַלע אַכט קלאַסן גימנאַזיע, דעמאָנסטראַטיוו אָפּ־געשטעלט די לעקציעס, פאַרלאָזט די געביידע און מיט געזאַנג פון פּאַט־ריאָטישע פּוילישע לידער מאַרשירט איבער דער גאַס. מיט זיי האָבן מיט־מאַרשירט דריי יידישע שילער, איינער פון זיי איז געווען אַלטבערג משה. די איבעריקע יידישע שילער, זענען געבליבן אויף זייערע ערטער צוזאַמען מיט די רוסישע און דייטשע שילער פון דער גימנאַזיע.

פאַר צענדליקער יאָרן איז אַלטבערג געווען דער וואָרטזאָגער פון דער יידישער אַסימילאַטאָרן גרופּע אין פּלאָצק, וועלכע האָט פּאַקטיש אָנגעפירט מיטן יידישן קהלה־לעבן און פאַרטראָטן די יידישע באַפעלקערונג לגבי דער רוסישער מאַכט.

משה אַלטבערג איז געווען זער טעטיק אויפן סאָציאַלן און ווירט־שאַפטלעכן געביט. געווען דער בויער פון סאָציאַלע אינסטיטוציעס, ווי „קראָפּלע מלעקא" (טראָפּן מילך), וואָס האָט באַזאָרגט מיט מילך אָרעמע יידישע קינדער, געזאָרגט פאַרן יתומים־הויז, געווען צווישן די גרינדער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק ביים האנטווערקער פאריין, און איר דירעק־טאָר פאַר פיל יאָרן. ער האָט אויך ערמוטיקט טאַלאַנטפולע יוגנטלעכע פאַרטזעצן זייער סטודיום, העלפנדיק זיי עס צו דערגרייכן, ווי עס איז דער פאַל מיטן שפּעטער באַרימטן קינסטלער פישל זילבערבערג.

זיין פאָטער, יוסף אַלטבערג, איז געווען דער ערשטער אָפּצושאַצן פּרצעס שאַפונגען, און אים געגעבן מוט פאַרצוזעצן זיין שרייבן.

אויף משה אַלטבערג׳ס חתונה אין פּלאָצק, האָט זיך פּרץ באַפריינ־דעט מיט פאפיערנא. פּרץ פלעגט אָפט קומען קיין פּלאָצק, ווו זיין זון לוציאַן, האָט זיך געלערנט אין גימנאַזיע. פאולינאַ אַלטבערג, האָט לוציאנען איינגעאָרדנט אויף „סטאַנציע" ביי פאפיערנאַן. שפּעטער האָט ער געוווינט ביי די אַלטבערגס ביז ער האָט געענדיקט גימנאַזיע.

פּרץ איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי משה אַלטבערג, מיט וועמען ער איז געווען באַפריינדעט נאָך פון זאַמאשטש. פאַר אַ צייט האָט משה אַלטבערג, געאַרבעט ביי פּרצ׳ן אַלס סעקרעטאַר אין זיין אַדוואָקאַטישער קאַנצעלאַריע.

אויף איינעם פון זיינע באַזוכן ביי די אַלטבערגס, האָט פּרץ אָנגעשריבן אַ ליד געווידמעט פאולינען. ער פלעגט ליינען פאַר איר זיינע שאַפונגען. דעם כתב־יד פון „די געשמיסענע אמת" און „מאניש", האָט ער איר געגעבן אַ מתנה. ער פלעגט אויסהערן איר מיינונג וועגן זיינע שאַפונגען, צו וועלכע זי איז טיילמאָל געווען קריטיש.

ווען פּרץ האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, האָט ער זיך באַקענט מיט פאולינעס קרובים און פריינט ווי ד"ר מינצ׳עס משפחה, די גרינבוים׳ס א. א.

די לאַנגיאָריקע פריינטשאַפט מיט פאולינען, האָט פּרץ אָנגעהאַלטן צוליב איר געזונטן חוש פאַר ליטעראַטור אָפּשאַצן און פאַר אירע באַמיונגען פאַר זיין זון לוציאַן, אויף וועמען זי האָט געהאַט השפעה.

פּרץ האָט ליב געהאַט, צו הערן פאולינען שפּילן פּיאַנאָ. זי פלעגט פאַר אים שעה׳ן לאַנג שפּילן שומאַנען און בעטהאָווענען, וועמענס מוזיק ער האָט ספּעציעל ליב געהאַט.

אויף איינע פון זיינע רייזעס קיין פּלאָצק, פאָרנדיק מיטן דאַמפּער, אַ רייזע פון אַ 7-8 שעה, האָט פּרץ זיצנדיק אויפן דעק, אָנגעשריבן „די גאָלדענע קייט".

אַ אינטימע פריינטשאַפט האָט געבונדן סאָקאָלאָוו'ן מיט פּרצ'ן, וועלכער איז געווען עלטער פון אים מיט 7 יאָר. סאָקאָלאָוו, וועלכער איז שוין געווען אַנ'אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון דער העברעאישער פּרעסע, האָט כסדר געמינטערט פּרצ'ן צום שרייבן.

אויף זייער ערשטער באַגעגעניש, אין קראַשינסקיס גאָרטן אין וואַרשע, ווען פּרץ האָט זיך באַקענט מיט אים, זאָגט אים סאָקאָלאָוו: „איך האָב געהערט פון אייך, ביי אונז אין פּלאָצק און ווישעגראַד, האָט מיט אייך געשמ'ט, איר זענט דער עלוי פון זאַמאָשטש".

ב.

די יידישע קהלה-פאַרוואַלטונג — די גמינע — איז באַשטאַנען פון דריי געוויילטע דאַזאָרעס און דער רב. זיי האָבן געטראָגן פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייער טעטיקייט צו דער ציוויל-אָפּטיילונג ביים גובערנאַטאָר.

די קאַדענץ פון די דאַזאָרעס איז געווען אַ דריי יעריקע. די דאַזאָרעס זענען געוואָרן אויסגעוויילט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די יידישע שטייער-צאָלער אין בית המדרש, אונטער דער אויפזיכט פון אַ הויכן באַאַמטן פון דער ציוויל-אָפּטיילונג. קיין קאַנדידאַטן-ליסטעס מיט אַגיטאַציע איז נישט געווען. די קאַנדידאַטן זענען אַרויפגעשוומען אויף דער פאַרזאַמלונג גופא. געוויינלעך, זענען די קאַנדידאַטן געווען אַסימילאַטאָרן. עס פלעגט אויך טרעפן אַז אַ נישט-אַסימילירטער איז געוואָרן אויסגעוויילט, אַ דאַנק זיינע אויפטוען פאַרן כלל. אַזוי איז איינמאָל געוואָרן אויסגעוויילט דער פרומער ר' פישל בענעט, אַ צווייט מאָל דער מתנגד ר' משה לידזבארסקי. די קאַנדידאַטן האָבן געהאַט זייערע אָנהענגער, וועלכע האָבן זיך באַמיט אַז זייער קאַנדידאַט זאָל ערוויילט ווערן. צו זיין אַ דאַזאָר, איז געווען אַ גרויסער כבוד. פאַר אַ דאַזאָר האָבן „יידן פון אַ גאַנץ יאָר" געהאַט רעספּעקט.

די קאַנדידאַטן האָבן נישט געהאַט קיין פּראָגראַם, וועלכן זיי האָבן צוגעזאָגט דורכצופירן, זיי האָבן זיך נישט מתחייב געווען צו גאָרנישט. די פונקציעס פון דער קהלה זענען געווען גאַנץ קלאָרע. רעליגיעזע הצטרכות'ן ווי רב, שוחט, חזן, מקוה, די דיינים, שוהל-קלאַפּער און שומר פון בית-עלמין און אַ מאָס פון סאָציאַלע הילף ווי תלמוד-תורה, מושב זקנים, יתומים באַזאָרגן מצות פאַר אָרעמע-לייט אויף פּסח א. ד. ג.

**אַז מ'האָט פאָרגעשלאָגן די קאַנדידאַטור פון משה אָלטבערג, איז קיינער**

נישט געווען קעגן, ער האָט געהאַט אַלעמענס צוטרוי. דאָסגלייכן גאלדע אָדער ד״ר קוניג, וועלכער איז געווען באַליבט צוליב זיין הומאַניטאַרישער באַציונג צו אָרעמע קראַנקע. אַז ס'איז געקומען צו אַ קאַנדידאַטור פון גביר לאסקי, איז ער לייכט ערוויילט געוואָרן, ווייל צוליב זיין קאַרגשאַפט, וועט ער געוויס איינשפּאָרן דעם בודזשעט...

די ווילער האָבן אַריינגעוואָרפן זייערע צעטלעך מיט דריי אָנגע־שריבענע נעמען אין אַ קעסטל. נאָכן איבערציילן די שטימען אונטערן אויפ־זיכט פון גובערניע־באַאַמטן, זענען זיי באַשטעטיקט געוואָרן דורכן גובערנאַטאָר און ערשט דעמאלסט האָבן זיי אפיציעל איבערגענומען זייערע אַמטן אַלס דאזארעס, אויף אַ טערמין פון דריי יאָר.

פון די אָנגעזעענע דאזארעס וואָס האָבן פאַר אַ צייט פאַרוואַלטעט מיט דער גמינע, זענען געווען צ. א.: אַלטבערג משה, וואַסערמאַן איזידאָר, לאסקי, פלאנסקער רפאל, ליפשיץ נתן, בראמבערגער סאלאָמאָן, ד״ר קוניג, ראגאזשיק יוזעף, שיליט הענעך א. אַ. די לעצטע צווי זענען פיל מאָל ווידער ערוויילט געוואָרן.

אין 1895, איז ר' יחזקאל ליפשיץ געוואָרן רב אין פלאָצק. פריער האָט ער פאַרנומען רבנות־שטעלע אין יורבורג און בוסק (קורלאַנד). ווען ער איז געווען רב אין פלאָצק, האָט ער אָנגעשריבן זיין ספר „המדרש והמעשה״. הרב ליפשיץ איז געווען נישט נאָר אַ רעליגיעזער אויטאָריטעט, נאָר אויך אַ כלל־טוער, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין שפּעטערע יאָרן, אין באַפרייטן פוילן, איז ער געוואָרן ערוויילט אַלס פּרעזידענט פון „אגודת הרבנים״ אין פוילן. אין 1926 האָט ער אנטיילגענומען אין אַ דעלעגאַציע פון פוילישע רבנים קיין אַמעריקע.

אין דער צייט וואָס עס זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, אויפן וווּנק פון דער צאַרישער מאַכט, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אויך אין פלאָצק גרייט זיך אַנ'אויפגעהעצטער המון צו מאַכן איבערפאַלן. ספּעציעל האָט מען מורא געהאַט פאַר פּראָוואָקאַציעס אין טאָג פון „גרינעם דאָנערשטיק״, ווען די קריסטן פירן דורך זייערע רעליגיעזע פּראָצעסיעס צו דער קירכע. יידן האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין זייערע היימען און געהאַלטן די געשעפטן פאַרמאַכט. אַ דעלעגאַציע מיט הרב ליפשיץ, איז אַוועק צום גובערנאַט ָר, וועלכער האָט צוגעזאָגט, נישט צו דערלאָזן צו אַ פּאָגראָם. אין דער צייט פון דער פּראָצעסיע, איז די גאַנצע פּאָליציי „געווען אויף די פיס״, היטנדיק, עס זאָל נישט קומען צו קיין אָנפאַל, לויט אַ באַפעל פון גובערנאַטאָר.

דער רב יחזקאל ליפשיץ, וועלכער האָט גוט באַהערשט אַ ריי

שפּראַכן, איז געווען אַנ׳אָפּטער אַריינגייער צום גובערנאַטאָר. ווען אַזאַ וויזיט ביים גובערנאַטאָר ווערט דערציילט:

דער גובערנאַטאָר, זייענדיק פאַרטאָן אין אַ שמועס מיטן רב, האָט פאַרגעסן אין זיין מיטאָג־שטונדע. די פרוי פון גובערנאַטאָר, איז אַריינגעקומען אין קאַנצעלאַריע אים דערמאָנען. זעענדיק אים אַריינגעטאָן אין אַ שמועס מיטן רב, האָט זי זיך אָנגערופן צו איר מאַן אין פראַנצויזיש: „דער מיטאָג איז גרייט און דו זיצט און שמועסט מיט אַ שוואַרצן ייד״. זי האָט נישט געוווסט אַז הרב ליפשיץ פאַרשטייט פראַנצויזיש. און דער רב האָט זיך אָנגערופן צו איר אין פראַנצויזיש: „די שוואַרצע ערד איז די בעסטע״. דעם גובערנאַטאָרס פרוי האָט אים איבערגעבעטן, און דעם רב׳ס פריינטשאַפט מיטן גובערנאַטאָר איז נאָך שטאַרקער געוואָרן.

ס׳זענען אַלעמאָל געווען גרופּן און יחידים, וועלכע האָבן זיך איינגעריסן מיטן אָפיציעלן רב, אָדער אים באַקעמפט און געזוכט פון אים פּטור צו ווערן. אין יאָר 1903, האָט אַ געוויסער ייד, לערמאַן, אַרויסגעלאָזן קול־קורא׳ס — און ליתר תוקף — זיך אונטערגעחתמעט אין רוסיש און דייטש, אַלס דער אויבעררבינער פון פּלאָצק. אין דעם קול־קורא, באַהאַנדלט ער פראַגן פון רעליגיע און דעם ענין פון ביאת הגואל. דאָס האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די בעלי־בתים און דאזארעס און זיי לאָזן דרוקן אַנ׳אויפקלערונג אין „המליץ״ (27, 1903), אַז בכדי דער אונטערגעשריבענער אויפן קול־קורא, — לערמאַן — זאָל נישט פאַרפירן די רבנים און די יידישע עפנטלעכקייט איבערן לאַנד, — זענען זיי מודיע, אַז דער דאָזיקער לערמאַן, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט פאַנטאַזיעס, איז נישט קיין רב אין פּלאָצק. אַז דער רב אין שטאָט, איז דער גאון יחזקאל ליפשיץ. די באַקאַנטמאַכונג, האָבן אונטערגעשריבן: בנימין גאלדע, יעקב שענוויץ און משה לידזבארסקי.

כאָטש פּלאָצק האָט אויסגעמיטן אַנטיסעמיטישע אויסברוכן, איז די פּוילישע באַפעלקערונג געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט. טראָץ די האַנדלס־באַציונגען צווישן יידן און פּאָליאַקן, זענען די פּאָליאַקן געווען פול מיט האַס צו יידן, נישט נאָר אויס רעליגיעזע מאָטיוון, נאָר אויך צוליב די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און די אַלטע שנאה צו יידן פון דורות. די פּאָליאַקן, צוגערויבט פון זייער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, זענען מער פעאיק געווען צו פּאָגראָמען ווי צו קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער פרייהייט. אין זעלטענע פאַלן האָט זיך אַרויסגעהויבן אויך אַ פריינטלעכע שטימע פאַר יידן. אין 1906, איז דערשינען אין פּלאָצק אַ וואָכנבלאַט ״Płoczanin״

(„דער פלאָצקער") אין פויליש, אונטער דער רעדאַקציע פון די פּאַליאַקן ביצקעוויטש און דאמבראוואסקי. די צייטונג האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די פלאָצקער אַנטיסעמיטן, צוליב זייער פריינטלעכער באַציונג צו יידן. די צייטונג איז דערשינען נאָר צוויי יאָר ביז 1908. דער ביסקופּ נאָוואַ־וועיסקי, אין זיין מאנאגראפיע „פלאָצק", דריקט זיך אויס: דער פראָ־יידישער „פלאָצטשאַנין" האָט געטראָטן אויף אונזערע הייליקייטן".

אין דער זעלבער צייט, איז פאָרגעקומען אַ מאָרד איבער אַ יידן, וואָס האָט אויפגערודערט די שטאָט.

דאַנציגער, איז געווען אַ שפּילעטער, וואָס איז געפאָרן קיין וואַרשע און פון דאָרט געבראַכט סחורה פאַר די קרעמער און דערפון געהאַט פרנסה.

אַ געוויסן פאַרטאָג, זענען מענשן געגאַנגען צום סטאַטעק דורך די „זיבן וועגעלעך" און געפונען דאָרט ליגן אַ דערמאָרדעטן דעם שפּי־לעטער דאַנציגער. די פּאָליציי האָט נישט געקענט קומען אויף די שפּורן פון מערדער. עס איז אַדורך אַ געוויסע צייט און דער פאַל איז פאַרגעסן געוואָרן.

אין דער געגנט פון די „זיבן וועגעלעך", האָט געוווינט אַן אָפיצער, ביי וועמען די שויבן פון פענסטער האָבן זיך צעבראָכן. אין שטאָט זענען געווען נאָר יידישע גלעזער, האָט ער גערופן איינעם פון זיי צו פאַריכטן זיינע שויבן. נאָכן ענדיקן זיין אַרבעט, זאָגט אים דער גלעזער דעם פּרייז. דער אָפיציר דערהערנדיק וויפל ער פאַרלאַנגט, איז אַריין אין רציחה, און זייענדיק שכור, האָט ער זיך צעשריגן: „וועסט אויך האָבן אַזאַ סוף ווי דער שפּילעטער, דער ייד וואָס איז געהרגעט געוואָרן". דער אופן ווי דער אָפיציר האָט עס געזאָגט איז געוואָרן זער אויפפאַלענד צום גלעזער. ער איז אַוועק אין פּאָליציי און געמאָלדן דערפון. די פּאָליציי האָט פאַר־פירט אַן אויספאָרשונג און פעסטגעשטעלט, אַז דאַנציגער האָט געהאַנדלט מיט דעם אָפיציר, און ער איז אים, דאנציגערן, שולדיק געווען אַ סומע געלט. נאָך אַן אויספאָרשונג, האָט זיך דער אָפיציר מודה געווען, אַז דאָס האָט ער אים דערהרגעט, וועלנדיק „פּטור ווערן" פון געלט־חוב. ער האָט אים געהייסן קומען נאָך דעם געלט גאַנץ פאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך פינסטער, איידער דער ערשטער סטאַטעק פאָרט אָפּ. ווען דאַנציקער איז געקומען האָט ער אים דערמאָרדעט און דעם קערפּער אונטערגעוואָרפן אויף די „זיבן־וועגעלעך".

דאָס צאַרישע געריכט האָט אים געפונען שולדיק און אַלס „שטראָף" באַפוילן אים אַרויסשיקן פון פלאָצק. דאָס איז געווען געוויינלעכע צאַרישע „גערעכטיקייט" בנוגע יידן.

✡ ✡ ✡

שלמה גרינשפאַן

ג.

דער אינטערעס פון יידן צו טעאַטער שפּיל איז זייער אַלט. די יידישע אָרטאָדאָקסיע האָט עס באַקעמפט און באַטראַכט דאָס טעאַטער־שפּיל פאַר זינד.

י. שאַצקי אין זיין אָפּהאַנדלונג פון ד״ר י. שיפּערס „געשיכטע פון יידישן טעאַטער, קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביז 1750״ [1]), ברענגט אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל, פון דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט, וועגן אַ ראש־הקהל פון פלאָצק, — וואָס העלפט פאַרשטיין די אַלגעמיינע רעאַקציע פון דער אָרטאָדאָקסיע קעגן טעאַטער.

„אין די זכרונות פון אַ פּוילישן ייד, משה וואַסערצוג, וועלכער איז געשטאָרבן לפי־ערך 1818, — אַלזאָ ער געהערט אויך צום 18־טן יאָרהונ־דערט — געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטן פאַסוס וועגן טעאַטער. ער דער־ציילט, אַז דער ראש־הקהלה פון פלאָצק — ר׳ אייזיק (ער רופט אים „שר היהודים״), איז אַמאָל געקומען אין זיין שטעטל צוליב געשעפטן און איינגעשטאַנען ביי אים אין אַכסניא. פאַרנאַכט האָט ר׳ אייזיק געפרעגט ביי וואַסערצוג׳ן, צי עס איז פאַראַן דאָ אַ טעאַטער „הנקרא קאָמעדיע״. גראָד איז דאָרט געווען אַ טעאַטער (די ראַדזשיווילס האָבן דאָרט געוווינט), און דער פלאָצקער ייד האָט אויך געוואָלט, אַז דער בעל־אכסניא זאָל מיטגיין. „עמדתי משתומם לאיש אשר תוארו כנגידי עמנו״, באַמערקט ער אין זיינע זכרונות און גיט צו, אַז ער האָט אים געענטפערט, אַז זינט ער איז דאָ, איז זיין פוס נישט געווען דאָרטן אין טעאַטער, און בכלל דאַרף אַ מענטש פון זיין שטייגער, זיך דאָרט נישט ווייזן („ולא נכון פה לאיש כמוני להתראות שם״). דאָס, וואָס שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ייד איז געקומען צוליב געשעפט און האָט געמוזט גיין צו די ראַדזשיוויל׳ס, איז דאָ אַ ביי־זאַך. דער עיקר איז, די שטעלונג צום טעאַטער ביי אַ פּוילישן ייד פון 18־טן יאָרהונדערט״.

יידיש טעאַטער איז געוואָרן געשפּילט אין פלאָצק, נאָך ענדע פאַריקן יאָרהונדערט. עס זענען געקומען אַרטיסטן פון וואַרשע שפּילן טעאַטער. מיט בערך 60 יאָר צוריק, איז געוואָרן געשפּילט אויף דער פלאָצקער בינע „באבע יאַכנע״ א. אַ.

יאָרן שפּעטער, ווען אסתר־רחל קאַמינסקא איז געקומען אויף גאַסט־ראָל אין פלאָצק, האָט זי יעדעס מאָל געהאַט גרויס דערפאָלג. עס זענען געקומען איר זען שפּילן אויך נישט־יידן (ווי גורניצקיס זון פון דער עלעקטראָווניע, וועלכער איז געוואָרן קאַמינסקאַס אַ באַגייסטערטער פאַר־ערער).

1) פילאלאגישע שריפטן, ייוו״א, ווילנע, 1928.

אין צאַרישער צייט האָט מען נישט ערלויבט שפּילן טעאַטער אין יידישער שפּראַך. די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן זיך אַנ׳עצה געגעבן, מעלדנדיק אין די אַפישן, אַז עס ווערט געשפּילט יידיש טעאַטער אין דער דייטשער שפּראַך. פאַקטיש איז עס געווען מאַמע־לשון־יידיש.

אין פריען פּעריאָד, זענען געגעבן געוואָרן טעאַטער אויפפירונגען פון יחידים און גרופּן וועלכע האָבן דורכגעפירט טעאַטער שפּילן לכבוד פּורים אָדער פייערלעכע געלעגנהייטן.

אַרום 1903, האָט עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז אין פּלאָצק. וועגן אַ באַזוך פון אַ וואַרשעווער טרופּע, שרייבט די קינסטלערין סלאַוואַ בן־עמי:

„עס דערמאָנט מיך אַ רייזע קיין פּלאָצק, אַרום דעם יאָר 1904, מיט ה. ד. נאָמבערגן. איך בין דעמאָלסט געווען אַ מיטגליד פון אַ גרופּע יונגע מענשן, אָרגאַניזירט פון י. ל. פּרץ און דוד הערמאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט העכערע צילן אין טעאַטער. אונזער טרופּע איז איינגעלאַדן געוואָרן קיין פּלאָצק. נאָמבערג, וואָס איז געווען אַ פריינט פון דער טרופּע און פלעגט אָפט בייוווינען אונזערע פּראָבן, איז אויך מיטגעפאָרן. מיר זענען אויפגעשטיגן אויף אַ קליין דאַמפּער־שיפל אויף דער ווייסל, וואָס ברענגט פון וואַרשע קיין פּלאָצק אין 8 שעה, צוריק — אין 12 שעה. ס׳איז געווען אַרום שבועות, דאָס וועטער איז געווען מילד, די לופט — ווי באַלזאַם. דער דאַמפּער האָט זיך לאַנגזאַם געגליטשט, אַ מחיה!... דאָס קליינע דאַמפּערל האָט פאַרמאָגט צוויי קלאַסן. קיין קאַיוטעס זענען איןביידע נישט געווען, דער אונטערשיד איז נאָר געווען אין די פּליושענע בענק, אין דער ערשטער קלאַס. כאָטש מיר זענען געפאָרן בייטאָג און פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג אין דרויסן אויפן אַלגעמיינעם דעק, איז נאָמבערג דאָך באַשטאַנען אין פאַרבייטן מיין בילעט אויף אַנ׳ערשטן קלאַס. מיט דער זעלבער ברייטקייט האָט ער אויך באַשטעלט אַ טייערן מיטאָג. עס האָט אים געטאָן גרויס הנאה צו זיין גאַלאַנט.

אין פּלאָצק האָט אונז באַגעגנט אַ גרופּע סימפּאַטישע יונגע־לייט, האָט אונז איינגעטיילט צווישן זיך און גענומען צו זיך אַהיים. איך בין אויסגעקומען מיט אַ זער ליבער ברונעטקע, וואָס האָט מיך געבראַכט אין אַ שטיקנדיקער, פול מיט מעבל אָנגעשטעלטער דירה. איך בין אַריינ־געפאַלן אין אַ בעט מיט פּערענעס אונטער און איבער מיר. אַז איך בין אויפגעשטאַנען, בין איך געווען פאַרמאַטערט און האָב געהאַט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. מיר האָבן זיך אַלע אויף מאָרגנגעטראָפן אין האָטעל, ווו הערמאַן איז איינגעשטאַנען. ער איז געקומען שפּעט ביינאַכט מיט דער באַן. אַ שמעקנדיקער פּוילישער מיטאָג אינם האָטעל רעסטאָראַן, האָט אונז

באַלד געמאַכט פאַרגעסן אָן דער נאַכט, וואָס יעדער פון אונז האָט גלייך פאַרבראַכט צווישן די פּערענעס און שטיקנדע פלאָצקער שטיבער. נאָך מיטאָג זענען מיר אַוועק אין שטאָט־גאָרטן, וואָס איז געלעגן אויף אַ באַרג איבערן ווייסל. דאָ איז געשטאַנען דאָס שטאָט־טעאַטער, ווו מיר האָבן אין אָוונט געדאַרפט אויפטרעטן. מיר האָבן געלייענט די אַפישן, געציילט די גרייזן אין זיי, און אָנגענעם זיך אונטערהאַלטן. די מענשן איבערהויפּט די קינדער, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אונטערן טום, האָבן אויף אונז געטייטלט מיט די פינגער: „אַקטיאָרן״! מיר האָבן זיך געוווּנ־דערט: האָבן מיר טאַקע אַזוי אויסגעזען? מיר האָבן זיך נאָך אַליין נישט געהאַלטן פאַר אַזעלכע. אין אָוונט איז פאַרגעקומען די פאָרשטעלונג. די יונגע־לייט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן נישט גענוג אָנאָנסירט, די ברייטע מאַסן, אויב זיי זענען בכלל געווען אין פלאָצק, האָבן נישט געוווּסט פון דער פאָרשטעלונג און זענען נישט געקומען. פּרץ, וואָס איז געקומען האַרט צו דער פאָרשטעלונג, איז באַלד אין דער פרי אָפּגעפאָרן. מיר זענען שוין מער קיינער נישט געגאַנגען שלאָפן צו די יונגע־לייט אין זייערע שטיקנדיקע היימען, נאָר האָבן איבערגענעכטיקט אין האָטעל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די טרופּע האָט צוגעלייגט צו דער אונטערנעמונג און נישט געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן. יעדער האָט זיך באַדאַרפט אַרויס־ראַטעווען ווי ער קען. מיינע אַ פריינדין איז געבליבן מיט דער האָפנונג אויפצומאָנען איר פאָטערס אַ חוב, וואָס זאָל איר ברענגען קיין וואַרשע. מיך האָט ווידער נאָמבערג אונטערגענומען אַ היים צוברענגען. ער האָט געפונען אין זיין טאַש, צי ער האָט געליען ביי איינעם פון די יונגע־לייט, עפּעס געלט, געקויפט צוויי בילעטן און צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע״.

נישט אַלע פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט דערפאָלג, אָבער יידיש טעאַטער איז געוואָרן געשפּילט אין פלאָצק. אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, זענען ענטשטאַנען טעאַטער־גרופּעס פון אָרטיקע כוחות, ביי די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ובפרט ביים „הזמיר״. זיי האָבן אויפגעפירט פּיעסן, כדי פינאַנציעל צו שטאַרקן די אָרגאַניזאַציע, — גלייכצייטיק, האָט זיך אַזוי אַרום אויך ענטוויקלט דאָס געביט פון שפּילן יידיש טעאַטער אין פלאָצק.

פון וואַרשע זענען אָפט געקומען טרופּעס. אויך איינצלנע אַרטיסטן און רעזשיסאָרן זענען געוואָרן איינגעלאַדן און זיי האָבן איינשטודירט מיט די אָרטיקע כוחות. צווישן די ערשטע איז געווען יעקב ווייסליץ וועלכער האָט זיך לענגער אויפגעהאַלטן אין פלאָצק.

די באַדינגונגען צו שפּילן טעאַטער זענען געווען גוטע. ס׳איז

געווען אַ פּאַסיקע טעאַטער־געביידע און עס איז געווען אַן׳עולם פון טעאַטער־ליבהאָבער.

אַ צייט האָט דער נאַדל־פאַריין געהאַט אַ דראַמאַטישן־קרייז, אויפ־פירנדיק גארדינס „גאָט, מענש און טייוול״, „דער מטורף״, „די שחיטה״ א. אַ.

דער לעדער־פאַריין האָט אויך געהאַט אַ דראַמאַטישן־קרייז, וועלכער האָט דורכגעפירט ליטעראַריש־אַרטיסטישע אָוונטן.

פועלי־ציון האָט פון צייט צו צייט דורכגעפירט טעאַטער פאָרשטע־לונגען פון אייגענע כוחות. צ. א. „יוסף טרומפּלדור״, אין יאָרטאָג פון די תל־חי געשעענישן.

טעאַטער פאָרשטעלונגען זענען אָפט איינגעאָרדנט געוואָרן לטובת פלאָצקער אינסטיטוציעס, ווי: דער שפּיטאָל, הזמיר, עזרת־חולים א. אַ. אויך ביי די לינקע פועלי־ציון איז געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז.

פון די טעאַטער־אַמאַטאָרן אין פלאָצק, האָט זיך שפּעטער אויס־געצייכנט אויף דער יידישער בינע אין וואַרשע אַדאַם דאמב. ער האָט גע־שפּילט מיט דער טרופּע פון זיגמונט טורקאָוו.

פון די טעאַטער־פאָרשטעלונגען וואָס זענען מיט דערפאָלג אויס־געפירט געוואָרן דאַרף דערמאָנט ווערן: „מיטן שטראָם״ פון שלום אַש, „דער אייביקער ייד״, „שולמית״ פון גאָלדפאַדן, „די זיבן געהאנגענע״, „חצקעלע כל בוניק״, „עקדת יצחק״, „כל נדרי״, „שלמה׳קע און ריקעל״, „דער יידישער פונק״, „דער דיבוק״, „יוסף טרומפּלדאר״, „געלט, ליבע און שאַנדע״, „פאַר זינד״, „דער יידישער קעניג ליר״, „די געבראָכענע הערצער״, „בר כוכבא״, „צוריק פון קאַטאָרגע״, „די קראַפט פון ליבע״, „דער גולם״, „די שוואַרצע חתונה״, „די ווייסע שקלאַפין״, „יאַנקל דער שמיד״, „מאַטקע גנב״, „די רומענישע חתונה״, „יאַנקעלע״, „ציפּקע פייער״, דער אויבנדערמאָנטער רעפּערטואַר, איז נאָר אַ טייל פון דעם וואָס איז געוואָרן אויסגעפירט אין פלאָצקער טעאַטער.

ד.

יוזעף קוויאַטעק, איז געבוירן געוואָרן אויף ברייטע גאַס אין יאָר 1874.

דער פלאָצקער אינטעליגענטער יונגערמאַן קוויאַטעק, איז געוואָרן דער העלד און סימבאָל פון דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט אין קאַמף פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און דער פירער פון פּ. פּ. ס. אין פּוילן.

ער האָט אָרגאַניזירט און געשטאַנען בראש פון דער באַוואָפנטער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע אין יאָר 1904, אין קאַמף קעגן

דער צאַרישער הערשאַפט. אויף פּלאַץ גזשיבאָווסקי, אין האַרץ פון דער יידישער געגנט אין וואַרשע, איז בשכנות געווען אַ גרויסע קאַטוילישע קירכע. לויט אַ צוגעגרייטן פּלאַן, האָבן זיך אין דער קירכע פאַרזאַמלט טויזנטער פוילישע אַרבעטער פון אַלע עקן וואַרשע. צווישן די פאַרזאַמלטע, זענען געווען פיל באַוואָפנטע אַרבעטער. נאָך דער גאָטעס־דינסט, זענען די פאַרזאַמלטע אַרבעטער אַרויס אין גאַס דעמאָנסטרירן קעגן דער צאַרי־שער הערשאַפט. עס איז דאַן געקומען צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס פון פּאָליציי און קאָזאַקן מיט די דעמאָנסטרירנדע אַרבעטער, וועלכע זענען געקומען אין די טויזנטער. די צאַרישע פּאָליציי האָט זיך געפילט מאַכטלאָז קעגן דער גרויסער צאָל דעמאָנסטראַנטן. דער אָרגאַניזאַטאָר און פירער פון דעם דאָזיקן אַרויסטריט, איז געווען דער פּלאָצקער ייד און קעמפער יוזעף קוויאַטעק.

קוויאַטעק, אין זיינע ערשטע יאָרן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, איז געשטאַנען נאָענט צום ציוניזם, און שפּעטער אַריבער צו דער פּ. פּ. ס. ווי גרינבוים דערציילט אונז, האָט קוויאַטעק געהאַט ספקות וועגן זיינע איבערצייגונגען, אַז די „ישועה" פאַר יידישע אַרבעטער ליגט אין דער פּ. פּ. ס.

קוויאַטעק איז געווען, פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, פיל מאָל אַרעסטירט און פאַרשיקט. ער איז געשטאָרבן אין 1910.

אין 1934, צו זיין 60 יאָריקן געבוירנטאָג, איז זיין נאָמען געוואָרן באַערט דורך דעם פּלאָצקער מאַגיסטראַט, ווו ס'איז געווען אַ סאָציאַליס־טישע מערהייט. די גאַס ווו ער איז געבוירן געוואָרן — די ברייטע גאַס — איז געוואָרן אָנגערופן אויף זיין נאָמען: אוליצאַ יוזעפאַ קוויאַטקאַ, און אויף ברייטע 45, ווו ער איז געבוירן געוואָרן איז געוואָרן איינגעמויערט אַ טאָוול צו זיין אָנדענק, ווו ער ווערט געערט אַלס דער פירער פון די פוילישע אַרבעטער־מאַסן, העלד פון דער רעוואָלוציע אין 7־1905, אַרעס־טירטער און פאַרשיקטער, דענקער, שרייבער און קעמפער פאַר אַנ־אומאָפּהענגיק פוילן.



אין פּלאָצק האָט פאַר אַ לענגערע צייט שטודירט דער אויסערגעוויינלעך באַגאַבטער י. דאַבראָזשענסקי. אַ האַרציקע פריינטשאַפט האָט אים געבונדן מיט נ. סאָקאָלאָוו'ן. זיי האָבן זיך אָפט געטראָפן, דיסקוטירט. סאָקאָלאָוו האָט פון אים זער געהאַלטן און אים באַטראַכט פאַר זיין נאָנטסטן חבר.

סאָקאָלאָוו אין זיין „אישים" שרייבט וועגן דאַבראָזשענסקין:

„דאַבראָזשענסקי האָט געשטאַמט פון קאָוועל, ביי וולאַצלאַוועק, ער איז געבוירן געוואָרן אַרום העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט, אַ זון פון אַ חשובער פאַמיליע, אַ פּלימעניק פון א. דאַבראָזשענסקי — מיטאַרבעטער פון „הצפירה", געלערנט אין זיין פריסטער יוגנט אין זיין געבורטס־שטעטל, שפּעטער אין פּלאַצק און לסוף זיך באַזעצט אין וואַרשע. צוליב פּרנסה, אָנגעקומען אַלס בוכהאַלטער מיט נישט גרויסן געהאַלט אין אַנ׳־אימפּאָרט־געשעפט, און פלעגט אָוועקגעבן דעם רוב פון זיין צייט אויף זיין שטעלע און וויניקער פאַר וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. ער איז געווען פיליכט נאָך אַ פּערפעקטערער אויטאָדידאַקט פון בערנשטיינען. חוץ זיין בקיאות אין תנ״ך און טיפן וויסן פון דקדוק, וואָס איך האָב נישט געפונען קיין גרעסערן פון אים צווישן יידן, נישט צווישן גויים, האָט י. דאַבראָ־זשענסקי געמעגט פאַרנעמען אַ קאַטעדרע אין יעטוועדער אוניווערסיטעט פאַר לאַטיין און גריכיש מיט זייערע ליטעראַטורן. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען פילאָלאָגיע. אויך ער האָט געלערנט ענגליש, לויט דער מעטאָדע פון טוסען־לאַנגעשיידט, און איז אפשר געווען דער איינציקער אין דער וועלט, וואָס האָט זי גענצלעך דורכגעמאַכט. איך, לכל הפחות, האָב צווישן מיינע פריינט, נישט געפונען קיין איין מענש, וואָס זאָל האָבן דורכגעמאַכט די גאַנצע מעטאָדע טוסען־לאַנגעשיידט. דאָס איז געווען אַ מאגער מענשל, אַ צוריקגעהאַלטענער און שעמעוודיקער, אַ שטיקל לאַ־יוצלח, אַ פולקאָמער צדיק. אַביסל לעכערלעך? ניין! אָבער אַ מענש נישט פון דער וועלט. אַ מענש וואָס האָט אין זיין טיפן באַוווסטזיין געהאַט די איבערצייגונג, אַז ער איז מינדערוויכטיק, אַז זיין שכל, פעאיקייטן און לעבנס־גורל זענען אומבאַדייטנד. דער גורל האָט אים איינגעטיילט אַ קאַלירלאָז לעבן, אָבער ער האָט זיך אפילו נישט געפּרוווט קעגנשטעלן, אדרבא, ער האָט געגלויבט אַז אַזוי דאַרף עס צו זיין, און יוסף דאַבראָזשענסקי קען זיין נאָר יוסף דאַבראָזשענסקי. אַ בוכהאַלטער אין אַ אימפּאָרט געשעפט פאַר זעכציק קאַרבן אַ חודש; ער האָט אַלץ פאַרגעבן, אַלץ אָנגענומען פאַר ליב, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. מען פלעגט אים עקספּלואַטירן אויף רעכטס און אויף לינקס, און ער האָט געמיינט, אַז אַזוי באַדאַרף עס צו זיין: אַ מענש איז גוט, כדי מ׳זאָל אים קענען עקספּלואַטירן, לויט דעם געזעץ פון קלענערן ווידערשטאַנד און לויט דעם נאַטירלעכן מ ו ז, לויט וועלכן אַ טייך שניידט דורך זיין וועג, נישט אין האַרטן קיזלשטיין, נאָר דוקא אין ווייכן ליים. פון עולם הזה האָט ער מער נישט גענאָסן ווי ר׳ חנינא, זעכציק רובל אַ חודש, אַ בעל־מטופל מיט קינדערלעך און קויפט נאָך ביכער, און ווען זיין גוף איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון לערנען, האָט ער זיך נאָך געדאַרפט דאָקטאָרן. דאַבראָזשענסקי איז אָפּט געווען אַ פולשטענדיק

צעבראָכענער מענש. — און אַט דער מענש, וואָס האָט געקענט אָנשרייבן גרויסע וויכטיקע ווערק, — זיין העברעאישער סטיל איז געווען אַזוי וואונדערבאַר, ווי זיין סטיל אין אַנדערע שפּראַכן — האָט געליטן פון איבערגעטריבענעם עסטעטיזם און צו שאַרפער זעלבסטקריטיק. ער האָט געשריבן אַ סך, אָבער געשריבן, געמעקט, אויסגעבעסערט, און לסוף... פאַרברענט. איך האָב ממש געראַטעוועט אַפּאָר זאַכן ווי פון אַ שרפה. אַן איבערזעצונג פון אַ קאַפּיטל טאַציט און אַן איבערזיכט איבער אַן איטאַליענישן זאַמלבוך. איך האָב זיי אָפּגעדרוקט אין „האסיף" און וואָלט ער צו מיר נישט געפילט זיין גאַנץ לעבן אַ ממש ברידערלעכע ליבע, וואָלט ער מיר אַט די „זינד" קיינמאָל נישט פאַרגעבן".

ה.

צווישן די, וועמענס נאָמען איז געוואָרן דערמאָנט מיט יראת הכבוד, איז געווען ר' שמעון, וועלכער איז געווען דיין אין שטאָט. מ'האָט אים מער געקענט אַלס ר' שמעון מוהל. זיין זיידע, ר' אליה זילבערבערג, איז געווען מחבר פון ספר „שיר השירים עם ביאור חדש שירי זמרה", וואָס איז דער־שינען אין וואַרשע אין 1875. אויף דעם ספר האָבן געגעבן צ. א. זייערע הסכמות, דער קוטנער גאון ר' ישראל יהושע, און דער גאַסטינינער רב ר' יחיאל מאיר ליפשיץ. אין דער רשימה פון די וואָס האָבן אַבאָנירט אויפן בוך, געפינען מיר צ. אַ. די נעמען פון די פּלאָצקער: הרב עזריאל אריה ראַקאָווסקי, משה וויינבערג, זישע נירענבערג, שלמה שוויענטאָ־סלאַווסקי, ר' יהודה בן הרב מניעשאווע, זישע יונה פענכערעק, לייב זערמאַן, אברהם יעקב גרינבוים, יחזקאל שענוויטץ הלוי, צבי הערש באַכאַרסקע, משה וואַסערמאַן, שמעון זילבערבערג, שמואל יונה זילבער־בערג, שמואל זילבערבערג (די לעצטע דריי — אייניקלעך פון מחבר), משה פעטלער, הענעך קאַלינסקי, אריה לייביש לעווי, הירש ניימאַן, צבי הערש חזן, איטשע מאַקאָווער, אברהם ליכטנשטיין, יחזקאל גאָלדמאַן, לייביש יונדער, פישל שרייטער.

ר' שמעון'ס זיידע, ר' אליהו, האָט געפירט אַ מחלוקת מיטן קאָצקער רבין און בכלל מיט קאָצקער חסידות, ער איז דערפאַר אויסגע־שטאַנען צרות פון די קאָצקער חסידים אין ליפּנע, וווּ ער איז געווען רב אַ סך יאָרן.

ר' שמעון מוהל, אין זיין צייט האָט געלערנט צוזאַמען מיט נחום סאָקאָלאָוו'ן אין בית־המדרש.

אַ פּאָר יאָר פאַרן ערשטן וועלט־קריג, איז געוואָרן געגרינדעט אַ ישיבה אין פּלאָצק. דער ראש־הישיבה איז געווען ר' מיכאל רובינשטיין,

זיין פאַרטרעטער איז געווען ר׳ מענדל מענדעלסאָן. די צווי גרויסע למדנים זענען געווען די זיילן פון דער ישיבה. ס׳האָט מיט די תלמידים געלערנט ר׳ יודא פלאנסקער, ר׳ מאיר קאן א. אַ. עס האָבן דאָרט געלערנט בחורים פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און אויך פון וואַרשע, וועלכע האָבן געגעסן „טעג״ ביי בעלי־בתּישע טישן. די ישיבה האָט זיך געפונען אין קליינעם בית המדרש אין שוהל־גאַס. די ישיבה אין פלאָצק איז געווען אַ טייל פון דער נאָוואַראַדקער מוסר־ישיבה, ווו די ישיבה בחורים האָבן זיך געווידמעט דאָס לערנען מוסר און גריבלען זיך איבער דעם „דרך האדם״ און דעם מענטשנ׳ס חוב אין דער וועלט זיינער.

אויף די בחורים פון דער מוסר־ישיבה, פלעגט מען דערציילן, אַז כדי איינצוואָרצלען ביי זיך אַליין די מידה פון ביטול צום עולם הזה און כדי צו פועלן ביי זיך נישט צו ווערן נתפעל פון אָפּלאַכער פון זייער אויסטערלישער פרומקייט, פלעגן זיי אַריינגיין אין אַ געפּאַקטער מיט מענטשן אַפּטייק און בעטן ביים אַפּטייקער אַ פונט טשוועקעס.

זייער רעאַקציע צום געלעכטער, וואָס פלעגט אויסברעכן נאָך אַזאַ מאָדנעם „רעצעפּט״, פלעגט פאַר די ישיבה־בחורים דינען אַלס באַראָמעטער צו וואָס פאַר אַ „מדרגה״ זיי האָבן דערגרייכט אין זייער נייעם דרך. האָט ער זיך פאַררויטלט און איז געבליבן שטיין אָן לשון, איז עס געווען אַ סימן, אַז ער איז נאָך ווייט פון זיין פאַרטיק מיט׳ן „אייגענעם פּעקל״. אויב ער איז אָבער, לגמרי נישט באַרירט געוואָרן פון לייטישן געלעכטער און האָט געקענט בלייבן ביי די חושים, נאָך אַזאַ „קבלת פנים״, איז עס געווען אַ סימן, אַז ער האַלט שוין ביי אַ „מדרגה״, און מ׳קען אים אַרויס־שיקן אין דער וועלט אַריין...

ו.

גרויסע ענדערונגען זענען פאַרגעקומען אין גייסטיקן לעבן פון יידישן פלאָצק. מיטן אויסברוך פון קריג, זענען די דאָזיקע שינוים געוואָרן קענטיקער. מיטן אַנטלויפן פון די רוסן פון פלאָצק, איז מעגלעך געוואָרן די פרייע באַוועגונג פון נייע אידייען, וועלכע האָבן מיט אימפּעט פאַרכאַפּט גרויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט אָנגעהויבן בליען און קומען צום אויסדרוק.

אין דער צייט, זענען ענטשטאַנען נייע אָרגאַניזאַציעס און אינסטי־טוציעס, ווי דער „מכבי״, וועלכער האָט געהאָלפן אויסגלייכן די רוקנס פון דער יוגנט, — צום ערשטן מאָל נאָך יאָרהונדערטער פון געטא לעבן. קיין מורא איז שוין נישט געווען צו לייענען „טרפהנע״ ליטעראַטור. די יוגנט האָט מיט גרויס חשק זיך גענומען צום שטודירן און לערנען. די

פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן פריי און אָפן געפירט זייער טעטיקייט און פאַרשפּרייט זייערע אידייען.

דער דייטשער אקופּאַנט אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג, איז געווען פריינטלעך צו דער יידישער באַפעלקערונג און האָט אין אַ געוויסער מאָס אויך משפּיע געווען און געהאָלפן דער יידישער באַפעלקערונג אין זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

די יידן אין פּוילן האָבן קיינמאָל נישט ליב געהאַט די דייטשן און געהאַט ווייניק צוטרוי צו זיי. מ׳האָט געטאָן מסחר מיט זיי און גלייכ־צייטיק זיך געשראָקן פאַר זיי, ווי דער אינסטינקט וואָלט געזאָגט אויף וואָס די דייטשן זענען פעאיק. אין פאַרשידענע יידישע קרייזן איז נאָך געווען טיף פאַרוואָרצלט די נאַפּאָלעאָנישע לעגענדע. עס ווערט דערציילט, אַז נחום סאָקאָלאָוס זיידע, שמואל קאָן, האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען נאַפּאָלעאָנען אויף דער בריק אין פּלאָצק. די משפּחה האָט זיך געגרויסט מיט דעם פאַקט. אָבער פראַנקרייך איז געווען ווייט אַוועק.

נ. סאָקאָלאָוו איז אַלט געווען צען יאָר ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער פּרייסיש־פראַנצויזישער קריג. אין איינעם פון זיינע פּלאָצקער זכרונות פון יענער צייט, באַשרייבט ער אַן אָרימען גלעזער, וועמען מ׳האָט גערופן אברהמעלע פראַנצויז. דער אברהמעלע האָט געהאַט אַ שיינע שטימע און מ׳האָט אים אָפט צוגעלאָזן צום עמוד צו אַ שחרית. ער האָט זיך אויך נוצלעך געמאַכט ווי אַ משורר ביים חזן.

ווען די גבירישע בעלי־בתים האָבן פאַרפירט צווישן זיך אַ שמועס אין בית־המדרש וועגן דער מלחמה צווישן דעם דייטש מיטן פראַנצויז, האָט זיך אברהמעלע צוגערוקט און אויפמערקזאַם צוגעהערט. פאַר אַ שפּאַס האָבן זיי אים אַריינגעצויגן אין דער דיסקוסיע. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז ער לעבט דורך די מלחמה־נייעס מער ווי יעדער איינער. עס איז ביי אים געווען וויכטיקער ווי פּרנסה, ווייב און קינדער און דער בית־המדרש מיט די תפילות. פראַנקרייך האָט נישט געהאַט אַ מער טרייען פריינט ווי אברהמעלע דער גלעזער. די ערשטע פראַנצויזישע נידערלאַגעס האָבן אים נישט אַנטוישט, ער איז געווען פול מיט האָפנונג פאַר אַ פראַנצויזישן נצחון. שפּעטערע פראַנצויזישע מפּלות האָבן שווער געמאַכט זיין געמיט. דער לעבעדיקער פריילעכער אברהמעלע, האָט אויסגעזען ווי אַ בר־מנן. זיין שווער האַרץ האָט ער אויסגעגאָסן אין די תפילות צום רבונו של עולם, — ער זאָל העלפן די פראַנצויזן, וועלכע ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געזען. נאָך פראַנקרייכ׳ס מפּלה, האָט ער לאַנג נישט געלעבט. ער איז געשטאָרבן, האָט מען געזאָגט, פון עגמת נפש.

דאָס וואָס האָט געפונען אויסדרוק אין אָרעמען גלעזער, האָט געלעבט טיף אין דעם געוויסן פון מאַסן יידן. קיין סימפּאַטיע צום דייטש איז ביי יידן נישט געווען.

## דער קרבן פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם

אין 1920, אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין פּוילן, האָט דאָס יידישע פלאָצק דורכגעלעבט אַ שוידערלעכן בלבול און יוסטיץ־מאָרד, מצד דער פּוילישער מיליטערישער מאַכט, וואָס איז אויסן געווען נישט דעם יחיד, נאָר דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום.

פלאָצק האָט דערוואַרט אַן אַטאַקע מצד די זיך דערנענטערנדע צו דער שטאָט, באָלשעוויקעס. די פּוילישע אַרמיי האָט רעקרוטירט יעדן פעאיקן מענש צו גראָבן אקאָפּעס אין שטאָט, צו פאַרטיידיקן זיך קעגן שונא. כמעט די גאַנצע יידישע מענלעכע באַפעלקערונג איז געווען פאַר־נומען מיט גראָבן די טראַנשייען. אין דערזעלבער צייט, האָבן אין די גאַסן געבושעוועט די האַלערטשיקעס, — די זעלנער פון יידן־פרעסערישן גענעראַל האַלער — וועלכע האָבן זיך באַקאַנט געמאַכט מיט רייסן בערד ביי יידן.

פלאָצק איז געווען איינגעהילט אין שרעק, ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריינגעדרונגען אין שטאָט. די שלאַכטן זענען פאָרגעקומען אין די גאַסן פון שטאָט. די באַפעלקערונג איז געלעגן באַהאַלטן אין די קעלערס און קאָרידאָרן, און מיט שרעק זיך צוגעהערט צום קנאַלן פון ביקסן און פולעמיאָטן־קוילן. אין דער שטאָט זענען געווען אָנגעלאָפענע יידן פון אַרומיקע שטעטלעך, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די זיך דערנענטערנדע באָל־שעוויקעס. מ׳האָט זיך געשראָקן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

אין אַזאַ צייט פון מהומה, איז דער רבי אַרויס אויפן באַלקאָן פון זיין וווינונג אויף קרולעוויעצקא גאַס, און איינגעהילט אין טלית, האָט ער אויסשפּרייטנדיק זיינע הענט צום הימל, מתפלל געווען, אַז קיין שלעכטס זאָל צו יידן נישט געשעען.

ווען די באָלשעוויקעס זענען געוואָרן פאַרטריבן פון שטאָט, זענען געקומען צו דער מיליטערישער מאַכט צווי ״עדות״, אַ וועשין און אַ ״סטרוזש״ און דערציילט, אַז זיי האָבן געזען ווי דער רב האָט מיט אַ רויט טיכל געגעבן צייכנס צו די רוסן, ווו די פּוילישע זעלנער געפינען זיך.

אין רעזולטאַט פון דעם עדות־זאָגן, האָט מען דעם רבי שאפּירא אַרעסטירט און אַ וואָך פון סאָלדאַטן האָט אים אפּגעפירט אין תפיסה. מ׳האָט אים ערלויבט מיטנעמען מיט זיך זיין טלית און תפילין און אַ חומש. די מיליטערישע וואָך האָט נישט צוגעלאָזן צו אים קיינעם. דער

רבי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין טלית און תפלה־געטאָן.

ווען מ׳האָט דעם רבי׳ן אַרעסטירט, האָבן יידן דעם ענין נישט גענומען ערנסט, גלויבנדיק, אַז דער בלבול וועט לייכט אויפגעוויזן ווערן, און מ׳וועט דעם רבי׳ן אַרויסלאָזן. ס׳האָט זיך קיינעם נישט געלייגט אויפן שכל, אַז די מיליטערישע מאַכט וועט נעמען ערנסט די „עדות״.

ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳איז שלעכט, אַז מ׳גייט משפט׳ן דעם רבי׳ן אַלס רוסישן שפּיאָן, האָבן זיך די קהלה־פאַרשטייער אָנגעהויבן משתדל צו זיין ביי דער געהעריקער מאַכט און ביים ביסקופּ, אַז מ׳זאָל נישט משפט׳ן דעם רבי׳ן אויף דער הייסער מינוט, נאָר וואַרטן ביז די געמיטער וועלן זיך באַרויקן. אָבער צום אומגליק, איז דעם רבי׳נס וויב געקומען מיט אַ בשורה, אַז די מאַכט האָט איר צוגעזאָגט, אַז קיין משפט וועט נישט זיין. האָט מען אַראָפּגעלאָזן די הענט און זיך באַרויקט. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז געווען אַ פאַטאַלער טעות: מ׳האָט דער רביצין געזאָגט, אַז „דזשיש״ (היינט) וועט קיין משפט נישט זיין.

צומאָרגנס, איז טאַקע אַרויס דער פאַטאַלער אורטייל צו דערשיסן דעם רבי׳ן אַלס שפּיאָן און פאַררעטער. אין אייניקע שעה, זענען שוין גע־האַנגען פּלאַקאַטן אויף די ראָגעס וועגן דעם אורטייל.

דער גזר־דין איז אַרויס פּרייטיק אינדערפרי. די יידישע קהלה־טוער האָבן אָנגעהויבן מאַכן באַמיונגען, אַז די עקזעקוציע זאָל אָפּגעלייגט ווערן, — אָבער אָן ערפאָלג. דעם זעלבן פּרייטיק אינדערפרי, האָט דער פּלאָצקער כלל־טוער בליי, געשיקט אַ טעלעגראַמע צו פּילסודסקין, דעם הויפּט פון דער פּוילישער אַרמיי, אָפּצוהאַלטן דאָס אויספירן דעם אורטייל. פּילסודסקיס ענטפער איז שוין געקומען נאָך דער עקזעקוציע.

די פּוילישע אַרמיי האָט געדאַרפט אַ שעיר לעזאזל, אויפצוהאַלטן דעם „גייסט״ פון די פּוילישע סאָלדאַטן. וואָס קען נאָך זיין בעסער, ווי אַ בלבול אויף יידן, אַז זייער רב שפּיאָנירט פאַר די באָלשעוויקעס. די פּאָליאַקן דערצויגן אויף אַנטיסעמיטיזם פון דורות, זענען לייכט אויפגעהעצט גע־וואָרן, ווען דער אָביעקט איז געווען אַ ייד.

ווען מ׳האָט דעם רבי׳ן צו וויסן געטאָן דעם אורטייל, האָט ער עס אויפגענומען רויק. ער האָט געזעען, אַז ער איז דער קרבן פון אַ בלבול אויף דער גאַנצער יידישער קהלה. ער האָט אין זיינע לעצטע שעה׳ן, זיך פאַרטיפט אין אַנדערע עולמות און געמאַכט זיין חשבון־הנפש.

אַ גרויסע וואַך פון סאָלדאַטן האָט אים געפירט צום עקזעקוציע־פּלאַץ מיט אָנגעלאָדענע ביקסן און אויפגעשפּיצטע באַיאָנעטן. אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, איז דער רבי געגאַנגען איינגעהילט אין טלית מיט אַ מאַנטל פון אויבן און אַ חומש אין האַנט. אַ גרויסער המון פּאָליאַקן

איז אים נאָכגעלאָפן, געמאַכט שפּאָט־אויסרופן צום רבין און אין אים געוואָרפן שטיינער און בלאָטע.

אַזוי האָט מען אים אַרויסגעפירט אונטערן שטאָט צום עקזעקוציע־פּלאַץ.

צום רבין איז צוגעגאַנגען דער דיין מתתיהו בזורא. דער רבי האָט זיך דערפרייט מיט אים, — צו זען כאָטש איין ייד אין אַרומיקן ים פון שנאה און האַס. ער האָט אים דערלאַנגט זיין האַנט און אים געזאָגט:

— איך ווייס, אַז איך בין דער קרבן פאַרן כלל, ווען מען וואַרפט נישט אַרויף די שולד אויף מיר, וואָלט די גאַנצע שטאָט יידן געווען אין גרעסטער סכנה. דעריבער גיי איך צום טויט מיט שמחה, כדי צו זיין די כפרה פאַר כלל ישראל.

זאָגט צו אים דער מורה־הוראה:

— אָבער רבי, אונזערע חכמים האָבן דאָך אונז געלערנט, אַז „אפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט אויפן האַלז, זאָל מען זיך נישט מיאש זיין פון רחמים״...

האַקט אים איבער דער רבי מיט אַ הויך קול:

— יאָ, אמת, זיי ווייסן, אַז איך בין יעצט געזונט אויף אַלע מיינע חושים, כ׳בין ביים קלאָרן געדאַנק, און דער הימל איז מיין עדות, אַז אויך אין דער יעצטיקער מינוט גלויב איך באמונה שלמה, אַז די ישועה קען נאָך קומען.

פרעגט אים ווייטער דער דיין:

— האָט איר עפּעס אַ צוואה פאַר די קינדער?

— מיין לעצטע בקשה איז, אַז די פלאָצקער עדה זאָל זיך פאַרנעמען מיט מיינע קינדער, זען, אַז זיי זאָלן גיין אין דרך הישר, זיין כשר׳ע יידן; זיי זאָלן וויסן אַז מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל, וועמענס דרכים זענען פאַר אונז פאַרהוילן.

ווען מ׳האָט דעם רבי׳ן געהייסן זיך צוגרייטן צו זיין לעצטער מינוט, האָט ער זיך געזעגנט מיטן דיין, אים איבערגעגעבן דעם חומש, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל, אַריבערגעצויגן איבער די אויגן דעם טלית און מיט די לעצטע כוחות אויסגערופן:

ה׳ הוא האלוהים! שמע ישראל ה׳ אלוהינו ה׳ אחד! —

ס׳האָט זיך דערהערט אַ זאַלפּ פון צוועלף ביקסן, — דער רבי איז אַנידערגעפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט.

☆ ☆ ☆

ביים רבי׳ן אין הויז, האָט מען שפּעטער געזען ליגן אויפן טיש אַנ׳אָלט ספר׳ל, מיט אַ פאַרקנייטשט בלעטל, דאָרט וווּ ס׳איז באַשריבן,

וואָסערע תנועות מ׳דאַרף מאַכן מיט די הענט און וואָסערע תפלות מ׳דאַרף זאָגן, ווען דער שונא באַפאַלט אַ שטאָט...



נאָכ׳ן דערשיסן דעם רבי׳ן, איז די אַנטיסעמיטישע העצע געוואָרן אויפגעשרויפט. מ׳האָט מורא געהאַט פאַר פּאָגראָמען און יידן האָבן זיך וויי־ניק באַוויזן אין גאַס.

אויך אין דער פּוילישער אַרמיי איז דער אַנטיסעמיטישער שלאַנג געוואָרן גיפטיקער און יידישע סאָלדאַטן זענען נישט געווען זיכער מיט זייער לעבן.

אָפּיצערן האָבן אָפּגעטיילט יידישע סאָלדאַטן פון די קריסטלעכע, און זיי באַהאַנדלט ווי צווייט־קלאַסיקע זעלנער. יידישע זעלנער האָבן קיין אורלויבן נישט באַקומען. מ׳האָט געקוקט אויף יידישע סאָלדאַטן ווי אויף שפּיאָנען און שונאים פון פּוילן, און ביי יעדער געלעגנהייט אָנגעוויזן אויפן „ראַבין שאַפּירא" אַלס אַ „קאָמוניסטישן שפּיאָן". זיי האָבן אויסגע־טראַכט אויף יידן אַלערליי בלבולים. געזאָגט, אַז יידן גיסן אָפּ פּוילישע סאָלדאַטן מיט הייסער סמאָלע. יידישע סאָלדאַטן האָט מען אָפן געגעבן אָנצוהערן, אַז פאַר דעם מינדסטן חשד אויף זיי, וועט זיך אַ קריגס־גע־ריכט שנעל מיט זיי אָפּפאַרטיקן. יידישע סאָלדאַטן, זענען אויסגעשטאַנען גרויסע צרות פון זייערע פּוילישע „חברים". אפילו שלאָפן רויק אין דער קאַזאַרמע האָבן זיי נישט געקענט, ווייל פּוילישע זעלנער האָבן אויף זיי געוואָרפן שטיינער אין שלאָף. אָפט זענען זיי באַפאַלן און געשלאָגן די יידישע זעלנער, וועלכע ווילן „פאַרקויפן פּוילן". געטאָן איז עס געוואָרן מיט דער גוטהייסונג פון די אָפּיצערן.

דער בייזוויליקער אַנטיסעמיטישער אורטייל, האָט אויפגעטרייסלט דאָס פּוילישע יידנטום. דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט ביי דער „קאָלאָ" פון יידישע דעפּוטאַטן, האָט צוגעגרייט אַ קאַמף פאַר דער רעהאַביליטאַציע פון טראַגיש־אומגעקומענעם הרב שאַפּירא און פאַרלאַנגט אַ רעוויזיע פון פּראָצעס. ס׳איז געווען אַ פראַגע פון כבוד פון פּוילישן יידנטום, פון אָפּ־וואַרפן דעם בלוטיקן בלבול, וועלכער האָט געצילט צו טרעפן יעדן פּוילישן ייד. די פּוילישע פּרעסע, אין איר מערהייט אַנ׳אַנטיסעמיטישע, האָט אויף אַ מיאוס׳ן אופן אויסגענוצט דעם בלבול און דעם אורטייל צו וואַרפן בלאָטע אויפן גאַנצן פּוילישן יידנטום.

ווען דער פּויליש־רוסישער קריג האָט זיך געענדיקט, האָט דער פּוילישער סיים באַשלאָסן דורכפירן אַ רעוויזיע פון פיל פּראָצעסן וואָס די פעלד־געריכטן האָבן דורכגעפירט, פאַרמשפּטנדיק פיל אומשולדיקע בירגער פאַר פאַרראַט.

צווישן די דאָזיקע רעהאַביליטאַציע־פּראָצעסן, איז אויך געווען דער משפּט איבער דעם רבי׳ן.

מיט דער פאַרטיידיקונג האָט אָנגעפירט דעם סיים־דעפּוטאַט און ציוניסטישער פירער אַפּאָלינאַרי האַרטגלאַס.

די צוויי קריסטלעכע עדות וואָס האָבן „געזען״ פון קעלער אַרויס, ווו זיי זענען געלעגן באַהאַלטן, — ווי דער רבי גיט צייכנס מיט די הענט אויפן באַלקאָן פון זיין וווינונג, — האָבן איבערגעחזרט זייער בלבול אויפן נייעם פּראָצעס. צווישן די באַהאַלטענע אין קעלער איז אויך געווען די יידישע סטודענטין ציבולסקא, וועלכע האָט אָבער נישט געזען אַז דער רבי גיט צייכנס מיט די הענט. נאָר זי האָט אים געזען דאַווענען. בשעת אַ פרומער איד דאַוונט מיט התלהבות, באַוועגט ער זיך און מאַכט תנועות שאָקלנדיק זיך.

ס׳איז געווען קלאָר, אַז דער שנעלער משפּט און די שנעלע עקזע־קוציע, איז געווען אַן׳אַקט פון ווילדן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געצילט, נישט נאָר אין דער פּערזאָן פון הרב שאַפּירא.

די אַפּעלאַציע אין מיליטערישן קרייז־געריכט איז פאָרגעקומען אין פּלאָצק און דאָס געריכט האָט דעם אורטייל פון פעלד־געריכט באַשטעטיקט און צוריקגעוויזן אַ רעהאַביליטאַציע.

די יידישע עפנטלעכקייט האָט געפילט, אַז דער סקאַנדאַליעזער אורטייל מוז רעווידירט ווערן. האַרטגלאַס האָט דערלאַנגט אַן׳אָנקלאַגע צום העכסטן מיליטערישן געריכט, וועלכער האָט פאַראָרדנט אַ נייע רעוויזיע פון פּראָצעס.

דעפּוטאַט האַרטגלאַס, — אין זיינע נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע זכרונות, — דערציילט וועגן דעם רעהאַביליטאַציע־פּראָצעס, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט. ער האַלט, אַז דער אורטייל פון פעלד־געריכט אין צייט פון דעם קריג איז געווען אומפאַרמיידלעך, צוליב די טראַגישע קריגס־אומ־שטענדן. אין דעם זין פּרווט ער נישט וואַרפן די שולד אויפן פאָרזיצער פון פעלד־געריכט פּולקאָווניק פּעפּלאָווסקי.

די יידישע עפנטלעכקייט, איז נאָך ביז יעצט נישט באַקאַנט, מיט די פאַקטן, פאַרוואָס דער רעהאַביליטאַציע־פּראָצעס איז געוואָרן איבערגע־ריסן. האַרטגלאַס איז געווען זיכער, אַז ער וועט דערגרייכן אַ רעהאַביליטאַ־ציע־אורטייל, און דאָ קומט אַ באַשלוס פון געריכט, אַז ער זעט נישט קיין אורזאַך צו רעהאַביליטירן דעם אורטייל פון פעלד־געריכט. לויט האַרטגלאַס׳ן, פאַלט די שולד אויפן פאָרזיצער פון רעהאַביליטאַציע־געריכט, פּולקאָווניק היידוקאָווסקי, אַ מענטש פון שוואַכן כאַראַקטער. ער האָט זיך שפּעטער, פּריוואַט, פאַרענטפערט פאַר האַרטגלאַס׳ן, אַז עס איז דאָך קיין אונטערשיד,

מ׳קען דאָך דעם דערשאָסענעם שאַפּירא נישט לעבעדיק מאַכן, און אַז אין דער וועלט־פּרעסע איז אַזויפיל געשריבן געוואָרן וועגן דעם שאַפּירא־פּראָצעס, אין אַ ליכט וואָס וואַרפט אַ שאָטן אויף דער פּוילישער אַרמיי, באַשולדיקנדיק איר אין מיאוסן אַנטיסעמיטיזם. היידוקאָווסקי — דערציילט האַרטגלאַס — האָט געהאַלטן, אַז אַ רעהאַביליטאַציע פון הרב שאַפּירא, וואָלט געגעבן אַ גרונט פאַר אַ פּראָפּאַגאַנדע אין דער וועלט, קעגן דער פּוילישער אַרמיי.

אויפן גרונט פון אַ ענלעכן פּראָצעס און טויט־אורטייל פאַר פּאַר־ראַט, קעגן צוויי פּאַליאַקן פון דער „וויזוואָליעניע"־פּאַרטיי, וועלכע זענען שפּעטער געוואָרן רעהאַביליטירט דורכן העכסטן מיליטערישן געריכט, — האָט דעפּוטאַט האַרטגלאַס ווידער אַפּעלירט צום העכסטן מיליטערישן גע־ריכט פאַר אַ רעוויזיע פון פּראָצעס.

נישט וויסנדיק פון האַרטגלאַסעס ווענדונג, האָט אויך פאַרלאַנגט אַ רעוויזיע פון פּראָצעס פּולקאָווניק ליבקינד־לובאַדזשעצקי, וועלכער איז געווען פּראָקוראָר פון העכסטן מיליטערישן געריכט. לובאַדזשעצקי איז געוואָרן געשמד׳ט אַלס קינד, און שפּעטער, אַ דאַנק זיינע פעאיקייטן, זיך דערשלאָגן צו זיין הויכן אַמט. ער איז געווען באַפריינדעט מיט האַרטגלאַס׳ן נאָך אַלס סטודענט אין אוניווערסיטעט. אין דער פראַגע פון דער רעהאַב־ליטאַציע פון שאַפּירא־פּראָצעס, איז ער געשטאַנען אָפט אין קאָנטאַקט מיט האַרטגלאַס׳ן.

אין די יאָרן 1942־45, ווען אַ צאָל פּאָליאַקן האָבן אָפּגעריכט גלות אין ישראל, און צווישן זיי אויך לובאַדזשעצקי, — האָט ער אָפט געשמועסט מיט האַרטגלאַס׳ן וועגן דעם רעהאַביליטאַציע־פּראָצעס.

מיט געמיינזאַמע כוחות איז האַרטגלאַס׳ן און לובאַדזשעצקין גע־לונגען צו ברענגען אַ ענדערונג אין באַשלוס פון העכסטן מיליטערישן געריכט און אויספועל׳ן אַ נייעם פּראָצעס. דאָסמאָל איז דער פּראָצעס פאָרגעקומען נישט אין פּלאָצק, נאָר אין וואַרשע, כדי אויסמיידן אַנ׳אויפ־רודערונג אין דער פּלאָצקער עפנטלעכקייט.

דער פּראָצעס האָט אויסגעזען אַ געווונענער לטובת דעם אומ־שולדיק פאַרמשפּט׳ן הרב שאַפּירא. דער טערמין פון נייעם אורטייל, פון דער רעהאַביליטאַציע, האָט געזאָלט פאַרעפנטלעכט ווערן דעם 16־טן מאַי 1926.

דעם 13־טן מאַי, דריי טאָג פריער, האָט פּילסודסקי דורכגעפירט די מלוכה־איבערקערעניש און איבערגענומען די מאַכט. פון דער קאַנצע־לאַריע פון פּילסודסקין איז געקומען אַ פאַראָרדנונג צום מיליטערישן גע־ריכט, אָפּצולייגן אין אַ זייט, דאָס פאַרעפנטלעכן די רעהאַביליטאַציע

פון הרב שאַפּירא, צוליב דער פּאָליטישער לאַגע, און וואַרטן דערמיט פאַר מער „רואיקערע צייטן״.

האַרטגלאַס האָט געוואַרט מער ווי אַ יאָר, פאַר די דאָזיקע „רואיקע צייטן״, און ווען דאָס געריכט האָט די רעהאַבליטאַציע נישט פאַרעפנטלעכט, האָט ער אָנגעגעבן אַ נייעם פאַרלאַנג צו באַשטימען אַ טערמין, ווען דאָס געריכט זאָל עס פאַרעפנטלעכן. מ׳האָט אים פאַרזיכערט אַז דאָס געריכט וועט עס טאָן.

עס איז אַוועק נאָך אַ יאָר, און די זאַך האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. ווען האַרטגלאַס האָט אָנגעגעבן אַ נייע שאַרפע ווענדונג מיט אַ פאַרלאַנג צו פאַרעפנטלעכן די רעהאַבליטאַציע פון הרב שאַפּירא, — האָט מען אים געענטפערט, אַז צום באַדויערן, זענען די אַקטן פון דעם פּראָצעס מיט דעם באַשלוס פון געריכט, „פאַרלוירן״ געגאַנגען פון דער געריכט־קאַנצעלאַריע. ס׳איז קלאָר געווען, אַז עמיצער האָט בכיון פאַרניכטעט די אַקטן. ווער עס האָט דאָס געטאָן איז נישט באַקאַנט. האַרטגלאַס גלויבט, אַז דאָס האָבן נישט געטאָן די באַאַמטע פון געריכט, נאָר איינער פון פּילסודסקיס נאָנטע מענשן, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז דער גוטער נאָמען פון דער פּוילישער אַרמיי, דאַרף זיין העכער פון אַלעם.

האַרטגלאַס דערציילט אין זיינע זכרונות (וועלכע זענען אין מאַנו־סקריפּט), אַז דער באַרימטער פאַרטיידיקער פון מענדל בייליס פּראָצעס, אָסקאַר גרוזענבערג, וועלכער האָט זיך געפונען אויף עמיגראַציע אין פּאַריז, איז געווען זער פאַראינטערעסירט אין איבערנעמען די אָנפירונג פון דער רעהאַבליטירונג פון הרב שאַפּירא. ער האָט פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אים ערלויבן אָנפירן די פאַרטיידיקונג אין דער רוסישער שפּראַך. האַרטגלאַס האָט אים אויפגעקלערט, אַז דאָס דאָזיקע איז אונמעגלעך, ווייל דאָס פּוילישע געזעץ, ערלויבט נאָר אויפטרעטן אין מיליטערישן געריכט, די פאַרטיידיקער וועלכע זענען פאַרשריבן אין דער ליסטע פון אַדוואָקאַטן ביים פּוילישן מיליטערישן געריכט. אויך די שפּראַך פון געריכט, איז לויטן געזעץ נאָר פּויליש, בעת גרוזענבערג באַהערשט נישט די פּוילישע שפּראַך.

טראָץ דאָס אויפקלערן גרוזענבערג׳ן, אַז צוליב די געזעץ־רעגולאַ־ציעס, איז פאַר אים אונמעגלעך איבערנעמען די פאַרטיידיקונג, — האָט ער זיך געפילט זער באַליידיקט. ער האָט געוואָרפן די שולד אויף דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער הערשט אין די רעגירונגס־קרייזן און אין פּלאָצק, — ווייל פאַר אים, פאַר גרוזענבערג׳ן, האָט מען געקענט מאַכן אַב׳אויסנאַם און פאַרבויגן אַביסל די געריכט־רעגולאַציעס.

די רעהאַבליטאַציע פון דערשאָסענעם אומשולדיקן רבין, איז נישט צושטאַנד געקומען דורכן געריכט.

---

שלמה גרינשפאַן

דער רבי שאַפּירא חיים, איז געבוירן געוואָרן אין תרל"ט אין פּשיטיק, ווו זיין פאָטער איז געווען רב. שפּעטער איז זיין פאָטער געווען רב אין אַ קליין שטעטל נעבן פּלאָצק, ווו ער איז אויף אַ ענלעכן אופן געפאַלן אַ קרבן פון מלחמה־כאָאָס, ביים אָנהויב פון ערשטן וועלט־קריג. ער איז געוואָרן פאַרשלעפּט דורך די רוסישע קאָזאַקן אין וואַלד, אַלס באַשולדיקטער אין שפּיאָנאַזש פאַר די דייטשן. דאָס איז געשען, איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען פּלאָצק און פאַרטריבן פון דאָרט די רוסן אין 1915.



# ביבליאָגראַפיע צום ערשטן טייל:


הרב י. ל. מרגלית — „אור עולם״ ווארשעווער אויסגאַבע.

הרב י. ל. מרגלית — „טל אורות״, פרעסבורג 1843.

ד״ר י. צינבערג — געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, ב׳ 5, נ. י. 1943.

ר׳ שמואל בן עזריאל — „עמודי עולם״, פראַנקפורט ד׳ אָדר 1741.

נ. מ. גלבר — היהודים ומרד פולין, מצודה ז׳ לונדון תשי״ד.

א. קופּפער — בער מייזעלס, ווארשע 1952.

ד״ר י. שיפּער — 700 יאָר יידישע קהלה אין פלאָצק,
"Nasza Opinia," 111, 1935

משה פיינשטיין — גוטע יידן אין פוילן, ווארשע 1936.

זישע לאנדוי בוך, ניו יאָרק 1938.

פּועה ראקאווסקא — זכרונות פון אַ רעוואָלוציאָנערין, בוענאס־איירעס 1954.

ד״ר עמנואל רינגעלבלום — ייוו״א, עקאָנאָמישע שריפטן ב׳ 2.

ד״ר י. שאצקי — ייוו״א שריפטן פילאלאגישע שריפטן ב. 2 ווילנע 1928.

פלאָצק, בלעטלעך געשיכטע — בוענאס־איירעס 1945.

זלמן רייזין — לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור.

לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

פנקס פאַר ליטעראַטור, געשיכטע, פילאלאגיע און עקאָנאָמיק — ווילנע תרפ״ג.

נ. סוקולוב — אישיים.

נ. סאקאלאוו — שריפטן ווארשע תרע״ב.

פ. קאנטאראָוויטש — נ.־סאקאלאוו.

הזמיר, יובילעאום אויסגאַבע, פלאָצק 1926.

מארק שווייד — טרייסט מיין פאָלק — דאָס לעבן פון י. ל. פרץ נ. י. 1955.

י. ל. גרויבארד — ספר הזכרון, טאָראָנטאָ, תרפ״ו

הארטגלאס אַפּאָלינאַרי — פון זיינע מאַנוסקריפּטן.

טינסקי י. — פון זיינע מאַנוסקריפּטן וועגן אַטענטאַט דורכגעפירט פון טשוק.

ספר זכרון ווארשע 1889.

ש. קרויס — תולדות בתי תפלה בישראל נ. י. 1956.

„האסיף״, שנה 6, 1893.

יארגענג פון „המליץ״ „המגיד״, „הצפירה״, „היינט״ א. א.

Slownik Geograficzny, 8.

Universal Jewish Encyclopedia

Nowowiejsky — "Plock," 1917



פלאצק, אויפן בארג — פונדערווייטנס.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ענטשטאַנען אַ יידישע אינטעלי־גענץ אין פוילן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די פּאָליטישע פּאַרטייען, יוניאָנס און אלערליי געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס.

אין ווייניק שטעט אין פוילן און פלאָצק בתוכם, איז שוין אַזאַ אָנפירנדע יידישע אינטעליגענץ געוועזן פון פריער.

עס האָט זיי ארויסגעבראכט אויף דער געזעלשאפטלעכער אויבערפלאך, דער ציוניסטישער געדאנק און דער קאַמף פאר סאָציאַלער באַפרייונג, וועלכע האָבן אַריינגעדרונגען אין פלאָצק ענדע לעצטן יאָרהונדערט. אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם קאַמף האָט געהאַט די יידישע שטודירנדע יוגנט אין די פלאָצקער גימנאזיעס, וועלכע זענען געבליבן טריי זייער נאציאָנאלן אָפּשטאַם.

די יוגנט האָט געבויט די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַלע אירע שאַטי־רונגען, דעם „בונד", די פלאָצקער קולטור־אינסטיטוציעס, בפרט דעם „הזמיר", די ספּאָרט־באַוועגונג, אין וועלכער דער „מכבי" האט געשפּילט די גרעסטע ראָלע, ובעיקר די פלאָצקער חלוצישע יוגנט־באַוועגונג, ווו די מערהייט פלאָצקער יידישע יוגנט איז געווען אָנגעשלאָסן. אַ יוגנט, וועלכע האָט נישט נאָר געפּרעדיגט, נאָר אויך מגשים געווען, אם אין אני לי, מי לי ?, איז געווען זייער גלויבן.

די דאָזיקע צייט האָט ארויסגעבראַכט אין פלאצק מענשן, וואָס זענען שפּעטער אין דער גרויסער וועלט געווארן לערער פון פאלק, וויסנשאפטלער, שרייבער, קינסטלער דיכטער און קעמפער.

אין דער צייט, איז יידישע שעפערישקייט, געוואקסן ווי שוואמען נאך א רעגן.

פון דער אנדערער זייט, זענען אויך געווען שיכטן, בפרט אין אָרטאָ־דאקסישן און אסימילאטארישן לאגער, וועלכע האבן נישט געוואלט וויסן פון שנויים אין לעבן.

דער כסדר׳דיקער געראַנגל פון אידייען אויף דער יידישער גאַס, איז געווען אַ ברכה וואָס די נייע צייט האָט געבראַכט.

נייע מענשן און נייע שטרעבונגען האבן אריינגעבראכט נייעם גייסט און שוואונג דעם יידישן לעבן, וואס איז ארויף אויף נייע וועגן און געגעבן דעם יידישן לעבן נייעם אינהאלט.

אין דעם פעריאד צווישןביידע וועלט־מלחמות, זענען די יידישע מאסן אין פלאָצק גייסטיק אויסגעוואקסן און זיך דערהויבן צו נייע הויכן. א פּראצעס

אין יידישן לעבן וואָס איז אַנגעגאַנגען אומעטום ווו יידיש איז געווען די שפראַך פון די מאסן.

אין דער רומפולער געשיכטע פון פוילישן יידנטום, פאַרנעמט דאס יידישע פלאצק א וויכטיק ארט. פון פלאצק זענען ארויס וועגווייזער פון נייעם לעבן און פון נייע אידייען אין פוילישן יידנטום.

אין די ענגע געסלעך פון יידישן פלאצק, האבן פולסירט אקטיווע און שעפפערישע כוחות, א רעזולטאט פון דורות יידישע מתמידים און טרוימער פון פאלק, וואס האבן געבענקט נאך גאולה און יידישע שלימות.

אין די באַגרענעצטע באַדינגונגען פון דער יידישער עקאָנאָמיק, זענען געשאפן געווארן אינסטיטוציעס און חברות וואס זייער צוועק איז געווען העלפן דעם נויטבאדערפטיקן און קומען צו א העכערער מדרגה פון וויסן.

אין די באַדינגונגען פון אַרומיקער שנאה, — די שנאת עולם לעם עולם — האָבן פלאָצקער יידן, טראָץ אַלעמען, געשלאָגן וואָרצלען אין פוילישער ערד אין פלאָצק, דער גורל פון לאַנד איז געוואָרן זייער גורל, — אָבער אויך ווויסנדיק, אַז די צוקונפט פון פוילישן ייד ליגט אין זעלבסט־באַפרייונג אין אייגענעם לאנד.

אזוי האט זיך געצויגן דער פאדעם פון יידישן לעבן אין פלאצק, פאר איבער 700 יאָר, ביז די נאַציס, דער גרעסטער עמלק אין דער יידישער געשיכטע, האט דאס דאזיקע לעבן פארניכטעט.

## חיים פלאַקס

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ פון אַ יידישן שרייבער אין פלאָצק איז געווען חיים פלאקס, — אַ מענטש אַן אָפּגעזונדערטער פון געזעלשאפטלעכן לעבן, זייענדיק אַריינגעטאָן אין דער וועלט פון „שטומע צונגען".

ער האָט געצויגן חיונה פון מעלקן קי און פארקויפן די מילך. זיין מערסטע צייט איז ער געווען פארטאָן אין שטאַל, זאָרגנדיק פאַר דער באַקוועמלעכ־קייט פון זיין ברויטגעבער, די קו.

געוווינט האָט ער איינזאַם און אין דחקות אויף אַ בוידעם־שטיבל. זיין אָרעמע וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ בעט, אַ טישל, אַ שטול, עמערס צו מעלקן די קו און עטלעכע פאַליצעס ביכער, ס׳רוב דייטשע, געווידמעט דאָס האָדעווען בהמות.

אַ דאַרער, פון מיטעלן וווקס, פלעגן זיינע פאַרזאָרגטע אויגן קוקן פאַרטראַכט דורך די אויגנגלעזער; זיין טראָט אַ שנעלער, פלעגט ער אויך שנעל רעדן, ווי ער וואָלט נישט וועלן פאַרלירן קיין צייט.. אין זיין אויסזען פון אַ נישט דאָאיקן האָט זיך אָבער געהאַלטן אַ דיינע, נאַאיווע נשמה.

ער האָט ליב געהאָט די נאַטור און גאָטס באַשעפענישן אויף איר. מיט

באַזונדערער צערטלעכקייט פלעגט ער זיך באַציען צו היימישע חיות
זיין מוזע פלעגט זיך צעשפּילן ווען ער פלעגט טאָן זיין אַרבעט אין שטאַל, מעלקענדיק די קו. די גרעסטע טייל פון זיינע כתב־ידן, האָט אָבער קיינמאָל נישט אָנגעקוקט די ליכטיקע שיין. אין מאָמענטן פון „ישוב־הדעת״, האָט ער די אָנגעזאַמלטע מאַנוסקריפּטן פון יאָרן געוואָרפן אין פייער אַריין; ער איז בכלל נישט געווען להוט צו דרוקן זיינע זאַכן.

פלאָקס איז געבוירן געוואָרן אין פלאָצק. ביז 14 יאָר האָט ער געלערנט אין חדר. שפּעטער האָט ער זיך אַליין אויסגעלערנט רוסיש, פּויליש און דייטש. ביז 17 יאָר האָט ער געהאָלפן די עלטערן אין זייער געשעפט. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ געשעפט פון שמאַטעס וועלכע ער האָט צוגעשטעלט צו די פּאַפּיר פאַבריק אין סאָטשעווקע, אַ דאָרף נעבן פלאָצק. חיים האָט שפּעטער אויך געהאַנדלט דערמיט. אויך מיט אַלט אייזן און חזיר־האָר. ער האָט זיך אויך געהאַט געלערנט סטאָלעריי אין אַ האַנטווערקער שולע אין וואַרשע. אַ פּאָר יאָר האָט ער זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט אויף אַ גוט ביי אַ קרוב. חיים פלאָקס איז געווען מוזיקאַליש באַגאַבט, ער האָט געשפּילט אויף אַ וואַלטאַרנע אינ׳ם אָרקעסטער פון „האָטעל וואַרשאַווסקי״. אַ האָטעל באַדינער האָט אים געבראַכט אין אַ דראָזשקע צו יעדן קאָנצערט און געטראָגן זיין אינסטרומענט. דער אָרקעסטער דיריגענט האָט זיך צו אים באַצויגן מיט באַזונדערן רעספּעקט.

נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן אין 1904, האָט ער דאָרט געאַרבעט אַלס פּאַפּיראָסן־מאַכער, דערנאָך אַלס איינדייפּער אין אַ פאַבריק־וואַרשטאַט. אין לאָנדאָן האָט ער זיך באַקענט מיט י. ח. ברענער און געוואָרן באַיינפלוסט פון אים. ענדע 1905 איז ער צוריקגעקומען קיין פלאָצק און איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַ זעלנער אין צאַר׳ס אַרמיי. דינענדיק אין דער אַרמיי אין פּעטערסבורג איז ער געוואָרן באַשטימט אין דער מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע. אין יאָר 1909 איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרט געווען אַ יאָר צייט, טוענדיק פאַרשידענערליי אַרבעטן. צוריקקומענדיק קיין פלאָצק האָט ער דריי יאָר צייט זיך באַשעפטיקט אַלס פורמאַן, האָבנדיק אַ פערד און וואָגן, געפירט סחורות פון איין פלאַץ אין צווייטן. שפּעטער האָט ער אויפגעגעבן פורמאַנעריי און געהאַלטן קי, פאַרקויפנדיק די מילך וואָס ער האָט געמאָלקן און דערפון געצויגן מאָגערע פרנסה. ער האָט זיך מיט דער האָדעוואַניע פון זיינע צוויי קי אָפּגעגעבן ביז די דייטשן זענען אַריין אין פלאָצק און זיינע קי קאָנפיסקירט און אים געשלעפט אויף שווערע אַרבעט.

די אָרעמע לעבנס־באַדינגונגען זיינע און דאָס פעלן פון אַ ליטעראַרישע סביבה אין פלאָצק ווו אַ שרייבער ווי פלאָקס זאָל זיך קענען גייסטיק אויס־

לעבן — דאָס איז געווען אַ שטער פאַר דער ענטוויקלונג פון פלאַקסעס ליטעראַרישע באַגאַבונג.

יידישע שרייבער און פּרץ בתוכם ווען זיי האָבן באַזוכט פלאַצק, האָבן קיינמאָל נישט אויסגעמיטן צו באַזוכן פלאַקסן. שלום אַש, זייענדיק אין וואַרשע, פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן קיין פלאצק, זיך זעען מיט פלאַקסן.

ווען אַש איז איינמאָל געווען ביי פלאקסן אין זיין בוידים־שטיבל, האָט ער געזען הענגען אויף דער וואַנט זיין, אַש׳ס בילד נעבן עמיל זאָלאַ׳ס, רופט ער זיך אָן מיט פאַרדרוס צו פלאַקסן! „חיים, ווי פאַלסטו־אויס עס צו טאָן, ווי קומט אַזאַ שוסטער נעבן מיר?!״

חנוך גליצענשטיין, דער באַרימטער סקולפּטאָר, זייענדיק אין פלאַצק, האָט באַזוכט פלאַקסן און געהאַט מיט אים אַ לענגערן געשפרעך. גליצענשטיין האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט: „דאָס יידישע פלאצק מעג זיין שטאָלץ מיט איר זון חיים פלאַקס. אַ שאָד וואָס ער ווערט נישט געהעריק אָפּגעשאַצט״.

פלאַקס איז געווען אַנ׳אייפּערדיקער זאַמלער פון לאָקאַלן פאלקלאר און פון דער דורות־אַלטער געשיכטע פון יידן אין פלאַצק. יעדע מצבה אויפן אַלטן בית־עלמין איז אים געווען באַקאַנט. ער האָט געוווּסט די יחוס־קייט פון פיל גוטע יידן אויף וועמענס קברים מ׳האָט אַוועקגעלייגט „קוויטלעך״.

די קרובים זיינע האָבן זיך מיט ליבע באַצויגן צו אים. אַ ברודערן זון זיינער מאַניעק פלאקס, וועלכער האָט געוווינט אין זעלבן הויף אויף דער שענקעוויטשאַ גאַס, איז געווען אַ טיכטיקער קענסער־פאַרשער און אויף דעם געביט פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרבעטן.

חיים פלאַקס האָט זייער ווייניק געדרוקט. אַ סקיצע אין אַ לאָנדאָנער זאַמל־העפט „גרינס אויף שבועות״ אין 1905, „אויגן״ אין אַ לאָנדאָנער וואָכנבלאַט „די נייע צייט״. אַ פּאָר זאַכן האָט ער פאַרעפנטלעכט דורך זיין פריינט זישא לאַנדוי אין „יידישן קעמפער״ אין 1906 און אין פינסקיס „אַרבעטער״. אין וויסענבערגס „יידישע זאַמלביכער״ איז אין די יאָרן 1918־19 געווען פאַרעפנטלעכט זיינע אַ סעריע לידער אין פּראָזע. ער האָט אויך געשריבן אין „ווילנער טאָג״ און „שעדלעצער וואָכנבלאַט״ אונטערן פסעוודאָנים אביגדור סקאלף. זיינע זאַכן זענען אויך געווען אין וויסענבערגס „אונזער האָפענונג״. אַ צאָל פון זיינע אַרבעטן זענען געוואָרן געדרוקט אין פאַרשידענע צייטשריפטן און צייטונגען צ. א. אויך אין „פאָרווערטס״, „פלאָצקער לעבן״ (אונטערן פסעוודאָנים ווידענפעלד) א. אַ.

זיין בוך „מיט זיך״, וואָס איז געוואָרן געדרוקט אין פלאצק אין שפּיגל׳ס דרוקעריי, ענטהאַלט אויטאָביאָגראַפישע דערציילונגען און שילדערונגען פון דער וועלט פון „שטומע צונגען״, די וועלט פון די פיר־פיסיקע בעלי

חיים צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ צאַרטן חוש און אַ וועלט מיט אינטערעס. ער האָט זיך פּשוט געפּילט „היימיש" צווישן די היימישע חיות.

ער איז געווען באַפריינדעט מיט ווייסענבערגן. עפּעס איז געווען ענלעכעס אין זייער בײדנס נאַטורן. חיים פלאַקס איז געווען אַ רעבע־לירענדיקער גייסט אין זיין באַציאונג צו וועלט און מענטש. ער האָט איג־נאָרירט אָנגענומענע פאָרמען פון שרייבן און פון אויסלייג. אַן איפּכא־מסתברא'ניק, מיט זיין ספּעציפישן דרך. ער איז נישט געווען קיין גרויסער ענטוזיאַסט פון אַלגעמיינעם יידישן ליטעראַרישן יש, ער האָט אָבער שטאַרק געהאַלטן פון י. מ.. ווייסענבערגן און פון זיין שרייבן.

חיים פלאַקס, אין זיין שרייבן, פּרוווט אַרייננדרינגען אין דער וועלט פון „טראַכטן" פון „שטומע צונגען": קי, קעלבלעך, חזירים, א. א. וו. אין זיין לעצט בוך „מיט זיך" (וואָס מיר איז, אַגב אויסגעקומען עס צו זעצן) איז אויך דאָ אַ טייל אונטערן נאָמען „שטומע צונגען", ווו ער פּרוווט איבערגעבן דעם „אַנגסט" פון דער בהמה, ווען מ'טרייבט איר צו דער שחיטה. ער איז זיכער איינציקאַרטיק אין זיין אופן פון פילבאַרן שרייבן אויף דער דאָזיקער טעמע. יעדע געשריבענע זאַך זיינע איז, אָן ספק, געווען אַ טייל פון זיין לעבן. ער איז אויך געווען איינציקאַרטיק אין זיין שטייגער לעבן. אָפּט, איז שווער צו זאָגן, אויב ער איז געווען משונהדיק, אָדער איז עס די וועלט אין וועלכער ער האָט געלעבט. אין זיין שרייבן וועגן דער פיר־פיסיקער וועלט, מערקט זיך אַ פילבאַרער, סענסיטיווער מענטש, מיט דער פעאיקייט פון זען און באַאָבאַכטן ברייטער און טיפער ווי דער סתם־מענטש.

דער פלאָצקער מאָלער ה. עליאַוויטש, וועלכער איז געווען באַפריינ־דעט מיט פלאַקסן, שרייבט וועגן אים:

„חיים פלאַקס האָט אויפגעהויבן אַ בונט קעגן סדר פון לעבן. בונ־טאַרן זענען פאַראַן אַ סך, זיי שליסן זיך אָבער אָן אין קאָלעקטיוון און דאָס גיט זיי צו דעם מוט און כוח צו שטעלן זיך קעגן אַלעמען. חיים פלאַקס האָט קיין שותפים צו זיך ניט געהאַט. איינער אַליין האָט ער אויף זיינע פּליי־צעס אויסגעטראָגן דעם בונט. אין נאָמען פון וואָס? אין נאָמען פון זיך אַליין. דאָס איז נישט געווען קיין פּראַזע, וואָס מ'קען טרעפן גאַנץ אָפט ביי קליינ־שטעטלדיקע „מיזאַנטראָפּן". חיים פלאַקס האָט נישט פאָזירט, ער האָט ביטער געצאָלט מיט זיין אייגן לעבן. אויסטיילנדיק זיך פון דער בירגערלעכער וועלט, האָט ער זיך נישט געמאַכט קיין שום אַנדערע קאָנצעפּציעס פאַר אַ בעסערער וועלט. דער מענש איז אַ פאַרדאָרבן באַשעפעניש, דערמיט וואָס ער האָט זיינע ברידער פון אַנדערע מינים שרעקלעך אָפּגעצאָלט. פלאַקס האָט זיין אידייע נישט געפּרעדיקט, אַפילו נישט ציטירט נישט רוסאָ און נישט

טאָלסטאָיען. מיט אַ געוואַלטיקער ליבשאַפט האָט ער זיך באַצויגן צו דער חיה׳שער וועלט. מיט זיי געלעבט און זיי פאַרשטאַנען. און דער דאָזיקער חיה׳שער וועלט האָט ער אויך זיין ליטעראַרישען טאַלאַנט געשאָנקען. רירנד ביז גאָר זענען זיינע קורצע שילדערונגען: „שעפסן״, „חזרים״, „זשעמבעס״, א. א.

„ווען קאַזשען האָט געמאָלן זיין פּאָרטרעט, האָט ער אים טראַקטירט ווי אַ קריסטוס פון אַן אַנדער מין. נישט ווי אַן אויסלייזער פון דעם מענטשן, נאָר ווי אַן אויסלייזער פון יענע שטומע באַשעפענישן. פון די קינבאַקן פון פּאָרטרעט ברענט אַ פּורפּור־רויטער פלאַם, ווי דאָס בלוט פון די מיליאָנען געקוילעטע באַשעפענישען וואָלט פון זיי געשפּריצט. און ווען אונזער בליק לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער, צו דער אַנטבלויזטער ווייסער, דורכזיכטיקער ברוסט, און נישט ווילנדיק זוכט מען די סטיגמאַטן פון די אַריינגעהאַקטע טשוועקעס, — ווי דער געקרייצטער ווירקט ער... אָבער די אויגן, דער בליק שטרייכט אַלץ איבער. חיים פלאַקס איז קיין קריסטוס נישט געווען. ער פּרעדיקט נישט קיין אידייען, ער איז נישט קיין אויסלייזער... אפשר דער־פאַר איז ער נאָך טראַגישער״.

חיים פלאַקס, אַ סענסיטיווער מענטש מיט אַ רחמנות געפיל צו חיות און לעבעדיקע באַשעפענישן, איז נאָך מער סענסיטיוו און מיט אַ ברידער־לעך געפיל צו געשלאָגענע און געפייניקטע, צו פאַרהאַסטע און איזאָלירטע, צו אויסגעשפּיגענע פון דער געזעלשאַפט. ער פילט זייער ווײ־געשריי און אומבאַהאָלפענקייט און די אומיושר׳דיקע באַציונג צו זיי פון דעם אַרום.

ער האָט טיף אַריינגעבליקט אין תהום פון די עלנדע און ליידנדע און זיך אידענטיפיצירט מיט זיי. ער האָט זיי געזעען אין פלאָצקער פינסטערע קעלערן און גריבער ווו עס האָט געהויזט עלענט און פּיין, פאַרצווייפלונג און רעזיגנאַציע.

מיר ברענגען דאָ אַ פראַגמענט פון זיינס אַ זאַך מיטן נאָמען „גרונם״, וואָס פלאַקס האָט אָפּגעדרוקט אונטערן פּסעוודאָנים משה שטיינפעלד אין „פלאָצקער וואָרט״ פון 1936 וואָס שילדערט אַ סצענע אין אַ ווינקל פון דער גאַס אין פלאָצק:

געגנעכטיקט האָט ער, גרונם, יענע נאַכט אין אַ שטאַל אויף אַ היי־בוידעם, וואָס אין אַ וואַנט, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ פרייען פּלאַץ אַרויס, זענען געווען אָפּגעריסן צוויי ברעטער, אינדרויסן האָט זיך אַוועק־געשטעלט דער ווינטער, די נעכט זענען געווען קאַלטע, האָט ער זיך אַ גאַנ־צע נאַכט געטרייסלט פאַר קעלט, אַזש די ציין האָבן אים געקלאַפּט איין צאָן אָן אַנדערן. דערצו נאָך האָבן די קרעץ, וואָס ער האָט געקריגן אַ פּאָר טאָג נאָכן וואַשן מיטן „שוואַרצן וואַסער״ שמערל פורמאַנס קרעציקע פערד,

גערייצט און געביסן זיין לייב, ווי עס וואָלט אים באַפאַלן אַ גאַנצע אַרמיי וואַנצן, און דאָס שטיק „קעלבאַס״, וואָס ער האָט געגעסן בייטאָג, האָט געשטיקט און גענודזשעט אין בויך ביז חלשות. ער האָט זיך געפּוּנען יענע נאַכט אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס עס איז נישט געווען נישט קיין אויפדיין, נישט קיין שלאָפן. די גאַנצע נאַכט האָט זיך פאַר אים געצויגן ווי אַ שרעקעדיקע, פיינלעכע זעונג, נישט וויסנדיק אַליין, צי דאָס קומט פאַר אויף דער וואָר, צי אין חלום. ער וואָלט זיך אפילו נישט געוועסט געקאָנט דערמאָנען, אַז ער איז לסוף פאָרט איינגעשלאָפן אויף אַ קורצע צייט.

און אין יענער נאַכט האָט זיך גרונמען געחלומט, אַז ער האָט געפּאַקט זיין מאַמע־רע הינטער קזשאַקעס מיט אַ זעלנער, און ער איז איר מסלק פעטש איינעם נאָכן אַנדערן, אַזש די הענט שטייען אים שוין אָפּ פאַטשנדיק, און ער הערט אַלץ נישט אויף צו פאַטשן. דאָס איינע נאָר, וואָס עס ווערט אים זויער און ביטער אין די געדערים פון שלאָגן אַן אייגענע מאַמע, און אים דאַכט זיך עפּעס, אַז ער דאַרף אַזוינס נישט טון, כאַטש זי טוט אָפּ אַזעלכע זאַכן און פאַרשוואַרצט אים דאָס פּנים.

און דאָ גיט נאָר אַ שפּרונג אויף דער זעלנער, רויט ווי אַ באַרעק פאַר רציחה, ציט אַרויס פון לעדערנעם שיידל דעם שטיק פון דער ביקס און פאַרמעסט זיך צו טרעפן מיטן שפּיץ גרונמען גלייך אין בויך אַריין.

נאָר פּלוצלינג, ווי אַן אויפגעשטרויבטע, צעכריפּעטע קוואָקע, ווען עס לאָזט זיך אַראָפּ אַ יאַסטשעמב איבער אירע הינדלעך, גיט די מאַמע מיטן גאַנצן אימפּעט אַ לויף אונטער, פאַרשטעלט גרונמען מיט איר ברוסט, שטופּט אַוועק דעם זעלנער און נעמט שיפּן פאַר כעס:

— דו זונה׳שער זון, הינטיש בלוט, דו ווילסט דערשטעכן מיין זון, מיין איינציק קינד, מיין איינציק, טייער קינד?

דער זעלנער ווערט מיטאַמאָל אינגאַנצן אָפּהענטיק, בלייבט שטיין אַ מבולבל׳טער, מיט אַ קינדיש־פאַרשולדיקטער מינע, גלאָצט מיט ברייט־אויפגעריסענע, שטוינענדיקע אויגן, שטעקט געלאַסן צוריק אַריין דעם שטיק אין דער שייד, שאַרט זיך שטיל אַוועק, און גרונם בלייבט אויג אויף אויג מיט דער מאַמע.

און זי, די מאַמע, אַנגעלענט אָן אַ שטאַם פון אַ בוים, דער קאָפּ געזונקען צו דער ערד, שטייט די גאַנצע צייט אַ שווייגעדיקע, אָן אומבאַוועגלעכע, ווי פאַרשטיינערט, און האַלט אין איין קוקן אויף אים מיט אַזעלכע וויים־אַרויסגעשפּאַרטע, ווילד־צעשראָקענע אויגן, פון וועלכע עס פאַלן פון מאָל צו מאָל שווערע בלישטשעדיקע טראָפּנס.

נאָר גרונמען טוט שוין איצט באַנג דאָס גאַנצע עסק, דאָס גאַנצע פאַטשעריי, צו וואָס האָט ער זי געשלאָגן, אַז זי איז שוין אַזוי אויך געשלאָגן,

אַז עס איז אַזוי אויך אַ בראָך צו איר לעבן? אַז דאָס האָט נישט קיין הויז, קיין היים, קיין שטוב, קיין גריב, קיין אָרט וואו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן. קריכט אַרום איבער די דערפער צווישן ס׳גייעס נאָך בעטל־־ברויט, פאַר־מאָגט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה, לאַשטשעט עס זיך אויף אַ צוואַנצי־קער פון אַ זעלנער, זי זאָל האָבן פאַר וואָס זיך צו קויפן אַ שטיק ברויט מיט הערינג. און גרונם גייט איבער אין די געדאַנקען צו זיין אייגן לעבן. אויך ער מוז דאָך אָפּלעבן אַ הינטיש לעבן אָן אַ היים, אָן אַ לעפל געקעכץ, אָן אַ טראָפּ וואַרעמס, מוז נעכטיקן אין די גרעסטע פּרעסט אויף ביידעמער, אין שטאַלן, אין קאָרידאָרן, נישט האָבנדיק צומאָלט מיט וואָס זיך צוצודעקן. נאָך גוט וואָס די גראָבע מאַנקע, די גאַסן־שיקסע מיט דער געשטופּלטער נאָז, העלפט אים אַמאָל אַרויס מיט אַ פּאָר גראָשן אויף עפּעס זיך צו קויפן, אַנישט וואָלט ער שוין לאַנג געוועסט אויסגעצויגן די קאַפּיטעס.

וועלן זיי שוין, ער און די מאַמע, אַזוי מוזן אָפּלעבן זייערע יאָרן?

און ווי פאַרן אָנקומען פון אַ שטורם, ווען דער ווינט נעמט אויפשמייסן פון דער ערד קופּקעלעך שטויב, שטיקלעך פּאַפּיר, שטרויען, פעדערן, און דאָס אַלץ נעמט זיך קאַטלעווען, דרייען און פּלאָנטערן אין דער לופט אין אַ ווירבל־ראָד, אַזוי האָט איצט אין גרונמס קאָפּ מיט אַ האַסטיקער געשווינד־קייט געגומען אַרומפּלאָנטערן אַ „מישעדמאַנקע״ פון געדאַנקען, וואָס ער וואָלט נישט געקענט זיי פאַר זיך קלאָר מאַכן, נאָר זיי האָבן געבריט, גע־היצט און אויפגעקאָכט זיין בלוט. עס האָט אים נאָר אַזוי געגומען וואָרפן די נכפה: אַלץ קומט נאָר זיי, די אָנגעפּרעסטע פּאַנצן, די אויסגעפּוצטע ליי־דיקגייערס, די חסידישע אָנזעצערס און אים, גרונמען, און דער מאַמע זיי־נער קומט גאָרנישט? וועט ער שוין אַזוי זיך מוזן אָפּפּלאָגן זיין גאַנץ לעבן און זיך בלויז צוקוקן ווי אַנדערע פרעסן און זויפן און לאָזן זיך ווילגיין, און ער וועט, ווי אַ קאַץ פאַר אַ ווייקשאַף מיט פליייש, מוזן שטיין פונדער־וויטנס און זיך צו גאָרנישט טאָרן צורירן, פון גאָרנישט טאָרן געניסן? זיי וועלן פּיאַדערן, שווינדלען און גנבנען, אָט די באַנדע פרעסערס, און נאָך הייסן אָרענטלעכע מענשן און ווערן „דאַזאָרעס״ אויכעט? וועלן זיי אים שטענדיק צוכאַפּן פון הינטער דער נאָז אָפּער זיין „פּאָרציע״, און ער וועט צומאָלט קיינמאָל נישט קאָנען וויסן ווער, וואָס און ווען, קיינמאָל נישט קענען פּאַקן אַזאַ מאָרוויכער ביי דער האַנט, אַז ער זאָל אים פאַר־פּאָרן אין פּיסק אַריין, אים אָנקיילן אַ מאָרדע?...

ניין, ער וועט זיי אַזאַ „גראַנדע״ נישט שענקען, ער טאָר זיי דאָס נישט שענקען!

נאָר דערווייל פילט ער, גרונם, אַז די קרעץ נעמען אים איצט וואָס אַמאָל שטאַרקער בייסן און ברענען און אַז דאָס שטיק „קעלבאַס״

שטעקט אין מאָגן, ווי אַ האַרטער שפּיציקער ביין, וויל זיך נישט רירן פון אָרט.

אַן אויפגערעגטער ביז גאָר, פון דעם חלום־איבערלעבעניש און פון די יסורים פון די קרעץ און פון דעם „קעלבאַס״ אין מאָגן, גיט גרונם ווילד־אויפגערייצט אַ פּאָר מיט דער האַנט אין דער לופט, גיט אַ שפּיי אויס הויך אויפן קול „טפוי״ און גיט אַ בריל צו:

— כאַפּט עס שוין איינמאָל אַלץ אַ כאָליערע און לאָז עס גיין מיטן קאָפּ אין דער ערד אַריין!



**דער איידעלער און טיף־מענטשלעכער חיים פלאַקס האָט זיך אַרויס־געוויזן אין צייט פון די נאַצישע רציחות לגבי די פלאָצקער יידן. צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן, איז ער געשיקט געוואָרן צו טאָן שווערע אַרבעט פון שפּאַלטן סענקעוואָטע קלעצער. קיינער פון דער גרופּע האָט נישט געטאָרט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ אונטער קיינע אומשטענדן. אין אַ געוויסן טאָג, ווען די גרופּע איז געשטאַנען און געשפּאָלטן די קלעצער, האָט זיך דערהערט אַ יאָמערלעך געשריי פון דער גאַס. איינער פון גרופּע, זייענדיק נייגעריק, איז אַרויס אין גאַס אַ קוק טאָן וואָס עס איז געשען. דאָס האָט באַמערקט אַן ס.־ס.־מאַן, וועלכער איז אַריין אויפן פּלאַץ, פאָדערנדיק אַז דער וואָס איז אַרויס קוקן אין דרויסן, זאָל זיך מעלדן. קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. דער דייטש איז אַריין אין רציחה, און זיין בליק איז געפאַלן אויף חיים פלאַקס, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ חלוש, אַ שוואַכער שאַרבן, דער אומבאַהאָלפענסטער פון דער גרופּע. ער איז צוגעלאָפן צו אים, און אים אָנגעהויבן מערדערלעך שלאָגן, ער זאָל אויסזאָגן וועלכער „יודע״ איז אַרויס אין גאַס אַ קוק טאָן. חיים פלאַקס איז פון די קלעפּ געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער, ער האָט נישט געוואָלט אויסזאָגן, — ער וואָלט גיכער זיין לעבן אַוועק־געגעבן, איידער, חלילה, אויסגעבן אַ אידן צו די דייטשן. דער אויסגע־דאַרטער, דער חלוש־אין־גוף, איז גייסטיק געבליבן אַ לייב און האָט מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף דעם שטאַרקן צוויי־פיסיקן דייטשן מערדער.**

**אַ שטיק עקזאָטיק איז חיים פלאַקס געווען אין ראַם פון אידישן ישוב אין דער שטאָט; אַנדערש פון אַלע, אָבער אַזוי טיף מענטשלעך, עפּעס ווי זיין גייסט וואָלט געשוועבט איבער צייט און סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט, מיט זיינע קי און קאָזעס, אין דער וועלט פון „שטומע צונגען״, ווי ער וואָלט אין זיי זיין „איך״ געפונען.**

## משה וואַרשע

**משה וואַרשע איז געווען צווישן די גרינדער פון „בונד״ אין פלאָצק,**

אין די רעוואָלוציע יאָרן פון 1905. געבוירן איז ער אין 1887 אין אנטאפאל, גראָדנער גובערניע. זייענדיק אַ קינד, האָבן זיך זיינע עלטערן אַריבערגע־צויגען קיין פלאָצק. זיין פאָטער פנחס וואַרשע איז געווען אין פלאָצק אַ מלמד. זיין חדר איז געווען שוין אַ פאָרטגעשריטענער. אין פראָנט פון די תלמידים, ווו ער איז געזעסן, האָט ער געהאַט אַ „קאַטעדרע". אַ סאָרט הויך טישל, וואָס מ׳האָט באַנוצט פאַר לערער אין מאָדערנע שולעס. זיין שוועסטער איז אין פלאָצק געוואָרן אַ לערערין אין אַ פּאָוושעכנער שולע פאַר יידישע קינדער.

משה איז געווען א קרענקלעך קינד און ליב געהאט איינזאמקייט. שטענדיג ארומגעגאנגען א פארחלומטער. זיינע חברים האבן אים א נאמען געגעבן „דער פארגאפעטער".

איידער משה איז געווארן אריינגעצויגן אין רעוואָלוציאָנערער טע־טיקייט, איז ער א קורצע צייט געווען אונטער דער השפעה פון ציוניזם און דערנאָך איז ער אריבער צום „בונד". אין זיין טעטיקייט אין „בונד" איז ער געווען דינאַמיש, זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין געפאַרן מצד דער צארישער מאכט. א פאר מאל איז ער געזעסן ארעסטירט אין די טורמעס פון פלאצק און אנדערע שטעט. זיינע עלטערן זענען געווען איבערגעשראקן פון זיינע מעשים, און צוליב טוענדיק זיי, איז ער אוועק קיין אמעריקע אין 1906. אין ניו־יארק האט ער אפט געליטן נויט, ווען ער האט קיין ארבעט נישט געהאַט. ער האָט געפּרוווט אַלערליי מלאכות, געאַרבעט אין פאַבריקן, געווען א צייטונגס־פארקויפער און אין די לעצטע חדשים פון זיין טראגיש לעבן איז ער געווען א וועכטער אין אנ׳אפארטמענט־הויז וואס האט זיך געהאלטן אין בויען. זיינע חברים זענען דארט אפט געקומען אים באזוכן און מיט אים דיסקוטירט פאַרשידענע פּראָבלעמען.

געלעבט האָט ער אַן אַסקעטיש לעבן און געטאָן שווערע אַרבעט. ער האט אויסגעמיטן מענשן, פרעמדע און אייגענע. געווען א גייסטיק מידער און אַ פאַרפלאָנטערטע נשמה.

זישא לאַנדוי איז געווען אַ נאָנטער פריינט זיינער. ראובן אייזלאַנד דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, פון דעם לעבן פון די צוויי חברים — וואַרשע און לאַנדוי:

„לאנדוי און ווארשע האבן דעמאלט אפט געהונגערט. אז מען האט געוווינט ביי די קלינג׳ס האט מען אפילו נישט געדארפט הונגערן. די ווילע בערטאַ קלינג, האט זייער קלוג און טאקטיש אויפגעפּאַסט אז ווען זי האָט גערופן צו טיי, זאָל אויפן טיש נישט פעלן אַ קיכל, אַ טאָרט, אַ טייגל, און גאנץ אפט, פראסט ברויט מיט פוטער און א הערינג, צי עטלעכע ווורשט־לעך. „און אפשר וועט איר גאר פארזוכן א פיין שטיקל פיש, צי גאר א שטיקל

עוף, וואס איז פארבליבן פון מיטאָג ?" אוועקגייין הונגעריק פון טיש, האט מען נישט געקענט. מען האט אבער יא געקענט, צום טיש אינגאנצן נישט גיין. און לאנדוי מיט ווארשען, האבן מיט אמאל אויפגעהערט אראפצוקומען פון בוידים־שטיבל, ווען מען האט זיי גערופן צו טיי, — טאקע דערפאר ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי קוקן אַרויס מען זאָל רופן.

„איינמאל נאך א לאנגן, זומערדיקן תענית איז לאנדוין שפעט ביי־נאָכט געלונגען צו קריגן ביי עמיצן אַ ניקל. אין אַ בעקעריי אויף וואַשינגטאָן עוועניו, האט ער איינגעהאנדלט זעקס גרויסע פרישע און ווארעמע זעמל און מיט פרייד זיך געלאזט לויפן אהיים טיילן זיי מיט זיין חבר, וואס איז זיכער פונקט אַזוי הונגעריק ווי ער. אָבער וואַרשע איז שוין געשלאָפן ווען לאנדוי איז אהיימגעקומען. טראכט לאנדוי ביי זיך : מילא וועט ער אויפעסן זיין חלק און די איבעריקע זעמל לאזן ביז ווארשע וועט זיך אויפ־כאפּן. אז ער איז פארטיק געווארן מיט זיינע דריי זעמל איז ער אבער נאך אַלץ געווען הונגעריק און וואַרשע איז נאָך אַלץ געשלאָפן. קען זיך לאַנדוי נישט איינהאלטן און עסט אויף א פערטן זעמל. באלד האט ער שוין געהאט פארשלונגען אויך דעם פינפטן און ער האט זיך שוין געוואלט א נעם טאן צום זעקסטן אויך. אין דער לעצטער סעקונדע אבער, האט ער גובר געווען דעם יצר הרע און דעם לעצטן זעמל אפגעראטעוועט. כדי אויס־צומיידן א נסיון, האט ער דעם לעצטן זעמעל אריינגעלייגט אין פאפירענעם זעקל, ארויסגעטראגן אין קארידאר און דארטן פארשטעקט אונטער א קראקווע פון דאך. ווען ער האט זיך אויפגעכאפט אויף מארגן אין דער פרי, איז וואַרשע שוין געזעסן ביים טיש איבערגעבויגן איבער אַ בוך. מיט איין שפרונג, איז לאנדוי אראפ פון געלעגער, ארויס אין קארידאר און מיט נצחון אונטערגעטראגן ווארשען דעם באהאלטענעם זעמעל. און אז ווארשע האָט געהאַלטן אין קייען, האָט אים לאַנדוי דערציילט די גאַנצע מעשה. וואַרשע האט אים שטיל אויסגעהערט. מיט אמאל האבן זיינע בלייכע באקן זיך פארויטלט און ער האט א זאג געטאן : „איך שעם זיך אייך צו זאגן, אז איך אויף אייער ארט וואלט זיך נישט איינגעהאלטן, איך וואלט אויפגעגעסן אלע זעמעל".

„משה ווארשע, דער חלוש, דער אינטעליגענט, דער יושב אוהל, וואס האט זיך געפילט אינדערהיים נאר ביים בוך, און וואס האט יונגער־הייט געקראָגן דעם חשובן אויסזען פון אַ זקן, אַ מאָנאַך, — דער מענש איז אין די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן געוואָרן אַ נאַכט־וועכטער אין אַן אַפּאַרט־מענט־הויז, וואָס מ'האָט געהאַלטן אין בויען. איין נאַכט איז ער אַרויף אויף אַן אויבערשטן שטאק פון דער נישט פארענדיקטער געביידע און זיך אראפ־געווארפן. מ'האט אים געפונען טויט".

„בלויז דריי מענשן, — שרייבט אייזלאנד — וואס זענען נאכגע־גאנגען הארט ביים ארון, האבן אויסגעזען שטארק פארצערט און דערשלאגן. איינער פון זיי איז געווען זישא לאנדוי. דער צווייטער א נידעריקער, א שמאָלער מיט שיפע שוואַרצע אויגן און לאַנגע וואנצעס וואָס האָבן אַראָפּ־געהאנגען בייז און ווי אויסגעלינקט, „קאליע טעפער" — האט מיר איינער פון די מלוים אַ שושקע געטאָן אין אויער אַריין ווען איך האָב געפרעגט ווער דאָס איז. צווישן זייביידן איז מיט אַנ׳אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ געגאַנגען אַ מיידל, אין וווקס כמעט אַ קינד. „אַ שוועסטער"? — האָב איך געפרעגט. „ניין, א פריינדין, זער א נאנטע פריינדין, רייזעל". שפעטער רייזעל לאנדוי".

ווארשע איז געווען זישא לאנדויס א אינטימער חבר נאך פון די קינדער יארן אין פלאָצק. צווישן דער גרופּע „יונגע" איז ווארשע נישט געווען שטארק באליבט. ער איז געווען שטרענג קריטיש צו די שאפונגען פון די „יונגע". טייל פון זיי האבן זיין ביטול באציונג צו זיי נישט געקענט פאַרטראָגן און דערפאַר אים אינערלעך פיינט געהאַט.

ווארשע א זער איידעלער און מיט פשטות אין זיין כאראקטער, איז אינטעלעקטועל געשטאַנען העכער פון דער גאַנצער גרופּע דיכטער מיט וועלכע ער איז געווען אין קאָנטאַקט. ראובן אייזלאַנד, אין זיין בוך „פון אונזער פרילינג", באמערקט, אז ער ווייס פון אזעלכע פון דער גרופּע „יונגע" וואס האבן ווארשען פיינט געהאט. אייזלאנד אליין, ווייזט אויך נישט ארויס צופיל סימפאטיע צו דעם טיפּ משה ווארשע.

קען זיין אז סאיז א פארדראס, פאר נישט באקומען אנערקענונג מצד משה ווארשע, וועלכער ווי אייזלאנד אליין באמערקט, אז ווארשע איז געווען ווי א הייליקער „פאטראן" ביי די יונגע, אנטפּלעקט פאר זיי די סודות פון דער וואָרט־קונסט און געהאָלפן זיי קומען צו וואָס זיי זענען געקומען.

וואַרשע האָט געשריבן לידער, אָבער זיי קיינמאָל נישט פאַרעפנט־לעכט. זיי זענען געווארן געדרוקט נאך זיין טויט. זיינע חברים דיכטער, האט עס פארדראסן, פארוואס זיי זעען נישט זיין דיכטונג אויף דער ליכטיקער שיין און האָבן נישט די געלעגנהייט אים אַזוי פאַרניכטענדיק אָפּשאַצן, ווי ער טוט עס צו זיי.

ווארשעס טויט האט שווער געטראפן זיינע נאנטסטע פריינט, רייזל און זישא לאַנדוי און קאליע טעפער, רייזל איז פון ערגערניש קראַנק געווארן און געלעגן אין שפיטאל.

קאליע טעפער און זישע לאנדוי, האבן נאך זיין טויט ארויסגעגעבן אין א ביכל זיין איבערגעבליבן טאג־בוך, געשריבן אין 1911, א. נ. „וועגן פון אַ נשמה", וועלכעס גיט אַ בילד פון אַ צעווייטיקטער געפייניקטער נשמה, וועלכע האָט זיך געראַנגלט אָן אַ שטראַל פון האָפנונג.

די אַרויסגעבער פון בוך שרייבן אין זייער אַריינפיר: „אַרויסגעבנדיק די דאָזיקע פּאַפּירן, ערפילן מיר נישט קיין פליכט צום פאַרשטאָרבענעם. מיר האָבן אין זינען יענע, וואָס דאַרפן זיינע רייד צו זיך הערן. דאָס זענען די נשמות וואָס ראַנגלען זיך, ווי ער. ער איז געשטרויכלט געוואָרן, געפאַלן — אפשר וועלן זיינע שטראַף רייד זיין פאַר זיי א גוטע בשורה, א וואָרנונג, עפּעס א געווער ?".

מיר ברענגען אויסצוג פון זיין טאָג־בוך, וואָס פון אָנהויב ביז'ן סוף איז עס נשמה־גריבלעניש. ער האָט געזוכט אַ ענטפער צו זיין באַוווּסטזיין וואָס האָט אים געמאַטערט מיט ספקות וועגן זין פון לעבן. סאיז פאָרגעקומען א געראַנגל אין זיין קראַנקער נשמה. וואָס מער ער האָט זיך געגריבלט אין איר, האָט עס אים געשלעפּט אין תהום. וואַרשע האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ מינדערווערטיקייטס־געפיל פון וועלכן ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען. מיר לייענען דאָרט:

„אָדער מיין פּסיכיק איז אַ פלאַטערנדיקער שאָטן וואָס באַגלייט די פוילנדע נבלה, און נאַרט און פאַרנאַרט מיך אַלץ ווייטער און ווייטער; אָדער עס געשעט דער נס: אויף דער נבלה האָט גאָטס נס געענדערט. תחית המתים. א נס געשעט אָבער יעדע רגע, אָדער איז קיין נס נישט. יעדע רגע טרינקסטו זיך אין שרעק און יאוש — געשען איז דאָס אומגעגליכע, דו ביזט פול פרייד. אָדער סאיז א קונץ און א שווינדל: דאָס פאַרפירט מיך דער ניט גוטער צום טויט, צוזאַגנדיק לעבן".

„גאָט איז אזוי באַרמהאַרציק. איז ניטאָ אויף גאָטס וועלט — דער מיט זון באַגאָסענער וועלט — ערגעץ ווי אַ טונקל שטעגל פאַר אונז, מידע, טויט מידע, צום טויט־פאַרמשפּטע איינזאַמע? שטילערהייט, קוים זעענדיק, שעמענדיק זיך איינער פאַרן אַנדערן, וועלן זיי אַרומגיין דאָרט מיט געבויגענע קעפּ און וואַקלדיקע טריט און שטיל וואַרטן אויפן גוטן, ווייסן מלאך פון טויט".

„רעכט צו לעבן האָט נאָר דער מענש, וואָס קען פריי גיין צום טויט, ווען קיין אַנדער וועג איז ניטאָ. יעדער רגע מוז איך זיך אַליין דערווייזן, אַז איך האָב א רעכט נאָך צו לעבן, אויף גאָטס וועלט אַרומגיין. דאָס קען איך ניט דערווייזן".

„איך בין פּעסימיסטיש, דאָס איז עפּעס אין תוך נידעריקס — מען טאָר ניט זיין פּעסימיסטיש; נאָר נידעריקע נאַטורן, ווייסן ניט פון קיין פרייד. איז ניט יעדער פּעסימיזם געבונדן מיט עגאָ צענטריזם? צו וואָס דאַרף איך עס, וואָס וויל איך דערפון האָבן — פרעג איך נאָכאיינמאָל און ווידעראַמאָל. איך בין עגאָ־צענטריש".

די דיכטונג וואָס משה וואַרשע האָט געשריבן, איז אויך געווען

אנאויסדרוק פון זיין טראגיש לעבן. אין „וועגן פון א נשמה", געפינען מיר א פאר צענדליק לידער, געשריבן מיט טיפן וויי, פיל מיט פעסימיזם און רעזיגנאַציע:

„אויף מיין ארימער נשמה, טו דערבארעמען זיך, גאט!
אן אומווירדיקער, א זינדיקער, בעט איך זיין גנאד.
פון דעם תהום פון זינד, פאברעכן, פיר מיך, שטארקער גאט, ארויס.
דער ניט־גוטער אויף מיר לויערט, לייז מיך פון אים אויס.
ס׳וואלגערט זיך דאס אומריין לייב מיינס אינם טיפסטן שטויב, פאר דיר,
און שטיל ציטערדיק דאס הארץ מיינס קלאפט אלץ אין דיין טיר.
פון דעם זינדיקן, דיין פנים, קער, אַ גרויסער גאט, ניט אפּ,
פון דיין גנאד אן איינציק שטראל זאל פאלן אויף מיין קאפּ!"

משהווארשע איז אוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 25 יאר, יונג אין יארן און מיד פון לעבן.

## זישא לאנדוי

זישא לאנדוי איז געבוירן געווארן אין פלאָצק אין יאָר 1889. ער שטאַמט פון אַ יחוסדיקער פאַמיליע. זיין פאַטער מענדל איז געווען אַן־אייניקל פון ר׳ וואָלף סטריקאווער און אַן׳אור־אייניקל פון ר׳ אברהמעלע טשעכאנאָווער, דעם באַרימטן רבי און גאון וועלכער האָט זיך גערופן ר׳ אברהמעלע לאנדוי.

ווען זיין מוטער איז געשטאָרבן איז זישא געווען 18 חדשים אַלט. זיין פאַטער האָט אים גענומען צום זיידן און ער האָט זיך געהאָדעוועט צו־זאמען מיט זיין עלטערער שוועסטער העלענקא אין הויף פון סטריקאווער רבין.

ווען זיין פאַטער האט צום צווייטן מאל חתונה געהאט מיט זיין פארשטארבענעם מוטערס שוועסטער, האט די שטיף מוטער וועלכע האט קיין קינדער ניט געהאט, ערצויגן ביידע קינדער. אליין איז זי געווען אנ׳אסימילירטע פרוי. זישא האט זיך געלערנט שפראכן. אויסער יידיש, העברעאיש, רוסיש און פויליש אויך געלערנט פראנצויזיש און דייטש. ער האט צוערשט באקומען א רעליגיעזע דערציונג. וועלטלעכע למודים האט ער זיך געלערנט ביי א קריסטלעכן לערער.

אינטערעסאנט ווי אזוי לאנדוי איז געווארן א ספעציאליסט אין קאָכן. ביים סטריקאווער רבין אין הויף זענען געווען צוויי קיכן, איינע פאַר אָרעמעלייט און איינע פאַר גבירים. זישא האָט באַמערקט אַז אין דער קוך פאר די ארעמעלייט, ווערט באגאנגען קעגן זיי עולות ביים טיילן דאס עסן. האט זישא מיט דער רביצינס הסכמה גענומען די אויפזיכט איבער

דער קוך פאר ארעמעלייט און געזארגט אז זיי זאלן באקומען די געהעריקע מאָלצייטן. ער איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ קענער אין דער תורה פון קאָכן. ער האָט די קענטניס פראַקטיצירט אַלע זיינע יאָרן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געגרויסט מיט זיין פאעטישן שאפן. ער האט זיך אבער גערימט מיט די פאַרשידענע שפייזן און איינגעמאַכטסן וואָס ער קען מאַכן.

זייענדיק אין פלאָצק, האט ער העברעאיש אויך געלערנט ביי דעם פאפולערן אין פלאצק העברעאישן לערער ש. פענזאן, וועלכער האט גע־האט אויף זישאן א גרויסע השפעה. פענזאן איז געווען א קענער און ליבהאבער פון ליטעראטור און פאעזיע און האט איינגעפלאנצט אין לאנ־דוין א ליבע און פיעטעט צו דיכטונג. אן ספק האט ש. פענזאן אויסגעאיבט אַנ׳איינפלוס אויף זיין שפעטערדיקן גייסטיקן באַנעם און געפיל צו פאָעזיע. פענזאן האט אין אים ערוועקט א אינטערעס צו היינעס שאפן. ער האט יארן שפעטער געמאכט איבערזעצונגען אין יידיש פון היינעס לידער.

אין זיינע יוגנט יארן אין פלאצק, האט זישא געהאלפן זיינע עלטערן אין זייער מאַנופאַקטור־געשעפט. ווען „ביזנעס" איז געווען שלעכט איז זישא אוועקגעפארן קיין ווילנע צו זיין אנקל יעבץ. דארט האט ער געהאט א רייכע טאנטע, זיין מוטערס שוועסטער. איר מאן האט געהאט א גרויס געשעפט און זישא איז געווארן גענומען ארבעטן אין געשעפט. ער האט דארט געאַרבעט צוויי יאָר ביז דער אָנקל האָט דאָס געשעפט אויפגעגעבן און איז אוועק קיין אמעריקע.

אין ווילנע איז זישא געווען טעטיק אין „בונד". ער האט געהאט אַנ׳אויפגאַבע פון באַהאַלטן געווער פאַר׳ן זעלבסטשוץ. ער האָט אָן דעם אָנקלס און טאַנטעס וויסן געהאַלטן פאַרשטעקט דאָס געווער אין קעלער פון געשעפט. ערשט פאַר זייער אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע זענען זיי געוויר געוואָרן וועגן דער געפערלעכער „סחורה" וואָס ער האָלט אין קעלער. זיי האָבן געזען ער זאָל דערפון וואָס שנעלער פטור ווערן.

ווען זיי זענען אוועק קיין אמעריקע, האבן זיי זישאן נאך א קורצער צייט אויך אַראָפגעבראַכט אַהין.

ארבעטענדיק אין ניו־יארק צוזאמען מיט אנדערע, האט ער געוואלט זיין נישט מער און נישט וויניקער ווי יעדער ביי דער ארבעט.

איינמאל טוענדיק ארבעט אלס שטיבן־מאלער, האט נישט געפעלט א סך אז מ׳זאל אים ארעסטירן. ביי דער באלעבאסטע איז אוועקגעקומען א ברילאנטען רינגל. איז וועמען באשולדיקט מען? דעם „פעינטער"! צום גליק איז מיטן הילף פון דזשעניטאר, דער רינג געפונען געווארן אין וואש־באסיין. זישא איז געווען צופרידן וואס באשולדיקנדיק אים, האט מען אים געהאלטן אויף דער זעלבער מדרגה ווי אלע „פעינטער".

זייענדיק אַ פעינטער האָט ער געמאָלן דעם „פאָרווערטס־האָל" און ווי אַלע „פּעינטערס" האָט ער נאָך דער ארבעט אויסגעוואַשן דעם דיל פון האָל.

לאנדוי איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַ מענש אַנ׳עסטעטיקער. אָבער ביי זיין ארבעט האָט ער נישט געוואָלט זיך אונטערשיידן פון אַנדערע. מיטאָג־צייט, אַז זיינע חברים ביי דער ארבעט האָבן געגעסן סאַרדינס פון די בלעכענע פּושקעס מיט די הענט, האָט ער אויך דאָסזעלבע געטאָן. ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט אַזאַ זאַך געווען ביי אים שרעקלעך.

די גרופּע „יונגע" איז ענטשטאַנען אַרום 1907. צו דער גרופּע האָבן געהערט: זישא לאנדוי, מאני לייב, ראובן אייזלאַנד, יוסף ראָלניק. זיי האָבן געשאַפן די ערשטע שולע פון פּאָעזיע ביי יידן. זיי האָבן געלייגט זייער חותם אויף דער יידישער דיכטונג און געוויזן אַ נייעם וועג, אַ נייעם טאָן און אַ נייעם צוגאַנג פון פּאָעטישן שאַפן. זישא לאנדוי איז געווען דער קענטיקסטער פון דער גרופּע „יונגע".

די „יונגע" האָבן נעגירט אַלע ביז דאַמאָלסטיקע אָנגענומענע פאָרמען פון שרייבן לידער און זענען געקומען מיט נייע אידייען אין דער קונסט פון דיכטונג. די גרופּע „יונגע" און לאנדוי בראש האָבן אפילו רעוואָלטירט קעגן פּרצ׳ס ליטעראַרישער שאַפונג און בכלל קעגן דער קלאַסישער יידישער ליטעראַטור.

אינערהאַלב דער גרופּע „יונגע", האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ עטישער באַנעם אין זייער באַציונג צום ארומיקן לעבן. ס׳איז פאַר זיי געווען אַ זינד, חניפה צו קריטיקער און רעדאַקטאָרן. דער עיקר איז פאַר זיי געווען ריינע קינסטלערישע שאַפונג, דאָס לויטערע ליד, עכטע פּאָעזיע.

די גרופּע „יונגע" האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע שווערע צייטן. אָפּט געהונגערט. מאני לייב וועלכער האָט געוווינט אין ברוקלין און געוואָלט זען לאנדוין און פאַר אים לייענען זיינס אַ ליד, האָט אָפּט דעם שטח צווישן ברוקלין און בראָנקס וווּ לאנדוי האָט געוווינט, דורכגעמאַכט צו פוס. אַז ער איז אָנגעקומען צו לאַנדוי׳ן אין הויז, איז ער געווען אַזוי פאַרמאַטערט פון לאַנגען וועג, אַז ער איז אוועקגעפאַלן שלאָפן פאַר שטונדן.

לאנדוי איז געווען אימפּעטיק און שאַרף אין זיין אָפּשאַצן פּאָעזיע. ער האָט נישט געמיינט יענעם צו דערנידעריקן, נאָר אויסן געווען דאָס ריינע, עכטע אין דער דיכטונג.

די טבע פון זאָגן דעם אמת אין די אויגן, ווי שאַרף עס זאָל ניט זיין, דער שטריך איז געווען ביי לאנדוין און אויך ביי משה וואַרשע. באַזונדערס ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דיכטונג, זענען זיי געווען אומברחמנותדיק אין זייער קריטישן אָפּשאַץ. וואָס נענטער ער איז געווען צו אַ מענשן, איז ער געווען מער אָפנהאַרציק און שניידיקער אין זיין קריטיק.

ער האָט געזוכט אייגנאַרטיקס ביי אַ דיכטער, ווי עס וויזן די שורות אין זיינס א ליד:

„אַ ליד וואָס איז אַזוינס, וואָס דו
דערטאפּסט ערשט מיט די פינגער,
אויב עפּעס פרעמדעס איז דא אין דעם
פארשטעכסטו זיך די פינגער״.

לאנדוי איז געווען איבערגעוועלטיקט ווען ער האט א ליד גע־שאפן. א ליד ביי אים האט דורכגעמאכט חבלי־לידה. נישט קיין מעכאנישע שאפונג, נאר געקומען איז עס ווי א טיפע נשמה־איבערלעבונג.

פון דער נאַטור איז לאַנדוי געווען אַ מענש פון ווידערשפּרוכן. ער האָט רעוואָלטירט קעגן י. ל. פּרץ און זיין שאַפן און מיט גרויס ליבע צוזאַמענגעשטעלט פּרצ׳עס געקליבענע שריפטן.

ער האט געהאט ווידערווילן צו יידישקייט און זיך געשפּיגלט אין רעליגיעזע ספרים און חפצים. ער איז געווען קאנסערוואטיוו אין זיין קוק אויף פּאָליטיק און רעוואלוציאנער אין זיין פּאעזיע. א מענש וואס האט פיינט געהאַט חניפה און איבעריקע רייד און געמאַכט אַ לעבן פון א „פּובליסיטי״־פּאָסטן.

לאנדוי האט געזאָגט וועגן זיך: ווידערשפּרוכן איז די לאגיק פון מיין נשמה, מיין באַדערפעניש, מיין געוווינהייט... מיר די ווילדע יונגען און מוטיקע אוואנטוריסטן, מיר מעגן טרעטן מיט אונזערע פלינקע פיס יעדע לאגיק און קולטור און נויטיקן זיך נישט אין די אלע שטאנד־פונקטן, איבערצייגונגען און מיינונגען — סיי פרעמדע, סיי אייגענע — ווי מיט קינדערישער שפּילצייג״.

לאנדוי, וועלכער איז געווען פול מיט ווידערשפּרוכן, סארקאזם און איפכא־מסתברא׳דיקייט, איז גלייכצייטיק אויך געווען שעפערייש אין דער דיכטונג און געגעבן דער יידישער פּאעזיע ניי לעבן, נייע פארמען פון דיכטערישן שאַפן און אַ וועג פון הויכער קונסט.

לאנדוי האט געהאט א טיפן אינטערעס צו קונסט און געווען נאענט באפריינדעט מיט יידישע מאלער. ער האט צו זיי ארויסגעוויזן אינטערעס און געגעבן מוט צום שאַפן. משה סאיער, וועלכער האָט געמאָלן דעם פּארטרעט פון זישא לאַנדוי, האָט זיך אויסגעדריקט: „ווען איך בין געווען יונג און קיינער האט מיך נישט געקענט, האט זישא לאנדוי געגלויבט אין מיר. און דאס וועל איך אים קיין מאל נישט פארגעסן...״.

דער פיינער עסייאיסט שיע טענענבוים אין זיין עסיי „משה סאַ־יער״, דערציילט וועגן די פארבינדונגען פון דעם בארימטן מאלער מיט לאַנדוי׳ן, ווו עס שיינט אַרויס די איידעלע געשטאַלט און דאָס טיף־

מענשלעכע פון לאַנדוי׳ן:

„משה סאיער איז דעמאלסט אלט געווען ארום צוואנציק יאר. זיין זון דוד וואס איז געווען פארליבט אין לאנדוי, איז נאך דעמאלסט געווען א קינד פון ארום פיר יאר, עס איז געווען אין די טעג פון די „יונגע״. די גאלאנטן און עסטעטן פון די „יונגע״ האבן דעמאלט געקיניגט און געפרינ־צווועט. עס גייען אויף די אוונטן אין „קאפע ראיאל״. דעמאלט איז עס זישא לאַנדוי אַרומגעגאַנגען ווי אַ פּאָעט און אַנ׳איידעלער מענש צו זיינע פריינט. דעמאלט ווען די קליינע סאיער פאמיליע איז געווען ארעם און אומבאקאנט, אויף די טרעפ פון גאנצע זעקס גארנס, אין אנ׳אלטן הויז פלעגט ארויפגיין א מאן וואס איז געווען יונג און בלאנד און פעט און פון וואונדערשיינעם אויסזען, אבער שוין קראנק מיט א טויטלעכער קראנק־הייט: זיין האַרץ איז געווען אָנגעגריפן. זישא לאַנדוי, וואָס האָט געהאַט בלויע אויגן, ווי בלויע שטיקלעך הימל, אין פארנאכט, ווען די זון פאר־גייט, איז אליין געווען זער ארעם. דאך פלעגט ער קומען מיט גאנצע פעקלעך מיט שפייזן; קאנסערוון מיט פלייש, מיט זופּן, מיט גרינצייג, מיט פרוכטן. זיי פלעגן עסן מיט גרויס אפעטיט פון דעם מאלצייט וואס ער האט געבראכט. נאכדעם, ביז טיף אין דער בלויער נאכט, פלעגט לאנ־דוי זיצן און ליינען פראנצויזישע פאעזיע: ווערלען, רעמבא, באדלער און פראספער מערימע. פון אים האט סאיער געלערנט די שיינקייט פון אמתער גרויסער פאעזיע. די סאיערס זענען געוויינלעך אויפגעצויגן געווארן אויף רוסישע ליטעראטור. און דא האט לאנדוי געעפנט א פאנאראמע פון וואונדער שיינער וועלט־דיכטונג.

„זישא לאנדוי פלעגט די סאיערס נעמען אין רעסטאראנען. אין יאַפּאַנישע און כינעזישע פלעצער. ער פלעגט עסן פיל. עס איז אין אים געווען אנ׳אומדערזעטיקטער הונגער פאר מאכלים. אפשר איז דאס נאך געווען א רעזולטאט פון די טעג ווען ער איז געווען שטארק הונגעריק. ער פלעגט שטענדיק זאגן: — איך וועל שטארבן יונג!

און ער האט פארויסגעזעען זיין פריצייטיקן טויט. ער דער סענסי־טיווער פאעט, האט ממש אנגערירט זיין טויט, ווי קיטס...

„זישא ל׳אנדוי איז געווען אויסערגעוויינלעך פאראינטערעסירט אין קונסט. ער האט שטארק ליב געהאט מאלער״.

„איינמאל האט משה סאיער געבראכט זישא לאנדוין אין דער סטודיא פון זיינעם א פריינט דעם יונגען קונסטלער לואי ריבאק. דער יונגער קינסטלער איז געווען אין אַ גרויסער נויט און סאיער האָט גע־טראַכט, אַז זישא לאַנדוי וועט ביי אים עפּעס קויפן. לאַנדוי האָט דערזעען אַ קליינע אויל מאלעריי. עס איז אים שטאַרק געפעלן.

„דער מאלער, אַ באַשיידענער, זאָגט אים דעם פרייז. זישא לאַנ־דוי הויבט זיך אָן דינגען מיטן מאלער אז דאס בילד איז ווערט מער... און ער גיט אים צוויי מאָל אזויפיל וויפל דער מאלער האט געפאָדערט...

„ווען לאנדוי איז אוועק, קוקן זיך בײדע מאלערס איבער: דעם יונגן קינסטלערס אויגן שטראלן, א דערפרייטער און דערמוטיקטער פון לאַנדוי׳ס איידעלער באַציונג און פערזענלעכקייט.

„איינמאל פרעגט חיה׳לע, זיין טאכטער זישא לאנדוין:

— „טאטע ווען דו וועסט שטארבן, וואס וועסטו טאן מיט אלע דיינע קונסט בילדער?

— „זיי וועלן געהערן צו דיר, צו דיין מאמען, צו דיין שוועס־טער — זאגט זישא לאנדוי.

— „די איינציקע זאך וואס איך וואלט וועלן האבן פון דיר איז דיין פארטרעט וואס סאיער האט געמאלן.

— „און וואס וועט זיין, ווען דו וועסט שטארבן פריער פאר מיר? — האָט זישא לאַנדוי אַ מעלאַנכאָלישער געפרעגט.

— דאס ארט מיך ניט. נאר אויב דו שטארבסט פריער, וויל איך האבן סאיערס פארטרעט...

ארום זישא לאנדוין פלעגן זיך דרייען א סך פאעטן: אברהם טא־באטשניק, אבא שטאלצענבערג און אויך דער עלטערער יוסף ו׳אלניק, וועלכן מיר האבן אלע געהאלטן פאר א גוטן פאעט. אויך די מאלערס בני־מין קאפמאן און יהודה טאפעל, זענען געווען זיינע נאנטע פריינט״.

אַ אינטימע פריינטשאַפט האָט געבונדן לאַנדוי׳ן מיט דעם טראַגיש־פאַרשטאָרבענעם משה ווארשע. צוזאַמען האָבן זיי געליטן הונגער און אָפט זיך געטיילט מיטן ביסן ברויט. פאר א צייט זענען זיי געווען איינקווארטירט אין הויז פון ד״ר יחיאל און בערטא קלינג. אַ אָפן הויז פאַר יידישע שרייבער פאר צענדליקער יארן, א סארט בית ועד לשרייבער. לאנדוי האט שווער איבערגעלעבט דעם טראגישן טויט פון ווארשע. ביידע זענען זיי געווען פלאָצקער און אויסער זייער גייסטיקער פאַרבינדונג, האָט זיי אויך פאַר־בונדן עראינערונגען פון דער אַלטער היים, ביידע זענען געגאַנגען צוזאַמען אין חדר אין פלאָצק.

שטארקע פעדים האבן אים געבונדן מיט זיינע זיידעס און באָ־בעס, מיט דעם לעבן און די געשטאַלטן פון דעם פאַטריאַרכאַלישן אַמאָל. מיט די מנהגים און פרייד פון לעבן ביי זיינע באָבעס און זיידעס. ער שטרייכט אונטער די בלוט־קרובהשאַפט און כאַראַקטער ענלעכקייט צווישן אים און זיין עלטער־זיידן דעם פאַרהייליקטן ר׳ אברהמעלע טשעכא־נאווער (אין ליד „צום טשעכאַנאָווער״), — מיט פיעטעט דיכטעט ער

וועגן זיין באָבען די שטראַלנדיקע סטריקאָווער רביצין. דער משפּחה־איינפלוס אין זיין דיכטערישן שאַפן איז א קענטיקער, דאס רבי׳אישע הויז אין פּלאָצק אין זיינע קינדער־יאָרן, און די דערוואָרבענע וועלטלעכע בילדונג, ביידע האָבן איבערגעלאָזן שפּורן און געלייגט א חותם אויף זיין פּערזענלעכקייט און דיכטערישער שעפּפערישקייט.

די באָבע שפּאַנט ארום א שטראַלנדיקע
חן־גריבלאך חנ׳דלען זיך אין איר געזיכט.
און ס׳בלאַנקט דער טיש מיט די פּאָרצעלייַן און זילבער,
און אין מאַסיווע לייכטער ברענען גראָבע ליכט.

מען האַלט זיך אַלץ אין גרייטן, ס׳איז דער ערשטער סדר.
מיר, קינדער, אָבער זיצן שוין ביים טיש פון לאַנג;
מיט לויכטענדיקע אויגלאך, וויגן מיט די פיסלאך,
עס סקריפּעט אונטער אונז די לאַנגע באַנק.

אין אַטלאַס און אין פּערל גייט ארום די באָבע,
און ווי א שעמעוודיקע כלה קוקט זי אויס:
עס זיינען היינט צום ערשטן מאָל צוזאַמען
די קינדער און די אייניקלאך ביי איר אין הויז.

זי קוקט אויף אונז און קנעט די הענט אַן אויפהער
און ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך פאַר פרייד,
און מיטאַמאָל אַנטלויפט זי גאָר איינגאַנצן,
קומט באַלד צוריק און טראָגט וואָס אין איר קלייד.

זי גיט אַ וואָרף, און אויפן טיש געפאַלן
אודאי הונדערט כוסות זיינען מיט אַמאָל.
— „איך וויל אייך, קינדער גאָלדענע, ניט ציילן“ —
קלינגט מיט דעם זילבער גלייך דער באָבעס קול.

כאַראַקטעריסטיש פאַר לאַנדוי, דעם מענטש פון ווידערשפּרוכן, איז אַ פאַל ווען זיין אנקל א רבי פון פּוילן איז געקומען אויף א געשעפטלעכן באַזוך אין אַמעריקע, האָט לאַנדוי נישט געוואָלט גיין אים זען, צו וואָס — האָט ער געזאָגט — דאַרף ער מיך זען מיט אַ געגאָלטער באָרד און אַ קורץ רעקל? (דער זעלבער אָנקל, דער רבי, האָט זיך דאָ פאַרפלאָנטערט אין געשעפטס־זאַכן, איז צוריק קומענדיק קיין פּוילן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד).

אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג, האָט לאַנדוי אנגענומען א בולטע פּראָ־ענגלישע און אַנטי־דייטשע שטעלונג. זיינע פּאָליטישע געפילן זענען געקומען צום אויסדרוק אין זיינע אַנטי־דייטשע מלחמה לידער. לאַנדוי איז געווען דער איינציקער פון די יידישע פּאָעטן, וועלכער האָט

געשריבן מלחמה־לידער. לאַנדוי איז געווען דער אויסנאַם צווישן די יידישע דיכטער מיט זיין אויסגעשפּראָכענער שנאה צו די דייטשן. מער ווי אַנדערע האָט לאַנדוי דערזעען דעם דייטש אין זיין אייגנטלעכן געשטאַלט און דעם טויט וואס ער זייעט וואו נאר ער שטעלט אַ פוס. ער האט מער ווי אנדערע דערפילט דעם דייטש אין זיין בלוט־דורשטיקייט נאך הער־שאפט און פארניכטונג. ער האט נאך בעתן ערשטן וועלט־קריג דערזעען דעם אָנקומענדן נאַצי, 25 יאָר שפּעטער.

אין זיין „היינטיק וויג־ליד" לייענען מיר:

אינגל, ווי די שטיינער שטום,
דרייען דייטשן דא זיך אום.
שרעק אויף יעדן ווארפן זיי,
לאנגע שווערדן שארפן זיי.
און עס ענדיקט זיינע טעג
דער, וואס קומט זיי אויפן וועג.
שוינען קיינע קינדער ניט,
און דער טויט גייט מיט זיי מיט.
און זיי ברענען שטאט נאך שטאט, —
מעק זיי פון דער וועלט אויס. — גאָט!

אין אַ צווייט ליד, „אויב קריג איז קריג" (1917), זעען מיר לאנדוין דעם שונא פון דעם דייטשן מלחמה־צינדער און לאַנדוין דעם סענסיטיוון, דעם שונא פון קריג בכלל.

„אויב אלץ איז איינס, פארוואָס ווערט ס'האַרץ פאַרציטערט
בלויז ביים געדאַנק, אז ס'זיגן דייטשע וואָפן?
אויב אלץ איז איינס, דאך ווילסטו ניט דערלעבן
די שעה, ווען דייטשלאנד וועט די וועלט פאַרשקלאַפן!
יא, קריג איז קריג און בלוט איז בלוט מסתמא
דאך זיינען אלע אמת'ן א ליגן
אין אָנגעזיכט פון זיג, וואָס וועט באַלד קומען,
ווען דייטשלאנד וועט פאר אונז צעשמעטערט ליגן!".

לאנדוי האט ניט ארויסגעגעבן זיינס א בוך לידער ביי זיין לעבן. ער איז בכלל נישט געווען פאַראינטערעסירט אין אַרויסגעבן זיינע לידער אין בוך־פארם. גלייכצייטיק, איז ער אבער געווען שעפעריש אין זיין דיכטערישן שאפן, אין זיין בויען און שלייפן דעם פערז אין יידיש. ער האט פיל באַרייכערט שפּראכלעך דאס יידישע ליד. ער האט געשאפן נייעם סטיל און אויסגעטראָטן א וועג פאַר נייע דיכטער. ער האט אויך געמאכט פיל איבערזעצונגען פון דער אלט־ענגלישער פּאעזיע.

ווען פריינט זענען צו אים צוגעשטאַנען מיט דער טענה, פאַרוואָס ער גיט נישט ארויס זיינע לידער אין א בוך, — האָט ער געענטפערט:

„דו פאַרשטייסט, ווען א שרייבער גיט ארויס א בוך, איז ער שוין א פירמע און האַנדלט מיט ליטעראַרישן שטאָף, ער מוז האָבן „סטאָק" אויף די פּאָליצעס, אז ניט איז אויס פירמע. איך בין ניט און וויל ניט זיין קיין פירמע. דריי אמתע לעזער איז גענוג פאַר מיר. יענער ווייטער, אַרבעט זיין גאַנץ לעבן פאַר א שיינע לויה און איך האָב נאָך אַלץ הנאה פון לעבן און די לויה ליגט מיר ניט אין דער לינקער פּיאַטע".

זיינע לידער און עסייען זענען געווען געדרוקט אין „טאָג", „פאָר־ווערטס", „ניי־יידיש", „צוקונפט", אין חודש־זשורנאַל „אינזל" וואָס ער האָט אנגעהויבן ארויסגעבן אין 1925, אין „צייט־גייסט", פינסקיס „אַר־בעטער", און אברהם רייזינס „דאָס נייע לאַנד", אין זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן", און די אויסגאַבן פון דער גרופּע „יונגע", ווי דאָס זאַמל־בוך „שריפטן", „וועלט־איין און וועלט־אויס" א. א.

ווען לאַנדוי איז געווען אין די פערציקער, האָט ער געאַרבעט אין פּובליסיטי־אָפּטיילונג פון דער ניו־יאָרקער צדקה פעדעראַציע. ער האָט אין זיין אמט ארויסגעוויזן פעאיקייט און דערפינדערישקייט. ער האָט געדאַרפט צוגרייטן פיל אַרטיקלען פאַר דער יידישער פּרעסע און פועלן ביי די רעדאַקטאָרן, זיי זאָלן ווידמען די אַרטיקלען געהעריקן פּלאַץ אין דער צייטונג, ער איז געווען זער געשעצט ביי אַלע טוער און באַאַמטע אין דער צדקה־פעדעראַציע.

לאַנדוי האָט פיל צייט אָפּגעגעבן, מיט זאַמלען זעלטענע ספרים, חומשים מיט יידיש־טייטש, סידורים און תחינות, מחזורים מיט עברי־טייטש א. א. — ער האָט דאָרט געזוכט די קוואַלן פון יידישן לשון אין מויל פון פאָלק. ער איז געוואָרן א קענער אויף אַלטע ספרים און תחינות און האָט לייכט דערקענט לויט דער שפּראַך פון יידיש אין וועלכער ס'איז געדרוקט, פון וואַנען די תחינה אָדער ספר שטאַמט.

לאַנדוי איז געשטאָרבן אין 1937 אין יינגן עלטער פון 48 יאָר. ער איז געבליבן א קלאַסיקער אין דער יידישער ליטעראַטור.

ווען לאַנדוי איז געשטאָרבן, האָט מען אויף זיין שרייב־טיש געפונען עטלעכע שורות פון זיין נישט פאַרענדיקט לעצט ליד:

עס אָטעמט יעדער ווינקל פון דער ערד
מיט לעבעדיקן אָטעם: האַס און ליבע!
און ווי דער ים, אַזוי האָט אויך די ערד
אַן אָפּפלוס און א צופלוס, ווי דער ים
באַוועגט זיך, אויך, די אויבערפלאַך
פון אונזער באַלאַדענער, שווער־אָטעמדיקער ערד.

# נתן קאָזשען

פלאָצק האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל יידישע מאָלער, וואָס זענען באַרימט געוואָרן אין דער וועלט פון קונסט.

זייער קינסטלערישער גייסט האָט געשעפּט יניקה פון דער סביבה אין וועלכער זיי האָבן געלעבט אין די קינדער און יוגנט־יאָרן. פלאָצק איז געווען אַ שטאָט פון צויבער פאַרן מאָלערישן אויג. די שטאָט אויפן הויכן באַרג, פון וואַנען ס'האָט זיך געזעען אַ װוּנדערלעכע פּאַנאָראַמע פאַר מיילן ווייט און די ווייסל אונטן וועלכער איז זיך געפלאָסן מיט מאַיעסטעטישער רואיקייט. פלאָצק איז אויך געווען אַ גאָרטן־שטאָט, מיט אַלטע היסטאָרישע געביידעס.

פלעצער מיט קונסט שאַפונג און קונסט אָביעקטן האָט מען גע־קענט זעען און געפונען אין דעם יידישן קוואַרטאַל גופא. די פּרעכטיקע מאָלעריי פון דער שוהל פון אינווייניק. די וווּנדערלעך אויסגעהאַקטע מצבות, וועלכע געפינען זיך אויפן אַלטן בית־עלמין, ביי דער יאַגעלאָ גימנאַזיע. דער בית־עלמין, וואָס איז הונדערטער יאָרן אַלט. טייל מצבות האָבן באַוויזן צו ווערן פּרעזערווירט, ווייל בוימער האָבן זיי באַשיצט פון שטורעם און רעגן. מ'האָט טאַקע געקענט זעען די קונסט־אַרבעט פון אַמאָליקן מצבה־קריצער, וועלכער האָט אויף די מצבות אויסגעקריצט חיות, פיגורן און ארנאמענטן, וועלכע באַשטעטיקן הויכע מדרגה פון קונסט אַרבעט.

נתן קאָזשען איז געבוירן געוואָרן אין פלאָצק אין אַפּריל 1895. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון מעש־גיסעריי, וואָס ער האָט איבערגענומען פון נתן'ס זיידע. דער קליינער נתן האָט מיט נייגעריקייט אָבסערווירט די אַרבעט אין דער גיסעריי, ווי פון אַ ליימענעם פאָרם האָט מען געגאָסן דעם מעש, פון וועלכן ס'זענען אַרויס אָלערליי מעשענע כלים, ווי שבת־לייכטער, חנוכה־לעמפּ און אַנדערע חפצים.

נתן'ס פעטער האָט ליב געהאַט אויסשניצן פיגורן און אָרנאַמענטן פון האָלץ און אויסשניידן פון פּאַפּיר פאַרשידענע חיות, פייגל, בלומען. נתן'ס אָנקלס זענען געווען גאָלדשמידער און געמאַכט אויסאַרבעטונגען פון גאָלד. די דאָזיקע מלאכות האָבן דעם קליינעם נתן אינטריגירט.

צוערשט איז נתן געוואָרן אַ שילדן־מאָלער. געאַרבעט האָט ער ביי קרוק'ן, דעם שילדן־מאָלער, וואָס האָט געוווינט אויף דער גראָדזקאַ גאַס. קאָזשען האָט זיך געפילט ניט באַפרידיקט פון דער שילדן־מאָלעריי. אים האָט געצויגן צו דער נאַטור, צו די בערג, ווייסל און וואַלד. ער האָט ליב געהאַט די פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע אַרום פלאָצק. ער האָט זיך

איינגעקוקט, איינגעהערט און איינגעזאַפּט אין זיך די פּראַכט פון דער לעבעדיקער נאַטור, וועלכער ער האָט שפּעטער געמאָלן מיט גרויס טאַלאַנט.

קאַזשען האָט זיינע לירישע שטימונגען און טרוימערישע נאַטור אויסגעדריקט קרעפטיק אויפן לייוונט. ער האָט געלערנט אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, אונטער דער אויפזיכט פון פּראָפ. טאַדעאוש פּרושקאָווסקי, וועלכער האָט דערקענט אין אים אַ אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט. ער איז געווען פּרושקאָווסקיס בעסטער שילער, וועלכער האָט אים אָפּגעהיטן און געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף אים.

די ערשטע אויסשטעלונג פון זיינע בילדער, האָט קאַזשען איינגעאָרדנט אין פּלאָצק. נאָך אַלס סטודענט אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, האָט קאַזשען געהאַט אַן׳אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט אין וואַרשע.

איינע פון זיינע וויכטיקסטע אויסשטעלונגען, האָט קאָזשען געהאַט אין וואַרשע אין 1931 אין קונסט־סאַלאָן פון גאַרלינסקי. ער האָט אָנטייל־גענומען אין פיל אויסשטעלונגען אין פאַרשידענע שטעט אין פּוילן. אין וואַרשע האָט ער געהאַט אַ סטודיאָ אויף ביעלאַנסקאַ גאַס. פיל פון זיין אַרבעטס־צייט האָט ער פאַרבראַכט אין מאַלערישן שטעטל קוזמיר, ווו זיין סטודיאָ האָט זיך געפונען אין אַ קליין הייזל אין אַ סאַד.

ער איז געוואָרן באַפריינדעט מיט פיל יידישע שרייבער און געווען אַן׳אָפטער אַריינגייער אין ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע. זיינע בילדער האָבן אויך באַצירט די ווענט פון ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13.

מיר ברענגען קורצע אויסצוגן, וואָס יידישע שרייבער און דיכטער האָבן געשריבן וועגן קאַזשענען:

א. סוצקעווער שרייבט: „רעדן, צוזאַמען זיין מיט נתן קאָזשען — דאָס איז געווען פאַר מיר פּאָעזיע. די זעלבע ליבשאַפט און נשמה׳דיקע פאַרביקייט, וואָס ער פלעגט אַריינשטראַלן אין זיינע פּייזאַזשן און שטיל־לעבנס — פלעגט ער אויך אַרויסשטראַלן בעת׳ן ריידן״.

דער שריפטשטעלער י. י. טרונק כאַראַקטעריזירט קאַזשענס שאַפונגען: „דער מאַלערישער זשאַנר פון נתן קאַזשען איז געווען קונסט־זעאונג און וועלט־אנשויאונג. ער האָט געזעען די וועלט אין דער ריינער פאָרם פון איר ליכט און שאָטן און זי אויך אויף אַזאַ אופן געוואָלט באַנעמען מיט זיין גייסט. דעריבער האָט ער זיך געוווסט צו פאַרשאַפן אַ וועג אין דער מאַלעריי, אַ וועג וואָס האָט אים געפירט צו אינערלעכער פאַרטיפונג״.

דער באַקאַנטער קונסט־קריטיקער יחיאל אַראנסאָן, האָט הויך אָפּגעשאַצט קאַזשענס אייגנאַרטיקע, אָריגינעלע מאַלעריי. ער שרייבט: „ער

(קאזשען) מאָלט לאַנדשאַפט מיט גוואַלטיקן טעמפּעראַמענט, מיט אַ ברייטן פּענזל, דורך טרעפלעכע ברייט אָנגעוואָרפענע פלעקן און שטריכן, אַזוי ווי אַ אוממיטלבאַרער דירעקטער כתב־יד. ווי ווייט ער איז אין זיינע לאַנדשאַפטן פון די לאַקריץ־זיסלעכע אויסגעפיינערטע, אויסגעגלעטע, בלייך־פאַרביקע האַרמאָניעס. זיינע לאַנדשאַפטן דריקן אויס די ווילדע סטיכיש־קייט פון דער שטראַלנדיקער אַרומיקער נאַטור. אָבער די וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די ווונדערבאַרע פראַנצויזישע מאלעריי, ווערן זיינע הייסע אָנהענגער, ווערן שטופנווייז מיטגעריסן פון דער דאָזיקער זינלעכער, פול־קלינגענדיקער, מענלעך־קרעפטיקער, אינטענסיווער וויזיע פון דער נאַטור. אַ דאַנק זיין זעלטענע עמפּינדלעכקייט פאַר דער ליכט, זענען זיינע קאָלירן רייך און וואַליערן, אין דעליקאַטע גראַדאַציעס, באַזונדערס צייכנט ער זיך אויס אין זיינע רויטע אָדער ראָזעווע טענער, וועלכע באַרוישן מיט זייער לייכט־קראַפט. אָפט ווערן די דאָזיקע וויברירנדע ראָזעווע טענער דרייסט קאָנטראַסטירט קעגן דעם בלאָען הימל. נתן קאזשען באַפרייט אונז פון דער טונקעלער יידישער זשאַנר־מאלעריי און ברענגט אונז צו דער זון, צו דער יום־טוב׳דיקער פאַרבן־פרייד פון דער אַרומיקער שטראַלנדער נאַטור".

אין דעם געדענק־בוך פון נתן קאזשען, וועלכעס ס׳האָט אַרויס־געגעבן זיין ברודער אין קאַנאַדע, שרייבט וועגן דעם אומגעבראַכטן מאלער צ. א. די שרייבער: מלך ראַוויטש, ז. סעגאַלאָוויטש, יוסף סאנדעל, אפרים קאגאַנאָווסקי א. אַ.

זיין בן־עיר, דער מאלער ה. עליאַוויטש, וועלכער איז געווען באַ־פריינדעט מיט קאזשען נאָך פון די חדר יאָרן שרייבט:

„איך קען קאָזשענען אַנדערש נישט זעען, ווי נאָר אויפן פאָן פון זיין געבוירן־שטאָט פלאָצק, די דאָזיקע שטאָט פון רייכער טראַדיציע, סיי יידישע אין סיי פּוילישע.

„פלאָצק טראָגט נישט בלויז איר יחוס־בריוו פון גרויסע געשעענישן און גרויסע מענטשן, נאָר קען אפשר מער שטאָלץ זיין מיט אויסערלעכן אויסזען; מיט איר הערלעכער פּאַנאָראַמע, וואָס שפּרייט זיך אויס אין רחבות פון איר הויכן ווייסל־ברעג; מיט אירע שמאָלע אַלייען־געסלעך, קלויסטערס און אַלטע געביידעס.

„איידער דער קינסטלער נתן קאזשען האָט אויסגעשפּילט זיינע פילפאַרביקע טענער אויף זיינע צאָלרייכע פייזאַזשן, האָט ער דעם קאָלאָריט און די ראָמאַנטישקייט פריער איינגעזאַפּט אין זיך, פון די ברעגעס, וואַסערן און הימלען פון פלאָצק. אַלע זיינע שפּעטערע שאַפונגען, זענען באַהויכט מיט דער שטילער פאַרחלומטקייט און רייץ פון מאַזאָווישער

פּייזאַזש. מיט קאַזשענען איז אפשר געשען דאָס זעלבע וואָס מיט אַ גרויסן טייל אַנדערע יידישע קינסטלער, וועלכע זענען געבוירן און האָבן געלעבט אויף דער פּוילישער ערד. דאָס אויסערלעכע, דאָס פיזישע האָט אים אָפּגעטיילט פון דער אַרומיקער אויסערלעכער וועלט. אָבער אינערלעך אין זיין נשמה, איז ער מיט איר געווען באהאפטן. געמיינזאַמע פעדים האָבן זיך געצויגן פון יענער וועלט צו אים. דער פאַרבינדער איז געווען דאָס, וואָס האָט זיי געקענט פאַרבינדן: די פּוילישע נאַטור, די פּוילישע ערד, די פּוילישע פעלדער, וואַסערן, הימלען. קיין שום פּאָליטיק־מאַכעריי האָט נישט געקענט פאַרשטעלן דעם פאַקט, אַז יידן אין פּוילן, הגם מען האָט אין זיי געוואָלט זען אַ פרעמדן עלעמענט, פרעמדע מענטאַליטעט, זענען מסוגל פון זיך אַרויסצוגעבן דעם רייץ און קאָלאָריט פון פּוילישן פּייזאַזש״.

פלאָצקער זענען געווען שטאָלץ מיט קאַזשענען, זייער בן־עיר. געווען צווישן זיי פיל בעלנים אויף זיינע מאלערייען. זיינע בילדער האָבן צ. א. אויך באַצירט די ווענט פון דעם פלאָצקער ביסקופּ׳ס היים, פון דעם פלאָצקער סטאַראָסטאַ און פיל אַנדערע. פיל קונסט־קאָלעקציאָנערן האָבן באַזעסן זיינע בילדער. איינער צווישן די באַגייסטערטע אָנהענגער פון קאַזשענס מאלעריי, איז געווען דער באַקאַנטער קונסט־זאַמלער ד״ר סימכאָוויטש, וועלכער האָט באַזעסן אַ באַדייטענדע קאָלעקציע פון קאַזשענס בילדער.

קאַזשען ווען ער האָט געמאָלן אַ פּאָרטרעט, איז נישט אויסן געווען צו מאָלן אַ פאָרטרעט וואָס זאָל געבן ענלעכקייט בלויז, — ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען אויפן בילד די טיפע אינערלעכע ראַנגעלנישן פון מענשן, די כאַראַקטער שטריכן און אייגנשאַפטן. ער איז נישט מיד געוואָרן פיל מאָל איבערצומאָלן דעם זעלבן פאָרטרעט, ביז ער האָט געפונען דעם אויסדרוק וועלכן ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען.

קאַזשען האָט אויך געמאָלן דעם פּאָרטרעט פון אריגינעלן שרייבער און טיף מענשלעכן כאַראַקטער פון חיים פלאַקסן. פלאַקס איז בטבע געווען אַ קאַרגער אויף לויבן יענעם. דער מענש האָט שוין געדאַרפט זיין מער ווי טאַלאַנטפול צו האָבן אַ קאָמפּלימענט פון פלאַקסן. און פלאַקס האָט געהאַלטן זער פון קאַזשענס טאַלאַנט.

קאַזשען האָט צום וויפלטן מאָל געמאָלן דעם פּאָרטרעט פון פלאַקסן. ער איז געווען פאַרכאַפּט פון דעם מענש, וואָס ער האָט דערזעען אין פלאַקסן; זיינע נשמה ראַנגעלנישן, דאָס טראַגיש־מענשלעכע אין אים, די אייגנאַרטיקע און איזאָלירטע וועלט אין וועלכער ער האָט געלעבט קאַזשען האָט, צווישן אַנדערע יידישע שרייבער, געמאָלן די פאַר־

טרעטן פון י. י. טרונק, י. מ. ווייסענבערג, א. סוצקעווער, ז. סעגאלאוויטש א. אַ. ער איז געווען באַפריינדעט מיט פיל יידישע שרייבער, וועלכע האָבן געהעריק אָפּגעשאַצט אין קאזשענען, נישט נאָר דעם קינסטלער, נאָר אויך קאזשענען, דעם מענש.

אין פעברואַר 1936 האָט קאזשען געהאַט אַן־אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין זיין היים־שטאָט פלאָצק. ס'איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין קולטור־לעבן פון יידישן פלאָצק. די אויסשטעלונג איז געווען אין „האָטעל פאָזנאַנסקי" אויף ביעלסקאַ גאַס.

אויף דער אויסשטעלונג. האָט בעיקר געמאַכט אַן־איינדרוק, דאָס בילד „אַ ייד אַ קאַטאַרינאַזש". „דאָס פלאָצקער וואָרט", באַריכטענדיק וועגן דער אויסשטעלונג, שרייבט וועגן דעם דאָזיקן בילד: קוקנדיק אויף דעם דאָזיקן בילד, דאַכט זיך אונז, אַז די קאַטערינקע שפּילט פאַר אונז אויס אַ מעלאָדיע פון פאַרבן און דעם טרויער פון דעם לעבנס־מידן ייד, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער קאַטערינקע. דאָס דאָזיקע בילד פאַרמאָגט אַ מאַסע עקספּרעסיע. מ'האָט שיער נישט דעם איינדרוק, אַז קאזשען האָט זיך אָפּגעשמועסט מיט דעם קאַטעריניאַרזש און ביידע צוזאַמען האָבן געשאַפן אָט דאָס קונסט ווערק. פון קאזשענס בילדער, שלאָגט אַ דינאַמישער כח און קאזשען פילט טיף אָפּ די נאַטור.

נתן קאזשען האָט געפּילט אַ טיפע צוגעבונדנקייט צו דער שטאָט פלאָצק, צו אירע מענשן און איר פאַרגאַנגענהייט. אויף זיין איניציאַטיוו, איז געוואָרן געשאַפן אַ יובל קאָמיטעט צו פייערן דעם 700 יעריקן יובל פון יידישן ישוב אין פלאָצק. דער קאָמיטעט האָט דורך דער היסטאָרי־שער סעקציע פון ייוו"א אין פוילן, געהאַט אַרויסגעגעבן אין 1939, קורץ פאַרן קריג־אויסברוך, דעם ערשטן טייל פון דער „געשיכטע פון יידן אין פלאָצק" (1657 — 1237) געשריבן פון י. טרונק.

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, האָט קאזשען פאַרלאָזט וואַרשע און אַנטלאָפן קיין ווילנע, פון וואַנען ער האָט געוואָלט ווייטער לויפן. ער האָט געהאַט גרייט די נויטיקע פאַפּירן און וויזעס און ער האָט זיי פאַרלוירן. ער איז געווען טויט פאַרצווייפלט, נישט זעענדיק קיין האָפ־נונג צו קענען אָן די נויטיקע פאַפּירן ווייטער לויפן. טרעפנדיק ז. סעגאַ־לאָוויטשן אין קאָוונע, האָט ער אַ רעזיגנירטער אים געזאָגט: „איך בין שוין אַ פאַרטיקער, אַ חבר האָט ביי מיר געבאָרגט מיינע פאַפּירן, געוואָלט האָט ער עפּעס נאָכקאָפּירן פון מיינע פאַפּירן, כדי צו ראַטעווען נאָך איינעם, אָבער ער האָט מיינע דאָקומענטן פאַרלוירן. איך לעב שוין נישט מער".

ווען די דייטשן זענען אַריין אין ווילנע, האָבן זיי אים אַרויסגע־

שלעפּט פון זיין וווינונג. זיינע בילדער אַרויסגעוואָרפן און אים האָבן די נאַציס אויפגעהאנגען.

אין אויגוסט פון 1941, ווען די נאַציס האָבן געטריבן דעם דיכטער א. סוצקעווער אויף צוואַנגס־אַרבעט, — איז ער פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז וווּ ס'האָט געוווינט קאַזשען. ער האָט געזען ווי פון פענסטער פון הויז, שטעקט אַרויס דער קאָפּ פון באַלעבאָס און אויפן שטויביקן וועג האָבן זיך שקצים געשפּילט מיט קאַזשענס בילדער. ער האָט שפּעטער אויסגעפונען, אַז קאַזשען איז געוואָרן אַוועקגעשלעפּט פון זיין שטוב, דורך ליטווישע סטודענטן און מ'האָט אים אַוועק געפירט צוזאַמען מיט אַנדערע יידן צום טויט אין פּאנאר.

דעם פּארטרעט פון סוצקעווער וואָס קאַזשען האָט געמאָלן, איז געוואָרן פאַרברענט צוזאַמען מיט דעם דיכטערס מאַנוסקריפּטן אויף אַ שייטערהויפן.

נתן קאַזשען האָט געמאָלן הונדערטער בילדער, וועלכע זענען אין צייט פון קריג פאַרלוירן געגאַנגען און פאַרניכטעט געוואָרן, אַ קליינע צאָל איז געבליבן.

צוזאַמען מיטן פּוילישן יידנטום איז אומגעבראַכט געוואָרן אַ קינסטלערישער ריז. אַ זון פון פאָלק, וועלכער וועט אייביק דערמאָנט ווערן אין דער געשיכטע פון יידישער קונסט אין פּוילן. ער איז געווען צווישן די גרעסטע מאלער, וואָס דאָס פּוילישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן.

## פישל זילבערבערג

פישל זילבערבערג איז געבוירן געוואָרן ד. 28־טן יוני 1909 אין פלאָצק. זיין פאָטער וואָלף און די מאַמע הענע, האָבן געהאַט אַ קליין שפּייז געוועלבל אויף דער ברייטע גאַס. פישל האָט געלערנט אין דער רעגירונגס „פּאָוושעכנע" שולע. צייכנען האָט ער זיך געלערנט צום אָנהויב אין דער זעלבער שולע ביי דער לערערין גוטקינד. אויף אַ שול־אויסשטעלונג, האָט ער געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט אַ ליים־סקולפּטור, וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַ קאָפּ פון אַ גריכישן העלד.

צו 16 יאָר איז ער אַוועק אַרבעטן אין וואַרשע און אין די אָוונטן פאָרטגעזעצט זיין לערנען די קונסט פון צייכנען ביי פאַרשידענע לערער.

ווערנדיק רייף אין דער קונסט, האָט ער זיך בעיקר געווידמעט האָלץ־שניט. ער האָט אין זיינע שניצערייען אַרויסגעבראַכט פּוילישע פאָלקס־טיפּן, דאָס דאָרפישע לעבן און פּוילישן פּייזאזש.

אין 1936, ווען אין „זאכענטא" איז געווען די ערשטע אויסשטע־

לונג פון יונגע פוילישע גראַפּיקער, האָבן זיך דאָרטן געפונען 22 האָלץ־שניטן פון זילבערבערגן. צווישן די פּלאָצקער מאָטיוון אין זיינע אַרבעטן, איז געווען: „אַ צעגעלניע", „אַ געסל אין פּלאָצק", און „אַ הויף".

אין 1936, האָט זילבערבערג באַקומען פון דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע אַן 8־חדשים'דיקע סטיפּענדיום און ער איז אַוועק שטודירן אין פראַנקרייך. זיינע קונסט־ווערק האָבן אַרויסגערופן גרויס אנערקענונג אין די פּאַריזער קונסט־קרייזן. דאָרט האָט ער אויך באַקומען אַרבעט אין איינעם פון די פּאַריזער קונסט־זשורנאַלן.

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז ער געווען אין דער מיט פון דער אַרבעט איבער אַ סעריע האָלץ־שניטן, וואָס ער האָט געפּלאַנט אַרויסגעבן ווי אַ באַזונדערע זאַמלונג.

ווען די דייטשן זענען אַריין אין פּאַריז, האָט ער נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען. ער איז געוואָרן אַרעסטירט ד. 14 מאַי 1942 און פאַרשיקט אין לאַגער באָן לאַ ראָלאַן.

אין דעם לאַגער ווו זילבערבערג איז געוואָרן פאַרשיקט אין פראַנק־רייך, האָבן זיך געפונען בערך פינף טויזנט פּאַריזער יידן. אַ דאַנק אינטערווענץ פון דרויסן, איז ער געוואָרן איבערגעפירט פון לאַגער אין שטעטלדיקן שפּיטאָל. עס האָט פאַר אים אינטערווענירט דער דירעקטאָר פון פראַנצויזישן גראַפישן אינסטיטוט. אים אינגאַנצן באַפרייען איז נישט געלונגען.

אין דעם שפּיטאָל האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּגעבן מיט זיין קינסטלערישע אַרבעט. ער האָט אנטיילגענומען אין צוויי קונסט־אויסשטעלונגען פון די אינטערנירטע אין לאַגער. עס האָט אַרויסגערופן אויפזעען זיינע טיפּן פון זקנים אין שפּיטאָל, וועלכע ער האָט געמאָלן.

עס איז ליידער נישט געלונגען אים האַלטן ווייטער אין שפּיטאָל. דעם 16 יולי 1942 איז ער פון דאָרט געוואָרן איבערגעפירט קיין פּיטיווע. שפּעטער ד. 19־טן יולי דעמזעלבן יאָר האָט מען אים טראַנס־פּאָרטירט קיין אָשוויענטשים.

אַן אַרעסטירטער קינסטלער האָט אים דערקענט און מ'האָט באַוויזן אים געבן אַרבעט אין אָפיס. דאָרט איז אים מעגלעך געווען, נאָך דער אַרבעט, צייכנען און מאָלן. ער האָט געמאָלן און פאַר דער אַרבעט געגנאָסן פון די צוגעשיקטע פּעקלעך פון די אַרעסטאַנטן.

ווען ער האָט געמאָלן אויף „באַשטעלונג" פאַר איינעם פון די לאַגער אויפזעער, האָט ער זיך פאַר זיינע פריינט אויסגעדריקט: „דאָס האָב איך נישט געמאָלן, דאָס איז ווי איך וואָלט, למשל, געווען אַ שלאָסער און פאַרראָכטן אַ שלאָס. ער פאַרשטייט דאָס נישט. מיך, אָבער,

עקלט עס. פאַראַן מאָמענטן, ווו איך וואָלט הויך אויסגעשריען דאָס, פאַר אים אויפן קול. נו, האָט ער מוסיף געווען, — זאָל ער האָבן פון מיר אַ בילד. אין מיין שאַפן, וועט אָט די עפּאָכע זיין נאָר אַ באַווייז, ווי טאַלאַנט און באַשטעלונג זענען שוין גאָרנישט קיין גוטע שכנים".

רעדנדיק וועגן קונסט, איז געווען זיין מיינונג אַז „נאָר די וואָס האָבן נישט קיין טאַלאַנט, אַמפּערן זיך אין די קאַפּעען וועגן „שולן" אין דער מאַלעריי". אַ מאַלער אָדער אַ גראַפיקער, וואָס האָט עפּעס צו זאָגן, דריקט זיך אויס דירעקט, און שפּעטער ערשט דערוויסט ער זיך אַליין, אַז מען קען אים „צוטשעפּען" צו אַ „שולע". איך האָב געלערנט — האָט ער געזאָגט — אין קלאַסישע שולעס אין פּוילן און דאָס האָט מיר גאָרנישט געשטערט, אַז איך זאָל גיין אין מיין אייגענעם וועג".

אין לאַגער האָט ער געפּילט, אַז מען מוז קעמפן פאַרן לעבן און ער האָט זיך באַמיט דורך מינימאַלער היגיענע, זיך שיצן קעגן טיפוס. דער טיפוס האָט אָבער נישט אויסגעמיטן זילבערבערגן. און טיפוס אין „בלאָק נומער 7" ווו ער האָט זיך געפונען, האָט געמיינט פאַר יעדן אין לאַגער אַ טויט אורטייל.

די נאַציס האָבן געהאַט אין „הייל־מיטל" פאַר די אומגליקלעכע קראַנקע, דאָס איז געווען דאָס גאַז־־קאַמער.

פריינט אין לאַגער האָבן אים געהאָלפן, מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט: אַ ביסל עסן, אַ וואַרעמען טרונק.

דאָס אומגליק איז אָבער געשען: אַלע טיפוס קראַנקע האָט מען אַרויסגעטריבן אויפן הויף פון לאַגער. דאָרט איז געשטאַנען גרייט אַ לאַסט־אויטאָ מיט אַ צייכן פון רויטן קרייץ. די דייטשע מחבלים זענען געווען אַזוי ציניש, אַז זיי האָבן אַרונטערגעריסן דעם רויטן־קרייץ צייכן, וועלכער איז געווען באַשטימט, בלויז אָפּצונאַרן די אומגליקלעכע. די קרבנות זענען ווי די בהמות געוואָרן אַנגעלאָדן אויפן טראָק, אויף אַ וועג פון וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין צוריק.

די דייטשן זענען געקומען מיט אַ ליסטע פון קראַנקע צום אַוועק־פירן צום טויט. זילבערבערג איז נישט געווען אויף דער ליסטע. עס האָט זיי אָבער צוגעפעלט עטלעכע קרבנות צו דער פאַטאַלער ציפער. ווען זיי האָבן געזען זילבערבערגן ליגנדיק, האָבן זיי אים אַרויפגעשלעפּט אויפן טראָק און געפירט צו אַ שרעקלעכן טויט.

ער איז אומגעקומען אין עלטער פון דריי און דרייסיק יאָר.

אַזוי האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אַ גרויסער קינסטלער און איי־דעלער טיף־פילנדער מענטש אין זיין יונגען בליענדן עלטער. מ׳האָט

געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף זיין גרויסן טאַלאַנט אַלס קינסטלער. ליידער, האָט ער געטיילט דעם גורל פון די 6 מיליאָן קדושים.

זיינע שאַפונגען, וועלכע האָבן זיך געפונען מערסטנס אין פוילן און אין פראַנקרייך, זענען טיילוויז פאַרניכטעט געוואָרען. דער אָפּגע־ראַטעוועטער טייל פון זיין קונסט, געפינט זיך ס׳רוב ביי יחידים, ווי ביים קונסט קריטיקער ה. פענסטער, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרויס ווערק א. נ. „אונזערע יידישע קינסטלער מאַרטירער״ (פּאַריז 1951), און האָט געווידמעט אַ גרעסערע אַרבעט „זילבערבערג — זבער״ (אין פּאַריז האָט ער אָנגעהויבן צייכנען זיין נאָמען: זבער). אַ רעפּראָדוקציע פון זיין פייזאַזש געפינט זיך אין דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע (יידן ב.). אַ טייל פון זיינע אַרבעטן געפינען זיך ביי י. סאנדעל און מיכאל קעניגסבערג. דער לעצטער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס אין דעם קינסטלערישן שאַפן פון זילבערבערג׳ן. קעניגסבערג פון דער פלאָצקער פאַמיליע, וועלכע איז געווען שותפים צו דער גרויסער מיהל ביי די ביעלסקער ראגאטקעס, איז געווען ריכטער פון העכסטן געריכט אין פוילן. אין זיינעם אַ בריוו צום שרייבער פון די שורות שרייבט ער: איך באַזיץ פיל מאַטעריאַלן וועגן פישל זילבערבערג און פיל פון זיינע גראַפישע אַרבעטן. צווישן די פּאַריזער יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם קריג, איז אין זייער זכרון זיכער געבליבן דער געשטאַלט פון זילבערבערגס פרוי סטעניע בענדער, אַנ׳איידעלע און העלדישע יונגע פרוי. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט געוואַגטקייט אין קאַמף וואָס עס האָט געפירט דער פראַנצויזישער אונטערגרונט. אין איר וווינונג אויף סעינט הילער 49, האָט מען איינגעאָרדנט אַ לאַבאָראַטאָריע אויסצואַרבעטן אויפרייס מאַטעריאַלן אין קאַמף קעגן שונא. אין דער דאָזיקער דירה אירע, איז געשעען אַ צופעליקער אויפרייס און ס׳זענען אומגעקומען צוויי קעמפער פון אונטערגרונט. ס׳איז איר געלונגען, ווי דורך אַ נס, צו אַנטלויפן פון פּאַריז. זי האָט זיך באַהאַלטן אין אַ דאָרף און ווייטער געאַרבעט אין אונטערגרונט אונטערן פסעוודאנים „אַליס בודע״. איר אויפגאַבע איז געווען, אין די אָפיציעלע אַמטן צו טוישן די לעבנס־מיטל קאַרטן פון די אויפשטענדלער. ס׳איז געווען אַ סכנה׳דיקע אויפגאַבע זייענדיק אויסגעשטעלט צו דער געפאַר געכאַפּט צו ווערן ביי דער אַרבעט אירער, ווו ס׳האָבן זיך אַרומגעדרייט פיל געהיים־אַגענטן.

דעם 16 נאָוועמבער 1943, ווערט זי אַרעסטירט און געפּאַרשט דורך אַ ספּעציעלער שלאָג־בריגאַדע.

זי איז אַלעמאָל געווען אַ פיזיש שוואַכע. העלדיש האָט זי אויס־געהאַלטן די ענויים, און די דייטשע רוצחים האָבן פון איר קיין סודות

נישט אַרויסבאַקומען.

דעם 3־טן פעברואַר 1944, איז זי אונטערן נאָמען „גוטע ראָזנ־שטיין" דעפּאָרטירט געוואָרן אין אַ טויטן־לאַגער און דאָרט אומגעקומען.

זי איז געבוירן געוואָרן דעם 24 דעצעמבער 1911 אין וואַרשע.

דער ריכטער פון העכסטן געריכט אין פּוילן מיכאל קעניגסבערג, ענדיגט זיין בריוו וועגן די זילבערבערגס מיט די ווערטער: אויף זיי קען מען זאָגן: „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו".

אַ העלדיש מיידל, וועלכע האָט איר לעבן פאַרבונדן מיט אַ פּלאָצקער יוגנטלעכן, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן פאַראייביקן פּלאָצק און פּוילישן פּייזאַזש אין פּאַריז און אין דער וועלט פון קונסט.

## יחיאל מאיר (מאַקסימיליאַן) עליאַוויטש

עליאַוויטש איז געבוירן געוואָרן אין 1890 אין ראַטשאָנזש. שפּעטער האָט די משפחה זיך אַריבערגעצויגן קיין פּלאָצק. אין פּלאָצק איז דער פאָטער געווען אַ צייטונגס־פאַרקויפער און אויך אַ בדחן.

עליאַוויטש איז ביז 1920 געווען אַ זייגערמאַכער און אין פרייער צייט זיך פאַרנומען מיט צייכנען און מאָלן. בפרט האָט אים אינטערעסירט דאָס מאָלן פּאָרטרעטן.

אין יאָר 1917, האָט זיך באַוויזן אויף דער אויסשטעלונג אין „זאכענטא" אַ פּאָרטרעט פון גלח קאוואַלעווסקי פון פּלאָצק, וועלכן עליאַוויטש האָט געמאָלן. אין 1920 איז עליאַוויטש אָנגענומען געוואָרן אין דער העכערער שול פאַר פּלאַסטישער קונסט אין וואַרשע, וווּ ער האָט שטו־דירט אונטער דער לייטונג פון באַרימטן פּאָרטרעטיסט סטאַניסלאַוו לענטץ. אין יענער צייט האָט ער אויסגעשטעלט זיינע מאָלערייען אויף אויס־שטעלונגען וואָס עס האָט איינגעאָרדנט די יידישע קהלה אין וואַרשע. זייענדיק אין וואַרשע, איז ער געווען אַנ'אַריינגייער ביי פּרץ'ן. פּרץ'ס פּאָרטרעט, וועלכן ער האָט געמאָלן, איז געהאַנגען אין ליטעראַטן פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13. פּרץ האָט געהאַט עליאַוויטש'ן געשאָנקען זיין בוך „מאָניש" מיט זיין האַנטיקער צושריפט און מיט טעקסט ענדערונגען.

ער האָט נישט נאָר פּאָרטרעטן געמאָלן, נאָר אויך זיך פאַרנומען מיט דעקאָראַציע אַרבעט. אין אַ קאָנקורס פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט פאַרן שענסטן שוי־פענסטער אין וואַרשע אין 1937, האָט ער באַקומען דעם ערשטן פּרייז. זיין הויפּט־אינטערעס איז אָבער געווען מאָלן פּאָרטרעטן.

אין 1935, האָט מ. וואליס אין „וויאדאמאשצי ליטעראַצקע" גע־שריבן וועגן עליאַוויטשעס מאָלעריי: „אינדיווידואַליסטן, זענען דאָ, ווי

איבעראַל, זעלטן צו טרעפן. עליאַוויטש שאַפט אין זייער דעליקאַטע, דינע פאַרבן, ניואַנסן. זיין „שטיל־לעבן" דערמאָנט די ראָקאָקאָ מאַלערייען אויף פּאָרצעליי".

פאַרן צווייטן וועלט־קריג, איז ער געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, פון דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט.

פעליקס פוטערמאַן אין זיינע זכרונות פון די אָקופּאַציע־יאָרן, דערציילט, אַז עליאַוויטש צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע מאַלער, האָבן באַקומען אַ באַשטעלונג צו באַפּוצן דעם אויפנאַמע־זאַל פון דער יידישער קהלה אין וואַרשע. זיי האָבן אויסגעמאָלן אויף דער וואַנט, אַ גרויס בילד פון „איוב". פוטערמאַן דערמאָנט אויך, אַז עליאַוויטש איז צוזאַמען מיט אים באַשטימט געוואָרן צו באַפּוצן די ווענט פון פאַווילאָן פון דער אויסשטעלונג פון דער אַזוי גערופענער „טראַנספערשטעלע".

דער לייטער פון דער אויסשטעלונג, האָט זיי פאַרגעלייגט שאַפן אַ בילד, וואָס זאָל סימבאַליזירן די אַרבעט פון די יידן. זיי האָבן דאַן געשאַפן אַ גרויס בילד וואָס שטעלט פאָר אַ יידישן שמיד ביי דער אַרבעט. דעם צווייטן טאָג האָבן זיי געפונען דאָס בילד צעריסן. דער דייטשער אָפיציר, וועמען מ'האָט דאָס בילד געוויזן, האָט באַפוילן עס אַראָפּנעמען און פאַרניכטן.

י. סאַנדעל אין זיין בוך „אומגעקומענע יידישע קינסטלער אין פוילן" דערציילט: אין דער ערשטער צייט פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן אַ פּאָר קינסטלער באַקומען באַשעפטיקונג ביים באַפּוצן דעם גרויסן זיצונגגס־זאַל פון וואַרשעווער יודענראַט. אַזוי אַרום, האָבן די קינסטלער מ. עליאַוויטש, פעליקס פרידמאַן און שמחה טראַכטער אויסגעפירט אַ וואַנט־מאַלעריי, וואָס שטעלט פאָר אין אַן'איבערנאַטירלעכער גרויס די געשטאַלט פון איוב'ן. עליאַוויטש, שליווניאַק און ראַבינאָוויטש האָבן אויסגעפירט פאַר דעם זעלבן זאַל וויטראַזשן. די דערמאָנטע אַרבעטן, האָבן די קינסטלער אויסגעפירט אויף דער באַשטעלונג פון יידנראַט, וועלכער האָט אויף אַזאַ און ענלעכן אופן אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די יידן פון דער געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט. פאַר דער צייט וואָס עס האָט עקזיסטירט די אַזוי גערופענע טראַנספערשטעלע, ד. ה. דער אַמט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסטויש פון די געטאָ אויס־אַרבעטונגען און פון איבערוואַרפן זיי אויסערן געטאָ, האָט מען איינ־געאָרדנט, אויף קרולעווסקאַ אויסערן געטאָ, אַן'אויסשטעלונג פון די דאָזיקע אויסאַרבעטונגען. עס האָבן זיך דאָרט געפונען אַ ריי זאַכן פון טאָג־טעגלעכן געברויך, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך די קינסטלער.

אין די רינגעלבלום נאָטיצן (דער אונטערערדישער אַרכיוו פון

וואַרשעווער געטאָ), אין דעם בוך וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פאַרלאַג „יידיש־בוך" (וואַרשע, 1952) אויף זייט 24 געפינען מיר אַ כאַראַקטעריסטישן אָפּזאָץ וועגן מאַלער מאַקס עליאַוויטש: „געכאַפּט אים צו דער אַרבעט ביי די פּאַנצער. גוט איינגעהייצט אין אויוון, געפרעגט אים פונוואַנען קענסטו, „איך בין אַ קונסט־מאַלער", געבעטן מאָלן. ער מאָלט שוין די זעקסטע פּערזאָן און אַלץ העכערע, באַקומט שכירות 150 פּאַר אַ בילד. אַ באַשטעטיקונג, אויף יעדן בילד אָנגעשריבן דעם נאָמען פון מאַלער. פיינע בילדער".

בעת די אויסזידלונגען פון וואַרשעווער געטאָ, איז עליאַוויטש צוזאַמען מיט אַנדערע פון קינסטלער קאָאָפּעראַטיוו אויף מילנע 9, פאַר־שיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, וו ער איז אומגעקומען. אויך זיין פרוי סטעפאַניא, — אַ פעאיקע מאַלערין, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זייער זון.

## דער מיניאַטוריסט דוד טושינסקי

דוד טושינסקי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1917 אין פּלאָצק.

אויף דער גילדענער גאַס, אין צענטער פון יידישער קאָמפּאַקטקייט, וו אָרעמקייט האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן טיר און טויער, האָט ער זיין קינדהייט פאַרבראַכט. נאָך אַלס קינד האָט ער ליב געהאַט צו באָאָבאַכטן, ווי זיין זיידע, דער ווישעגראַדער סטאַרשי־פעלדשער, חיים דוד, צייכנט אָרנאַ־מענטן. דער קליינער דוד, איז געוואָרן באַהערשט פון דעם זיידנס פאַנ־טאַסטישע צייכנונגען און ביי יעדער געלעגנהייט, געפּרוווט צייכנען און מאָלן.

זיין פאָטערס הויז איז געווען אַנ׳אָרעמע. דער פאָטער, אַ שניידער, האָט בדוחק מפרנס געווען זיין משפחה. אין דער אָרעמער סביבה, האָט דוד געחלומט פון זיין אַ מאַלער. זיינע אייגנאַרטיקע מיניאַטורן, האָט ער אָנגעהויבן מאָלן אין אַ שפּעטערן פּעריאָד.

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז טושינסקי אַנטלאָפן פון פּלאָצק קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט, איז ער, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידן־פּליטים, פאַרשיקט געוואָרן מיטן עטאַפּ קיין סיביר. ער האָט זיך געפונען פאַרשיקט אין פאַרשידענע פאַרוואָרפענע מקומות אין אומענדלעכן סיביר. ווען נאָר מעגלעך, האָט ער געמאַכט צייכנונגען און דאָרט צוזאַמען מיט אַנדערע געליטן נויט און הונגער און געחלומט פון אַ צייט ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מ׳וועט קענען אַרויס פון שניי־וויסן סיבירער גיהנום.

ווען ס׳איז אים געלונגען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד, איז ער אַוועק קיין

פּאַריז און דאָרט האָט זיך פּאַר אים געעפנט אַ נייע וועלט און ברייטע מעגלעכקייטן פון קינסטלערישן שאַפן. ער האָט פיל געמאָלן און געצייכנט אין פראַנקרייך. אַ וועלט מיט געפילן פון יאָרן אַנגעלאָדענע, נאָך הונגערן, פרירן און שווערן לעבן אין רוסלאַנד, — האָט ער אויסגעדריקט אין זיינע מיניאַטור־צייכנונגען.

אין זיינע שאַפונגען שטרעבט ער צו פאַראייביקן די פאַרשוווּנדענע יידישע וועלט פון פוילן, זיין שטאָט פלאָצק, אירע מענשן און אויך זיין נאָנטע משפחה, וואָס האָט געטיילט דעם טראַגישן גורל פון פוילישן יידנטום.

זיינע מיניאַטור־צייכנונגען, האָט ער פאַרעפנטלעכט אין צוויי אַלבאָמען, וואָס זענען דערשינען אין 1949, מיט זיין בילד, געצייכנט פון מאנע קאַץ, און אין יאָר 1955, דער לעצטער, אַ גרויסער אַלבום פון 21 מיניאַטורן, איז פראַכטפול אַרויסגעגעבן פון געארגעס מיכאל אין פּאַריז.

טייל מינאַטורן זענען בערך 15 סענטימעטער גרויס. אין די פאָרמאַט־קליינע שאַפונגען געפינט זיך אַ וועלט מיט אויסדרוק. טושינסקי אין די בילדער האָט אַריינגעוועבט זיינע טיפע געפילן צום פלאָצקער פייזאַזש, צו פלאָצקער טיפּן און צו זיינע נאָנטסטע. זיינע שאַפונגען רופן אַרויס אַ געפיל פון נאָנטקייט און היימישקייט און זיי עראינערן דאָס אַמאָליקע וואָס איז מער ניטא און וואָס לעבט נאָך אין דער נשמה פון קינסטלער און פון צושויער. ער צייכנט זיך אויס מיט פּאָעטישער וויזיע, פערפעקטע רוטין פון צייכנען און ברייטער אויסדרוק אין קאָנצענטרירטער פאָרם. אין דער מיקראָסקאָפּיש קליינער וועלט פון זיינע צייכנונגען געפינט זיך אַ וועלט אַ גאַנצע.

די מיניאַטור קונסט איז היינט נישט שטאַרק פאַרשפּרייט. די מינאַ־טור־קונסט האָט אַמאָל מער געבליט אין מיטלאַלטער. אין אונזער צייט איז גרויס געווען אין דער קונסט פון מיניאַטור דער עכט־יידישער אַרטור שיק. טושינסקי צייכנט שוואַרץ אויף ווייס זיינע דינע ארנאמענטן־צייכנונגען. זיינע צייכנונגען זענען נישט רעאַלע. אַנ׳אויספאַנטאַזירטע וועלט סודות׳פול און אידיליש. זיינע דינע ארנאמענטן־צייכנונגען זענען איידל, צארט און מייסטערהאַפט.

צווישען זיינע מיניאַטורן געפינט זיך אַ סעריע בילדער „דער צירק״.

צירק־מאָטיוון האָבן אָפט אַרויסגערופן דעם נייגיר פון שרייבער, פון אַקטיאָר. די טראַגיק פון דעם קלאָון, זיין הילפלאָזיקייט, זיין ליידנדע נשמה, זענען געווען אַנ׳אָפּשפּיגלונג פון דער טראַגיק פון לעבן.

אין טושינסקיס צייכנונגען און מאלערייען פון צירק, האָט דער קלאָון, דער פליענדער אַקראָבאַט, און דאָס גאַנצע שפּיל אויף דער צירק אַרענע,

באַקומען אַ קינסטלערישן תקון, עס אָטעמט מיט פאַנטאַסטישן רייץ און באַהויכן מיט פּאָעטישן חוש פון קינסטלער.

זיין אַלבאָם־בילדער „דער צירק״, האָט ער געשאַפן נאָך זיין רייזע קיין ישראל. אין קעגנזאַץ צו זיינע בילדער פון פריער, וועלכע ער האָט געמאָלן מיט טונקעלע קאָלירן, איז זיין צירק געמאָלן מיט פיל ליכט. וואַרשיינלעך איז די העלע ליכט אונטערן איינדרוק פון זיין באַזוך אין ישראל.

זיין ערשטע אויסשטעלונג אין ישראל, האָט ער געהאַט אין פתח־תקוה אין „בית התרבות״, וואָס איז געבויט געוואָרן צום אָנדענק פון די געפאַלענע זין פון פתח־תקוה, אין דער מלחמה פאַר פרייהייט, — שפּעטער אין אַנדערע שטעט אין ישראל. די ישראל פּרעסע האָט וואַרים באַגריסט דעם קינסטלער און באַגייסטערט אָפּגעשאַצט זיין קונסט. זיין אויסשטעלונג אין ישראל האָט געהאַט ארום זעכציג פעדער־צייכנונגען, שוואַרץ־ווייסע מיניאַטורן.

אַ שווערן דערנער־וועג אויפן וועג פון זיין קונסט, האָט טושינסקי דורכגעמאַכט, אָן הילף און ערמוטיקונג, האָט ער עקשנות׳דיק אויסגעטראָטן זיין קינסטלערישן וועג. ער האָט הויך דערגרייכט אין זיין קינסטלערישער קאַריערע, שאַפנדיק זיך גרויס אנערקענונג אין קונסט־קרייזן.

טושינסקי איז נישט געוואָרן „פאַרשכורט״ פון זיין קינסטלערישן רום. ער איז פאַרבליבן דערזעלבער גוטמוטיקער און פריינטלעכער מיטן שמייכל אויף די ליפּן.

זיינע בילדער צייכנט ער אונטער אין יידיש: דוד. ווי וועלנדיק אונטערשטרייכן דעם המשך, וואָס ער ציט פון זיין סביבה אין פלאצק, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן און וווּ ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך זיין גייסטיקן „איך״.

אויסער דאָס יידישע שטעטל, צייכנט ער אויך פּאַריז און אירע טורעמס. ער צייכנט חיות, פויגל און בלומען. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין פיל פון זיינע בילדער דערשיינט א פידל ווי ביי שאַגאַלן דאָס קעלבל. זיינע צייכנונגען, אויסער פּרעציזקייט פאַרמאָגן זיי אויך פאַנטאַזיע און אָריגינעלקייט, ווי עס איז זיין מוזיקאַליש בילד „פּאַגאַניני״. דער אויטאָ פּאָרטרעט זיינער איז ווי א סאָרט אויטאָביאָגראַפיע. עס איז דאָרט קאָמבינירט זיין פלאצק, זיין גלות־וועג אין צייט פון קריג און פּאַריז, די שטאָט פון זיין קינסטלערישן אויפשטייג.

דעם 9־טן יאַנואַר 1959 איז טושינסקי אָפיציעל איינגעלאַדן געוואָרן אין פּאַלאַץ פון דער האָלענדישער קעניגן.

די וואַרעמע און אינטימע אויפנאַמע האָט געדויערט צוויי שעה און

האָט געגעבן דעם קינסטלער די מעגלעכקייט צו באַקענען די קעניגלעכע פאַמיליע מיט אַלע עטאַפּן פון זיין קינסטלערישן וועג.

אין דער זעלבער צייט האָט ער געהאַט זיין אויסשטעלונג אין האָלאַנד, אין אַמסטערדאַמער היסטאָרישן מוזיי, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ לעבעדיקן אינטערעס אין די קינסטלערישע קרייזן. ס׳איז געווען אַן׳אויסשטעלונג פון 20 יאר קינסטלערישן שאפן.

דער בריטישער מוזעאום האט געקויפט זיינע א מיניאטור אין צווישן די מייסטער־ווערק, וואָס זענען אויסגעשטעלט אין בריטישן מוזעאום, ווען אויף אייביק פיגורירן די מיניאַטור פון דוד טושינסקי. זיינע מיניאַטורן געפינען זיך אויך אין לאנדאנער וויקטאריא און אלבערט מוזעאום און אויך אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין בריסל. די בעלגישע קעניגין־אלמנה האט אין איר קאלעקציע עטלעכע פון זיינע מיניאטורן. דאס גלייכן דער באַרימטער שוישפילער לאורענס אליוועך און וויוויאן ליי האבן אין זייערע זאַמלונגען פון זיינע מיניאַטורן. זיין קונסט אַרבעט געפינט זיך אויך אין מוזעאום פון עין־חרוד, אין מוזעאום פון עכו, ווו דער שטאט־ראט האט אים צוגעטיילט דעם כבוד פון זיין ערן־בירגער פון דער שטאָט. דער מוזעאום פון אשדות־יעקב האָט באַקומען פון אים אַ שאַפונג צום אָנדענק פון צוויי העלדן פון אשדות־יעקב.

אין בריסל דערשיינט אנערנסטער זשורנאל א. נ. „פערזענלעכקייטן פון היינט". נעבן דער ענגלישער קעניגין עליזאבעט, קאנצלער אדענאוער, פרעמיער מעקמילען א. אַ. געפינט זיך אויך אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן טושינסקיס קונסט־טאַלאַנט, ווו ער ווערט באַצייכנט אַלס „דער פרינץ פון מיניאטור".

ער האט געהאט אויסשטעלונגען אין פראנקרייך, ישראל, ענגלאנד, בעלגיען, האלאנד און נאך, אומעטום האט ער געמאכט א שטארקן רושם מיט זיינע בילדער. די פרעסע האט זיך ברייט אפגערופן. זיינע אילוסטראצ־יעס באשיינען א סך ווערק פון דיכטער און שרייבער. ער האט אויך באקומען אנ׳ערן־אויסצייכנונג פון פראנצויזישן מיניסטעריום פאר קונסט. ער האט געצייכנט דעם שער־בלאַט צו אונזער בוך, סימבאליזירנדיק דעם אומקום פון מיליאנען יידן און זיין פלאצק וואס טיילט דעם זעלבן טראגישן גורל.

טושינסקי האט מער פון אנדערע פלאצקער קינסטלער, פאראייביקט פלאצק סימבאליש אין זיינע שאפונגען.

טושינסקי איז יונג אין יאָרן און יונג אין שאַפן. די וועלט פון קונסט דערוואַרט נאך פיל פון אים.

שלמה גרינשפאַן

# שמואל פרידענבערג — הר-שלום

ש. פרידענבערג האט אנגעהויבן באקאנט צו ווערן אלס קינסטלער אין קופער־רעליעף ווען ער איז געווען נאָענט צו 50 יאָר. ער אַרבעט אין דער גלאָז־פאַבריק „פעניציא״, וואָס באַלאַנגט צום „סולל־בונה״. קיינער אין דער פאַבריק האָט נישט געחלומט אַז צווישן זיי געפינט זיך אַ מענש מיט דעם טאלאנט. בכלל, דער ישראל־ארבעטער איז עמפפינלעך צו קונסט. אנגעהויבן האט ער זיין קונסט־ארבעט אין 1952. דורך א צופאל האט ער אויסגעקלאַפּט אַ בילד אין קופער און געגאַנגען קויפן אַ ראַם פאַרן בילד. דער קרעמער האט אים געוואלט געבן די ווערט פון אכט ראמען פארן פרייז פון בילד. דאָס האָט אים געמאַכט אַ קלער טאָן: „אויב ס׳איז יאָ ווערט 40 פונט ווי ער לייגט מיר פאר, וועל איך עס נישט פארקויפן״. פון דעמאלט אן האט ער זיין ארבעט אין דער קונסט אנגעהויבן.

מיר געדענקן זיינע אין קויל־געצייכנטע בילדער פון באראכאוו, טרומפלדאר, סירקין, וואָס האָבן באַצירט די ווענט פון פועלי־ציון לאָקאַל אין פלאָצק. ווען ער איז געווען אַ חבר פון „פועלי־ציון״ און „החלוץ״, האט ער זיך געלערנט טריקאטאזש־ארבעט, מיינענדיק אז ער וועט די ארבעט טאן אין א״י אין דעם ווארשטאט וואס זיין אנקל האט געפלאנט דאָרט צו עפענען. פון דעם פלאַן איז גאָרנישט געוואָרן, האָט ער זיך גענומען צו אַנדערע מלאכות. געאַרבעט ביי בנין, געגאָסן בעטאָן. לעצטנס אַרבעט ער אין דער גלאז־פאבריק ווו ער איז אויפזעער איבערן צימער וואס רעגולירט די טעמפעראטור אין דער פאבריק. ער טויג זיך בכלל אויס צו אַלעם. אפילו די מעבל אין זיין הויז האָט ער אַליין געמאַכט.

ש. פרידענבערג (זינט ער איז געווארן באקאנט אלס קינסטלער האט ער זיין נאָמען געענדערט אויף הר־שלום), ער זוכט נישט קיין קונים פאַר זיין קונסט־אַרבעט. ער האָט פרנסה פאַר זיין פאַמיליע פון זיין אַרבעט אין דער פאבריק. זיין ניי־אנטדעקטע פאר אים קונסט, איז זיין נשמה און לעבן און אין איר געפינט ער זיין תיקון. ער טוט זיין קונסט־אַרבעט באַשיידן, וועלנדיק אויסמיידן רעקלאמע. די ארבעטער פון דער גלאז־פאבריק האבן אים פשוט געצוווּנגען מאכן זיין ערשטע אויסשטעלונג וועלכע האט געהאט אַ גוטן אָפּקלאַנג אין דער ישראל פרעסע. דער „דבר״, „הארץ״, „יערוזאלעם־פאסט״ א. א. האבן זיך מיט לויב אפגערופן. צו זיין ערשטע אויסשטעלונג וואָס איז געווען פראָטעזשירט פון ועד הפועל פון הסתדרות אין חיפה, האָט ער נישט געוואלט צולאזן פארשטייער פון דער פרעסע. זיין ארבעט באטראכט ער ווי א פריוואט הייליקטום און ער וויל נישט ווער פון דרויסן זאל ארייננדרונגען אין זיין אינערלעכע וועלט.

קונסט שאַפונג איז סוף כל סוף אַ זאַך פאַר דער עפנטלעכקייט. נאָך זיין ערשטע אויסשטעלונג אין דער „פעניציא״־פאַבריק, נעמט ער אנטייל אין קונסט־אויסשטעלונגען אין ישראל, און זיין נאמען אלס קינסטלער ווערט באקאנט אין ישראל.

זיין קונסט־ארבעט איז ענלעך צו דער שאפונג פון באקאנטן אריה מערזער. אָבער די טעמאַטיק איז אַ גאַנץ אַנדערע. מערזערס וועלט איז דאָס פארשוואונדענע יידישע לעבן אין מזרח־אייראפא, טעמעס געבויט אויף יידישן פאָלקלאָר. פרידענבערגס שאַפן איז דאָס נייע ישראל. דער יידישער אַרבעטס־מענש, טיפּן פון דער ישראל לאַנדשאַפט. ער איז באַווירקט געוואָרן פון מערזערס קונסט, אָבער נישט באַאיינפלוסט געוואָרן פון מערזערס טעמאטיק. פרידענבערג פארמאגט אויך אַן אייגענעם סטיל.

טייל האלטן, אז די טעכניק פון זיין שאפן שטייט אויף אזא הויכער מדרגה ווי מערזערס. אריה מערזער שאפט שוין מער ווי דרייסיק יאר אין דער קונסט און פרידענבערג ערשט עטלעכע יאָר, און ער ווערט וואָס ווייטער אלץ בולטער אין שעפערישער.

זיינע טעמעס זענען סאציאלע. ער נעמט זיינע העלדן פון דער גאס, פון דער ארבעט. ער דרינגט אריין אין דער נשמה פון זיינע העלדן און ברענגט זיי ארויס מיט א געפיל פון נאנטקייט צו זיי. ער געפינט זיינע כאראקטער־טיפּן אויך צווישן די וואס דער גורל איז שלעכט צו זיי, און צווישן די פריידיקע בויער פון לאַנד. זיינע טיפּן, סצענעס און גרופּן, קלאַפּט ער אויס פון קופּער מיט פּרעציזקייט און דעטאַל. צווישן זיינע טעמעס האבן מיר ארבעטער וואס בויען, ארבעטס מענשן אין רו־צייט, אַן אַראַבישער מאַרק אין עכו, אַ טרעגער, גורל פון אַרבעטער, מוטער און עופה׳לע אין לאַגער, חסידישע טיפּן און פיל אַנדערע.

## אַנדערע פּלאָצקער קינסטלער

אין פלאצק האבן זיך געפונען קינסטלער מיט געבוירענעם טאלאנט, — זיי האבן ליידער זייערע פעאיקיטן נישט ענטוויקלט.

אַ באַגאַבטער מענש איז פאַרלוירן געגאַנגען פאַר דער קונסט אין דער פערזאָן פון גרשון יעשאן. זיינע סקולפּטור־אַרבעטן זענען געווען סצענעס פון נאטור און טיפּן פון מענשלעכן ליידן.

איינדרוקספול איז געווען די סקולפּטור פונ׳ם פויער מיט א לאַבן־ברויט אין האַנט, שטייענדיק מיט אַ האַק, אַרויפקוקנדיק צו די ריזיקע בוימער וועלכע ער האט זיך געגרייט אונטער האקן.

אין „קאנאדער אדלער״ פון אקטאבער 1958, איז געווען א רעצענזיע וועגן דער בילדער־אויסשטעלונג פון פלאצקער לאנדסמאן דוד מאזור.

ס׳איז געווען אנ׳אפקלייב פון זיינע מאלערייען. פייזאזשן, שטיל־לעבנס און פיגורן־קאָמפּאָזיציעס געמאָלן אין אויל און וואַסער־קאָליר.

ער האָט עמיגרירט פון פּלאָצק קיין פּאַריז, ווו ער האָט געוווינט בערך פערציק יאָר. זייט 1949 וווינט ער אין קאַנאַדע. די אויסשטעלונג אין מאנטרעאל איז זיין ערשטע אויסשטעלונג.

## פועה ראַקאָווסקאַ

א צאָל שרייבער און געזעלשאפטלעכע טוער וועלכע זענען נישט געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק און פּאַר אַ צייט דאָרט געוווינט און געווען באשעפטיקט, האבן אויסגעאיבט א גרויסן איינפלוס אויפן גייסטיקן לעבן אין פלאצק.

צווישן אנדערע דארפן מיר דערמאנען די צוויי לערער אין דער פּלאָצקער יידישער גימנאַזיע — פועה ראקאָווסקאַ און יקיר וואַרשאַווסקי.

פועה׳ס זיידע איז געווען דער פלאצקער רב ר׳ לייבעלע ראקאווסקי, פועה איז געבוירן אין 1865. זי אליין אין עלטער פון 6 יאר האט געלערנט אין חדר צוזאַמען מיט יינגלעך, חומש און רש״י. צו 12 יאָר האָט זי געענדיקט אלס בעסטע שילערין א פריוואטע שולע. צוליב שרייבן אין שבת האָבן איר די עלטערן נישט געלאָזט גיין אין גימנאַזיע, — האָט זי געלערנט פריוואט שפראכן, בפרט העברעאיש צו וועלכן זי האט געהאט א טיפן אינטערעס

גאָר יונג האָט זי אָנגעהויבן איבערזעצן פון רוסיש אין העברעאיש און דרוקן אין „הצפירה״.

זי האָט קיין גליקלעכע קינדהייט נישט געהאַט. ווערנדיק רייפער, האָט זי זיך געריסן צו אַנ׳אַנדערע וועלט ווי די אין וועלכער זי איז דער־צויגן געוואָרן. זי איז געווען אַ בונטארישע נאַטור. געריסן זיך צום לערנען. אין יידישע ספרים איז זי געווען אַ למדן.

צו 17 יאָר האָט מען זי חתונה געמאַכט, אָבער אין פינף יאָר שפּעטער, מיט צוויי קליינע קינדער אויף די הענט, האט זי צעריסן די פאמיליע־קייטן. זי האָט שפּעטער פאַרוואַלטעט מיט שולעס פאַר מיידלעך אין אייניקע שטעט אין פוילן. זי איז געווען צווישן די גרינדער פון דער ערשטער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין פוילן „בני־ציון״, ובפרט געפירט ציוניס־טישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן פרויען. פאַר אַ צייט האָט זי געלעבט אין ישראל און געווען דארט לערערין אין א פאך־שולע פאר מיידלעך. זי איז געווען די גרינדערין פון דער ציוניסטישער פרויען באַוועגונג אין פוילן. זי האָט געמאַכט פיל איבערזעצונגען אין יידיש פון רוסיש, דייטש און העברעאיש. צווישן אַנדערע, האָט זי איבערגעזעצט „די נייסטע יידישע

געשיכטע״ נאָך דובנאָוו׳ן און אַנדערע קוואַלן. קאַרל קאוטסקי׳ס בוך: „וועד איז שולדיק אין וועלט־קריג״, פּאַפּיערנאָ׳ס קלאַסישע זכרונות, לילי ברוין׳ס מעמואַרן פון אַ סאָציאַליסטין, די ראָמאַנען סעריע פון וויקטאָר מארגעריט, אַנאַטאָל פראַנס ראָמאַן „די רויטע ליליע״, דאָס בוך „אָקטאָבער״ פון לאריסע רייסנער א. אַ. די לעצטע יאָרן אויף דער עלטער האָט זי געוווינט ביי איר טאָכטער אין חיפה און געטאָן איבערזעצונג־אַרבעט פאַרן קרן־היסוד און דערפון געצויגן איר חיונה.

איר לעצט בוך וואס זי האט אנגעשריבן אין עלטער פון 90 יאר, זענען אירע זכרונות („מעמואַרן פון אַ רעוואָלוציאָנערין״) וועלכע זענען שפּאַנענד און גיבן אַ בילד פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און ציוניסטי־שער טעטיקייט, בפרט אין פוילן. זי דערציילט וועגן איר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין פלאצק, בעת זי איז דארט געווען לערערין אין גימנאזיע:

„אין איין טאָג האָב איך געגעבן אַ אַנאָנס אין צייטונג, אַז איך זוך א פאסטן ווי א פארוואלטערין אדער העברעאישע לערערין אין א שול אויף דער פראווינץ. פארשלאגן האב איך באקומען פון גאנצע זיבן פראווינץ־שטעט, צווישן זיי אויך פון פלאצק. פון אלע פראפאזיציעס האב איך זיך אפגעשטעלט דוקא אויף פלאצק, אין דער שטאט וווּ מיין זיידע איז געווען 17 יאָר רב (כאָטש קיין צרות האָט אים אַמאָל דאָרט פון די חסידים נישט געפעלט), און מיט וועלכער עס זענען געווען פארבונדן מיינע אנגענעמסטע קינדער פאנטאזיעס, ווו עס האבן געלעבט און געלערנט אין די גימנאזיעס מיינע קינדער און ווו איך האב נאך געהאט נאנטע איבערגעגעבענע קרובים וועלכע וועלן מיך אויפנעמען מיט אפענע ארעמס און ווו איך וועל זיך פילן ווי ביי זיך אין דערהיים״.

מיר האָבן ליקווידירט די דירה. בירנבוים מיט שרה׳לען — וועלכע איז שוין געווען א 15 יאריקע און צוגעבונדן צום פאטער נישט ווייניקער ווי צו מיר — האבן גענומען א צימער ביי זיין קינדערלאזער מומען. און אין נייעם שול־יאָר 1918, האָב איך שוין געאַרבעט ווי אַ העברעאישע לערערין אין דער יידישער קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע אין פלאָצק. די קאָמוניקאַציע צווישן ווארשע און פלאצק איז געווען א גוטע. אויף יעדן יום־טוב, פלעג איך פאָרן זיך זען מיט מיינע נאָענטע. באַלד בין איך דאָרט אַריין אין דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, געשאפן קודם־כל א ציוניסטישן פרויען־סניף פון די „בנות־ציון״ — דאס איז נאך געווען פארן אנטשטיין פונם יידישן פרויען פאַרבאַנד. און איך דערמאָן מיך אַ קאָמישן עפּיזאָד: נאָך אַן אַגי־טאַציע־פאַרזאַמלונג פונם קרן־קימת האָט זיך איבער דער שטאָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די חברה ראקאָווסקי האָט געלערנט די ווייבער, אַז פאַרן קרן־קימת מעג מען אפילו גנבענען געלט ביי די מענער...״.

אירע קינדער האבן געלערנט אין פלאצק און געווען פון די בעסטע אין קלאס. ווען איר זון איז אנגעקומען צו לערנען אין גימנאזיע, האט פא־פיערנא פאַרגעשטעלט איר זון פאַרן דירעקטאָר און אים דערציילט ווער עס איז דער יונגער קאַנדידאַט און פון וואָס פאַר אַ יחוס משפחה ער שטאמט.

פועה ראַקאָווסקאַ איז געווען אַ קאַלירפולע פערזענלעכקייט. זי איז געשטארבן אין חיפה אין עלטער פון 91 יאר.

## יקיר ווארשאווסקי

יקיר ווארשאווסקי איז געבוירן אין מלאווע אין 1885 ביי אַ חסידישע סוחרישע פאַמיליע. ער האָט געלערנט אין חדר, אין חסידים שטיבל און פאר זיך. גלייכצייטיק מיט גמרא האט ער זיך אויך אפגעגעבן מיט ספרי־חקירה, קבלה און חסידות. אונטער דעם איינפלוס פון י. אפאטאשו, האט ער אנגעהויבן ליינען די העברעאישע ליטעראטור און לערנען פרעמדע שפראכן. זייענדיק צוואנציק יאר אלט איז ער אוועק קיין ווארשע. נאך דער חתונה איז ער געוואָרן אַ העברעאישער לערער אין גאסטינין, נעבן פלאָצק. שפעטער איז ער געוואָרן בוכהאַלטער אין זיין געבורטס־שטאָט. ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט ער געמאכט א רייזע איבער דייטש־לאנד, איטאליע, סיריע, עגיפטן און ארץ־ישראל. נאך זיין ארומוואנדערן איבער לענדער האט ער זיך באזעצט אין פלאצק און געווארן א לערער פון העברעאיש אין דער יידישער גימנאַזיע.

זיין ליטערארישע ארבעט האט ער אנגעהויבן אין 1908. ער האט געדרוקט בעלעטריסטיק און פובליציסטישע ארטיקלען אין יידישע און העברעאישע צייטשריפטן און טאָג־פרעסע, אונטער זיין נאָמען און די פסעוודאנימען בן־אהרן און י. ווארשאי. ער האט ארויסגעגעבן אין בוכפארם „הגיונות וזעזועים" „מן המולדת" (רייזע בילדער פון א"י און מצרים) „מעלות מורדות", א בוך „די לעצטע", וואס שילדערט דאס חסידישע לעבן אין זיין שטעטל מלאַווע, אַ סעריע קינדער־דערציילונגען אין העברעאיש א. אַ.

ווארשאווסקי האט אין דער פלאצקער אויסגאבע „די פרייע שטימע" פון יאר 1919, אפגעדרוקט א סעריע ארטיקלען וועגן פלאצק.

עס איז אונז געלונגען צו געפינען אנ׳איינצעל זייטל פון א נומער „די פרייע שטימע", ווו ס׳געפינט זיך א טייל פון ווארשאווסקיס סעריע אַרטיקלען וועגן פלאָצק. אין דעם טייל שילדערט ער די לאַנדשאַפט פון דער שטאט:

„צווישן קראָקע און גדאַנסק ליגט די אַמאָליקע מאזאווישע־רעזידענץ, די אַלטע מיוחסת פון קרוין־פוילן; און ווי אַ טייערער בריליאַנט איז

זי איינגעפּאַסט צווישן די שטעט וואָס געפינען זיך אויף די ווייסל־ברעגן.
זי דערגרייכט נאָך צו די גאָר אַלטע לעגענדאַרישע צייטן מיט העכער
טויזנט יאָר צוריק, ווען דאָס פּוילישע פאָלק איז נאָך געווען געצנדינער;
די שטאָט וואָס איז געווען באַרימט מיט אירע פירשטלעכע און קעניג־
לעכע שלעסער און וואָס פון יענע גרויע צייטן איז נאָך געבליבן ביז
היינט, די אַלט־באַרימטע קאַטעדראַלע, וואָס איז איינע פון די ערשטע
ניין קלויסטערס, וואָס מיעטשיסלאַוו האָט אויפגעשטעלט אויף פּוילישע
ערד, צו פאַרשפּרייטן דאָס קריסטענטום צווישן פּאָליאַקן. און כאָטש זי
איז היינט אַראָפּ פון איר גדולה, זעט זי דאָך אויס ווי אַן׳אָפּגעקומענע
נגידית׳טע, וואָס קליידט זיך נאָך אין שוואַרץ־סאַמעט און זיידענס צו
ווייזן איר אַמאָליקע גלאַנץ. און דאָס וואָס פאַרוואַלגערט זיך ביי איר
אונטערן טיש, האָט נאָך מער חשיבות ווי גאָלד און זילבער פון די
אויפגעקומענע נייע שטעט.

און זי טינקט אינגאַנצן אין אַלטן יחוס, געהילט אין די טונקעלע
שאַטנס פון די אַלטע דורות, און צוזאַמען מיט דעם אין דער זון־העלקייט
און שפּיגל־גלאַנץ פון דער רוישנדער ווייסל, קוקט עס אויס ווי אַ יונג־
שטיפעריש קינד מיט גאָלדענע לאָקן אויף דער שוים פון אַן׳אַלטער גוטער
באָבען. און ווען די אַלטע קושט מיט איר אָן־ציינינק מויל דאָס יונגע
בלוט־פרישע מיילכל פון קינד — זעט עס אויס ווי צוויי וועלטן האָבן
זיך צונויפגעגאָסן אינאיינעם און די אַלטע וועלט גיט איבער אירע סודות
דער יונגער און גייט דערנאָך אַוועק מיט אַ לייכט האַרץ, וויסנדיק, אַז
זי האָט איבערגעלאָזן איר רייכער ירושה אין גוטע הענט. און ווען די
בלענדענע זון־שטראַלן שפּיזן אַדורך די קאָלירטע פענסטער פון דער
אַלטער קאַטעדראַלע וואָס שעמערירן מיט מיליאָנען פונקען און יונגע
קינדערלעך מיט בלאָנדע קעפּלעך האָר שפּילן זיך הינטער אירע ווענט
און פייגעלעך טרילערן און מאַכן זיך זייערע נעסטן אין די שוואַרצע
לעכער פון אירע ווענט און דאָך — מישט זיך צונויף דאָס גאָר אַלטע
מיטן גאָר נייעם אין איין האַרמאָניע פון איידעלן שטאָם און קעגנווערטיקן
גלאַנץ און באַשטראַלן מיט אַ באַזונדערן חן דאָס אַלעס וואָס געפינט
זיך אַרום.

„און די דאָזיקע האַרמאָניע פילט זיך אַממערסטן אויפן „טום״, דער
פּלאַץ וואָס געפינט זיך אויף די הויכע בערג פון רעכטן ווייסל־ברעג,
וואָס זענען באַוואַקסן סיי ווינטער סיי זומער, מיט לאַנגע וויטקעס און
צווייגן, וואָס זענען געברענגט געוואָרן מיט לאַנגע הונדערטער יאָרן צוריק
אַזש פון כינע, וואָס אים צופוסנס פליסט די ווייסל און נעבן אים זענען
פאַראַן די „זיבן וועגעלעך״ וואָס טיילן זיך אָפּ פון „טום״ דורך אַ

גרופּע בערגלעך און שמאָלע געדרייטע טאָלן. דאָס איז איינס פון די שענסטע ערטער וואָס פּוילן פאַרמאָגט. גאָט׳ס האַנט האָט דאָ געשפּריצט פאַרבן און הערלעכקייט מיט דער פולער מאָס. דאָס איז דאָס אָרט פון די אַמאָליקע קעניגלעכע און פירשטלעכע פּאַלאַצן, שלעסער, קירכן, מאַ־נאַסטירן און שפּאַציר־גערטנער און די קאַטעדראַלע מיט צוויי טורמעס, דער זייגער־טורעם און שליאַכטע־טורעם און נאָך אַנדערע רואינען פון יענע צייטן זענען נאָך געבליבן ביז היינט. פון צווייטן לינקן ברעג, ענטפּלעקט זיך פאַר דיר, שטייענדיק אויפן „טום״, אַ ווונדערבאַר שיין בילד, וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג מיט זיינע פאַרבן, און דו שטייסט שעה׳ן לאַנג און קענסט נישט אָפּרייסן דאָס אויג פון דער ענטציקנדער לאַנד־שאַפט. דאָרט געפינט זיך דאָס דערפל ראַדזשיוויע, וואָס טינקט אינגאַנצן אין גרינס און בוימער, וואָס צווישן זיי זעט זיך אַרויס דער גאָטישער שפּיץ פון דעם קאַשציאָל. אויף דער גאַנצער ווייכסעל לענג ווו דאָס אויג דערגרייכט נאָר, זעען זיך שורות בוימער. איינצלנע גרופּן אָדער קליינע וועלדלעך איינגעהילט אין בלויליכן טוי, וואָס זעען אויס אין אַ שיינעם זומער פרימאָרגן ווי פריש אויסגעצוווגענע אין וואַסער. דאָ און דאָרט שטייען ווי פאַראיינזאַמט איינציקע בוימעלעך, וואָס זעען אויס ווי פאַר־חלומט און פאַרקלערט אין זיך... און נאָך ווייטער, אויפן סאַמע האָרי־זאָנט, נעמט אַרום דעם גאַנצן ברעג, ווי אַ גאַרטל, אַ געדיכטער בלוי־שוואַרצלעכער וואַלד. צווישן די בוימער שפּע זיצט זיך אַ שמאָלע אַלייע, וואָס פירט גלייך פון דער ווייסל־בריק און פאַראייניקט די שטאָט מיט דער וועלט וואָס ליגט אויפן צווייטן ברעג. פון יענער זייט בריק טראָגט זיך שטענדיק עפּעס אָפּגעהאַקטע פאַרדומפּטע קולות פון אַ קאָוואַל, אַ פאַרשטיקט געוויש פון רעדער און פערד־פּאַדקאָוועס, אַ קלינגען און קלאַפּן פון אייזען און אונבאַקאַנטע אָפּגעריסענע מענשן־קולות וואָס קומען פון ווייטע מקומות. צופיסנס דיר ליגט אויסגעשפּרייט ווי אַ גלאַנציקער שפּיגל די ווייסל וואָס צירט זיך אין פאַרשידענע פאַרבן און קאָלירן לויט דער זון־שפּיל פון הימל״.

**הרב יהודה לייב זלאָטניק (י. עליזעט). פּלאָצק גרויסט זיך דער־מיט וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן איינעם פון די געבילדעסטע פּוילישע רבנים, דעם יידישן און העברעאישן שריפטשטעלער, מזרחי־מיטגרינדער און טוער און פאָלקסטימלעכן מענשן, הרב יהודה לייב זלאָטניק. אַ ברודער פון דעם פּלאָצקער רב מרדכי יונה זלאָטניק, וואָס איז באַרימט געוואָרן מיט זיין קעגנערשאַפט צו חסידות און אַלס ערשטער ציוניסטישער רב אין פּוילן.**

**הרב זלאָטניק קומט גראַד אַרויס פון חסידים. וועגן זיין יידן**

אברהם יצחק, וואָס י. ל. זלאָטניק'ס פאָטער האָט געטראָגן זיין נאָמען אַלס אַ געבוירענער יתום, ווערט דערציילט, אַז ער איז געשטאָרבן „אין אַ שלאַכט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיין חסידישן רבי'ן". ער האָט אַמאָל פאַרפירט אין בית־המדרש אַ מחלוקת מיט אַ חבר, אַ וואויל־לערנער — דעם שפּעטערדיקן נאַשעלסקער רב — איבער דעם, וועמענס רבי איז גרעסער און הייליקער און האָט דערביי באַקומען אַזאַ פּאַטש, אַז ער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט.

זיין ערשטע דערציאונג, ביז צען יאָר, האָט י. ל. זלאָטניק באַקומען, ווי די מערסטע יידישע קינדער אין פלאָצק, אין חדר, וווּ ער איז געווען איינער פון די בעסטע תלמידים. אין שטוב אָבער האָט ער געהאַט אַ צווייטע דערציונג: די טייטש־חומשדיקע סביבה פון זיין מאַמען. געלייענט האָט ער, נישט נאָר דעם „צאינה וראינה" און דעם „נחלת צבי", נאָר אויך דעם „יוסיפון" אין יידיש, דעם „שבט יהודה", דעם „קהל חסידים" און אַנדערע חסידישע נסים־ביכלעך.

די ווייטערדיקע צען יאָר פון זיין יוגנט, ביז דער חתונה, האָט י. ל. זלאָטניק פאַרבראַכט שוין איז אַן אַנדער סביבה, אין דער משכילי־שער סביבה פון זיין עלצטן ברודער, דעמאָלסט רב אין זאַקראָטשים, וווּ ער האָט פאַרשלונגען ווו נאָר אַ השכלה ספר, וואָס איז אים צו דער האַנט געקומען און אויסגעאַרבעט האָט זיך ביי אים אַ מין סטיל אינם געשפּרעך מיט זיינע חברים, פול מיט יידישע שפּו־יניוערטער, מאמרי חז"ל און פסוקים פון תנ"ך, ער האָט דערפאַר באַקומען דעם צונאָמען „דאָס פסוקל".

אין עלטער פון 17 יאָר האָט ער באַזוכט וואַרשע. ער האָט דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט זיך זיין ערשטע שריפט וואָס האָט ענטהאַלטן באַמערקונגען צו גרעצ'ס צווייטן טייל יידישע געשיכטע. ער האָט באַשלאָסן ווייזן עס נחום סאָקאָלאָוו'ן און אים נישט געפונען אין הויז. אַ צווייט מאָל האָט ער נישט געהאַט די דרייסטקייט אַהינגיין. אַזוי האָט זיך זיין ליטעראַרישע קאַריערע אָנגעהויבן אַ פּאָר יאָר שפּעטער.

אין 1908 האָט ער געהייראַט מיט שרה'ן, די טאָכטער פון אברהם יצחק קאַלישער פון פלאָצק. ער האָט געוווינט ביים שווער דריי יאָר און פאַרטגעזעצט זיין לערנען.

אין יענער צייט איז ער געווען אין בריוו פאַרבינדונג מיט ד"ר ש. פּאָזנאַנסקי פון וואַרשע און רב צעיר פון אָדעס. די גרעסטע ערמוטי־קונג האָט ער באַקומען פון ד"ר י. קלויזנער, וועלכער האָט אים פאַראויס־געזאָגט אַ גלענצענדע צוקונפט אין ליטעראַרישן שאַפן. זיינע ערשטע

אַרטיקלען האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „הקול" אין וואַרשע. זיין ערשטן פעליטאָן אין „הצפירה" האָט ער אונטערגעשריבן: „בר־בי־רב דחד יומא".

אין 1909 אין עלטער פון 22 יאָר, האָט זלאָטניק פאַרפאַסט זיין ערשטע ערנסטע אַרבעט, אַ העברעאישע ביאָגראַפיע פון ישו הנוצרי, פאַר וועלכער ער האָט באַקומען אַ לויב פון ד"ר קלויזנער, דעם רעדאַק־טאָר פון „השלוח", — ער האָט עס אָבער נישט געדרוקט צוליב צענזאָר טעמים.

אין 1910, האָט ער אויסגעהאַלטן מיט אַנ׳אויסצייכנונג דעם רעגי־רונגס־עקזאַמען אַלס רב. כדי זיך צו פאַרפולקאָמען אין רבנות, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין וואָלאָזשין. אַ יאָר שפּעטער, נישט קוקנדיק אויף זיין ציוניזם און זיין יונגשאַפט, איז ער געוואָרן אויסגעקליבן אַלס רב אין גאמבין, אַ שטעטל נעבן פּלאָצק און דאָרט געזעסן אויף דעם כסא הרבנות ביז 1919. בעת דעם ערשטן וועלט־קריג האָבן די רוסן אים געהאַלטן ווי „אַנ׳ערוּבניק" פאַר דער לאָיאַליטעט פון דער יידישער באַפעלקערונג צו דער צאַרישער מאַכט, פילנדיק דעם האַס פון יידן צו זיי.

אין דער צייט, אין 1915, האָט ער אָנגעהויבן זיין רעגלמעסיקע פּובליציסטישע טעטיקייט אין „לאָדזשער פאָלקסבלאַט" און דערנאָך אין וואַרשעווער „מאמענט", באַזונדערס פאַר דעם ציוניסטישן געדאַנק אין זיין רעליגיעזער פאָרם.

אין 1917, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע די ערשטע קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן די חלוצישע באַוועגונג אין פּוילן, איז אין דער קאָמיסיע אויך אַריין הרב זלאָטניק. אויף דער ערשטער לאַנדעס קאָנפערענץ פון „החלוץ" אין פּוילן אין 1919, איז ער אויך געוויילט געוואָרן אין צענטראַל קאָמיטעט.

אין 1917, האָט ער געגרינדעט די „מזרחי" אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, פון וועלכער ער איז שפּעטער, סוף 1919, געוואָרן גענעראַל סעקרעטאַר און צוליב דעם זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע. דאָ גיט ער אַרויס אַ ריי בראָשורן דורך דעם „מזרחי"־פאַרלאַג: „רעליגיע, נאַ־ציאָנאַליזם און ציוניזם", „צו דער רעליגיעזער יוגנט" אין וועלכער ער מאַכט קלאָר זיין שטעלונג צו דער, דאַן אַקטועלער שפּראַכן פראַגע, „אונזערע פליכטן אין יעצטיקן מאָמענט", „דרשות", „דער מזרחי און זיינע אויפגאַבן" און אין העברעאיש: „תכנית למודים בשביל החרדים המזרחיים".

ער האָט רעדאַקטירט דעם זאַמלבוך „מנוּרה" און דאָרט אָפּגע־דרוקט אַנ׳אָפּהאַנדלונג „ביאַליקס טרערן צונויפגעזאַמלט אין איין לאָגל".

אין דער צייט הויבט ער אָן אינטענסיוו אַרבעטן אויף דעם געביט פון יידישן פאָלקלאָר.

נאָך אין 1910, האָט זלאָטניק זיך פאַראינטערעסירט, אונטער דער ווירקונג פון נח פּרילוצקיס זאַמלונגען, מיט יידישן פאָלקלאָר און עטנאָ־גראַפיע. ער פלעגט אים צושיקן פאַרשידענעם פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל און אָנמערקונגען צו זיינע ווערק און צו י. בערנשטיינס זאַמלונגען פון שפּריכווערטער. אין ביאַליקס און ראַווניצקיס זאַמלבוך „רשומות" האָט ער אָנגעשריבן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג „ממנהגי ישראל", איבער יידישע מנהגים, זיטן, גלויבונגען און אבערגלויבן. ער האָט זיינע אַרבעטן פאַר־עפנטלעכט אונטערן נאָמען י. עלזעט.

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דעם דונער פון האַר־מאַטן, נישט ווייט פון זיין שטאָט, האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אויף זיין גרויסן ווערק צו סיסטעמאַטיזירן לויט באַזונדערע קאַטעגאָריעס און דערקלערן דעם רייכן פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל פון דער יידישער ליטע־ראַטור, די פאָלקסטימלעכע רעדנסאַרטן, גלייכווערטלעך און אנעקדאָטן.

פון דעם גרויסן ווערק זענען אַרויס אין וואַרשע אין 1918־20 (פאַרלאַג לעווין־עפּשטיין) פיר בענדער אונטערן נאָמען „דער וווּנדער אוצר פון דער יידישער שפּראַך".

אין יולי 1920, האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן און פון דאָרט אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע אין די אינטערעסן פון זיין אָרגאַניזאַציע. סוף 1920 איז ער איסגעווײלט געוואָרן אַלס פּרעזידענט (נשיא) פון „מזרחי" אין קאַנאַדע און האָט זיך באַזעצט אין מאָנטרעאַל. פון דעמאָלסט אָן הויבן זיך אָן זיינע שליחות׳ן צוליב מזרחי׳סטישער פּראָפּאַגאַנדע איבער פאַרשידענע לענדער, דערין אויך אין אַרגענטינע.

אַ חוץ דעם, אַרבעט ער איבער קאַפּיטאַלע יידישע ווערק, איבער־הויפּט וועגן אַלטן יידישן רעכט אין פאַרגלייך מיט דעם אַלט־רוימישן און מאָדערנעם. ער האָט אויך גענומען איבערזעצן פון זענדישן אָריגינאַל אין יידיש דעם „זענד אוועסטא", די תורה פון די אַלטע פּערסן.

ער איז געווען אין מאָנטרעאַל ביז 1936, אָנהאַלטנדיק וויכטיקע פּאָסטנס אין דער דאָרטיקער ציוניסטישער באַוועגונג, צ. א. אַלס דירעק־טאָר פון קרן־קימת. אין דעם פּעריאָד האָט ער געשריבן פיל איבער יידישע פראַגן אין ענגליש. אויך אָנגעשריבן אַ צאָל פּאָעמעס וואָס זענען געלויבט געוואָרן פון דער ליטעראַטור־קריטיק.

פון קאַנאַדע איז ער אַרויסגערופן געוואָרן קיין סאַוט־אַפריקע, אָנצופירן מיט דער יידישער קולטור־אַפּטיילונג אין דעם לאַנד. ער האָט

דעם פּאָסטן אָנגעהאַלטן מיט גרויסע פּאַרדינסטן אויף דעם געביט. דאָרטן האָט ער איבערגעשריבן „בראשית המליצה העברית" (1938) „מאמרים מספר מדרש המליצה העברית" (1939) געווידמעט געוועזן דער העברעאי־שער פּראָזעלאָגיע פאָרשונג. „מחקרות מני קדם" — געבנדיק פראגמענטן פון רמב"ם'ס אַ ניי ענטדעקטן מאַנוסקריפּט.

ער איז געווען דעלעגאַט צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן אין די יאָרן 1920, 1921, 1929, 1931, 1935 אַלס דעלעגאַט פון מזרחי". אין יוני 1945 האָט ער זיך באַזעצט אין ישראל.

צו זיין 60־טן געבוירן־טאָג איז דער זשורנאַל „עדות" אין ישראל (גליון ניסן־תמוז תש"ז) אונטער דער רעדאַקציע פון שמחה אסף, געווען געווידמעט דער וויסנשאַפטלעך פאָרשערישע טעטיקייט פון יהודה לייב זלאָטניק. מיט אַ פולע ביבליאָגראַפיע פון זיינע צאַלרייך צעשפּרייטע אַר־טיקלען אין פיל צייטונגען און זשורנאַלן.

ער לעבט יעצט אין ירושלים אונטער דעם נאָמען יהודה אבידע.

**מאיר פּאָזנער.** מאיר פּאָזנער איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק ד. 6 נאָוועמבער 1890. דער פאָטער זיינער האָט געאַרבעט ביי מאַכן סיגאַרעטן. די פּרנסה־געבערן איז געווען די פרוי זיינע טשאַרנע. זי האָט געשטאַמט פון רבנישן יחוס. אין איר יחוס־קייט פון דער משפחה, זענען געווען זעכציק רבנים.

אַלט זייענדיק זעקס יאָר, איז מאיר מיט זיינע עלטערן אַריבער־געפאָרן קיין לאָדזש, ווו ער האָט געלערנט העברעאיש און תלמוד ביים לאָדזשער רב אליה חיים מייזעלס. ער האָט געהאַלטן ביי קריגן סמיכה, אָבער אַריבער זיך לערנען שחיטה און זיין אַ חזן צוליב זיינע פעאיקייטן אין זינגען.

אַלט זייענדיק 15 יאָר, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן ענטוויקלען זיין מוזיקאַלישער טאַלאַנט. ער האָט דאָרט געענדיקט דעם „גילד האָל קאָלעדזש אוו מיוזיק", און נאָך דעם ווי ער האָט זיך דאָרט אַ צייט אָפּגעגעבן מיט יידיש מוזיקאַלישער אַרבעט און אויך אַ שטיקל צייט געווען קאַנטאָר אין אַ מאָדערנער שוהל, איז ער געקומען אין 1919 קיין ניו יאָרק, ווו ער איז אין גיכן נישט נאָר געוואָרן אנערקענט ווי אַ גוטער מוזיקער, נאָר אויך באַליבט אַלס מוסטער פון אַ פיינער יידישער פערזענלעכקייט.

פאַר אַ צייט איז פּאָזנער געווען פאַרבונדן מיט דער „טאָג" ראַדיאָ־שטונדע. ער האָט צונויפגעשטעלט און דיריגירט דעם קוואַרטעט אונטער דעם נאָמען „בערדיטשעווער כאַליאַסטרע" און דורך די פיר זינגער באַנייט

דאָס יידישע פאָלקס־ליד. פאָזנער איז מיט לייב און לעבן געווען איבער־געגעבן דעם יידישן פאָלקס־ליד.

זינט זיין אָנקומען קיין ניו יאָרק, איז ער געווען אַ כאָר דיריגענט פון אַרבעטער־רינג כאָר, פון פעטערסאָנער געזאַנגס־פאַריין, פון י. מ. ה. א. כאָר, אַמאַלגאַמייטעד כאָר און פון די קינדער כאָרן פון די שלום עליכם שולן. ער איז אויך געווען אַ לאַנגע צייט דיריגענט ביי חזן יאָסעלע ראָזנבלאַט און אַנדערע חזנים.

ער האָט אָפט געשריבן אין דער יידישער פרעסע באַלערנדע אַר־טיקלען איבער דער געשיכטע פון יידישער מוזיק. ער האָט קאָמפּאָנירט מוזיק צו אַ העברעאישער אָפּערע „עזרא ונחמיה" און פאַרפאַסט אַנ׳אָפּערע אין יידיש א. נ. „שאול". געווען פּראָפעסאָר פון מוזיק אין „מאסטער אינסטיטוט אוו יונייטעד ארט". ער האָט פאַרפאַסט צענדליקער סינאַגאָגאַלע קאָמפּאָזיציעס פאַר סאָלאָ און כאָר. זיין קאָמפּאָזיציע פאַרן הימן פון „אַרבעטער רינג" איז געוואָרן פּרעמירט דורך אַ קאָנקורס. ער האָט אויך אַראַנזשירט אַנ׳אָפּערעטע פאַרן יידישן טעאַטער.

פון וויכטיקייט איז געווען זיין פאַרפאַסן דאָס ערשטע מאָדערנע לערן־בוך פון מוזיק אין יידיש א. נ. „האַרמאָניע" — אַ טעאָרעטישער און פּראַקטישער מוזיק לערער (1924) און „עלעמענטאַרער מוזיק לערער" (1928).

ער האָט פאַרפאַסט מוזיק צו פאָלגענדע פאָלקס־לידער:

משיח — דוד איינהאָרן, קירכן גלאָקן — א. רייזין, מאי־ליד — סארעריוועס, ס׳לויפן, ס׳יאָגן — נאַמבערג, אַרבעטער רינג הימן — ליעסין, אַ מאַשין — מ. ראָזענפעלד, העמערל — א. רייזין, אַכט קליינע ברידער — אלף כץ, בערל, בערל קום אַהער — נחום ייד, שפּילן מיר אין שניי — **ב. ביילין**, דער זינג מארינג — יהואש, הערבסט לידלעך — מאָריס ראָזנפעלד, די מוטער צום קינד — רייזין, עלענט — עדעלשטאַט, פעסט־לידער — י. באַוושאָווער, די סוועט־שאָפּ — מ. ראָזענפעלד, די שבועה, לייג איך מיין קעפּעלע, אַ פאַסטוכל, איך בין אַ בעל־עגלה, פרעגט די וועלט אַנ׳אַלטע קשיא, און מוזיק צו זאַמלונג פון יידישע פאָלקס געזאַנגען.

פאָזנער איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק אין סאַמע מיטן פון זיין שעפּפערישער אַרבעט אין עלטער פון 41 יאָר, — דעם 8־טן פעברואַר 1931.

אין דער „יידישער שטימע" פון 29־טן יוני 1956, געפינען מיר פאָלגענדע אָפּהאַנדלונג פון באַגאַבטן זשורנאַליסט וולאַדימיר גראָסמאַן:

**מיכאַעלא סינגאַלאָווסקאַ.** מיט וואָס פאַר אַ ליבע און צערטלעכ־קייט האָט סעגאַלאָוויטש געשילדערט אין זיין לעצטער גרויסער פּאָעמע

די „פאַרשווונדענע לאַנדשאַפטן" פונם אַלטן פאַרמלחמה׳דיקן פוילן, דאָס אַמאָליקע פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון יידן און פּאָליאַקן, צוגעבונדקייט פון יידן צו דער פוילישער ערד. די אידיליע פון די כלומרשט פאַרוואָרפענע כלומרשט אָפּגעשניטענע פון דער גרויסער וועלט יידישע ישובים אין די פוילישע שטעט, האָט געהאַט עפּעס אַ באַזונדערן כאַראַקטער, אַ באַזונדערן אַראָמאַט. אַ ספּעציעלער סאָרט יידישקייט איז דאָס געווען, אַ טיף פאַרוואָרצלטע יידישקייט, ווי אַן אַלטער גאָרטן מיט הונדערט־יאָריקע, זיך ווייט צעוואַקסענע ברייט פאַרצווייגטע ביימער. ביימער, וואָס האָבן געטראָגן זאַפטיקע, שטאַרקע פּירות, פון וועלכער דער גאַנצער יידישער כלל האָט גענאָסן.

אין איינער אַזאַ שטאָט, אין פּלאָצק, אין אַ זייט פון׳ם ברייטן שליאַך, אויף יענער זייט ווייסל, אָן אַן אייזנבאַן און אָן אַ טומל, איז געבוירן און אויסגעוואַקסן די ערשט פאַרשווונדענע מיכאעלא סינגאַלאָווסקאַ, געבוירן מיט דעם קלינגענדן נאָמען פראַנקענבערג, אַ זעלטענע געשטאַלט פון אַ יידיש־פּוילישער פרוי מיט אַ קאָפּ און מוח פון אַ יידיש־פּוילישן מאַן, מיט גאַנץ באַזונדערער יידישער גייסטיקייט, מיט גאַנץ ספּעציעלע יידישע קולטור־אינטערעסן, מיט אַן׳עקשנות אין אַ גאַנץ זעלטענער יידישער קולטור־אַרבעט.

פּלאָצק פאַרנעמט גאָר אַ חשובן פּלאַץ אין דער נייער יידישער קולטור געשיכטע. איך האָב געקענט מיט אַ פופציק יאָר צוריק עמיל מעיערסאָן, דעם אַמאָליקן פירער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט, שפּעטער איינער פון די וויכטיקסטע פילאָזאָפן פון זיין צייט, אַ זעלטענע פערזענלעכקייט מיט אַ קאָפּ, וואָס האָט געקענט דערמאָנען דעם קאָפּ פון מיקעל אנדזשעלא׳ס משה. מעיערסאָן איז געווען אַ פּלאָצקער. — פּלאָצק האָט געגעבן די וווּנדערבאַרע משפחה פון די גאָלדע׳ס. איין צווייג איז אַריין אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אַ צווייטער צווייג — אין דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די יונגע מיכאעלא האָט געהערט צו אַ פולשטענדיק אַסימילירטער יידישער משפּחה. מיר ווייסן, וואָס דאָס האָט געמיינט. די פּויליש־יידישע אַסימילאַציע האָט געהאַט איר אייגענעם פּרצוף: אויף קיין שום פאַל זיך נישט געוואָלט אידענטיפיצירן מיט דעם יידישן כלל. מען איז געווען מער פּויליש ווי די פּאָליאַקן אַליין. מען האָט געהאַסט די רוסישע „מאַסקאַלן" שטאַרקער ווי די פאַרביסנסטע פּאָלאַקן האָבן עס געטאָן. דער פוילישער נאַציאָנאַליזם מיט זיינע עלעמענטן פון מיסטיציזם און מעסיאַניזם, האָט פאַסצינירט און פאַרכאַפּט יידישע נשמות, געמאַכט פון זיי אַ באַזונדערן מין פון פוילישע פאַנאַטיקער.

דאָס יונגע מיידל האָט רעוואָלטירט קעגן דער דאָזיקער געשמאַק־לאָזער איינשטעלונג. די קאַפּאָטע מיטן קליינטשיקן היטעלע פונ׳ם פוילישן יידן, האָט זי געצויגן און זי טאַקע צוגעצויגן צו זיך. דער פוילישער ייד האָט נישט געהאַט קיין גרונט צו זיין באַהערשט פון אַ מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. נישט אומזיסט האָט דער דיכטער געזונגען „...ווינטערס און זומערס אַזויפיל צוזאַמען, פון יאָרן אַכט הונדערט און אפשר נאָך מער...״ די אַסימילאַציע איז אָבער יאָ געווען אַ קאָמפּלעקס. „איר וועט זען, האָבן פריינט פון דער פאַמיליע געזאָגט, זי וועט נאָך אַרומגיין מיט די קאַפּאָטעס...״ און זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט די קאַפּאָטעס...

אַ באַזוך פון י. ל. פרץ אין פלאָצק און די שטראַלנדע פערזענלעכקייט פון אונזער גרויסן דיכטער, זיין ברויזנדער גייסט, זיין באַצויבערנדער חן האָבן געמאַכט אַ גוואַלטיקן איינדרוק אויף דעם יונגן מיידל. דאָס איז געווען נישט נאָר אַן׳איינדרוק — דער איינפלוס פונ׳ם דיכטער איז געווען אַ דעצידירנדער. מיכאעלא ווערט אַ אייגענע אינ׳ם הויז פון י. ל. פרץ, ווו זי טרעפט די גאַנצע גרופּע פון יידישע דיכטער און שרייבערס, וועלכע זענען דענסטמאָל געוואָרן די שאַפער פון דער יידישער ליטעראַטור, שריי־בער ווי נאָמבערג, ליטעראַטור־היסטאָריקער ווי בעל־מחשבות. י. ל. פרץ איז אין יענע יאָרן געווען דער אמת׳ער צענטער פון נייער ליטעראַטור שאַפונג, דער גייסטרייכער צענטער, וואָס האָט אינספּירירט און גערופן צו אַקטיוויטעט די יידישע יוגנט. ווען נח פרילוצקי הויבט אָן אָרגאַניזירן די יידישע יוגנט, איז מיכאעלא פראַנקענבערג איינע פון זיינע אַקטיווסטע מיטאַרבעטערינס. ווען פלאָצק גרינדעט אַ יידישן פאָלקס־אוניווערזיטעט, ווען פלאָצק בויט אַ יידישע ביבליאָטעק, איז מיכאעלאַ פראַנקענבערג צווישן די אַקטיווסטע טוערינס.

עס זענען געווען די צייטן, ווען דער „בונד״ און אַנדערע יידישע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָבן געזוכט צו פאַרנעמען די יידישע גאַס און הייסע דיסקוסיעס צווישן די פאַרשידענע פאַרטיי־רעדנערס האָבן געהאַט אַ וויכטיקן אָרט אין דעם יידישן סדר־יום. איינער פון די וויכ־טיקסטע דעבאַטאַרן אויף די דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען איז געווען אהרן סינגאַלאָווסקי, באַקענט דענסטמאָל אַלס דער ס.ס׳ישער גלענצענדער רעדנער אהרן טשענסטאכאָווער...

עס זענען אַוועקגעגאַנגען פערציק־פופציק יאָר פון יענע צייטן און עס זעט אויס אַזוי ווי עס וואָלט אַלץ געווען מיט הונדערט יאָר צוריק. וויפיל וועלט־קאַטאַסטראָפעס, וויפיל פערזענלעכע פריידן און אומגליקן, וויפיל ענדערונגען! — אַ נייע וועלט, נישט קיין בעסערע, אָבער אַן׳אַנדערע, גאָר אַן׳אַנדערע, איז געבוירן געוואָרן...

מיר האָבן זי אַלע גוט געקענט, די דאָזיקע אריגינעלע, באַרעדעווו־דיקע פרוי — אין בערלין, אין פּאַריז, אין זשענעווע. זי האָט געהאַט אירע אייגענע אידעען און נאָר וועגן זיי האָט זי שטענדיק עקשנות׳דיק גערעדט. זי האָט גערעדט אַ סך און מ׳האָט געמוזט הערן, וואָס זי האָט געהאַט צו זאָגן, נישט דאָס וואָס איר וואָלט אפשר געוואָלט אַריינזאָגן. עס איז געווען גאַנצקייט אין איר פּערזענלעכקייט: האָט זי געגליכן אַ מענשן, איז עס געווען ביז גאָר און פאַרקערט דאָס אייגענע. זי האָט געהאַט איר אייגענעם צוועק אין לעבן און נאָר פאַר דעם צוועק האָט זי געלעבט און געאַרבעט. זי האָט קלאָר געוווסט, וואָס זי טוט.

מען רופט עס אָן, די אַרבעט, וועלכע זי האָט אָפּגעגעבן די לעצטע יאָרן פון איר לעבן. אַן „ענציקלאָפּעדיע״ פון דער ראָלע פון דער יידישער פרוי אין דער קולטור־געשיכטע. אַן ענציקלאָפּעדיע איז אַ פיינע זאַך, אָבער אַ טרוקענע. מיכאעלאַ סינגאַלאָווסקאַ האָט אין דער אַרבעט אַריינ־געלייגט אַזויפיל פייער, אַזויפיל אַקטיוון אינטערעס צוזאַמען מיט אַ גרויסן וויסן, אַז דאָס קען נישט זיין קיין טרוקענע אַרבעט. דאָס ווערק, וואָס זי האָט זיך געגרייט באַלד נאָך דער קראַנקהייט צו פאַרענדיקן, פאַרמאָגט אַ רייכן היסטאָרישן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן אַנ׳ערך צוויי טויזנט יידישע פרויען־געשטאַלטן. עס איז אַ ריזיקער וויסנשאַפטלעך־קאָנטראָ־לירטער מאַטעריאַל. ווי אַ בין, וואָס זאַמלט אומבאַמערקט דעם זאַפט פון די בלומען, אַזוי האָט מיכאעלאַ סינגאַלאָווסקאַ אָנגעזאַמלט איר שטאָף: טאָג־אויס טאָג־איין, יאָר־אויס יאָר־איין. און עס איז געוואָרן צוזאַמענ־געבראַכט אַ זעלטענער אוצר פון יידישער קולטור־געשיכטע, געזען דורך די בלעטער פון דער געשיכטע פון דער יידישער פרוי.

זי האָט געוווסט, די מערקווירדיקע טאַלענטירטע יידישע פרוי, אַז אירע טעג זענען געציילטע און ביז צו די לעצטע טעג האָט זי זיך געגריבלט אין אירע מאַטעריאַלן. נישט קיין מצבה, נאָר אַ טייערן דענק־מאָל האָט זי אויפגעשטעלט פאַר דער יידישער פרוי. דאָס וועט אויך זיין דער דענקמאָל נאָך דער יידישער פרוי פון פּלאָצק — מיכאעלאַ סינגאַלאָווסקאַ!

**אַבּרהם קראַטאָשינסקי** איז געבוירן אין פּלאָצק ביי אַ פאָטער אַ בלעכער. אין 1912, האָט ער, צוזאַמען מיט זיין ברודער יוסף, עמיגרירט קיין אַמעריקע. דאָ איז ער געוואָרן אַ באַרבער און געאַרבעט אויף דער איסט־סייד. ער איז געווען אַ שטילער, איידעלער מענש, מיט אַ פריינטלעכן שמייכל.

ווען אַמעריקע האָט מאָביליזירט דאָס מיליטער אַריבערצושיקן צום מערב פראָנט, איז קראַטאָשינסקי אַוועק אַ פשוטער סאָלדאַט. זיין רעגי־מענט איז געווען צווישן די, וואָס דער שונא האָט אָפּגעשניטן פון דער

דעוויזיע און זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, אין דעם אַראַגאָן־וואַלד אין פראַנקרייך. זיי זענען באַקאַנט געוועז אַלס „דער פאַרלוירענער באַ־טאַליאָן". ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר זיי זאָלן אַלע אומקומען אָדער ווערן געפאַנגען. צווישן די געפאַנגענע האָט מען אָנגעהויבן פּלאַנירן וועגן און מיטלען זיך אַרויסצורייסן פון די רייען כדי צוצוקומען צו די אַנדערע באַטאַליאָנען פון זייער רעגימענט. קראָטאָשינסקי איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן וואָלונטירט פאַר דער געפערלעכער מיסיע, וואָס האָט געשמעקט מיט טויט. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר, ער האָט געהויזט אין לעכער און הינטער קוסטעס; איינמאָל ווען ער האָט דערזעען אַ דייטשן אָפיציר אָנקומען אַנטקעגן, האָט ער זיך אויסגעצויגן און זיך געמאַכט טויט. דער דייטש האָט מיטן פוס אַ טראָט געטאָן אויף זיין האַנט, געווען זיכער אַז ער איז טויט און אַוועק ווייטער. קראָטאָשינסקי האָט דורכגעבראָכן די דייטשע „וואַנט" און זיך דערשלאָגן צו די אַמערי־קאַנער רייען. אויף מאָרגן האָט קראָטאָשינסקי געפירט דעם באַטאַליאָן אין דער ריכטונג פון שונא און אַזוי אַרום געראַטעוועט דאָס לעבן פון מאַסן סאָלדאַטן.

ווען די געשיכטע פון זיין העלדישקייט האָט דערגרייכט ניו־יאָרק, איז ער געוואָרן באַערט מיט דער העכסטער מיליטערישער אויסצייכנונג, פאַר וועלכער גענעראַל פּערשינג אַליין האָט אים רעקאָמענדירט. אין היסטאָרישן פּאַראַד פאַר די צוריקגעקומענע, האָט קראָטאָשינסקי מאַרשירט אין די ערשטע רייען און הינטער אים די טויזנטער לעבנס וואָס ער האָט געהאָלפן ראַטעווען. ער איז געוואָרן פּראָקלאַמירט אַלס ניו יאָרקס גרעס־טער העלד אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 60 יאָר.

**מרדכי קאַשיקעוויטש** איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק ביי אַ פאָטער אַ גמרא־מלמד, וועלכער האָט באַקומען סמיכה פון ר׳ לייבעלע ראַקאָווסקי. ער האָט באַקומען אַ רעליגיעזע ערציאונג. ווערנדיק אַ שלאָסער־אַרבעטער ביי סאַרנען אין פאַבריק און אָנהויבנדיק זיך צו אינטערעסירן מיט דער אַרבעטער באַוועגונג, איז ער שנעל מיטגעריסן געוואָרן אין זייער טעטיקייט. הויפּטזעכלעך האָט ער זיך געווידמעט קולטור־אַרבעט צווישן אַרבעטער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טעמפּעראַמענט־פולער טעטיקייט און געוואָרן פון די וויכטיקסטע קולטור־טוער אין שטאָט. מרדכי איז געווען אַ דינאַמישער מענטש, גוטער רעדנער און אויך פון טבע אַ שטענדיקער אָפּאָנענט. וואָרצלענדיק טיף אין קערנדיקן יידישן לעבן, האָט ער שטענדיק געפונען חסרונות ביי אַלע פּאַרטייען און אידעאָלאָגיעס. ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינ׳ם אָרגאַניזירן דאָס געזעלשאַפט־

לעכע לעבן אין פּלאָצק, בפרט צווישן די אַרבעטער. ער איז געגאַנגען אין היימען פון אַרבעטער און דאָרט זיי געלערנט יידיש לייענען, טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ „פרייער", האָט ער געגרינדעט אַנ׳אַזוי־גערופענעם „חדר" פאַר יידישע אַרבעטער ווו מ׳האָט מיט זיי געלערנט חומש און רש"י. די לערער זענען געווען יוסף איינשטיין און שארעבאַר. ער איז געווען צווישן די גרינדער פון די עס־עס אין פּלאָצק און שפּעטער אַ נאָנטער חבר פון ש. ניגער און י. לעשצינסקי. ער האָט פיל צייט אַוועק־געגעבן דער אַרבעט פאַרן „הזמיר". ער האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ פאַך־שולע אין פּלאָצק. קומענדיק קיין וואַרשע, איז ער געווען אַנ׳אַריינ־גייער ביי פּרץ׳ן. זייענדיק באַפריינדעט מיט אַפּאַטאָשו, האָט ער אַריינ־געפירט אַפּאַטאָשו׳ן צו פּרץ׳ן אין הויז.

מרדכי ק. איז געווען אַ זער ערלעכער און אויפריכטיקער אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ס׳איז געווען ביי אים אַ גרונט־פּרינציפּ, צו אַרבעטן געזעלשאַפטלעך באמונה שלמה.

קומענדיק קיין אַמעריקע, איז ער ווי אויסגעוועפּט געוואָרן פון דער ברייט־פאַרצווייגטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זיינער. ער איז גע־שטאַנען אין אַ זייט פון עפנטלעכן לעבן. פיל פון זיינע פריינט, וועלכע האָבן פאַרנומען שפּעטער אַ גרויסע פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור און געזעלשאַפט בכלל, האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס מיט מרדכי׳ן איז געוואָרן. ער האָט געשריבן מעמואַרן, וועלכע זענען פאַרלוירן געגאַנגען נאָך זיין טויט. ער איז געשטאָרבן אין 1946 אין עלטער פון 68 יאָר.

מרדכי׳ס ברודער בנימין, איז אויך געווען אַקטיוו אין דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג. ער איז פרי אַוועק פון פּלאָצק, געאַרבעט אַ צייט אין וואַרשע און אַרום 1904 געקומען קיין אַמעריקע. בעת זיין אומלעגאַ־לער אַרבעט, איז ער אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן 16 חדשים אין לוקישקער טורמע אין ווילנע, פאַר העלפן דרוקן אַ אומלעגאַלע מענשע־וויסטישע צייטונג. ער איז געזעסן אין טורמע מיט זרובבל, אלגין, ליטוואק א. א.

**יצחק יעקב אשכנזי** אַ אָנגעזעענער „מזרחי" טוער, האָט אַרויסגע־געבן אין פּלאָצק צוויי ביכער. 1) „היהדות וארץ־ישראל", וואָס איז דערשינען אין 1927, געדרוקט אין דער דרוקעריי פון קופּער און טאהב, — איז געווידמעט דער מזרחי אידעאָלאָגיע. אין דער הקדמה צום ספר שרייבט אשכנזי: „די שיטה פון רעליגיע און נאַציאָנאַליזם, ווילן מיר פאָרטזעצן ביים אויפבוי פון אונזער נאַציאָנאַלער היים אין א"י. מיר דאַרפן נישט דערווייטערן פון דער אויפבוי־אַרבעט די נישט־רעליגיעזע. די אַרבעט

פון די פרייע חלוצים איז אַ נויטווענדיקייט, ווייל זיי זענען אַ וויכטיקער גורם אין אויפבוי פון לאַנד".

זיין צווייט ספר „ההלכה וההיסטוריה" — אויך געדרוקט אין פלאָצק — זענען, ווי ער שרייבט אין דער הקדמה, „וויסנשאַפטלעכע פאָר־שונגען און היסטאָרישע איבערבליקן איבער משניות און די הלכות וואָס געפינען זיך אין פרקי מסכת אבות". דאָס בוך האָט צוויי טיילן.

י. י. אשכנזי איז אויך געווען אַ גוטער רעדנער און געוואָרן רעס־פעקטירט פון יעדן. זיין חיונה האָט ער געצויגן פון אַ קאָנפעקציע געשעפט אויף טומסקאַ גאַס. ער איז געווען צווישן די גרינדער פון פלאָצקער „מזרחי" אין 1917. דער אייגנטליכער אינציאַטאָר פון דער „מזרחי" אָרג. אין פלאָצק איז געווען, דער פון אַלעמען באַליבטער פלאָצקער רב, יונה זלאָטניק.

**יונה מרדכי זלאָטניק** איז געוואָרן געוויילט אַלס רב אין יאָר 1917. אין ספר זכרון וואָס איז דערשינען אין קאַנאַדע, תרפ"ו, ווערט ער כאַראַקטעריזירט: „סופר מהיר, איש ישר וטהר לב, לא הסית דעותיו מיראת אנשי לשון ועושה הרבה לטובת בנין הארץ".

ער איז געוואָרן רב, ווען הרב ליפשיץ האָט פאַרלאָזן פלאָצק. ער איז אַ ברודער פון י. ל. זלאָטניק (עליזעט).

געבוירן איז יונה מרדכי זלאָטניק אין פלאָצק אין תרי"ח — 1858, אַ זון פון די „אַלעיאַרניע" אייגנטימער אויף דער ברייטער גאַס. אַ שוועס־טער זיינע חיה'לע, וועלכע האָט התונה געהאַט מיט קאַוואַדלאַ, איז געווען טעטיק פאַרן ציוניזם אין פלאָצק.

איידער ער איז געוואָרן פלאָצקער רב, האָט ער פאַרנומען כסא־הרבנות אין שרענסק און זאַקראַטשים.

אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, איז ער געבליבן „שטעקן" מיט פיל אַנדערע יידן אין קאַרלסבאַד ווו ער איז געווען אויף אַפּרוּ און זיך נישט געקענט צוריקקערן קיין פלאָצק צוליב די קריגס־אומשטענדן. דאָרט האָט ער געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די יידן, וועלכע זענען געבליבן אָוועקגעריסן פון זייערע היימען און געווען אָן מיטלען צום לעבן.

הרב זלאָטניק האָט גענאָסן גרויס אַכטונג פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג פאַר זיין טעטיקייט לטובת הכלל. ער האָט געגרינדעט דעם „מזרחי" אין פלאָצק.

ער איז געשטאָרבן אַ קורצע צייט נאָכן טראַגישן טויט פון רבי שאַפּירא. די באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש און די עקזעקוציע פון רבין, האָבן אים פאַרקירצט די יאָרן. די שטאָט איז געווען אין טיפן טרויער

צוליב זיין טויט. מענער און פרויען האָבן געוויינט, געוויור ווערנדיק פון זיין פּטירה.

**הרב איידלבערג מרדכי דוב** איז געבוירן אין תרמ״א אין ביאַליס־טאָק. געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות און אויך ביים חפץ חיים. נאָכן חתונה האָבן, איז ער אַוועק קיין וואָלאָזשין און דאָרט געלערנט 5 יאָר ביים גאון ר׳ רפאל שפּירא. זיין ערשטע כסא־הרבנות האָט ער פאַרנומען אין שטעטל ליסקאָווא (ליטע). זיין ערשטער ספר „דובב שפתי ישנים״ איז געווען געווידמעט הלכה און אגדה. איבערגעבנדיק דעם ספר צום דרוקן אין פּאָלטאַווע, איז דאָרט דער כתב־יד פאַרברענט געוואָרן בעת אַ שרפה אין דער דרוקעריי.

אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג איז ער געוואָרן רב אין ניקאָלאַיעוו (כערסאָנער קרייז). אין די טעג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז הרב איידלבערג געוואָרן אַרעסטירט דורך דער קאָמוניסטישער מאַכט. ווען ער איז עטלעכע טעג שפּעטער באַפרייט געוואָרן, האָט דער הויפּט־קאָמיסאַר אין דער שטאָט פאַרעפנטלעכט אין דער דאָרטיקער צייטונג אַ נאָטיץ, בעטנדיק אַנטשולדיקונג ביים רב, וואָס ער איז דורך אַ טעות געוואָרן אַרעסטירט. דער פאַל פון איבערבעטן אַ רב, איז געווען אַ זעל־טענער אין דער צייט פון דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש.

פון רוסלאַנד איז ער אַוועק קיין ביאַליסטאָק, ווו ס׳איז אַרויס זיין ספר „חזון למועד״, אַ שאלות ותשובות ספר איבער ענינים וואָס זענען ביי יידן דאַן געווען אַקטועל. אַנדערע דריי טיילן פונ׳ם ספר זענען שפּעטער דערשינען אין פּלאָצק.

ער איז שפּעטער געווען רב אין סוויסלאָוויטש און מאקאָוו. אין פּלאָצק איז ער געוואָרן רב אין 1928.

אויסער זיינע רעליגיעזע פליכטן לגבי קהל, האָט ער זיך פאַראינ־טערעסירט מיט די נויטבאַדערפטיקע. אין דער גמינע האָט מען געוווּסט אַז דער רב פירט אַ „פנקס חשבונות״, ווו ער שרייבט אין זיין געהאַלט און אַנדערע הכנסות, כדי ער זאָל וויסן גענוי וויפל מעשר צו געבן. די אָרעמעלייט האָבן שוין געוווּסט ווען ער קריגט זיין חדש׳לעכן געהאַלט.

אַז ער איז געוויור געוואָרן, אַז אַ ייד האַלט זיין געשעפט אָפן שבת, איז ער שבת נאָכן דאַווענען אַהינגעגאַנגען און זיך דאָרט אַוועק־געשטעלט פאַר דער טיר, ביז דער אייגנטימער איז פאַרשעמט געבליבן און פאַרמאַכט די קראָם.

ער איז געווען אַ חבר פון ועד הפועל פון אגודת הרבנים אין פּוילן. דריי זין זיינע האָט ער געשיקט לערנען אין אַ ישיבה אין ארץ־ישראל. אין 1930 האָט ער באַזוכט א״י און געווען טיף באַווירקט פונ׳ם לאַנד.

מ׳האָט אים דאָרט פאַרגעלייגט ווערן רב אין פתח־תקוה. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון, האַלטנדיק אַז ער האָט נאָך פיל אַרבעט צו טאָן אין פלאָצק. טרעפנדיק זיך מיט הרב קוק, האָט ער אים דערציילט וועגן זיין באַגייסטערונג ווען ער האָט געזעען אַ יידישן פויער אַקערן זיין פעלד. דערויף האָט אים הרב קוק געענטפערט, אַז ווען ער האָט דערזעען אַ ייד אַקערן זיין ערד אין א״י, האָט ער געוואָלט, נישט נאָר דעם ייד קושן, נאָר אויך זיין בהמה, וואָס האָט געשלעפּט דעם אַקעראייזן.

ווען די דייטשן האָבן אקופּירט פלאָצק, איז ער אין אַ פויערישן וועגעלע אַוועק מיט אומוועגן קיין וואַרשע, פון דאָרט איז אים געלונגען קומען קיין לאָמזשע, וואָס איז געווען אקופּירט פון די רוסן. מורא האָבנדיק פאַר אַרעסט, איז ער פון לאָמזשע אַנטלאָפן קיין ווילנע. ער האָט זיך דאָרט באַמיט צו באַקומען פּאַפּירן צו קענען פאָרן קיין א״י, אָבער עס איז אים נישט געלונגען. פון ווילנע איז ער אַוועק קיין לאַכאָוויטש, ווו ער האָט, מיט דער גאַנצער אומגליקלעכער עדה יידן, געליטן צרות און הונגער. ווען די דייטשן זענען אַריין אין לאַכאָוויטש, האָבן זיי ברוטאַל פאַרניכטעט די יידישע באַפעלקערונג. אין חשון תש״ב (1942) האָבן די דייטשן פאַרניכטעט די רעשטלעך געבליבענע יידן אין שטעטל.

צווישן די דערשאָסענע לאַכאָוויטשער יידן איז אויך געווען פלאָצק׳ס לעצטער רב ר׳ מרדכי דוב אײדלבערג.

**ד״ר שלמה איידלבערג** איז דער זון פון פלאָצקער רב ר׳ מרדכי דוב איידלבערג. ער האָט שטודירט אין ישראל אין העברעאישן אוניווערסיטעט. אין צייט פון באַפרייאונגס־קריג אין ישראל, איז ער געווען לוטענאַנט אין חיל־רגלי פון דער ישראל אַרמיי און אנטיילגענומען אין אַ ריי קאַמפן אַרום ירושלים. ער האָט באַקומען אַ מעדאַל פון דער רעגירונג פאַר זיין אָנטייל אין די קאַמפן אַרום ירושלים.

ער האָט זיך באַטייליקט אין פיל זשורנאַלן און פּעריאָדישע אויסגאַבן, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אַרבעטן געווידמעט געשיכטע־פאָרשונג. ער האָט געשריבן אין „מידסטרים״, דזשואיש קוואַרטערלי רעוויו״, „היסטאָריא דזשודאַיקאַ״, „הדואר״, „בצרון״, „ציון״, „סיני״, „סורא״, „תלפיות״ א. אַ. ער האָט זיך מיטבאַטייליקט אין „ספר הישיבות״, וואָס איז דערשינען דורך דער „הסתדרות עברית״ און אין דער „אנציקלופדיה גלויות״ — בריסק, אונטער דער רעדאַקציע פון א. שטיינמאַן. ער האָט אויך געשריבן אין „קאַנאַדער אדלער״.

קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין 1952. אין ניו יאָרק איז ער אַסיסטענט־פּראָפעסאָר פאַר העברעאישער ליטעראַטור און געשיכטע אין שטערן־קאָלעדזש פאַר פרויען ביי דער ישיבה אוניווערסיטעט.

אין 1955 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך „תשובות רבנו גרשום מאור הגולה". ער פרווט אין בוך באַלויכטן די עפּאָכע אין וועלכער עס האָט געווירקט רבנו גרשום. דער מחבר האָט פיל אַרבעט אַריינגעטאָן אין דעם בוך. האָבנדיק דעם חוש פאַר גרינטלעכער פאָרשונג, גיט ער אויפקלערונגען צו די תשובות פון רבנו גרשום און ברענגט אַ שלל פון מקורות פאַר דער פאָרשונג פון יענער עפּאָכע, כדי צו געבן אַ בילד פון יידישן לעבן אין יענער צייט, וועלכע איז אונז נישט פיל באַקאַנט. דאָס בוך האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג פון דעם ניומאַן־פאָנד ביי דער הסתדרות־עברית אין אַמעריקע. וואַרעמע רעצענזיעס אויפן בוך זענען אויך דערשינען אין דער פּרעסע.

זיין ניי בוך, אין ענגליש א. נ. „די יידן אין דייטשלאַנד און עסטרייך אין 15־טן יאָרהונדערט", דאַרף דערשיינען אין 1960. ס'איז אַ גרעסערער ווערק וועלכער שילדערט דאָס רעליגיעזע און סאָציאַלע לעבן פון די יידן אין 15־טן יאָרהונדערט.

**משה (מארק) גראַבאַרד** האָט פאַרלאָזן פּלאָצק אין עלטער פון 17 יאָר און עמיגרירט צוזאַמען מיט זיינע עלטערן קיין אַמעריקע. ער איז געווען צווישן די גרינדער פון דער קולטור־געזעלשאַפט „פרייהייט" אין פּלאָצק. באַקומען דאָקטאָר־פילאָזאָפיע דיפּלאָם פון קאָלאָמביע־אוני־ווערסיטעט. ביא־כעמיע איז דער געביט וועלכן ער האָט זיך געווידמעט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי ווערק איבער גענעטיק, פיזיאָלאָגיע א. אַ. וועלכע ווערן געניצט אין הויכשולן, ווי:

1) Man the slave and master. 2) Man's food: its rhyme or reason. 3) Astrology and alchemy: two fossil sciences. 4) The foundations of life sciences.

ער האָט באַקומען פאַרשידענע אויסצייכנונגען פאַר זיינע פאָרש־אַרבעטן. צ. א. פון דער „נעשאָנעל ריסוירטש קאונסיל" און פון „פינעי־האַועל קענסער פאָרש־אינסטיטוט".

אויף די וויסנשאַפטלעכע געביטן איז ער געווען אוניווערסיטעט־אינ־סטרוקטאָר. אין 1941 האָט אים די רעגירונג באַשעפטיקט ביי וויסנשאַפט־לעכע פאָרש אַרבעט. ער האָט דורכגעמאַכט אַ רייזע, צו שטודירן שפּייז־מנהגים ביי ווילדע פעלקער, און אויף דעם געביט פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרבעטן. זיין פאָטער איז געוואָרן רב אין די בראָנקס. משה גראַבאַרד האָט חתונה געהאַט מיט י. אפּאטאשו'ס אַ שוועגערין.

אינטערעסאַנט איז די פּאָליטישע אָנשויאונג פון דעם אַמאָל אין זיין יוגנט „לינק" געשטימטן גראַבאַרד און זיין בליק אויף דער צוקונפט פון דער מענשלעכער ראַסע. אין אַ בריוו צום שרייבער פון די שורות לייענט זיך צ. אַ.:

„לײדער, גלויב איך, אַז דעם מענטשנס פאַרניכטונג פון זײַן אײגע־נעם מין הויבט זיך ערשט אָן און אין דער צוקונפט וועט עס אָננעמען גרעסערע און מורא׳דיקע פאָרמען. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט בלוט־דורשטיקע מענטשן ווי מאַרקס און ענגעלס און געוואָרן פאַרטגעזעצט פון באַנדיטן ווי לענין און סטאַלין. שפּעטער איז עס אָנגעגאַנגען נישט אין נאָמען פון קלאַסן־האַס, נאָר פון ראַסן־שנאה דורך היטלער׳ן. ווי עס זעט אויס וועט עס אָנגיין ווייטער. פלאָצק וועט האָבן געוועזן נאָר אַ טראָפּן אין ים פון בלוט. דער מענטש וועט ווידער אָן אויפהער שניידן דעם צווייטן מענטשנס האַלז און שטענדיק אין נאָמען פון גערעכטיקייט. אַזוי זעט עס אויס אָנצוגיין פאַר אַ לאַנגע צייט״.

מאַרק גראַובאַרד איז יעצט פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט פון וויסקאָנסין אין מינעאַפּאָליס.

אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, צייכנט זיך אויס אַ צווייטער פלאָצקער — ראובן פאַקולאַ. ער האָט געענדיקט לעמבערגער אוניווערסי־טעט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. אין צייט פון קריג האָט ער זיך געפונען אין רוסלאַנד. צוליב זײַן גרויסער שפּראַכן־קענטענישאַפט, האָבן אים די רוסן אויסגענוצט צו טאָן איבערזעצונגס־אַרבעט. נאָכן קריג איז ער צוריק־געפאָרן קיין וואַרשע און זיך געווידמעט מיקראָביאָלאָגישע פאָרשונג. רעזולטאַטן פון זײַנע פאָרש־אַרבעטן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן אין פּוילן, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער. ער איז געווען פּראָפעסאָר אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

צו אַ הויכער פּאָזיציע אין פּוילן (נאָכן צווייטן וועלט־קריג) — האָט דערגרייכט מיכאל קעניגסבערג. זײַן פאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן פאַרן קריג, איז געווען שותף צו דער מיל ביי די בעלסקער ראגאטקעס. צוליב זײַנע גרויסע קענטעניסן אויפן געביט פון געזעץ, האָט ער דער־גרייכט צו דער הויכער פּאָזיציע פון ריכטער אין העכסטן געריכט אין פּוילן. זייענדיק אויף זײַן הויכן אַמט, האָט ער אַרויסגעוויזן זײַן טיף מענטשלעכע באַציונג און אויך אינטערעס, צו אַלעס וואָס האָט אַ שייכות צום יידישן פלאָצק פון אַמאָל, זאָרגנדיק, אַז די געשיכטע פון יידישן פלאָצק זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן. ער איז געווען באַפריינדעט מיט יידישע שרייבער און קינסטלער און געבליבן אַ וואַרעמער ייד און מענטש.

זײַן ברודער קובא קעניגסבערג, איז געווען אַקטיוו אין דער פלאָצ־קער „פּועלי־ציון״ פּאַרטיי נאָך זײַן צוריקקומען פון פראַנקרייך, וווּ ער האָט שטודירט אין פּאַריזער אוניווערסיטעט. קובא קעניגסבערג האָט אָנ־געשריבן אַ בוך אין פראַנצויזיש, וועגן דער געשיכטע פון „יידישן נאַציאָנאַל־

פאָנד". דאָס איז דערשינען אין די דרייסיקער יאָרן אין פּאַריז. קובא קעניגסבערג איז אומגעקומען אין אַ פאַרשיקונגס־לאַגער.

אַקטיוו אין דער „הסתדרות" אין ישראל איז אליהו פּאפּירטשיק, איינער פון די וועטעראַנען פון דער חלוצישער באַוועגונג אין פּלאָצק. ער איז מיטגליד פון אַרבעטער־ראַט פון דער הסתדרות אין חיפה. אויך יהושע ראָזענבלום (דזשאדעק), וועלכער האָט באַקומען זיין חלוצישע דער־ציונג אין פּלאָצקער „החלוץ־הצעיר", פאַרנעמט אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט אַלס סעקרעטאַר פון די „פועלי מתכת" אין חיפה (מעטאַל־אַרבעטער יוניאָן) — איינע פון די וויכטיקסטע יוניאָנס אין דער „הסתדרות".

**בערעק זעליגמאַן.** מיט ליבע ווערט דורך חברים אין ישראל דער־מאָנט דער נאָמען פון בערעק (דוב) זעליגמאַן. אין פּלאָצק איז ער געווען אינסטרוקטאָר פון גימנאַסטיק אין לערן־אַנשטאַלטן און אין „מכבי". ער איז אויך געווען צווישן די גרינדער פון „מכבי" אין פּלאָצק אין 1916, בעת דער דייטשער אקופּאַציע. ער האָט באַלאַנגט צו אַסימילירטע קרייזן און נאכער באַקומען אינטערעס אין ציוניזם. בעת׳ן אַנטשטיין פון פועלי־ציון — צעירי־ציון אין פּלאָצק, איז ער געוואָרן אַ חבר און אין 1925 עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אין א״י האָט ער געטאָן פאַרשידענע אַר־בעטן און זיך פאַרנומען מיט ספּאָרט־טעטיקייט אין זיין פרייער צייט. אין די דרייסיקער יאָרן, איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון אַ גרויסן קאָאָפּע־ראַטיוו פון סטאָליאַרעס ביי בוי־אַרבעט. אין דער זעלבער צייט, איז ער געווען טעטיק אין דער הגנה. ער האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ ספּעציאַליסט פון לייכט געווער. זייענדיק פאַרטאָן אין דער „הגנה"־טעטיקייט, האָט ער פאַרנאַכלעסיקט דעם סטאָליאַר־קאָאָפּעראַטיוו, אַזוי אַז מיט דער צייט האָט ער זיך נאָר אָפּגעגעבן מיט „הגנה" טעטיקייט. ער איז געווען צווישן די. וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן די „הגנה" מיט געווער אין דער צייט פון דער ענגלישער ממשלה אין א״י. עס איז געווען אַ פאַראַנט־וואָרטלעכע אויפגאַבע אין די אומשטענדן פון יענער צייט ווען די ענגלישע פּאָליציי האָט געניסטערט און געזוכט באַהאַלטן געווער.

אין דער צייט פון באַפרייאונגס־קאַמף איז ער געווען דער ממונה פאַר די געווער מאַגאַזינען אין תל־אַביב און אין אַנדערע קאַמפּס־פּלעצער. אין אַ קורצער צייט האָט ער דערגרייכט צו אַ הויכער ראַנג אין צה״ל. ער אז געווען זער באַליבט ביי די טוער און קעמפער פון דער „הגנה", זייענדיק אַ פּינקטלעכער און אַרבעטסזאַמער און גוטער חבר צו יעדן. מיט באַזונדערע חברשאַפט האָט ער זיך באַצויגן צו ניי־געקומענע עולים פּלאָצקער. אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט איז ער געפאָרן אין אויסלאַנד אין שליחות פון דער ישראל־אַרמיי.

וואָלט ער געלעבט צווישן אונז היינט, וואָלט ער זיכער פאַרנומען אַ וויכטיקן אָמט צווישן די פאַרטיידיקונגס־כוחות פון ישראל. לײַדער איז ער פריצייטיק געשטאָרבן.

אַ אָנגעזעענער זשורנאַליסט אין דער סאָוועטישער פרעסע איז געווען משה קאָוואַלסקי, אַ זון פון איינעם פון די גרינדער פון „אגודת־ציון" אין פלאָצק — אהרון בעקער. אין זיין יוגנט איז מ. קאָוואַלסקי געווען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פלאָצק.

**משה אינדעלמאַן** איז געווען אַ צייט לערער פון דער יידישער גימנאַזיע אין פלאָצק. וווינענדיק דאָרט, האָט ער געהאָלפן אין דער גרינדונג פון „השומר־הצעיר" אין שטאָט. די דאָזיקע סקויטן־אָרגאַניזאַציע, איז דעמאָלט געווען די גרעסטע יוגנט אָרגאַניזאַציע אין פלאָצק. אינדעלמאַן האָט אָנגעפאַנגען זיין ליטעראַריש־זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין וואַרשעווער „הצפירה" גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. שפּעטער איז ער געוואָרן סעקרעטאַר פון „העולם", אָרגאַן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. צוריקקערנדיק זיך פון בערלין קיין וואַרשע, ווערט ער מיטאַרבעטער פון „היינט" און פון 1931 ביז'ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערט ער רעדאַקטאָר פון „היינט". ערב היטלערס בלוטיקער אָקופּאַציע ראַטעוועט ער זיך קיין ארץ־ישראל, וווּ ער האָט געשריבן ליטעראַרישע עסייען אין פאַרשידענע צייטשריפטן. פון 1942 ביז 1957 ווערט אינדעלמאַן (וועלכער האָט געענדערט זיין נאָמען אויף ינון) הויפּט רעדאַקטאָר פון „מוסד ביאַליק". זינט 1957 וווינט ער אין ניו יאָרק. אין 1959 ווערט ער רעדאַקטאָר פון „הדואר" אין ניו יאָרק.

דירעקטאָר פון גימנאַזיע ווו אינדעלמאַן איז געווען לערער, איז אַ פּאָר אַ צייט געווען פּאָזנער. אַ באַגאַבטער דערציער און דיכטער. ער האָט געדרוקט אין 1926 (אין פּויליש) אַ בוך לידער ווו ער שילדערט סאַרקאַסטיש די מעשים תעתועים פון דער „פּוילישער פּאָליציי אין ווייסע הענטשקעס". און פון דער אַנטיסעמיטישער מאַכט בכלל. דאָס בוך איז געוואָרן דורך דער מאַכט קאָנפיסקירט.

אין דער פלאָצקער יידישער גימנאַזיע האָט געלערנט יעקב צדקוני (רעכטמאן), וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ שרייבער און קולטור־טוער אין ישראל. ער איז געווען אַ חבר פון די „צעירי־ציון" און האָט אָנגעפירט מיט אַ קבוצה וואָס האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אין 1923 האָט ער רעדאַגירט אַ פּויליש ליטעראַריש זאַמלבוך "Mloda Sztuka". קיין א"י איז ער עולה געווען אין 1924.

זינט דעם אַנטשטיין פון ייווא, איז ער טעטיק פאַר דעם אינסטיטוט. אין 1946 איז ער געוואָרן באַשטימט ווי דער פאַרטרעטער פון די ייווא־

אינטערעסן אין ישראל. ער באַטייליקט זיך אויך אין ייוו״א שריפטן. ער איז אויך מיטאַרבעטער פון „דבר״, זינט זיין גרינדונג אין 1925. אין 1923 איז ער געווען צווישן די גרינדער פון דעם אַרכיוו און מוזעאום פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין א״י. צוזאַמען מיט אַנדערע קולטור־טוער און שרייבער, האָט ער אָרגאַניזירט אין ישראל דעם אינסטיטוט פאַר פאָלקלאָר־פאָרשונג „ידע עם״ און האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן לאַנד צוזאַמענפאָר פון פאָלקלאָריסטן אין טבריה אין 1948.

**אברהם זעליג כאנאכאָוויטש** איז געבוירן אין יאָר 1909 אין פלאָצק ביי רעליגיעזע עלטערן. ער האָט געלערנט אין חדר און שפּעטער אַליין זיך געבילדעט. געווען אַ חבר פון „החלוץ״ און געהאָלפן אין דער קולטור־אַרבעט פון „החלוץ־הצעיר״ אין פלאָצק.

אין עלטער פון 16 יאָר האָט ער פאַרעפנטלעכט זאַכן אין „הצפירה״. זייענדיק 28 יאָר אַלט, איז ער אַוועק קיין וואַרשע און געטאָן פאַרשידענע שווערע אַרבעט.

ער האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין נאָכמיטאָג צייטונג „ראַדיאָ״. יוסף העפטמאַן האָט זיך מיט אים אינטערעסירט און אים אַריינגעצויגן אין „מאָמענט״, ווו ער איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. ער האָט געמאַכט איבערזעצונגען פון פראַנצויזיש און ענגליש, געשריבן טעאַטער און פילם רעצענזיעס אונטערן פסעוודאָנים „א. כאוויטש״ און „א. ז. כ.״.

ווען די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט וואַרשע איז דער „מאָמענט״ געוואָרן געטראָפן פון באָמבעס. ער איז געווען צווישן די, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן אַרויסגעבן די לעצטע נומערן פון דער צייטונג.

ער איז געבליבן אין וואַרשעווער געטאָ און דאָרט אָנגעפירט מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ער איז אויך געווען סעקרעטאַר פון זשורנאַ־ליסטן־פאַריין אין געטאָ.

פון זיינעם אַ בריוו צום זשורנאַליסט לייב ראכמאַן, ווערן מיר געוווויר וועגן דער ספעציפיש שווערער לאַגע אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען די יינגערע שרייבער אין געטאָ, נישט האָבנדיק די זעלבע פּרי־ווילעגיעס און צוטריט וואָס די עלטערע שרייבער. ס׳איז דאָס פּראָבלעם פון אַ שטיקל ברויט אין דער באַלאַגערטער געטאָ, נישט צו שטאַרבן אין גאַס פון הונגער. ער שרייבט צ. אַ.: „זייט וויסן אַז איר געפינט זיך אין דער גליקלעכער לאַגע, וואָס איר זענט אַ נותן — שווער איז דעריבער צו שילדערן פאַר אייך די לאַגע פון די יונגע קאָלעגן, וועלכע זענען נצרכים און די נותנים דאַרפן זיין די עלטערע קאָלעגן... איר דאַרפט וויסן, אַז ס׳איז געשאַפן געוואָרן צוויי קאַסטעס: אַ פּריוויליגירטע

און אַ נעגירטע... די עלטערע זענען די פּריוועליגירטע, וועלכע באַקר־מען שטיצע פון אַלע אינסטיטוציעס און פּריוואַט־פּערזאָנען, דאַקעגן די יונגע, ווערן כמעט אויסגעשלאָסן פון אַלע הילפס־אַקציעס. איך האָב כסדר סציסיעס וועגן דעם מיט אונזער עלטערן עולם.

ביי מיר איז די לאַגע אַ שווערלעכע. מ׳איז טעטיק צו ערלעדיקן פאַרשידענע ענינים פאַר די קאָלעגן. די קיך איז דערווייל נישט טעטיק און דער ביסן ברויט קומט אָן מיט קריעת ים־סוף...

אייער הילף איז אַ דאָפּלטע: זי איז אַן׳אויסדרוק פון גוט־האַר־ציקייט און זכרון. ווער איז גוט־האַרציק היינט און ווער געדענקט היינט אָן צווייטן?...

לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן זיך טרעפן און זיך דערציילן אַלץ בפּרוטרוט.                    אייער אברהם זעליג.

ער איז געשטאָרבן פון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ.

וואסערמאן יעקב אַ געבוירענער אין פּלאָצק, האָט געשריבן אַר־טיקלען אין פאַרשידענע יידישע צייטשריפטן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך א. נ. „דאָס טעאַטער און דער סאָציאַליזם״, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין 1921 (180 זייטן). ס׳איז אַ אָפּהאַנדלונג איבערן טעאַטער פּראָבלעם

ער האָט פיל געוואַנדערט אין זיין לעבן. געווען אין די לענדער פון מערב אייראָפּע, אין אַמעריקע, אינדיע א. א. שפּעטער האָט ער געלעבט אין וואַרשע, זייענדיק באַשעפטיקט אַלס לערער פון ענגלישער שפּראַך.

מ. סעלים איז געבוירין געוואָרן אין 1901 אין דאָרף מיידאַני, נעבן פּלאָצק. זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען מאיר בערנהאַלץ. ער האָט באַקומען אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע דערציונג. געלערנט אין חדר און ישיבה. צו 18 יאָר האָט ער זיך אָנגעהויבן ווידמען וועלטלעכער בילדונג פון היסטאָריש מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט.
און געענדיקט דעם מלוכה־סעמינאַר פאַר יידישע לערער אין וואַרשע. דערנאָך האָט ער שטודירט אין אוניווערסיטעט.

פון יאָר 1922 האָט ער אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן טעגליכע פעלי־טאָנען און בילדלעך פון לעבן אין וואַרשעווער „היינט״. אין 1925 איז ער געווען מיטרעדאַקטאָר פון זשורנאַל „שפּראַצונגען״ — דער אָרגאַן פון די שרייבער אָנפאַנגער אין פּוילן. דאָרט האָט ער פאַרעפנטלעכט עט־לעכע נאָוועלן. ער איז אויך געווען מיטאַרבעטער פון העברעאישן „היום״.

שלמה גרינשפּאַן

**אסטראַווער לעוו** איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק אין 1899, זיין יידישער נאָמען איז געווען לייביש. ער האָט געענדיקט די פּלאָצקער גימנאַזיע און שטודירט אין אוניווערסיטעט פון קראקע און בערלין. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געלעבט אין דייטש־לאַנד און אין דער שווייץ און פון דאָרט אַוועק קיין רוסלאַנד. אַלס אַ דאָקטאָר האָט ער מיטגעמאַכט די מלחמה אין קערענסקיס צייטן. ווען ער האָט געוווינט אין אָדעס איז ער געווען אַן אָפּטער אַריינגייער אין הויז פון ח. נ. ביאַליק. פאַר אַ צייט האָט ער געוווינט אין קיעוו און מאָסקווע. ער האָט געדרוקט סקיצן אין יידיש אין די יידיש־סאָוועטישע אויסגאַבן. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דערשינען זיין יידיש בוך „פאַרוואָס" (קראָקע, 1911, 60 ז"ז). אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער באַקאַנט אַלס סאָוועטיש־יידישער שרייבער. פיל פון זיינע ראָמאַנען זענען געשריבן אויף יידישע טעמעס. אַ טייל פון זיי זענען דערשינען אין סאָוועט־רוסלאַנד אין יידישער איבערזעצונג.

**אסטראַווער אברהם**, געבוירן אין פּלאָצק אין אַפּריל 1901. ער איז אַ ברודער פון רוסישן שרייבער לעוו אסטראָווער. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ טוער אין „השומר־הצעיר". פון פאַך איז ער אַ לאָיער. אין די פערציקער יאָרן איז ער ווי אַ פּליטשלינג געקומען קיין אַמעריקע און וווינט יעצט אין וואַשינגטאָן. אין יאָר 1922 האָט ער פאַר־עפנטלעכט אַ ביכל לידער „אין אָפּטע פאַרנאַכטן", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע.

מיר ברענגען דאָ איינס פון די לידער וואָס שילדערט „יום־טוב אין שוהל" אין פּלאָצק.

אַ פאַרע קאַפּעט פון די ווענט,
אויף די אויסגעשטרעקטע הענט
אין די יום־טובדיקע נעכט
רינט זיך חלב פון די לעכט.
*און עס דאַוונט פרום די שוהל*
וועקט אַן׳אייביק־ניי געפיל.
פול געפּאַקט. דושנע, ענג.
ביי די טישן, ביי די בענק
אַלטע זקנים, יונגע קינדער
צוגעפרעסט זיך, ווי די רינדער
אומעטום אַ שווער געדרענג.

דער קול פון חזן, קלאָג פון עולם
און רעפרען פון יונגע לייט
טראָגט זיך אין גאַס, העט ווייט,
מיט דעם ליאַרם פון וויבער־שוהל,
*אַז דער קאָפּ בלייבט פול און דול.*
דאָרט אַ קינד מיט שוואַרצע האָר
ווי סאַדזעס שוואַרצע אויגן, —
פון אַ פינף און האַלבן יאָר,
קוקט פאַרוואונדערט זיך אַרום,
הויבט אַ פינגער אָן צו זויגן —
בלייבט פאַרגליווערט, רויק
שטום.

אַ ביסל ווייטער, אָן אַ זייט
אויף אַנ׳אויסגעדרייטער באַנק, —
אַ קליין יאַטל רויק רייט.
און זיין שפּיל־זיך דויערט לאַנג.
ביי דעם עמוד אויפן טיש
אָדער אויף דעם בענקלס ראַנד
לייכט אַ יינגלשע געשטאַלט,
וואָס אין טאַטנס בערדל האַלט
זיין קליינע, ביינערדיקע האַנט.
און די בליקן דיינע ווענד
צו די אַלטע גרויע לייט —
צו דעם הימל זייערע הענט
און אַ מחזור אין דער זייט.

דאָס פּנים פלאַמט,
דער שטערן שוויצט,
דאָס אויג אין מחזור
טיף פאַרקריצט.
אַ שטילער וויי,
אַ הייסע טרער
טריפט פון אויג,
ווי פון אַ רער.

**סמידט (שמידט) דוד**, געבוירן אין פלאָצק בערך 1830 און אין 1867 געקומען קיין לאָנדאָן און דאָ געוואָרן אַ קצב. בעת יעקב פּ. אדלער איז געקומען אין לאָנדאָן, האָט זיך סמידט מיט אים נאָענט באַפריינדעט און אים געגעבן די מעגלעכקייט שפּילן אין „היברו דראַמאַטיק קלאַב" אין לאָנדאָן. פאַר דער פּאָליציי האָט עס געהייסן אַז מען שפּילט כלומרשט נאָר פאַר די מיטגלידער פון קלוב און דורכדעם איז אויסגעמיטן געוואָרן אַרויסנעמען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, וואָס מ׳וואָלט אין אַזאַ נישט־פּאַסיקן לאָקאַל נישט באַקומען.

סמידט האָט זייער ליב געהאַט יידיש טעאַטער און ער איז באַלד געוואָרן דער אונטערנעמער פון דער טרופּע. אַליין אַנ׳אַלפאַבעט, האָט ער די געשעפטלעכע פירונג פון טעאַטער איבערגעגעבן זיין זון אברהם.

דעם 18־טן יאַנואר 1887 איז בעת אַ פאָרשטעלונג אין דעם קלוב אויסגעבראָכן אַ מהומה בעת איינער האָט אויסגעריען: פייער! אין דער מהומה זענען 17 מענשן אומגעקומען. די אַקטיאָרן האָבן נאָך דעם פאַר־לוירן דעם מוט און האָבן געזוכט וואָס גיכער צו פאַרלאָזן לאָנדאָן.

אַ גענויע באַשרייבונג פון דער קאַטאַסטראָפע געפינט זיך אין לאָנדאָנער „די צוקונפט", פון 21־טן און 28־טן יאַנואר 1887.

סמידט איז דעם 26־טן יאַנואר 1909 געשטאָרבן אין פּלעשוס, לאָנדאָן.

**נפתלי־אביגדור שאַפּירא.** ווען דער רב שאַפּירא איז טראַגיש אומגעקומען, איז זיין זון נפתלי־אביגדור געווען אַ יאָר אַלט. ער האָט זיך געהאָדעוועט ביי פלאָצקער יידן און שפּעטער פאַרוואַגלט געוואָרן קיין לאָדזש ווו ער האָט געלערנט אין תלמוד־תורה און ישיבה. זייענדיק אַ דערוואַקסענער בחור, האָט ער אַרויסגעוויזן אַרטיסטישע נייגונגען. אין עלטער פון 16 יאָר האָט ער זיך באַקאַנט מיט רודאָלף זאַסלאַווסקי, וועל־

כער האָט אים אנגאַזשירט צו זיך אין טעאַטער. אין 1936 האָט ער גע־שפּילט טעאַטער אין לאָדזש. שפּעטער טרעט ער אויף אין טשעכיען צוזאַמען מיט די אַקטיאָרן משה ליפּמאַן און יצחק טורקאָוו. ווען היטלער האָט אָנגעהויבן דעם קריג האָט ער געשפּילט טעאַטער אין רומעניע.

אין קריג־צייט האָט ער דורכגעמאַכט צוויי גהינום׳ס — סטאַלינ׳ס און היטלער׳ס. נאָכן קריג האָט ער זיך געפונען אין די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד.

אין לאַגער איז ער געוואָרן דער גרינדער פון „מיק״ט״ (מינכענער יידישער קונסט טעאַטער). חדשים שפּעטער האָט ער געשאַפן אַנ׳אייגן טעאַטער. מיט וועלכן ער איז אַרומגעפאָרן איבער די לאַגערן. ער איז אויפגעטראָטן אין עמדען, ביי די פּליטים פון דער „עקזאָדוס״־שיף, וועלכע די ענגלענדער האָבן צוריקגעשיקט פון די ישראל ברעגן.

קיין דייטשלאַנד איז ער געקומען מיט זיין פרוי, אַנ׳אייניקל פון צאַנזער רב, אויך אַנ׳אַקטריסע. וועגן זייער געפינען זיך אין דייטשלאַנד, איז געוווּיר געוואָרן דער קלויזענבורגער רב, וואָס האָט דאַן געלעבט אין פערנוואַלדער לאַגער און דאָרט אָנגעפירט מיט אַ ישיבה. ער האָט זיך געוואָנדן צו זיי, זיי זאָלן צוריק אַרויף אויפן „דרך הישר״, און אין דער ערשטער ריי, זאָל זיך די פרוי, דעם צאַנזערס אייניקל, לאָזן אָפּשערן די האָר...

פון דייטשלאַנד זענען זיי אַוועק קיין פּאַריז און געשפּילט אין „לאַנקרי״ טעאַטער. שפּעטער זענען זיי אָנגעקומען אין אַמעריקע.

**בצלאל אקאליצא** איז געבוירן אין פּלאָצק ביי פרומע עלטערן און באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג.

אין 1916 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועג־גונג און באַזוכט די העברעאישע אָוונט־קורסן, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגע־פירט יקיר וואַרשאַווסקי. העברעאיש האָט ער אויך פריער געלערנט ביי פּענזאַנען.

אין 1918 האָט ער, צוזאַמען מיט ש. אסטראָווער, אלעשניק און אַנדערע אויפסניי אָרגאַניזירט די פּועלי־ציון פּאַרטיי אין פּלאָצק. ער האָט גענומען אַנ׳אַקטיוון אָנטייל אין דער אָרגאַניזירונג פון דער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג אין פּלאָצק, העלפנדיק אָרגאַניזירן דעם פריזיער־פאַריין. ער איז אויך געווען פּאַרזיצער פון נאָדל־פאַריין כמעט דורך דער גאַנצער צייט פון פּאַריינס עקזיסטענץ ווערנדיק אנערקענט פאַר זיין אַרבעט אויך פון זיינע פּאַרטיי קעגנער.

די באַפרידיקנדע אַרבעט זיינע האָט ער געהאַט אָנפירנדיק מיטן

טראַנספּאָרט־פּאַריין וועלכן ער האָט אָרגאַניזירט. דורכן גאַנצן פּעריאָד פון פאַריינס עקזיסטענץ איז ער געווען איר פאָרזיצער.

ביי די לעצטע וואַלן צו דער קהלה־פאַרוואַלטונג איז ער געוואָרן אויסגעוויילט אַלס דאזאר. ער איז געווען דער ערשטער געוויילטער לינקער פ. צ. פאָרשטייער אין דער קהלה. ווען די דייטשן זענען אריין אין פּלאָצק און געזוכט באַרויבן דאָס גאַנצע קהלה און פּריוואַט־אייגנטום, האָבן זיי פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט די מענשן וועמענס חתימות האָבן זיך געפונען אויף די וועקסלען, אַז זיי זאָלן צושטעלן די געפאָדערטע סומע. זיי האָבן אויך אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון אַ מיליאָן זלאָטעס אויף דער קהלה און געהאַלטן זאַקלאַדניקעס אָנגעזעענע יידן ביז די סומע וועט צוגע־שטעלט ווערן.

די געפאַר פאַר זיין לעבן האָט אקאליצאַן באַוויגן אַנטלויפן פון פּלאָצק. ער איז אַוועק קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט האָבן אים די רוסן פאַרשיקט אין וויטן סיביר, וווהין ס׳זענען פאַרשיקט געוואָרן אַ צאָל אַנדערע פּלאָצקער. ער און זיין פרוי חנה, האָבן דאָרט אָפּגעאַרבעט עבודת פרך 6 יאָר אונטער שווערע באַדינגונגען און געפאַר פון טורמע. אין מערץ 1946 איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע פּוילישע בירגער געוואָרן צוריק־געשיקט קיין פּוילן. אין וואַלבזשיך, נידערשלעזיען, זענען זיי געווען טעטיק לטובת אַ חלוצישן קבוץ פון 100 יוגנטלעכע פון די אָרומיקע לאַגערן אין דער געגנט. זיין פרוי חנה איז געווען די ווירטשאַפטס־לייטערין און בצלאל האָט אָנגעפירט מיט גייסטיקער צוגרייטונג צו עליה. נאָכן קעלצער פּאָגראָם, האָבן זיי פאַרלאָזט פּוילן און אַוועק קיין טשעכיען און פון דאָרט קיין עסטרייך, זייענדיק דאָרט טעטיק פאַר דער אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל.

אין 1950 זענען זיי אָנגעקומען קיין ניו יאָרק.

**יצחק בערנשטיין** איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק אין 1900, ביי חסידישע עלטערן. אין זיינע קינדער יאָרן האָט ער געלערנט אין חדר, שפּעטער אין ישיבה און גימנאַזיע. ער האָט שטודירט הומאַניסטיק און יוריספּרודענץ אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. שפּעטער געוווינט אין פּלאָצק און וואַרשע. פאַר אַ צייט איז ער געווען לערער פון יידישער רעליגיע אין דער פּלאָצקער פּויליש־יידישער רעגירונגס־שולע.

אין יאָר 1932 האָט בערנשטיין אַרויסגעשטעלט זיינע אַנ׳אייגענע ליסטע צו די שטאָט־ראָט וואַלן. די וואַל־פּלאַטפאָרם האָט געטראָגן אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער, אָן אַ באַשטימטן פּראָגראַם, רופנדיק די „פאָלקס־מאַסן, יידישע אינטעליגענץ און אַרבעטס־מענשן" צו שטימען פאַר אים

אַלס „מענטש מיט גרויסע פעאיקייטן און פּערזענלעכן מוט צו פאַרטיידיקן יידישע אינטערעסן״. ער איז אין וואַלן דורכגעפאַלן.

אַרום 1930 האָט ער אָנגעהויבן זיין שרייבערישע טעטיקייט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט איבער „דאָס פּראָבלעם פון תכלית ביי יידישע און פּוילישע קינדער״ אין די „שריפטן פאַר פּסיכאָ־לאָגיע און פּעדאַגאָגיק״ און געדרוקט אַרטיקלען אין „ייוו״א בלעטער״ אין ווילנע אין די יאָרן 1931 — 1933. צווישן אַנדערע „וועגן דעם צייטיקונגס פּעריאָד און לעבן פון אונזערע קלאַסיקער״. ער איז אויך דער מחבר פון אַ בראָשור „די יידישע ליטעראַטור און וויסנשאַפט פאַר דער אידייע פון מלכות ישראל״, דערשינען אין וואַרשע אין 1935 און „דער רוף פון די נביאים צום היינטיקן דור״ (1937).

פאַר אַ צייט איז ער געווען נאָענט צו דער רעוויזיאָניסטישער באַ־וועגונג. די לעצטע יאָרן פאַר זיין טראַגישן טויט האָט ער זיך דערווייַ־טערט פון דער רעוויזיאָניסטישער אידעאָלאָגיע. (פון אַ בריוו זיינעם צו ד״ר ש. איידעלבערג).

אין צייט פון קריג האָט ער זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ און געווען דאָרט געזעלשאַפטלעך טעטיק. ער איז געווען צווישן די מיט־אַרבעטער פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום אין זיין געהיימער אַרבעט פון פאַרצייכנען לדורות די שוידערלעכע געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ און פון אַנדערע שטעט אין פּוילן.

אין דעם אויסגעגראָבענעם רינגעלבלום־אַרכיוו, האָבן זיך געפונען צוויי עסייען פון י. בערנשטיין, וועלכע זענען שפּעטער געוואָרן אָפּגעדרוקט אין „יידישע שריפטן״, אַ ליטעראַריש זאַמלבוך וואָס איז דערשינען אין לאָדזש אין 1948.

געשריבן אין יסורים פון הונגער, האָט ער געשילדערט דאָס גיהנומדיקע וואַרשע־געטאָ פון 1941, איבער וועלכע ס׳האָט געהאַנגען די שווערד פון הונגער און נויט, וואָס האָט אומגעבראַכט מענטשן ווי פליגן. די עסיי איז אַ גליענדער אויסגעשריי פון די, נאָך אַ שטיקל־ברויט־לעכצנדע הונדערטער טויזנטער קינדער און זקנים, מענער און פרויען. דער גיהנום איז אַ קאָמעדיע קעגן דעם בילד פון געטאָ־וואַרשע, וואָס עס שילדערט בערנשטיין. ער זעט און פילט דעם ים פוןליידן און שיל־דערט עס אויפטרייסלענד. ס׳איז אַ דאָקומענט פון אַ שוידערלעכער צייט, וואָס לייענדיק עס, לאָזט עס נישט דעם מענשלעכן געוויסן רוען.

עס זענען די צוויי עסייען 1) וואַרשע תש״א 2) דער קעלמער מגיד.

בערנשטיין איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, בעת איינער פון די „אַקציעס״ אָנהויב 1943.

**הערמאַן (הערש) קרוק*.** הערש קרוק איז געבוירן אין פלאָצק אין 1897 ביי אָרעמע עלטערן. אין עלטער פון 16 יאָר האָט ער שוין גע־טראָגן דעם עול פון פּרנסה צוליבן טויט פון זיין פאָטער.

זייענדיק 18 יאָר איז ער געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער קאָמוּ־ניסטישער באַוועגונג, וועלכע ער האָט דריי יאָר שפּעטער פאַרלאָזן, צוליב זייער נעגאַטיווער שטעלונג צו דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד", ווו ער איז געוואָרן אַקטיוו, בפרט אין פאַרשפּרייטן קולטור צווישן די אַרבעטער און יוגנטלעכע.

בעיקר האָט ער זיין צייט געווידמעט דעם יידישן בוך. זיין גאַנצע ענערגיע און דאָס שענסטע קאַפּיטל פון זיין לעבן, האָט ער אָוועקגעגעבן דער פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך. ער האָט אָרגאַניזירט וואַנדער־ביב־ליאָטעקן און אָנגעפירט מיט דער בונדישער גראָסער ביבליאָטעק אין וואַרשע. אונטער זיין פאַרוואַלטונג איז זי געוואָרן אַ פּאָפּולערע ביבליאָטעק צווישן יידישע אַרבעטער אין וואַרשע. פון פינף טויזנט ביכער איז די ביבליאָטעק געוואַקסן צו בערך 30 טויזנט ביכער.

ער האָט אויך פּאָפּולאַריזירט די מעטאָדן פון אָנפירן ביבליאָטעקן אין פוילן און האָט אַרויסגעגעבן אַ חודשלעכן ביולעטין פאַר דעם געביט. פון צייט צו צייט האָט ער אויך געדרוקט אַרטיקלען אין דער בונדישער פּרעסע.

אין צייט פון קריג האָט ער געלעבט אין ווילנער געטאָ, ווו ער איז געווען דער שאַפער און אָרגאַניזאַטאָר פון אַ סך קולטור אינסטיטו־ציעס אין געטאָ. ער האָט אַרויסגעשמוגלט אַ סך מאַטעריאַלן פון ייוו"אָ, ווו ער האָט געאַרבעט, און זיי אויסבאַהאַלטן פון דייטשער פאַרניכטונג.

דעם 17 פעברואַר 1942 איז אין ווילנער געטאָ געגרינדעט געוואָרן די פאַראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער. ז. קאַלמאַנאָוויטש איז געווען פאָרזיצער, הערמאַן קרוק — וויצע פאָרזיצער. צווישן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער איז אויך געווען אַ. סוצקעווער.

אין ווילנער געטאָ זענען געווען באַרימט די אַזוי גערופענע פּריי־טיק־צונאָכטסן־אונטערנעמונגען פון אַ הויכן קולטורעלן ווערט, אָרגאַני־זירט דורך הערמאַן קרוק.

קרוק'ס לעבנס־ווערק פון יענעם פּעריאָד וועט פאַרבלייבן דאָס טאָג־בוך, וואָס ער האָט געפירט אין געטאָ אין משך פון די יאָרן 1941—1943. פאַר דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ, האָט ער איבער־געגעבן דאָס טאָג־בוך אַ באַקאַנטן קאַטוילישן גלח, וועלכער האָט עס

---

* פון בוך „דורות בונדיסטן"

שפּעטער, נאָך דער באַפרייאונג פון ווילנע, איבערגעגעבן אין יידישע הענט. אַ דאַנק דער מסירת־נפש פון אַ באַקאַנטער יידישער פּערזענלעכ־קייט, איז דאָס טאָג־בוך שפּעטער אַרויסגעפירט געוואָרן פון ווילנע. די אָנפירנדיקע קערפּערשאַפט פון ייוו״א אין ניו יאָרק האָט באַשלאָסן אַרויס־צוגעבן דעם טאָג־בוך אין בוך־פאָרם.

בעת דער לעצטער דעפּאָרטאַציע אין ווילנע אין די טעג פון ענדע סעפּטעמבער 1943, איז הערמאַן קרוק פאַרשלעפּט געוואָרן מיט טויזנטער אַנדערע אינם לאַגער קלאגא אין עסטלאַנד. אויך דאָרטן האָט ער געשריבן אַ טאָג־בוך, כאָטש ער האָט זייער שווער געאַרבעט און שרעקלעך גע־הונגערט. דאָס לאַגער־טאָג־בוך איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ ספּעציעל קעסטל, וואָס איז געווען פאַרגראָבן אין אַ ווינקל פון לאַגער.

דעם 19 סעפּטעמבער 1944 האָבן די אַרעסטאַנטן פון לאַגער קלאגא געזעען ווי די דייטשן ציען זיך צוריק פון דער גאַנצער געגנט. פאַרן אַנטלויפן האָט אַ ספּעציעלע נאַצי־אָפּטיילונג אַרויסגעפירט אַלע אַרעס־טאַנטן אויף אַ אָפענעם פּלאַץ, זיי אַרומגערינגלט, גענומען צו זיי שיסן, דאַן זיי געצווונגען זיך אויסלייגן אויף קלעצער, באַגאָסן די קלעצער מיט ברען שטאָף און זיי אונטערגעצונדן. די אָנקומענדיקע סאָוויעטישע אַרמיי האָט נאָך געפונען די ברענענדיקע מענשלעכע שייטערהויפנס. בלויז אַרום 100 פון די לאגער־אַרעסטאַנטן האָבן באַוויזן אויסנוצן די בהלה און זיך צו ראַטעווען.

אַ סאָוויעטישער קריגס־קאָרעספּאָנדענט, וועלכער איז אַריינגעקומען קיין קלאגא צוזאַמען מיט דער זיגרייכער סאָוויעטישער אַרמיי, האָט ביי עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע אויסגעפונען וואו עס זיינען געווען די לעבעדיק־פאַרברענטע יידן. צווישן די אַנגערופענע, האָט דער סאָוויעטישער קריגס־קאָרעספּאָנדענט אויך אויפגעגעבן דעם נאָמען פון דעם באַקאַנטן וואַר־שעווער בונדישן קולטור־טוער הערמאַן קרוק. דעם טאָג־בוך, וואָס ער האָט געפירט אין לאַגער, האָט מען אַרומגעזוכט, מען האָט צוליב דעם דורכגעגראָבן געוויסע שטחים ערד אַרום דעם לאַגער, אָבער נישט געפונען.

**פישל פּלידערבלום.** פישלס משפחה איז געווען פון מיטל־קלאַס. זיינע שוועסטער און ברודער יחיאל, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ אינטעליגענטן און אידעאַליסטישן טיפּ־מענשן. זיין שוועסטער רעגינא האָט, אַלס אַטעסטאַט פאַר דאָקטאָראַט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אָנ־געשריבן אַנ׳אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון יידן אין פּלאָצק. זיין ברודער יחיאל איז אַלס חלוץ, אין יונגן עלטער עולה געווען קיין א״י און זיין יינגסטע שוועסטער רחל, איז איניקע יאָר פאַרן קריג אַוועק שטודירן אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

פישל איז געבוירן אין 1900. ער האָט זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אָנגעהויבן אין דער צעירי־ציון באַוועגונג. אַ דאַנק זיין רעדנער־פעאיקייט, זיין ברייטן וויסן און זיין קענען קלאָר פאָרמולירן און אויפקלערן פראַגן, איז ער שנעל געוואָרן אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון דער באַוועגונג אין פלאָצק. זינט 1927 איז ער כסדר געוואָרן געווילט אַלס ראַטמאַן צום שטאָט־ראָט — (צום ערשטן מאָל אין עלטער פון 26 יאָר) ווו ער איז, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע יידישע ראַטמענער, געווען פון די אַקטיווסטע אין אַלע פראַגן פון שטאָטישער פאַרוואַלטונג.

פריינטלעך צו יעדן און נח אל הבריות, פאַרנעמענדיק אַן איבעררייס דעם אַמט אין שטאָט־ראָט, איז ער שטענדיק געווען גרייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן און אינטערוועניר אין די שטאָטישע אָרגאַנען. זיין פּאָפּולאַריטעט איז געוואַקסן, ערוועקנדיק צוטרוי און רעספּעקט און מער נאָך די פריינטשאַפט פון מאַסן יידן, וועלכע האָבן אים באַטראַכט ווי דיערס אַ מענש און ווי איינער וועלכער איז באַהאַוונט נישט נאָר אין פּאָליטיק און אין אַלגעמיינעם יידישן לעבן, נאָר אויך אַ קענער פון אַלע שרייפּעלעך פון דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע, וועמענס מיינונג אין פראַגן פון שטאָטישער ווירטשאַפט און פינאַנס איז געווען ווי פון אַ ספּעציאַליסט. אָפט פלעגט ער העלפן אַרויספּלאָנטערן פאַרוויקלטע פינאַנס־פראַגן, צו וועלכע גויאישע קעפּ זענען נישט געווען צופיל מסוגל. ער פלעגט אָפט פאַרטרעטן דעם שטאָט־ראָט פאַר די רעגירונגס־אָרגאַנען אין וואַרשע.

פאַר אונז יוגנט, איז פישל געווען באַליבט פאַר אַנדערע סיבות. ער איז פשוט געווען דער רבי און לערער, וועלכער האָט ערצויגן אַ דור פון יוגנט פאַר חלוצישער טאַט. אָפט פלעגן מיר באַוואונדערן, דעם אַלזייטיקן באַהאַוונטן פישל, וועלכער האָט געקענט לייכט באַהאַנדלען פאַרפּלאָנטערטע פּראָבלעמען, נישט דוקא יידישע און ציוניסטישע.

פישלס אָנזעען איז געוואַקסן אין די צענטראַלע קרייזן פון דער פּאַרטיי. אין יאָר 1937 האָט אים די פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט אויף איר ליסטע צום צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך. ער איז ערווילט געוואָרן און געפאָרן אַלס דעלעגאַט.

פון זיינע בריוו פון ציריך צו חברים אין פלאָצק, האָט זיך געפילט אַ געוויסע ענטטוישונג אין דעם גאַנג פון די פאַרהאַנדלונגען אויפן קאָנגרעס.

פישל האָט אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמען אינטערעס צום חלוצישן קבוץ אין פלאָצק. ער האָט זיי געהאָלפן געפינען באַשעפטיקונג. די קביצניקעס, אַ צאָל פון 70 ביז 80 יוגנטלעכע פון אַלע עקן פוילן, האָבן אין אים

געפונען אַ איבערגעגעבענעם חבר. אין דער אויסגאַבע „דאָס פּלאָצקער וואָרט", האָט זיך געפונען אַ גרעסערער אַרטיקל פון פישל'ן, באַהאַנדלנדיק דאָס לעבן אין פּלאָצקער חלוצישן קבוץ.

ס'איז מיר כסדר אויסגעקומען מיטצואַרבעטן מיט אים: ווען ער איז געווען מורשה פון ק. ק. ל. און דער שרייבער פון די שורות אַלס סעקרעטאַר, שפּעטער אַלס סעקרעטאַר פון „פּרייהייט", נאָך שפּעטער אין פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט, וווּ ער איז געווען פּאָרזיצער. כמעט טאָג טעגלעך פּלעג איך אים טרעפן. כ'בין דאַנקבאַר וואָס פיל בין איך געוואָרן באַ־ווירקט פון אים. נישט שטענדיק זענען מיר, יונגע חברה, געווען שוה בשוה מיט אים. ער איז געווען אַ מעסיקער און מיר די יונגע זענען געווען מיט מער טעמפּעראַמענט, שטענדיק זיך געריסן צו אַרבעט, פאַר וועלכע די עלטערע האָבן געהאַט שרעק פאַר אַ דורכפאַל.

ווען ער האָט געהאַט פון דער פּאַרטיי אַן'אויפגאַבע דורכצופירן, האָט ער עס שטענדיק געטאָן מיט ווירדע און טאַקט. אַלע חברים פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין פּלאָצק זענען שטאָלץ מיט אים. ער איז נישט נאָר געווען אַ חבר, נאָר אויך אַ לערער און אויפקלערער.

קורץ פאַרן אויסברוך פון קריג, האָב איך דערהאַלטן פון אים אַ בריוו וואָס גיט אַ בילד פון דער לאַגע פון יידישן פּלאָצק צו יענער צייט. ער שרייבט:

„גלויבט מיר, דאָס עס איז אונמעגלעך מיט ווערטער די טאָג־טעגלעכע איבערלעבענישן איבערצוגעבן. פון אייער אַוועקפאָרן ביז היינט, איז שוין קאָלאָסאַל אַלעס געענדערט צום שלעכטן. און מכלומרשט הייסט איצט די צייט אַ באַרופנדיקע איבער דער מלחמה־שטימונג און מען וויל נישט די יידן זאָלן שרייען. איז ווי יענע שטיף־מאַמע; מען קנייפּט שטיקער, נאָר עס זאָל קיין צייכנס נישט בלייבן. עקאָנאָמיש דערדריקט און מען נעמט צו יעדע מעגלעכקייט פון עקזיסטענץ. דערנידעריקט, ווערט מען אַפּאַטיש צום לעבן און דאָך איז מען אויסן צו געפינען דעם מאַ־ראַלישן אנלען פון עקזיסטענץ. אפשר האָט איר שוין געלייענט וועגן לעצטן פּאָרפאַל. אין גאמבין איז דאָ אַ בונדישע זומער קאָלאָניע, זענען צוויי בחורים געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד, זענען צו צוויי שקצים און זיי געשטאָכן מיט מעסערס, — זיבן שטעך אין דער פּלייצע. איינעם האָט מען געבראַכט אין פּלאָצק, איז ער באַלד געשטאָרבן. דער צווייטער איז געווען פאַרוווּנדעט נאָר אין האַנט און איז געבליבן לעבן.

„אין פּלאָצקער געזעלשאַפטלעכן לעבן איז אַבסאָלוט טויט. דער „הזמיר" איז פאַרמאַכט דורך דער מאַכט. קיין ביבליאָטעק איז נישטאָ כמעט, קיין געזעלשאַפט עקזיסטירט נישט. אפשר צוליב דעם זומער, אָבער

אויך צוליב אַפּאַטיע. אין דער פּאַרטיי — אַבסאָלוט טויט. עס זענען געווען וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס און אויך דאָס האָט קיין לעבן נישט אַריינגעבראַכט. קיין רעדנער פון וואַרשע זענען נישט געקומען. עס איז געווען אַ שוואַכער מיטינג אויפן הויף און דאָס איז אַלץ. דער רע־זולטאַט פון די וואַלן? מזרחי — 44 שטימען, אונזער באַוועגונג פּאַריי־ניקט אין דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן א״י — 407 שטימען, די לינקע פּועלי־ציון וועלכע זענען געגאַנגען צום ערשטן מאָל צו די וואַלן — 107 שטימען. אייער פּישל.

אויף פלידערבלומען איז אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין דער לעצטער ראש־הקהל פון יידישן פלאָצק. די לעצטע קהלה־וואַלן האָבן געבראַכט אַ זיג די „פּועלי־ציון" און פּישל איז ערוויילט געוואָרן אַלס ראש־הקהל פון פלאָצק. ער האָט געפּלאַנט איינפירן ענדערונגען אין דער אָפּגעשטאַנענער טעטיקייט פון דער קהלה לויט די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן וואָס די פּוילישע מאַכט האָט דערלויבט. דער פאַקט וואָס אַלס פרעזעס פון דער יידישער קהלה איז ערוויילט געוואָרן אַ פאָלקס־מענטש מיט גרויסע פעאיקייטן און פאַרשטענדניס, האָט געוויזן די ענ־דערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין גייסטיקן לעבן פון יידישן פלאָצק. ס'האָט אויך באַדייט אַ שטרעבונג פון יידישע מאַסן צו די אידייען פון אַקטיוון אַרבעטער־ציוניזם.

פלידערבלום פּישל האָט ווירדיק פאַרטראָטן, נישט נאָר די פלאָצ־קער יידן, נאָר אויך די אידייען פון חלוצישן ציוניזם פאַר וועלכע ער האָט זיין גאַנץ לעבן געאַרבעט.

אין 1939 זענען די נאַציס אַריין אין פלאָצק און חרוב געמאַכט דאָס יידישע לעבן. בעת דעם גירוש פון פלאָצקער יידן איז פּישל אַוועק קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבן אין באַדינגונגען פון הונגער און פּיין. ער איז געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ אין סעפּטעמ־בער 1941. זיין פרוי טאָלאַ איז געוואָרן פאַרשיקט אין אַ שטעטל פון קעלצער געגנט און צוזאַמען מיט פיל פלאָצקער דאָרט אומגעקומען.

## יידן פון אַ גאַנץ יאָר

פלאָצק איז נישט נאָר די שטאָט פון סאָקאָלאָוו, גרינבוים, י. ל. מרגלית און עזריאל אריה ראַקאָווסקי פון א. י. פּאַפּיערנא און זישא לאַנדוי און פיל אַנדערע, וואָס האָבן באַרייכערט דאָס לעבן פון פּוילישן ייד. — ס'איז אויך געווען אַ טיפּישע שטאָט אין פּוילן, מיט אירע פּשוטע האָר־ציקע יידן, מיט דעם סאָרט ייד וואָס האָט דורך די דורות געצויגן די

קייט פון יידישן קיום. יידן נשמה־יתירה׳דיקע, תמימות׳דיקע, וואָס „ואהבת לרעך״ איז געווען זייער טאָג־טעגליכער ברויט. און טוענדיק מעשים טובים האָבן זיי געענטפערט דעם רוף פון זייער געוויסן.

בטחון און אָפּטימיזם האָט באַהערשט די דאָזיקע פשוטע פאָלקס־טימלעכע מענשן. זייער לעבן, זייערע מעשים מעגן אויך היינט דינען ווי אַ ביישפיל פאַר אונז.

אָט איז דער ייד שענוויץ. אַ רייכער, אַ באַנקיר מיט אַ אָפענער האַנט פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן, — אַליין באַשיידן ביז גאָר. וואָס מיינט שטאָלץ זיין מיט עשירות? מיינט עס עפּעס?

אַז דער שניידער האָט אים אויפגענייט אַ נייעם אַנצוג, האָט ער מיט אים פריער אויסגערעדט, אַז די הויזן זאָלן נישט זיין געפּרעסטע. דער באַנקיר שענוויץ האָט נישט געוואָלט אויפרייסן די אויגן ביי זיינע שכנים און פון אָרעמע מענשן אין גאַס, — זיי זאָלן זעען, ער טראָגט אַ נייעם אַנצוג.

ס׳האָבן זיך אַרומגעדרייט אין שטאָט נשמות, געבוירענע צו טאָן גוטס. אָן מעשים טובים, איז דער טאָג קיין טאָג נישט געווען. מ׳האָט געזוכט אַ ליידנדן, אַ מענשן אויף צרות, — גראַד האָבן די דאָזיקע ניט אויסגעפעלט. אביונים, נצרכים זענען געווען בכל יום ויום. איז וואָס טוט די אַלטעטשקע פרוי מאַקאָווער און אַנדערע ווי זי?

זי האָט געוווּסט וועגן יעדן הויז ווו אַ שטיקל ברויט האָט אויס־געפעלט און ווו ס׳איז נישט געווען אויף שבת צו מאַכן. יעדן פרייטיק פאַר ליכט צינדן, איז זי אַרומגעגאַנגען אין באַלעבאַטישע הייזער און געקליבן געלט און שפייז פאַר אָרעמעלייט. זי פלעגט גיין אויף חתונות צו זאַמלען געלט פאַר אָרעמע און קראַנקע. טייל מחותנים פלעגן איר געבן מיט אַ ברייטער האַנט, אַנדערע האָבן איר אַריינגעשטעקט אַ זלאָטע זיך „אָפּצוטשעפּען״. געטאָן האָט זי די אַרבעט, שטיל און תמימות׳דיק.

אָרעמע היימען האָבן אומגעריכט געהאַט אַ פריילעכן שבת, ווען זיי האָבן געפונען נעבן טיר אָדער אויפן פענסטער אַ פּעקל מיט עסנוואַרג אויף שבת. ווי פון הימל אַראָפּ. זי האָט עס נישט געגעבן נאָר „אונטער־געוואָרפן״, — נישט צו פאַרשעמען יענעם.

דער בעסטער שניידער אין שטאָט איז געווען מאַריץ גוטקינד. אַ שניידער מיט גאָלדענע מעדאַלן, וועלכע ער האָט באַקומען אויף שניי־דערישע אויסשטעלונגען. פון לאַנגן באַלקאָן אויף גראַדזקע גאַס האָט אַרויסגעשיינט זיַן גרויסע שילד מיט דעם בילד פון זיינע מעדאַלן.

אַ ייד אַ הויכער, אַ בעל־גוף מיטן אויסזען פון אַ פּריץ מיט וואָנ־סעס. זיין הנהגה, זיין געלאַסענער גאַנג און מילדער בליק האָבן אַרויס־

גערופן צוטרוי צו אים. געהאַט האָט מען פאַר אים רעספּעקט, טראָץ דעם וואָס ער איז געווען געהרגעט אויף „עברי״. זייענדיק פּרעזעס פון האַנטווערקער פאַריין און אַנפירנדיק פאַרזאַמלונגען און זיצונגען, האָט ער היפש רעקלאַמירט זיין אומוויסן. געווען איז ער דערפאַר, אַנ׳ערלעכער ביז גאָר, אַ פריינטלעכער מיט אַ גוט האַרץ, ובעיקר, איז ער געווען אַ טאַטע צו זיינע אַרבעטער אין וואַרשטאַט.

זיין ווייבל האָט אָבער נישט פאַרמאָגט די באַשיידנקייט פון איר מאַן, — דעם בעסטן שניידער אין שטאָט. זי איז געווען זער שטאָלץ מיט זיין פּרעזעס אַמט און געהאַלטן, אַז די בעלי־מלאכות דאַרפן זיך באַציען צו אים מיט באַזונדערן רעספּעקט.

קומט אַמאָל אַרויף אַ האַנטווערקער צו אים אין הויז, און ווענדעט זיך צו אים, רופנדיק: חבר גוטקינד. אַז זיין ווייב האָט דאָס דערהערט, רופט זי זיך אָן צו אים: מאַריץ, זאָג מיר, צי ביזטו אַ חבר אָדער ביזטו אַ פּרעזעס?

ער איז אָבער דאָך געווען מער חבר ווי פּרעזעס.

איינער האָט געהאַלטן פון דער מצוה „בקור־חולים״, אַ צווייטער איז געווען אַ „סומך נופלים״. — ר׳ אברהם זעימאַן, האָט צוליב זיינע גרויסע פעאיקייטן אין חשבון מקיים געווען אַ באַזונדערע סאָרט מצוה: צו דערמאָנען די נאָענטע און קרובים, דעם יאָרצייט פון פאַרשטאָרבענעם אין דער משפחה.

געווען איז ער אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר פון אַ בעל־מוח. זיינע אָרעמע עלטערן האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע זעלטענע פעאיקייטן אין חשבון. אין חדר האָט מען אים געלערנט וואָס מ׳לערנט אַלע קינדער: חומש, גמרא און זיין אַ גוטער ייד. זיינע גרויסע פעאי־קייטן אין מאַטעמאַטיק, האָט ער שפּעטער אויסגענוצט אויף אַ געביט, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר זער וויכטיק.

אַ מענש מיט אויסערגעוויינליכן זכרון, האָט ער געדענקט יעדן נפטר אין שטאָט, און ווען עס פאַלט אויס דער יאָרצייט. נאָכן דאַווענען איז ער געגאַנגען צו די קרובים פון נפטר, אָנזאָגן זיי דעם טאָג פון יאָרצייט. ער האָט געוווסט אויסצורעכענען, ווען דער יאָרצייט וועט אויס־פאַלן צענדליקער יאָרן שפּעטער, — נישט מאַכנדיק קיין טעות אין חשבון. די „יאָרצייט־מלאכה״ האָט אים געגעבן די געלעגנהייט צו טרינ־קען אַ סך יין שרף. ער האָט דערלעבט אַ טיפן עלטער פון טרינקען בראָנפן און מקיים זיין אַ מצוה.



דער דורכשניטלעכער ייד איז געווען אַ יגיע כפּיים און שווער געאַרבעט מפרנס צו זיין זיינע בני־בית.

נעמט למשל משה לאדאוויניקער. געלעבט האָט ער פון שוסטעריי. אַנ׳ערלעכער ייד, ביז גאָר פרום און אַ האַרציקער בעל־תפלה.

געוווינט האָט ער אין אַ קעלער־שטום. די שטוב איז געווען אַדורכ־געטיילט מיט אַ דין ווענטל. פון איין זייט ווענטל זענען געשטאַנען בעטן מיט אַ טישל, פון דער צווייטער זייט אַנ׳ארון־קודש. דאָס שטיבל מיטן ארון־קודש האָט געדינט פאַר אַ מנין. ביים פענסטערל, וואָס איז געווען גלייך מיטן טראָטואַר ווו ס׳האָט אַריינגעשיינט אַביסל ליכט פון דרויסן, איז געווען זיין שוסטער־וואַרשטאַט וואָס דאַרף אים ברענגען חיונה פאַר אַ הויזגעזינט מיט פינף קינדער.

פרייטיק נאָך האַלבן טאָג איז דער שבת מיט אימפּעט אַריין צו משה׳ן אין קעלער־שטוב. אין דרויסן איז נאָך דער שוהל־קלאַפּער אַרומ־געגאַנגען און געקלאַפּט מיט זיין הילצערנעם האַמער אין די האָלצערנע טויערן, רופנדיק די יידן אין שוהל אַריין מקבל שבת זיין.

ס׳האָט שוין געגלאַנצט אין אַלע ווינקלען ביי ר׳ משה׳ן אין קעלער. זאַמד איז געוואָרן אויסגעשאָטן אויף דער פּאָדלאָגע. יידן האָבן אָנגעהויבן אַראָפּנידערן אין קעלער מקבל שבת זיין.

אַראָפּגעוואָרפן פון זיך עול און דאגות פון אַ גאַנצע וואָך. דער ייד איז אַ נייער מענש. אַריין אין אַ וועלט שכולו שבת. האפערדיק קלינגט אָפּ דער „לכה דודי״ פון קעלער אַרויס.

שבת, ווען ר׳ משה פלעגט זינגען אין כאלהינו, פלעגט זיין פּנים אויפשטראַלן פון התלהבות און זיין נשמה איז אַריין אין גאָר אַנדערע עולמות. אַזוי איז דער שבת אַדורך מיט פּרק און תהלים און אַ בלאַט גמרא.

אין די טעג פון ימים נוראים איז ר׳ משה׳ן גאָר ניט געווען צו דערקענען. פאַרטאָן געווען אין מחשבות, ווי איינער וואָס גרייט זיך פאַרן אַנטשיידענעם טאָג, דעם יום־הדין פון זיין לעבן. זיין געזיכט האָט גע־טראָגן דעם אויסדרוק פון איינעם וואָס מאַכט מיט בחוש ונפש דעם היום הרת עולם. פול מיט שרעק און זאָרג. אַלע תפלות פון מחזור האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין געמיט אַ שטיק פאַר ראש־השנה. ס׳איז אַ בפירושע פראַגע פון מי יחיה ומי ימות. חודש אלול איז ביי אים געווען אַ חודש פון תפלה און תשובה.

איידער ער האָט אָנגעהויבן זאָגן סליחות, האָט ער אין פשוטע תמימות׳דיקע ווערטער זיך געוואָנדן צום פאַרזאַמלטן מנין:

„יידן, עטץ זאָלט וויסן אַז תפלה איז דער בעסטער דרך מבטל

צו מאַכן די גזרה. ס׳איז נאָך דאָ עטלעכע טעג צו ראש־השנה. מ׳קען נאָך אַ סך אויסבעטן ביים רבונו של עולם און לאָמיר נישט דורכלאָזן דעם שעת הכושר כל זמן ס׳איז נאָך נישט צו שפּעט״.

נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן סליחות אין מיט געפיל פון טיפן האַרצן פלעגט ער זינגען „מזמור לדוד״.

ווען ער פלעגט קומען צום אל תשליכנו לעת זיקנה, איז ער געוואָרן אַ אַנדערער משה — נישט צום דערקענען. זיין נשמה פלעגט אויפשטורמען און אויסשטרעקנדיק זיינע הענט צום הימל פלעגט ער ווערן איין שטיק פון שרייענדיק געבעט. אַלע האָבן מיטגעוויינט, אים הערנדיק בעטן.

ווי קען מען נישט דערהערן אַזאַ תפלה וואָס קומט ממעמקים?

דערפאַר שמחת תורה, האָבן מיר געהאַט אַ נייעם משה. אַן׳אויפגעהייטערטער, אויסגעלייטערטער, האָט ער געפילט אַז ער האָט אויסגעפועלט ביים בורא עולם אַלעס וואָס ער האָט געוואָלט. זיין טאַנצן און שפּרינגען מיט דער תורה, איז געווען אין לשער. געטרונקען בראַנפן און געהוליעט און געטאַנצט אַ קאַראַהאָד עם כל הנערים.

פון וואַנען נעמט ער אַזוי פיל כח צו הוליען?

די קינדער פלעגן זיך אָנהאַלטן אין זיין גאַרטל און טאַנצן. שווער געווען אונטערצושיידן ווער ס׳איז מער קינד. ר׳ משה צי די חברה שניעקעס אין ראָד מיט אים.

אַזוי איז געווען דאָס לעבן פון פיל פּלאָצקער ר׳ משה׳ס וועמענס לעבן פון פחד און פרייד איז געווען געקנופּט און געבונדן מיטן הימל.

די דאָזיקע משה לאַדאָוויניקערס, האָבן אויסער איינגעבוירענע פשטות, פאַרמאָגט אַ גוט האַרץ און געווען וואָס מ׳באַצייכנט: אַ ערלעכער ייד. דאָס קענטיקסטע ביי די דאָזיקע יידן פון דער פאַרשווונדענער וועלט, איז נישט זייער פרומקייט, נאָר די פאָלקסטימלעכע פשטות און ערלעכקייט, וואָס איז געווען ווי אַ טייל פון דער וועלט אין וועלכער זיי האָבן געלעבט.



אַרום סוכות צייט איז געווען דער יאַריד אין שטאָט. חדר־יינגלעך זענען אַוועק אויפן מאַרק ווי צו אַן׳עקזאטיש פּלאַץ.

דער מאַרק געדיכט מיט מענשן און אַ מיש־מאַש פון משונה׳דיקע קולות פון פאַרקויפער מיט זייערע סחורות. אַ הירזשען פון פערד און רעווען פון קי און אָקסן, אַ געקוואַקעריי פון עופות און דאָס רופן פון סוחרטעס און פויערים צו קויפן זייערע פּראָדוקטן. אויך דער חזיר־מאַרק האָט זיך געהערט פון ווי ווייט מיט דער געקוויטשעריי פון חזרים.

צוליב דעם יאַריד זענען אָנגעפאָרן מער פויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט זייערע זעק תבואה און די פויערטעס מיט אייער אין קאָשיקלעך, פוטער און קעז איינגעוויקלט אין גרויסע גרינע בלעטער און קוישן מיט פלוימען פון וועלכע מ׳האָט געמאַכט פאָווידלע פאַרן ווינטער.

פיפיקע סוחרים האָבן מיט פאַרשידענע קונץ־שטיק געפּרוווט צוציען דעם קונה. וועלכער פויער — אָפּט אויך דער שטאָטישער — וועט נישט כאַפּן אַ מציאה? כאָטש ער דאַרף די אַלטע זאַכן ווי אַ לאָך אין קאָפּ, — אָבער אַז ס׳האַנדלט זיך אין אַ מציאה — ווי קען מען עס אַדורכלאָזן?

דער יאַריד האָט זיך געלאָזן פילן אויך אין די געוועלבער פון די אַרומיקע גאַסן, ווו די לייזונג איז געווען אַ גאַנץ געשמאַקע.

ס׳איז שוין האַלבער טאָג אַדורך און דער פויער נאָכן פאַרקויפן זיין פדיון איז טאַקע הונגעריק אויך. קויפט ער זיך אַ ברויט מיט אַ הערינג און שטעלט זיך אַוועק אין אַ טויער און מאַכט עס פאַרטיק על רגל אחת.

דער עיקר, ס׳איז געווען אַ צייט אינם יאָר וואָס דער ייד האָט געקענט האָבן פרנסה. אויך אין דער גילדענער גאַס האָט זיך שטאַרק אָנגעזעען דער יאַריד. דאָרט איז געווען דער צענטער פון די היטל־מאַכערס און טאַנדעטנע שניידערס. אויך פון קראָמען מיט שטיוול פאַר די פויערים.

די מענער האָבן די סחורה אויסגעאַרבעט און די ווייבער האָבן עס פאַרקויפט.

אַז דער פויער איז געקומען אין אַ טארגס־טאָג אין שטאָט און געדאַרפט אַ ניי היטל אויף זונטיק צו גיין אין קלויסטער אָדער אַן׳אַנצוג מיט אַ פּאָר שטיוול, איז ער אַוועק אין דער גילדענער גאַס קויפן. דאָרט האָבן אים שוין מקבל פנים געווען די ווייבער וואָס האָבן אים אויסגעקוקט שטייענדיק אויף דער שוועל פון די קראָם און די וועלכע איז געווען אַ שטאַרקערע האָט באַוויזן אַריינשלעפּן דעם פויער אין געוועלב. די אַנדערע ווייבער שוויגן אויך נישט, איז כאָטש לאָזט מען אויס אַלע קללות צו איר קאָפּ.

דערווייל מעסט די סוחרטע אָן דעם פויער אַ היטל, געוויער איז, אַז זי מעסט דעם קאָפּ צו צום היטל. דער פויער לאָזט זיך נישט און מ׳קריגט זיך. צום סוף לויפט ער אַרויס. עס כאַפּט אים אָבער באַלד אַ צווייטע סוחרטע און די ערשטע לויפט אים נאָך. איין ווייבל האַלט אים ביי דער רעכטער האַנט, די צווייטע ביי דער לינקער און מ׳שלעפּט אים פון ביידע זייטן. דער פויער ווערט אין כעס און גיט אַ צעפּיר

ביידע הענט, אַזוי אַז ביידע ווייבער שטויסן זיך אָן מיט די נעזער. און דער פויער איננו. ער איז אָבער צוריקגעקומען און געקויפט אין דער גילדענער גאַס.



הושענא־רבה האָט דער טאַטע מיך מיטגענומען דאַוונען אין קליי־נעם בית־המדרשל.

דער בית־המדרש׳ל איז געפּאַקט מיט יידן, וועלכע זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים און וואַרטן דער חזן זאָל זיך שטעלן דאַוונען.

איך, אַ קליינער בחור, זיץ אויף דער באַנק נעבן טאַטן און עס באַפאַלט מיך אַ חשק איינצושלאָפן. פרי בין איך אויפגעשטאַנען — און דאָ איז אַזוי וואַרים. איך דרימל איין. אָבער דער טאַטע, גיט מיר יעדעס מאָל אַ טראָג־צו צו דער נאָז זיין שקעטעלע מיט שמעק־טאַבאַק און דער ריח פון שאַרפן טאַבאַק האָט מיך אויפגעריסן פון מיין זיסן שלאָף.

דער טומל אין בית־המדרש׳ל איז גרויס. עס ווערט שפּעטלעך, שוין צייט זיך שטעלן דאַוונען, — אָבער אין דער ווייבער־שוהל איז אַ טומל און גערודער, וואָס מאַכט אונמעגלעך דעם בעל־תפלה זיך שטעלן דאַוונען.

ר׳ לייביש שמש שרייט אַרויף צו די ווייבער: „שטילער דאַרטן, ווייבער, שטיל זאָל זיין — אָבער עס העלפט נישט.

באַלעבאַטישע יידן ווערן אין כעס און שרייען צו די יידענעס, זיי זאָלן שטיל ווערן — אָבער גיי שריי חי וקים.

דאָס האָט שוין אַרויסגעבראַכט פון די כלים „גרונם פיאַק״ — אַ ייד וואָס זיין נאָמען זאָגט אויס — מער שכור ווי ניכטער, אַלע טעג פון יאָר, — גיט ער זיך אַ שטעל אויף און מיט זיין קרעפטיקער שטימע גיט ער אַ געשריי:

ווייבער! אַ רוח אין ענקער טאַטנס טאַטן אַריין! אַ שטומעניש זאָלט עטץ אייננעמען, אָבער שוין!

ס׳איז געוואָרן שטיל ווי אַנ׳אויער און מ׳האָט זיך געשטעלט דאַוונען.

## דערציונג פון יונגן דור

ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזן פלאָצק, זענען די רוסישע גימנאַזיעס געוואָרן ליקווידירט און די פּאָליאַקן האָבן זיי איבערגענומען. די פוילישע גימנאַזיעס האָבן נישט געוואָלט אַריינגעמען יידישע שילער, וועלכע האָבן

איבערגעריסן זייער שטודיום. יידישע גימנאַזיע־שילער זענען געווען גע־צווונגען פאָרטזעצן זייער לערנען אין דער גימנאַזיע אין גאָסטינין, וואָס איז דאַן געווען אונטער דער דירעקציע פון אַ דייטש שמידט.

זעענדיק די שווערע לאַגע פון יידישער יוגנט, וועלכע שטרעבט צו העכערער בילדונג און קען עס נישט ממשיך זיין, — איז געוואָרן געשאַפן אַ קאָמיטעט, דורך דער איניציאַטיוו פון לייביש קאַן, מיט דער אויפגאַבע צו גרינדן אַ יידישע גימנאַזיע אין פּלאָצק. ס׳איז געוואָרן גע־דונגען אַ געביידע אויף דער קאָלעגיאַלנע גאַס. דער ערשטער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע איז געווען העלינג.

די גימנאַזיע איז געעפנט געוואָרן מיט פיר קלאַסן, וועלכע זענען באַלד געוואָרן איבערפולט.

יעדעס יאָר איז צוגעקומען איין העכערער קלאַס ביז פולע אַכט קלאַסן. אין דער גימנאַזיע האָבן אויך געלערנט שילער פון דער אַרומיקער פּראָווינץ.

צווישן די לערער האָבן זיך געפונען באַרימטע פּעדאַגאָגן, וועלכע זענען געווען נישט נאָר לערער, נאָר אויך געזעלשאַפטלעכע טוער און שרייבער. צו דערמאָנען עטלעכע: פועה ראַקאָווסקאַ, משה אינדעלמאַן, יקיר וואַרשאַווסקי, פּאָזנער, זילבער א. אַ.

די גימנאַזיע איז געוואָרן שיקאַנירט דורך דער מאַכט ביי די מאַ־טורע־עקזאַמענס. זייענדיק אין אַ נידעריקער קאַטעגאָריע צוליב איר פּי־נאַנציעלער לאַגע און אַנדערע שוועריקייטן, האָט אַ פאָרשטייער פון ביל־דונגס מיניסטעריום זייענדיק אַנוועזנד ביי די עקזאַמענס, דעצידירט דעם גורל פון די קאַנדידאַטן פאַר גראַדואירונג.

אויסנוצנדיק זיין פּאָזיציע האָט דער פאָרשטייער פון בילדונגס־מיניסטעריום אָפט אַרויסגעוויזן זיין אַנטיסעמיטישן פּרצוף און נישט באַ־שטעטיקט די מאַטורע פאַר אויסגעצייכנטע שילער.

אַ צען יאָר נאָך דער גרינדונג, האָט זיך די גימנאַזיע אָנגעהויבן ראַנגלען פאַר איר עקזיסטענץ, צוליב מאַנגל אין שילער. דאָס האָט גע־בראַכט דערצו, אַז דער שכר למוד איז פאַרגרעסערט געוואָרן. די גאַנצע לאַסט פון אויסהאַלטן די גימנאַזיע, איז געלעגן אויף אַ קליינער צאָל מענטשן, מיינסטנס פון מיטלשטאַנד. די סובסידיעס וואָס די גימנאַזיע האָט באַקומען פון גמינע און מאַגיסטראַט, האָט נישט געקלעקט צו דעקן דעם דעפיציט, וועלכער האָט דערגרייכט אין 1928 צו אַ סומע פון 15 טויזנט זלאָטעס.

די לאַגע האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם „פאַרבאַנד

פון יידישע מיטל־שולן אין פוילן". אַ פאָרשטייער פון פאַרבאַנד, ד״ר אריה טארטאקאָווער, איז פאַר דעם צוועק געקומען קיין פּלאָצק.

בערך אַ פּאָר יאָר האָט די גימנאַזיע זיך געראַנגעלט פאַר איר עקזיסטענץ, און עטלעכע יאָר פאַרן קריג געווען געצוואונגען זיך שליסן צוליב מאַנגל אין פאָנדן. דער פאַקט איז מיט באַדויער געוואָרן אויפגענומען דורך דער פאָרטגעשריטענער יידישער באַפעלקערונג.

נאָכן שליסן די גימנאַזיע שרייבט ד״ר ל־ן אין „פּלאָצקער וואָרט":
„מיטן שליסן פון דער גימנאַזיע, איז ענטשטאַנען אַ ריס, וואָס זיין מציאות וועט זיך גאָר שפּירעווודיק לאָזן פילן. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז רק אַ יידישע שולע, קען געבן דעם יידישן קינד אַ נאַציאָנאַלע דערציונג. אָבער, חוץ מזה, רעכן איך, אַז אין דער היינטיקער צייט, אין אַ צייט פון צעווילדעוועטן ביז צום העכסטן גראַד אַנטיסעמיטיזם, קען אַ יידיש קינד פריי ענטוויקלען זיין גייסטיקן מהות און אויסוואַקסן אויף אַ פולוערטיקן אינדיווידיאום בלויז אין אַ יידישער שול. עס איז אַ טרויעריקער פאַקט, אָבער אַנ׳אמתער. ווייל דער גיפט פון ראַסן־האַס דרינגט בהדרגהדיק פון די העכסטע לערן־אַנשטאַלטן ביז צו די נידעריקסטע. פאַרסמ׳ט די נשמות פון די יונגע קינדער און הייסט זיי, אַז זיי זאָלן זיך באַציען צו זייערע חברים פון אַנ׳אַנדער פאָלק ווי צו מינדערוועךטיקע ברואים. דאָס יידישע קינד קען זיך אין אַזאַ אַטמאָספערע נישט אויסלעבן פריי, זיין גאַנצע פּסיכיק נעמט אָן דעם בראַנד־צייכן פון אייגענער שפּל׳דיקייט. און אָט דער פייער חותם, בלייבט שוין ביים קינד אויף זיין גאַנץ לעבן".

די עלעמענטאַרע רעגירונגס־שולע (פאָווש עכנאַ שקאָלאַ), פאַר יידישע קינדער, — איז געוואָרן געפירט אין נאַציאָנאַל־פּוילישן גייסט, לויט אַ פּראָגראַם וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג.

די שולע איז געווען אויסשליסלעך פאַר יידישע קינדער און אַלע לערער זענען געווען יידישע. אָבער גאָרנישט איז געוואָרן געלערנט, וואָס זאָל דערמאָנען דעם אָפּשטאַם פון יידישן קינד און זיין יידישן מהות.

טראָץ דעם וואָס די שולע איז געווען אין אַסימילאַטאָרישן גייסט, זענען די מערהייט שילער, געווען פּרייוויליק אָנגעשלאָסן אין יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, דאָס רוב פון זיי אין חלוציש׳ע. אין די דאָזיקע יוגנט־באַוועגונגען, האָבן זיי באַקומען זייער יידיש־נאַציאָנאַלע דערציונג און ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ יוגנט, וועלכע האָט דערהויבן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן און איר געגעבן שווונג און קראַפט.

קולטור־אַרבעט צווישן דער יוגנט און אויך עלטערע, אין פאָרם פון רעפעראַטן, דיסקוסיעס, טעאַטער אייפפירונגען, אויסשטעלונגען, אויס־

פלוגן, קולטור־קרייזן א. אַ. איז געוואָרן דורכגעפירט דורך די פּאַרטייען און אויך אָרגאַניזאַציעס ווי דער האַנטווערקער־פאַריין וועלכער האָט אָנ־געפירט יעדן פּריִיטיק מיט אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט פאַר זיינע מיטגלידער. געבנדיק לעקציעס איבער מעדיצין, אַלגעמיינע וויסנשאַפטלעכע דערגריי־כונגען, יידישע געשיכטע א. אַ. די וויכטיקסטע קולטור־אינסטיטוציע אין שטאָט איז געווען דער „הזמיר" ביבליאָטעק (וועגן וועלכן מיר רעדן אויף אַ צווייטן אָרט).

דאָס פּראָבלעם פון יידישע דערציונג פאַר די קינדער אין די פּאָוו־שעכנע שולן איז אַלעמאָל געווען אַ פּראָבלעם פאַר יידישע עלטערן.

ביי דער פּאָושעכנער שולע האָט עקזיסטירט אַנ'עלטערן־ראַט, וועל־כע האָט געקענט, אין זייער באַגרעניצטע ראַמען, האָבן איינפלוס אויפן ערציונגס־סיסטעם. אויף איינעם פון די מיטינגען, פון די עלטערן פון די שילער, אין 1923, האָט י. מ. גרינשפּאַן, פאַרלאַנגט דאָס לערנען די קינדער העברעאיש אָדער יידיש. ער האָט מאָטיווירט, אַז פון בלויז פּויליש וועט דאָס קינד אַ באַוווסטזיניקער ייד נישט אויפוואַקסן. אַלע עלטערן האָבן עס אונטערשטיצט, — זיי זענען דאָך באַשטאַנען פון „עמך". אין רעזולטאַט, איז אַ געוויסע צייט געוואָרן געלערנט העברעאיש, אָבער נאָר אין די נאָך־שולע שטונדן, דורך דעם לערער קאַן, — נאָר פאַר די, וועלכע האָבן עס פאַרלאַנגט. לאַנג האָט עס נישט אָנגעהאַלטן.

וועגן דער לאַגע אין די פּאָושעכנע שולן, איז כאַראַקטעריסטיש אַ פּונקט אין דער וואַל־פּלאַטפאָרם צו דער קהלה אין 1924, פון די ציוניסטן און „מזרחי": „מיר וועלן שטרעבן — זאָגט זיך אין וואַל אויפרוף — אַז אין די אַלגעמיינע יידישע פאָלקס־שולן זאָל געלערנט ווערן יידיש, רעליגיע און יידישע וויסנשאַפטלעכע למודים און זיי זאָלן געפירט ווערן אין יידישן גייסט אויפן חשבון פון דער רעגירונג. אַז די יידישע גמינע זאָל האָבן רעכט אַכטונג צו געבן, אַז די פירונג אין די פּאָושעכנע שולן, זאָל זיין אין נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן גייסט".

די דאָזיקע פאָדערונג איז קיינמאָל נישט רעאַליזירט געוואָרן.

אין בונדישן זשורנאַל „לעבנס־פראַגן" פון מאַי 1916, לייענען מיר: „די גמינע־לייט ווילן זיך נישט איינרייסן מיט די פּוילישע פּני און מאַכן פון אַלעם אַ שווייג. יידישע קינדער זענען ביז היינט געגאַנגען אין די קלויסטער־שולן פון די מאַריאַוויטן און ווען ס'איז צוליב עפּעס אַ צופאַל ענטשטאַנען אַ יידישע קינדער־היים, וועלכע האָט געקענט אַריינ־נעמען, נאָר אַ קליינע צאָל קינדער, האָבן די פאַרמעגלעכע חסידישע בעלי־בתים, געפונען פאַר נויטיק איינשפּאָרן געלט און שיקן זייערע קינדער

אין די מאַריאַוויטישע קינדער־היימען, ווו די קינדער נעמען איבער די וועלט־אַנשויאונג און מאַניערן פון די קלויסטער־לערער".

„אויף דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע אַרבעטער, איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אין „הזמיר" פון יידישע פאָלקס־לערער צו באַטראַכטן די פראַגע פון אונטעררריכטס־שפּראַך אין די פאָלקשולן. ליידער זענען די גרעסטע טייל לערער, נישט געקומען, האַלטנדיק דעם ענין פאַר נישט וויכטיק".

„די באַציונג פון קהלשע פּני צו פיזישע דערציונג אין „מכבי", איז געווען אַ גרינגשעצנדע. זיי האָבן געזאָגט: „קונצן מאַכן קענען זיי, עס פעלט זיי נאָר אַ קאַטערינקע, וואָלטן זיי געקענט גיין אויף די הויפן און פאַרדינען געלט".

די קוויטק פון „לעבנס־פראַגן", טראָגט זיכער מער דעם כאַראַק־טער פון פּאַרטיי־פּאָלעמיק.

נאָכן ערשטן קריג, זענען די וויכטיקסטע חדרים אין שטאָט געווען: „דער „מזרחי"־חדר אונטער דער אויפזיכט פון דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע און „יסודי־התורה", וועלכע האָט באַלאַנגט צו דער „אגודה".

„מזרחי"־חדר, איז געווען פאָרגעשריטענער, כאָטש מ'האָט דאָרט אויך מקיים פּסק געווען דעם תלמיד ווען דער „מורה", (שוין נישט אַ „רבי",) האָט געהאַלטן פאַר נויטיק. דער ערשטער לערער, אַ ליטוואַק, קאָ־מאַראָווסקי, איז אויך געווען דער לעצטער לערער, ביז דעם גירוש. דער פּראָגראַם פון די למודים אין „מזרחי"־חדר איז געווען אין גייסט פון ארץ־ישראל און העברעאיש איז געווען די לערן־שפּראַך. אין „יסודי־התורה" איז עס נאָך געגאַנגען אויפן אַלטן דרך.

אין „היינט" פון 27 נאָוו. 1928, ליינען מיר פאָלגענדע נאָטיץ:

„ווי ווייט ס'זענען אָפּגעשטאַנען אין פּעדאַגאָגישן זין די חדרים פון דער „אגודה", קען אַמבולטסטן אילוסטרירן פאָלגענדער פאַקט, וועלכער איז לעצטנס פאָרלאָפן ביי אונז אין שטאָט. דער מנהל פון פלאָצקער „אגודה"־חדר „יסודי־התורה", האָט אויף אַ רציחה'דיקן אופן געשלאָגן מיט אַ האָלץ, איבערן גאַנצן קערפּער, דעם עלף יעריקן תלמיד פון דעם זעלבן חדר שמאי־לייב בוכמאַן, מאַכנדיק אים וווּנדן איבערן גאַנצן קערפּער. ד"ר קוניג, וועלכער האָט דעם געליטענעם ערטיילט הילף, האָט שריפטלעך פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד האָט פון די קלעפּ פינף בלויע פלעקן, יעדע די גרויס פון אַ זילבערנע זלאָטע. דאָס יינגל, אין פאַרצווייפלונג, איז אַוועק אין דער פּאָליציי. דער פאָטער פון קינד, אַליין אַן'אגודה מענש, האָט זיך באַגנוגנט מיט רופן דעם מנהל צו אַ דין־תורה. דער רב האָט

אויפן מנהל גוט אָנגעשריען און באַפוילן אים, איבערבעטן דאָס יינגל, און אים צוריק ברענגען אין חדר״.

דאָס חדר פאַר אָרעמע קינדער איז געווען די תלמוד־תורה, וועלכע איז געוואָרן אויסגעהאַלטן פון דער קהלה. נעבן חדר איז געווען אַ גע־ביידע ווו ס׳האָבן געוווינט די לערער פון דער ת״ת. איינער פון די לעצטע לערער איז געווען קראַוועץ, וועלכער האָט דאָרט געלערנט פאַר פיל יאָרן. דער זעלבער קראַוועץ האָט אויך געלערנט העברעאיש פלאָצקער גלחים.

די שריפטשטעלערין רחל פייגענבערג באַשרייבנדיק אַ באַזוך אין פלאָצק, דערציילט זי וועגן איר וויזיט אין דער תלמוד־תורה ווו דער לערער קראַוועץ האָט איר דערציילט, אַז די באַציאונגען אין שטאָט צווישן יידן און קריסטן זענען זער פריינטלעכע. מען איז זיך נוהג, אַז צום ניי־יאָר שיקט דער רב גליק־ווונשן צו אַלע הויכגעשטעלטע גלחים און סתם אָנגעזעענע קריסטלעכע פערזענלעכקייטן פון שטאָט, דערפאַר, אַז מ׳האָט אַמאָל געדאַרפט אָפּראַטעווען אַ יידיש מיידל פון שמד, האָבן זיך יענע באַצויגן צו דעם ענין זער טאָלעראַנט.

אי׳ן דער תלמוד־תורה איז אויך אין אַ באַגרענעצטער מאָס געוואָרן געלערנט אַלגעמיינע למודים. אין דער צייט פון דער רוסישער אָקופּאַציע פאַרן ערשטן וועלט־קריג, האָט דאָרט געלערנט רוסיש דער לערער קאַגאַן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער לייטער פון דער שקאָלא־פּאָוושעכנאַ פאַר יידישע קינדער.

## די יידישע אַרבעטער פּאַרטייען

### די ס. ס. פּאַרטיי

אָנהויב אונזער יאָרהונדערט ווען רעוואָלוציאָנערע שטימונגען האָבן פאַרכאַפּט די אינטעליגענץ און אַרבעטער־יוגנט, איז ענטשטאַנען די ס. ס. פּאַרטיי אין פלאָצק.

די ס. ס. איז געווען די ערשטע יידישע אַרבעטער פּאַרטיי אין פלאָצק און איז געגרינדעט געוואָרן אין 1904.

עס האָט זיך אָפּגעהיטן אַ דאָקומענט פון יענער צייט, אַ העקטאָ־גראַפישער אומלעגאַלער אויפרוף דאַטירט פון 28 אויגוסט 1905 און אַרויס־געגעבן פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פלאָצק. ער לייענט זיך:

„ברידער און שוועסטער! דער צאַר גיט נאָך. דער אַל־רוסישער מערדער, דער אונטערדריקער פון פיל פעלקער, דער הענקער פון קישי־נעוו, פּעטערסבורג, לאָדזש, ביאַליסטאָק א. אַ. וו. דער צאַר ניקאָליי דער

לעצטער האָט אונטערן דראַנג פון קעמפנדן פּראָלעטאַריאַט אַרויסגעלאָזן אַ מאַניפעסט וועגן אַ נייע אינסטיטוציע אַ גאָסודאַרסטווענע דומע. „פאָלק״ הייסט ביי אים די באַנדע רייכע און עקספּלואַטאַטאָרן. אַרבעטער קענען לויטן מאַניפעסט נישט זיין קיין בירגער. דעם פּראָלעטאַריאַט האָט ער צוגלייך מיט פאַרברעכער און ווילדע פעלקער אויסגעשלאָסן פון פּאָליטישן לעבן.

„ברידער און שוועסטער! דער צאַר האָט שוין זיינס געזאָגט! נאָר נישט ער האָט דאָס לעצטע וואָרט! יעצט האָבן מיר דאָס וואָרט! מיר אַרבעטער און מיטגלידער פון דער צאָלרייכער פאַמיליע פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט אַזוי פיל בלוט פאַרגאָסן אין קאַמף מיטן עקל־האַפטן צאַריזם. אונזערע ברידער אין וואַרשע און אַנדערע שטעט האָבן געגעבן אַ פּאַסנדן ענטפער אויפן שענדלעכן צאַרישן מאַניפעסט. ווי איין מאַן האָבן זיי אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין וואַרשטאַטן און זענען אַרויס אין גאַס מיט אַ הילכנדער שטימע פּראָטעסטירן קעגן די צאַרישע חסדים.

ברידער און שוועסטער! אין נאָמען פון אונזערע הייליקע אידעאַלן, די אידעאַלן פון פרייהייט און ברידערלעכקייט, רופן מיר אייך, נישט צו צוטרעטן מאָרגן דינסטיק צו דער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן, פאַבריקן און געוועלבער. אונטער דער ווירקונג פון פּאָליטישן סטרייק, זאָל אָפּ־שטאַרבן די גאַנצע באַוועגונג אין אונזער שטאָט און זאָלן אונזערע פיינט זען אַז נישט אין די הענט פון די צאַרישע דינער ליגט דאָס לעבן פון גאַנצן לאַנד, נאָר אין די הענט פון אַרבעטער־קלאַס. איבער דעם דאַרף נישט דער צאַר און נישט די באַנדע בלוטזיגער דיקטירן רעכט דעם פאָלק, נאָר דאָס פאָלק דאַרף האָבן רעכט אַליין צו רעגירן.

„אַלזאָ, ברודער און שוועסטער, מוטיק צום פּאָליטישן סטרייק. ני־דער מיט די צאַרישע חסדים און מאַניפעסטן! נידער מיט דער זעלבסט־הערשונג! זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק! זאָל לעבן די ציוני־סטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי!

די פּלאָצקער אָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

**אין יענע יאָרן זענען פאָרגעקומען הייסע דיסקוסיעס צווישן די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען ס. ס., „פּועלי־ציון“, „בונד“ א. אַ. ווו ס'איז אָנגעגאַנגען דער אידייאישער געראַנגל. די אַקטיווסטע פּאַרטיי איז געווען די ס. ס. וועלכע האָט אָרגאַניזירט מיטינגען אין וואַלד, אין באַזאַר איוף ברייטע גאַס און אין פּריוואַטע שטובן.**

**צו די דאָזיקע דיסקוסיעס זענען געקומען אויסער די אויבנדער־**

מאָנטע ריכטונגען אויך יידישע מיטגלידער פון פ. פּ. ס. ווי יוזעף קוויאַטעק, װעמען עס האָט באַאומרויקט די „יידישע פראַגע״. קוויאַטעק האָט געהאַט אָנגעשריבן אַ בראָשור װעגן דער יידן־פּראַגע. די בראָשור איז געװאָרן איבערזעצט אין יידיש פון מיכלזאָן און איז דערשינען אין 1905 אונטערן פסעוודאָנים ווילענסקי.

מיט אויפמערקזאַמקייט האָבן זיך די צוהערער באַצויגן בעת די דיסקוסיעס צו אסתר גאָלדע, די יינגערע שוועסטער פון יוליוס גאָלדע, װעלכע איז געװאָרן אַ אָנפירערין אין די צענטראַלע קרייזן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מיט איר וויסן און רעדנער־קראַפט, האָט זי געפּרוווט איבערצייגן די צוהערער, אַז די לייזונג פון דער יידישער פראַגע ליגט אין דער סאָציאַלער באַפרייונג פון פּוילישן פאָלק.

וועגן אסתר גאָלדע האָט געהאַט געשריבן בזשאָזאָווסקי אין "KUZNIA MLODYCH" (נומער 29, 1936), אַז „עסטעראַ גאָלדע און יוזעף פּילסודסקי זענען די צוויי שענסטע נשמות אין פּוילן״.

געווען אַ צאָל יידישע פּ.פּ.ס.־אָווצעס אין פּלאָצק, זיי האָבן דאָרט געבילדעט אַ באַזונדערע יידישע אָפּטיילונג. פאַר אַ צייט האָט מיט זיי אָנגעפירט איינער אַדאָלף, װעלכער איז געװאָרן דעלעגירט פון דער צענט־ראַלע אין וואַרשע.

נאָכן דערשטיקן די רעוואָלוציע אין 1905, האָט מען זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם אין פּלאָצק. קאָזאַקן האָבן דורכגעפירט אָנפאַלן אויף יידן, זוכנדיק צו אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע שטימונג. צווישן די צעשלאָגענע איז אויך געווען שלמה טאָהב, אַ מיטגליד פון דער „זשי־דאָווסקע פּ. פּ. ס.״, װעמען זיי האָבן געכאַפּט אין גאַס אין צייט פון אַ קוירפּיו.

יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ, צווישן וועמענס אָנפירער עס זענען געווען גאָלדע, מ. קאשיקעוויטש און אַנדערע.

די ס. ס. פּאַרטיי איז באַשטאַנען ס׳רוב פון בעלי־מלאכות און יוגנטלעכע אַרבעטער. אין „פּועלי־ציון״ האָבן זיך גרופּירט מערסטנס ישיבה בחורים וועלכע האָבן נאָך געטראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס. צום „בונד״ האָבן באַלאַנגט אַרבעטער און אַסימילירטע אינטעליגענץ.

געווען אַ פאַל, אַז די ס. ס. אין פּלאָצק האָט געפירט אַ קאַמף, אַז פּלאָצקער יידן זאָלן נישט האַנדלען מיט שערפּץ ווייל די דאָרטיקע בעלי־בתים האָבן באַקעמפט אַ סטרייק. די ס. ס. אין יענער צייט, אַ דאַנק דער דינאַמישקייט פון איר פירער יוליוס גאָלדע, האָט געפירט אַ ברייטע קולטור־אַרבעט צווישן אַרבעטער, וו נישט נאָר אידעאָלאָגישע

פראַגן זענען דיסקוטירט געוואָרן. גאָלדע האָט אָנגעפירט מיט לעקציעס איבער אַנאַטאָמיע, מיטברענגענדיק מיט זיך אַ טויטן האָז אָדער זשאַבע און מיט די אַרבעטער שטודירט די אַנאַטאָמיע פון פאַרשידענע בעלי־חי.

נאָכן פונאַנדערפאַל פון ס. ס., זענען טייל אַוועק צו „פועלי־ציון" אָדער „בונד", אַנדערע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין „צעירי ציון" אָדער אין „אגודת־ציון", וועלכע האָבן אָנגעפירט דעמאָלט מיט העברעאישע קורסן.

## „צוקונפט" און „פרייהייט"

די „צוקונפט", אַ אומפּאַרטייאישע קולטור־אָרגאַניזאַציע איז גע־וואָרן געגרינדעט אין פלאָצק ד. 10־טן נאָוועמבער 1917. צו דער גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג אונטערן פאָרזיץ פון מרדכי קאשיקעוויטש, זענען גע־קומען 300 מענשן. „לעבנס־פראַגן" פון 7־טן דעצעמבער 1917 באַריכטעט וועגן דער פאָרגעקומענער פאַרזאַמלונג: „די סטאַטוטן האָט פאָרגעלעזט זילבערבערג, וועגן די אויפגאַבן פון „צוקונפט" האָט גערעדט גליקסאָן. ווען ער האָט גערעדט קעגן ציוניזם, האָט עס אַרויסגערופן דעם פראָ־טעסט פון די אָנוועזנדע ציוניסטן. אין דער פאַרוואַלטונג זענען ערוויילט געוואָרן: קאשיקעוויטש, ווילנער, ליכטענשטיין, דזשעוויגאַ, זילבערבערג, הירשהאָרן און זעליגמאַן.

די „צוקונפט" האָט געפירט אַ ברייט פאַרצווייגטע קולטור אַרבעט אין שטאָט. זיי האָבן אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן, ווו מ'האָט געלערנט די יידישע און פוילישע שפּראַך, אַריטמעטיק, נאַטור־וויסנשאַפט און געאָג־ראַפיע. עס האָבן זיך פאַרשריבן בערך הונדערט אַרבעטער. די פאַרוואַלטונג פון „צוקונפט" האָט זיך געהאַט געוואַנדן צום מאַגיסטראַט מיט אַ ביטע איר אָפּגעבן אַ פאָלקס־שול געביידע פאַר אָוונט־קורסן.

די אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" האָט אַרויסגעגעבן איר אָרגאַן אונטער דעם זעלבן נאָמען. אין דעם נומער וואָס איז דערשינען אין פעברואַר 1920, ווערט גערעדט וועגן די אויפגאַבן פון דער נייער אָרגאַניזאַציע: „מיר שטעלן זיך אַלס ציל צו טראָגן דאָס ליכט פון סאָציאַליזם אין די פאַרבאַהאַלטענסטע ווינקלעך פון די יוגנטלעכע מאַסן. מיר זענען אומ־פאַרטייאיש. מיר שטעלן זיך פאַר אַ ציל צו באַקעמפן די עקזיסטירנדע יוגנטלעכע פאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס.

אין זעלבן נומער „פרייהייט" וואָס איז געדרוקט אין פלאָצק, ווערט געבראַכט אַ באַריכט פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער אָרגאַניזאַציע: „די פאָדערונג צו שאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל זיין ווייט

פון דער אַנשטעקנדער פּאַרטייאישער אַטמאָספּערע איז געוואָרן אַן׳אַלגע־מיינע און ענערגישע. דער גוואַלטיקער דראַנג צו שאַפן אַן׳אָרגאַניזאַציע אויף אומפּאַרטייאישע יסודות, האָט ענדלעך פאַרוואַנדלט דעם שטאַרקן ווונש אין אַ מעכטיקן טאַט״.

אַ גרופּע חברים צוגרייטנדיק אַ סקעלעט פון אַן׳אוסטאַוו, האָט צונויפגערופן אַן׳אָרגאַניזאַציע פאַרזאַמלונג אויפן 23 אויגוסט 1919. דער זאַל איז געווען איבערפולט. עס האָט אפילו נישט געפעלט קיינער פון אונזערע קעגנער. אַלע זענען געווען דורכגענומען מיטן געפיל, אַז ס׳קומט פאַר אַ וויכטיקער מאָמענט אין דער היסטאָריע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

„אויפן טאָג־אָרדנונג פון דער דאָזיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געווען: 1) נאָמען און כאַראַקטער פון דער נייער אָרגאַניזאַציע 2) סטרוק־טור פון דער אָרגאַניזאַציע 3) די שטעלונג צו אַנדערע יוגנט אָרג. 4) פאָרשלאָגן 5) וואַלן פון אַ קאָמיטעט.

דער באַריכט־אָפּגעבער אין זשורנאַל גיט איבער דעם אינהאַלט פון רעפעראַט אין וועלכן ס׳איז מאָטיווירט געוואָרן די נויטווענדיקייט פון אַן׳אונפּאַרטייאישער יוגנט־אָרג. צום קאַמף פאַר עקאָנאָמישע אינטע־רעסן און קעגן רעאַקציאָנערע דערשיינונגען. ער לייגט פאָר די אָרגאַני־זאַציע זאָל טראָגן דעם נאָמען „פרייהייט״, וועלכער איז געוואָרן אָנגענומען. די אָרגאַניזאַציע איז געווען לינק באַאיינפלוסט.

„די „פרייהייט״ האָט עקזיסטירט אין נאָר דריי שטעט: פּלאָצק, וולאָצלאַוועק, וואַרשע. זיי זענען שפּעטער איינגעשלונגען געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

## די „פּועלי - ציון״ פּאַרטיי

די פּועלי־ציון איז געוואָרן אין פּלאָצק געגרינדעט אין 1904. צווישן די גרינדער זענען געווען די ברידער גראָבאַרד, אָסטראָווער שמואל, שולמאַן, משה מאַגנעס, מיכאל פלאַקס, פּאַפּיערטשיק א. אַ. זיי האָבן גע־פירט זייער טעטיקייט אומלעגאַל. געפירט האָבן זיי אַ קאַמף קעגן דער צאַרישער מאַכט, געהאַט אַ געווער אַרסענאַל און דורכגעפירט טעראָר־אַקטן קעגן אכזריותדיקע פּאָליציי־לייט.

ד. בן־גוריון (דעמאָלט דוד גרין) איז איינמאָל אין 1904 געקומען פון פּלאָנסק אויף אַ באַזוך אין פּלאָצק, כדי צו פאַראינטערעסירן חברים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, וואָס איז געלעגן אין טערקישע הענט. נאָך זיין באַזוך, האָט עולה געווען קיין ישראל איינער אָרבאַך.

נאָך בן־גוריונ׳ס עולה זיין קיין א״י, איז פון אים אָנגעקומען צו די פלאָצקער חברים אַ בריוו וועלכער איז געוואָרן געלייענט אין דער ביבליאָטעק. דער בריוו איז געווען אונטערגעשריבן פון ד. בן־גוריון און ש. צמח, ווו זיי האָבן געשילדערט דאָס דעמאָלטיקע פּיאָנערן־לעבן אין א״י און דעם קאַמף פאַר יידישע אַרבעט אין די קאָלאָניעס און וועגן די ווייטערע אַרבעט אויף די ערטער.

„פּועלי־ציון״ האָט געפירט אַנ׳אַקטיווע טעטיקייט אין אומלעגאַלע באַדינגונגען. דער פּועלי־ציון וועטעראַן פון פלאָצק משה מאַגנעס דערציילט, ווי ער פלעגט פאָרן קיין מלאַווע אָפּנעמען אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז געוואָרן אַריינגעשמוגלט פון דייטשלאַנד און פון דאָרט עס געבראַכט קיין פלאָצק. אין וואַגאָן האָט ער דאָס „פּעקל״ אַוועקגעלייגט אין דער הויך צווישן פּעקלעך פון אַנדערע פּאַסאַזשירן און אַליין זיך געזעצט ווייטער פון דעם „הייסן״ אָרט. טאָמער געפינט מען עס, איז עס נישט זיינס.

איינמאָל איז ער געפאָרן צו אַ דיסקוסיע מיטן „בונד״, וואָס איז פאָרגעקומען אין דראָבנין. די דיסקוסיע האָט געזאָלט ווערן אָפּגעהאַלטן אין שוהל שמחת־תורה נאָך די הקפות, ווען אַלע זענען שוין אַהיימגע־גאַנגען. אין דרויסן איז געשטאַנען איינער אויף פּאַטרול, אין פאַל עס מאַכט זיך אַ „צרה״. דער פּאַטרול־חבר האָט פונדערווייטנס געזען אָנ־קומען אַ ייד אין אַ גלאַנציקער קאַפּאָטע, וועלכער איז זיך „איבער־געגאַנגען״ נאָך דער סעודה פאַר אַ ביסל פרישע לופט. דער חבר האָט פונדערווייטנס געמיינט אַז עס איז אַ זשאַנדאַרם און געגעבן אַ סיגנאַל צו די חברים אין שוהל וואָס זענען דאָרט געזעסן אין דער פינסטער און געפירט אַ דיסקוסיע.

די חברה צעשראָקענע, זענען אַרויס דורך די פענסטער צעברעכנ־דיק אַלע שויבן. צומאָרגנס האָבן יידן געזעען די צעבראָכענע שויבן און געמיינט אַז שקצים האָבן עס געטאָן. אַזוי איז מען אָנגעגאַנגען מיט דער אומלעגאַלער אַרבעט.

ביי מאַגנעסן אין קעלער אויף די ברייטע גאַס, איז געווען אַ טיי־הויז. עס האָבן זיך אָפּט דאָרט באַוויזן פּאָליציי זוכנדיק פּאַרדעכטיקע. קומט איינמאָל אַריין אַ זשאַנדאַר מאַכן אַ רעוויזיע און געפינט גאָרנישט פּאַרדעכטיקס. ער שטעלט זיך אָפּ פאַרן בילד פון קאַרל מאַרקסן וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט.

ווער איז דאָס? — פרעגט ער.

דער ייד אין באָרד איז מיין זיידע ע״ה — ענטפערט אים מאַגנעס.

כאַרישאָ! — איז מסכים דער זשאַנדאַר. „זיכער נישט קיין פּנים

פון אַ קאַצאַפּ, אַ פיינער ייד געמוזט זיין דיין זיידע".

פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז די „פועלי־ציון" באַוועגונג געוואָרן אָפּגעשוואַכט. אַ צאָל פון אירע פירער זענען אַוועק קיין אויסלאַנד. ערשט ענדע מלחמה האָט די פּאַרטיי אָנגעהויבן צוריק אויפלעבן. אין צווישנצייט איז אין 1921 געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי.

## „צעירי - ציון"

די „צעירי־ציון" איז ענטשטאַנען אין פלאָצק נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין 1917. פון אָנהויב זענען זיי געווען אַ פראַקציע ביי דער „אגודת־ציון". דער עלעמענט איז געווען אַנ׳אינטעלעקטועלער, יונגע־לייט פון באַלעבאַטישע היימען. שפּעטער האָט זיך ביי „צעירי־ציון" אָרגאַ־ניזירט אַ סעקציע פון גימנאַזיסטן פון העכערע קלאַסן אונטערן נאָמען „הרצליה". עס איז געווען די צייט פון נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג ביי די יידישע מאַסן, האָבנדיק אויך ערמוטיקונג פון די דייטשע אָקופּאַנטן אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג. ס׳איז געוואָרן אָרגאַניזירט אַ ברייטע קולטור־אַרבעט, העברעאישע קורסן, רעפעראַטן. ציון־לידער האָבן באַהערשט די יידישע גאַס. די יוגנט איז געווען ציוניסטיש געשטימט, אָבער נישט אָנגעשלאָסן אין ספּעציפישע פּאָליטישע ריכטונגען. ערשט אונטערן איינפלוס פון די געשעענישן אין דער אַלגעמיינער און יידישער וועלט, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן אידייען און ריכטונגען. אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין 1920, ווען די גאַנצע יוגנט איז געוואָרן דורך דער פוילישער מאַכט מאָביליזירט צו מלחמה מיט רוסלאַנד, איז געוואָרן איבערגעריסן די ציוניסטישע טעטיקייט.

„צעירי־ציון" איז דערווייל געוואָרן אַ פּאַרטיי, אָפּרייסנדיק זיך פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. זיי האָבן אַריינגענומען אין זייער פּראָגראַם אַרבעטער־פּראָבלעמען. זיי זענען אויך געגאַנגען צו די שטאָט־ראַט וואַלן אין 1920 און ערווײַלט זייער פאָרשטייער צום שטאָט־ראַט.

חברים פון „צעירי־ציון" וועלכע זענען צוריקגעקומען פון קריג נאָך אַ פּאָר יאָר דינען, זענען געווען אָן איניציאַטיוו צו טעטיקייט. אַ טייל מיטגלידער האָבן זיך ענטוישט אין ציוניזם און געוואָרן בונדיסטן אָדער קאָמוניסטן.

דער שטילשטאַנד אין דער „צעירי־ציון" אָרג. האָט געדויערט ביז 1924. אין דעם יאָר איז געקומען קיין פלאָצק אַ בחור מיטן נאָמען פּיאַנקע, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם „החלוץ" אין פלאָצק, אין וועלכן ס׳האָבן זיך דעמאָלסט אָנגעשלאָסן בערך 200 חברים. שפּעטער האָט זיך אַרויס־

געוויזן אַז נישט אַלע קענען באַלאַנגען צום „החלוץ״ וועמענס ציל איז געווען פערזענלעכע פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם דורך פאָרן אין חלוצישן קבוץ, האָבן פיל חברים פאַרלאָזנדיק דעם „החלוץ״, זיך אָנגעשלאָסן אין „צעירי־ציון״, וועמענס אָנפירער זענען געווען: פישל פלידערבלום, צימ־באַליסטאַ, וואַרשאַוויאַק, פאַפיערטשיק א. אַ.

אין 1925, אין די „גראַבסקי־צייטן״, האָט געהערשט אין פלאָצק — ווי אין גאַנץ פוילן — אַ קאָניוקטור פאַרן ציוניזם. „צעירי־ציון״ האָט דאַן געשפילט אַן׳אָנגעזעענע ראָל אויף דער יידישער גאַס. פיל צ. צ. מיטגלידער זענען עולה געווען קיין א״י, צווישן זיי פון די אַקטיווסטע ווי: צימבאַליסטאַ, פאַפיערטשיק, וואַרשאַוויאַק, זעליגמאַן, מאַנקע, ראָזנפעלד א. אַ. דער דראַנג צו עליה האָט אַריינגעדרונגען אין דער יידישער אַר־בעטער־גאַס. פיל יידישע אַרבעטער אָן אַנ׳אויסזיכט פאַר אַ מאָרגן, האָבן געטראַכט פון עמיגרירן קיין א״י און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין „החלוץ״ און „צעירי־ציון״.

דער אַריינשטראָם פון נייע עלעמענטן אין דער פאַרטיי, האָט ביס־לעכוויז געענדערט דאָס פנים פון דער באַוועגונג. דאָסזעלבע איז אויך געשעען אויפן לאַנד־מאַסשטאַב. „צעירי־ציון״ איז געוואָרן אַנ׳אַרבעטער־פאַרטיי. ס׳איז געוואָרן אין לאַנד אַקטועל די פאַרייניקונג פון צ. צ. מיט די גרופן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפאָלטן פון „פועלי־ציון״ און זענען געווען פאַר אַקטיווער א״י־טעטיקייט. פאַקטיש, איז אין פלאָצק נישט געווען מיט וועמען זיך צו פאַרייניקן, ווייל ס׳זענען קיין רעכטע „פועלי־ציון״ נישט געווען.

אַזוי איז אויף דער יידישער גאַס אין פלאָצק דערשינען די נייע פאַרטיי: „פועלי־ציון״ (פאַרייניקט מיט צ. ס.).

## פועלי־ציון (רעכטע)

דאָס ערשטע מאָל איז די פאַרטיי פון די רעכטע פועלי־ציון גע־גאַנגען צו די שטאָט־ראָט וואַלן אין 1928 און אַדורכגעפירט צוויי ראָט־מענער: פישל פלידערבלום און אברהם משה אַלטער (וועלכער איז גע־שטאָרבן אין יונגן עלטער פון 29 יאָר אין 1930). ביידע זענען געווען פול מיט ענערגיע און באַהאַוונט אין פאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. פישל איז ערווילט געוואָרן צום שטאָט־ראָט אין עלטער פון 27 יאָר און אברהם משה אַלטער זייענדיק אַ יאָר יינגער. זיי האָבן ביידע געוווּנען דעם צוטרוי פון אַ גרויסער צאָל פלאָצקער יידישע פאָלקס־מענשן.

די פאַרטיי איז געווען די טעטיקסטע אין אַלע ציוניסטישע אינסטי־

טוציעס און אויסגעאיבט השפעה אין אַלע א״י־טעטיקייטן. זיין השפעה אין „החלוץ״ איז געווען אַנ׳אבסאָלוטע. דער רוב פון „החלוץ״־חברים זענען שפּעטער געוואָרן אַקטיווע חברים אין דער פּאַרטיי.

אין די ערשטע יאָרן האָט ביי די רעכטע פּ.צ. דאָמינירט דער בליק פון ענגן קלאַסן־קאַמף דערציונג. אונטערן דרוק פון חלוצישער טאַט אין ארץ־ישראל ובפרט זינט די א״י־געשעענישן אין 1929, האָט אויפ־געוואַכט דער דראַנג צו א״י־מעשים, וועלכע האָט איינגעשלונגען די פּאַרטיי־טעטיקייט. ס׳איז געווען נאַטירלעך דער דאָזיקער צואַנג. די איבערגע־געבנהייט און אידעאַליזם פון חברים איז געקומען צום אויסדרוק אין דראַנג צו עליה. ליידער זענען די טויערן פון ארץ־ישראל געווען אַזוי קליין און דער ווילן צום פאָרן אַזוי גרויס.

די פּאַרטיי האָט יאָר יערלעך דורכגעפירט אַ 1־טע מאַי דעמאנסטראַ־ציע מיט סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע לאָזונגען. אין די דעמאנסטראַ־ציעס האָט זיך בעיקר אַרויסגעזען די יוגנט וועלכע האָט אונטער רויטע פאָנען מאַרשירט מיט געזאַנג איבער די גאַסן.

דער „בונד״ האָט מאַרשירט באַזונדער, זייענדיק קעגן אַ געמיינ־זאַמער דעמאָנסטראַציע, צוליב די לאָזונגען לטובת דער ארץ־ישראל אַר־בעטערשאַפט. דורכמאַרשירענדיק די נישט־דורכאויס יידישע גאַסן, האָט מען געקענט הערן אַנטיסעמיטישע אויסרופן פון קריסטלעכע פאַרבייגייער. די ערשטע־מאַי דעמאָנסטראַציעס פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַ־וועגונג האָט איבערראַשנד געוויזן דעם גרויסן כח פון פּ.צ. און די חלוצישע יוגנט באַוועגונג.

די פּאַרטיי האָט געזוכט צו באַקענען די פּוילישע אַרבעטער מיט די צילן און אויפטוען פון דער הסתדרות אין א״י. זיי האָבן אַראַנזשירט צוזאַמענטרעפן מיט די פירער פון פּ.פּ.ס. פאַר דעם צוועק איז אַראָפּ־געבראַכט געוואָרן קיין פּלאָצק אויף אַ רעפעראַט אין שטאָט־טעאַטער דער פּ. פּ. ס. דעפּוטאַט סטאַניסלאַוו דיבוא. וועלכער האָט איבערגעגעבן אַ באַגייסטערטן באַריכט פון זיינעם אַ באַזוך אין א״י. אויך די פירער פון „וויזוואָלענע״ אין פּלאָצק האָבן אַרויסגעוויזן סימפּאַטיעס צו די צילן פון דער ציוניסטישער אַרבעטערשאַפט.

די פּאַרטיי איז געווען טעטיק אין אַלע צווייגן פון ציוניסטישן און אַלגעמיינעם לעבן. צו די קאָנגרעס־וואַלן פון אַרבעטנדן א״י אין 1930 האָבן די רעכטע פּ.צ. געצויגן בערך 80 פּראָצענט שטימען. צו די וואַלן פון ציוניסטישן קאָנגרעס איז די פּאַרטיי געווען שטענדיק אויפן ערשטן אָרט אין דער צאָל שטימען.

אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט האָט פּ.צ. אָרגאַניזירט דעם האַנדלס־

אָנגעשטעלטן פאַריין. קורץ פאַרן קריג איז פאָרזיצערן פון פאַריין געווען טאלא פלידערבלום וועלכע איז געווען בוכהאַלטערין אין מאַרגיליעס פאַב־ריק. וויצע פאָרזיצער איז געווען אברהם גאָלד, (אַ ברודער פון אַקטיוון פּ. צ.־חבר דוד גאָלד).

געוויסע טעטיקייט האָבן פּועלי־ציון חברים אויסגעאיבט אין אַנ־דערע פראָפ. פאַריינען. אין לעדער־פאַריין, וועלכער איז געווען אונטער קאָמוניסטישן איינפלוס, איז געווען אַ סעקציע פון טריקאטאַזש־אַרבעטער וועמענס פאָרזיצער עס איז געווען ש. פרידענבערג, ביז זיין עליה קיין א״י. פאַר אַ צייט האָט עקזיסטירט ביי דער פאַרטיי אַ ביוראָ צו שאַפן אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע חברים.

אינטערעסאַנט, אַז אין 1930 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע חברים וועלכע האָבן זיך געגרייט עולה זיין קיין א״י אויף בייסיקלס. ס׳איז אָבער נישט געלונגען באַקומען אַנ׳ערלויבעניש פאַר אַזאַ רייזע. אַ גרעסערע צאָל חברים האָבן אַלע יאָרן געצויגן די קייט פון עליה קיין א״י, פאַרנדיק אויף סערטיפיקאַטן און אויך מיט דער עליה ב׳, דורכברעכנדיק דעם שווערן וועג פון אומלעגאַל עולה זיין.

די קולטור־אַרבעט פון דער פאַרטיי איז געווען אַ פערמאַנענטע און די וויכטיקסטע אַרבעט. עס האָבן דערמיט אָנגעפירט די ח״ח פלי־דערבלום. בוכמאַן, דוד גאָלד, גינזבורג, זאַנדער, ווישינסקי א. אַ. דער לעצטער, אַ געוועזענער פירער פון „בונד״ איז אַריבער צו די פּועלי־ציון און זיך אויסגעצייכנט אין דער טעטיקייט (רינגעלבלום אין זיין טאָג־בוך פון וואַרשעווער געטאָ, דערמאָנט ווישינסקין וועלכער איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ).

דער וווקס פון די פאַרטיי האָט זיך אָנגעזעען אין די וואַלן צום שטאָט־ראַט אין 1938. זיי האָבן דורכגעפירט צוויי ראַטמענער (פלידער־בלום, שיוואַק) פאַרטאָפּלנדיק די צאָל ראַטמענער. צו אַ דריטן האָט זיי צוגעפעלט 32 שטימען. די לינקע פּ. צ. האָבן אויך געשטיצט די ליסטע פון די רעכטע פּ. צ.

אין 1938 האָט די פאַרטיי צום ערשטן מאָל אַרויסגעשטעלט איר ליסטע צו די קהלה־וואַלן און אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג ערוויילנדיק צום קהלה־ראַט: פישל פלידערבלום, אַהרן שיוואַק און פנחס בוכמאַן.

דעם גרעסטן זיג האָבן די פּועלי־ציון אָפּגעהאַלטן ווען פישל פלי־דערבלום איז ערוויילט געוואָרן אַלס ראש־הקהל פון פלאָצק. צום ערשטן מאָל האָט פלאָצק באַקומען אַ קהלה־פּרעזעס אַ מענש פון פאָלק וועלכער האָט מיט ווירדע און טאַקט געפירט דאָס יידישע קהלה לעבן אין פלאָצק. פלידערבלום האָט אָנגעפירט מיט דער קהלה די קורצע צייט ביז די

נאַציס זענען אַריין אין פּלאָצק. ווען ס'האָט אים געדראָט אַרעסטירט צו ווערן, איז ער אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט געטיילט דעם ביטערן גורל פון די געטאָ איינוווינער, ביז ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און נויט.

## די לינקע „פּועלי-ציון"

אין די יאָרן פאַרן ענדע וועלט־קריג, איז „פּועלי־ציון" געוואָרן אָפּגעשוואַכט, הויפּטזעכלעך, ווייל אירע אַקטיווע חברים זענען זיך צע־פאָרן איבערן לאַנד און קיין אויסלאַנד.

אַ באַנייונג פון דער פּאַרטיי־אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן אין 1918. נאָך אַ רעפעראַט פון ש. אסטראָווער וועגן דעם פּועלי־ציון־פּראָגראַם, איז די אָרגאַניזאַציע פון דאָס־ניי געגרינדעט געוואָרן.

ביי דער אָפיציעלער גרינדונג איז געקומען אַ פאָרשטייער פון דער צענטראַלע — ח. טויבענשלאַג. דאָרט איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון ש. אסטראָווער, ב. אָקאַליצאַ, י. אַלעשניק, צוקער און קאוואַל.

די ערשטע פּאָליטישע אַקציע פון דער פּאַרטיי, איז געווען זייער אָנטייל אין די סיים־וואַלן פון 1919. שפּעטער האָט די פּאַרטיי אַרויסגע־שטעלט איר ליסטע צו יעדע שטאָט־ראַט־וואַלן. אָבער יעדעס מאָל האָט זיי צוגעפּעלט אַ קליינע צאָל שטימען דורכצופירן אַ פּאַרטרעטער. ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן אין 1928 האָבן די לינקע פּ.צ. געצויגן 306 שטימען.

אין 1922 האָט די פּאַרטיי לעגאַליזירט די „געזעלשאַפט פון אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", ווו אַ טייל פון די פּלאָצקער אַרבעטער יוגנט האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אויסלערנען ליינען און שרייבן יידיש. עס זענען געווען די אַמבעסטן באַזוכטע קורסן פאַר יידיש אין שטאָט.

מיט די קורסן האָט אָנגעפירט שלמה גוטערמאַן. — אַ מענטש וועלכער האָט זיין צייט געווידמעט דער יידישער קולטור. ער האָט אויך באַהערשט עספּעראַנטא און אָנגעפירט מיט עספּעראַנטא־קורסן. געטאָן האָט ער זיין אַרבעט מיט אידעאַליזם. (שלמה גוטערמאַן האָט נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון די נאַצישע נעגל. נישט קענענדיק אויסהאַלטן די פּייניקונגען, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד).

די פּאַרטיי האָט אין 1932 אַראָפּגעבראַכט חיים זשיטלאָווסקין קיין פּלאָצק, וועלכער האָט אין שטאָט־טעאַטער געהאַלטן צוויי פאַרלעזונגען. זשיטלאָווסקיס אויפטריטן האָט איבערגעלאָזן אַ גרויסן רושם אין שטאָט.

אויסער דער קולטור־אַרבעט, איז די פּאַרטיי געווען אַקטיוו אין „הזמיר"־ביבליאָטעק, האָט אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט

אויסגעפּירט פּיעסן אין שטאָט־טעאַטער. ביי דער פּאַרטיי איז געווען טעטיק אַ ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדאַ" („שטערן").

די „פּועלי־ציון" איז געווען טעטיק אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט. ס׳איז געוואָרן אָרגאַניזירט דער נאָדל־פּאַריין וואָס האָט געציילט ביי הונ־דערט מיטגלידער. פּאַרזיצער פון פּאַריין איז כמעט די גאַנצע צייט פון פּאַריינס עקזיסטענץ געווען בצלאל אקאליצא. עס האָבן פּאַר אים געשטימט אויך דער „בונד" און די „רויטע", אנערקענדיק דערמיט זיינע דערגרייי־כונגען פאַרן פּאַריין. פּועלי־ציון האָט אויך אָרגאַניזירט דעם פריזיער־פּאַך און ביי זיי דורכגעפּירט עקאָנאָמישע אויסבעסערונגען. דאָס באַדייטנדע אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט ביי פּועלי־ציון איז געווען דאָס אָרגאַניזירן דעם טראַנספּאָרט־פּאַריין. ס׳איז ביי פּ.צ. געווען, אַ ענין נישט בלויז פון פאַרבעסערן זייערע עקאָנאָמישע לאַגע, נאָר אויך פון דערהויבן קולטורעל און געזעלשאַפטלעך, אַנ׳אָפּגעשטאַנענעם שיכט צווישן די יידישע האָרעפּאַשניקעס. אויף דעם געביט איז זיי פיל געלונגען.

אין פּאַריין זענען געווען אַנגעשלאָסן מער ווי הונדערט טראַנס־פּאָרט אַרבעטער מיט זייערע משפחות.

אויסער העכערונגען אין די לוינען, האָבן זיי דערגרייכט מעדיצי־נישע הילף פון דער קראַנקן־קאַסע פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס. די טרעגער, דער אָרעמסטער שיכט צווישן די אַרבעטער, האָבן געליטן נויט מער ווי אַנדערע. אָפט האָבן זיי פּשוט נישט געהאַט דאָס נויטיקע דירה־געלט און זיי זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן מיט זייער ביסל אָרעמקייט אין גאַס. אין אַזעלכע פאַלן איז דער טראַנספּאָרט־פּאַריין געקומען זיי צו הילף. אַמאָל דורך אָפּעלירן צו מענשלעכע געפילן פון הויז־אייגנטימער, אָדער מיט כח אַריינגעשטעלט די צעבראָכענע מעבל, צוריק אין אָרימען צימער.

דעם פּאַריין האָט זיין צייט און ענערגיע געווידמעט דער פּאַריין־סעקרעטאַר חיים מאקאָווסקי. טראָץ זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָט ער נאָך זיין טעגלעכער באַשעפטיקונג געווידמעט זיין צייט ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרן טראַנספּאָרט־פּאַריין.

אין 1938 האָבן די לינקע פּ.צ. צום ערשטן מאָל אנטייל גענומען אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס און זענען אַרויס אויפן צווייטן אָרט אין דער צאָל שטימען. ביי די לעצטע קהלה־וואַלן, האָבן די לינקע פּ.צ. לויט אַנ׳אָפּמאַך זיך פאַרפליכטעט צו שטיצן די ליסטע פון די רעכטע פּ.צ. און דערפאַר וועלן זיי באַקומען אַ פאַרשטייער אין דער קהלה־פאַרוואַלטונג.

ביי די וואַלן צו דער פאַרוואַלטונג איז בצלאל אָקאָליצא געוואָרן

אויסגעוויילט אַלס דאַזאַר, פאַרטרעטנדיק די לינקע פּועלי־ציון־פּאַרטיי.

צווישן די פּאַרטיי אָנפירער זענען געווען: אָקאַליצא, אַלעשניק. אברהם אַלעשניק צוזאַמען מיט אַנדערע לינקע פּ. צ. טוער ווי: מאקאָווסקי, לאמאניעץ, זילבערשטיין, האבערמאַן, זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס.

## דער „בונד"

דער „בונד" אין פּלאָצק איז געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, צוגלייך מיט ס.ס. און „פּועלי־ציון". צווישן די גרינדער איז געווען משה ווארשע.

אין „די אַרבעטער־שטימע" פון יאַנואר 1903 געפינט זיך אַ קאָ־רעספּאָנדענץ פון פּלאָצק וועלכע שילדערט דעם אַרבעטער־קאַמף פאַר מענשלעכע לעבנס־באַדינגונגען:

„אונזער שטאָט האָט 30 טויזנט איינוווינער, די העלפט פון דעם יידן. די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער איז דאָ זער אַ שלעכטע. מען אַרבעט אויפן זמן. ד. ה. מ'פּאַרדינגט זיך אויף אַ האַלב יאָר, דער אַרבעטס־טאָג דויערט 18 שעה. פאַר דעם קריגט מען בערך 35 רובל מיט עסן. פאַר די לעצטע צייט זענען דאָ פאָרגעקומען אייניקע סטרייקן. עס האָבן געסטרייקט קאָמאשנמאַכערס, געפאָדערט אַ 12 שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג. צווישן זיי אויך שניידער מיידלעך. מען האָט געסטרייקט איין טאָג און דעם סטרייק געוווּנען. נאַכער האָבן געסטרייקט שניידערס, שטיק־אַרבעטער. געפאָדערט העכערן די פּרייזן אויף 30 קאָפּיקעס פון יעדער שטיק. נאָך דריי טעג סטרייקן — אויסגעפירט. אַם לעצטן האָבן געסטרייקט אַלע שניידער, בערך 120 מאַן און געפאָדערט פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג ביז 12 שעה. ד. ה. פון 8 פרי ביז 9 אָוונט, אין דעם אַ שעה אויף מיטאָג. פאַר דעם סטרייק זענען ביי די שניידער פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען און מ'האָט זיך געגרייט צום סטרייק. דער קאַמף איז אָנגעקומען די שניידער שווער. די מייסטערס האָבן זיך פאַראייניקט און נישט געוואָלט נאָכגעבן. אייניקע וואָלטן נאָכגע־קומען די סטרייקערס, נאָר די גרעסערע מייסטערס האָבן זיי נישט דער־לאָזט דערצו. די מייסטערס האָבן דערלאַנגט אַ ביטע צום גובערנאַטאָר, זיך געווענדעט צו זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי. די זשאַנדאַרן האָבן גע־מאַכט פיל הויז זוכונגען ביי די אַרבעטער אויף וועלכע די מייסטערס האָבן אָנגעוויזן. כאָטש מען האָט גאָרנישט געפונען האָט מען דאָך אַרעס־טירט צען מאַן. די אַרעסטירטע זענען געזעסן אַכט טעג. דער זשאַנדאַרמען פּאָלקאָווניק האָט גערופן צו זיך פיל יינגערע אַרבעטער, ער האָט זיי

געפּרעגט וועגן דער גרויסער פּאַרזאַמלונג און זיי געוואָרנט: „איך וועל דיך באַלד אויפהענגען, אויף דעם אַ האָק", אָדער: „גיט נאָר אַהער די קאָזאַצקע נאַגייקע" האָט ער געשריען. נאָך אַכט טעג האָט מען אַלע באַפרייט. 4 פון זיי: טאָפּאָלע, זאַפּוסט, ווילציק, גאָלדשטיין, האָט מען אָפּגעגעבן אונטער פּאָליציי אויפזיכט. דער סטרייק האָט געדויערט 3 וואָכן. די אַרבעטער האָבן זיך גוט געהאַלטן און געוווּנען".

פ. שוואַרץ שרייבט אין „יוגנט־וועקער" (פעברואַר 1934): „אונזערע ערשטע פּאַרזאַמלונגען האָבן מיר אין די פּראָווינץ שטעט אָפּגעהאַלטן ביי פּאַרמאַכטע לאָדנס. דאָס איז נישט נאָר געווען צוליב קאָנספּיראַציע, נאָר אויך צוליב דעם, אַז די עלטערע זאָלן זיך נישט דערוויסן און נישט אויסלאַכן". דער צושטאַנד איז געווען יאָרן נאָך דער אַנטשטייאונג פון „בונד".

אין אַ בונדישע אויסגאַבע פון אַפּריל 1919 לייענען מיר אַ קאָרעס־פּאָנדענץ פון פּלאָצק: „שוין אַ יאָר ווי ס'עקזיסטירט ביי אונז אַ סאָציאַ־ליסטישע יוגנט אָרג. „צוקונפט". די אָרגאַניזאַציע ציילט 7 אַרבעטער־קרייזן און עטלעכע שילער־קרייזן. דעם 15־טן מערץ פון זעלבן יאָר האָט י. ש. הערץ באַזוכט פּלאָצק צו גרינדן די „צוקונפט". דער קאָרעספּאָנדענט שילדערט אויך אַז עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ פּאַרזאַמלונג פון שילער פון יידישן גימנאַזיום, וועלכע האָט באַשלאָסן זיך סאָלידאַריזירן מיט די אַרבעטער און אַז מ'איז אויך געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט.

אין בונדישן „אַרבעטער לוח" פון 1920, געפינען מיר אַ נאָטיץ אַז דער „בונד" האָט אין שטאָט־ראָט 2 ראַטמענער, פאַר וועמען עס זענען געוואָרן אָפּגעגעבן 732 שטימען.

דער „בונד" איז געווען טעטיק אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּלאָצק, אין פאַרשידענע פּאָליטישע אַקציעס, בפרט אין וואַלן צום שטאָט־ראָט. זיי האָבן אויך אַנטיילגענומען אין די לעצטע וואַלן צו דער קהלה.

צוליב פון אונז נישט אָפּהענגיקע סבות, פעלן אונז מאַטעריאַלן וועגן דער טעטיקייט פון „בונד" צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

## די חלוצישע יוגנט באַוועגונגען

דער „החלוץ" אין פּלאָצק איז ענטשטאַנען אין 1924. די יוגנט וואָס האָט זיך אַנגעשלאָסן אין „החלוץ" האָט געזוכט אַ לייזונג פאַר זייער פּראָבלעם פון עמיגראַציע און געווען גלייכצייטיק ציוניסטיש געשטימט.

עס האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין „החלוץ" אויך פיל אומפּאַרטייאישע. אין אַ קורצער צייט פון דער גרינדונג, האָט דער „החלוץ" געציילט אין פּלאָצק 200 חברים. דער „החלוץ" איז געוואָרן געשטיצט פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין זיין ערשטן פּעריאָד פון עקזיסטענץ.

ווען עס איז קלאָר געוואָרן פאַר פיל החלוץ־חברים אַז דער ענד־ציל פון „החלוץ" איז דאָס קאָלעקטיווע לעבן אויף הכשרה און קבוץ־לעבן אין א"י, זענען פיל אַריבער אין „צעירי־ציון", נישט קענענדיק מגשים זיין.

אַנ'אויפשטייג אין „החלוץ" איז פאָרגעקומען נאָך די אומרוען אין א"י אין 1929.

ס'איז נישט געווען קיין זעלטנהייט די סצענעס ביים סטאַטעק, ווען אַ חבר פלעגט אָפּפאָרן קיין א"י און חברים זענען געקומען אים געזעגנען. דער עולם יינגוואַרג פלעגט זיך ביים ברעג ווייסל צעלאָזן אין אַ הורא טאַנץ און פּאַליאַקן פלעגן שטייען און קוקן פאַרחדושט וואָס איז דאָ די שמחה ביי די „זשידעס".

אין די יאָרן 1922 - 1928 איז געווען לייכטער די עליה קיין א"י. אַ פאָרשטייער פון „מרכז" פלעגט קומען און באַשטעטיקן פאַר עליה די אַפּליקאַנטן וועלכע האָבן געקענט אַ מינימום פון העברעאיש. שפּעטער ווען די עליה איז געוואָרן באַגרענעצט איז נויטיק געווען פאָרן אין קבוץ און וואַרטן אויף אַ סערטיפיקאַט.

די עליה פון פּלאָצק האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט. אויב מ'האָט נישט געקענט עולה זיין לעגאַל איז אָנגעגאַנגען אַ אומלעגאַלע עליה דורך גריכנלאַנד, ציפּערן און אַנדערע ערטער. גרעסערע גרופּן זענען אָפּגעפאָרן פון פּלאָצק דורכמאַכנדיק אַלע שוועריקייטן ביז זיי האָבן דערגרייכט דעם ארץ־ישראל באָדן.

אַנ'אויפלעבונג אין „החלוץ" איז געווען אין 1930 ווען פּלאָצקער חברים פון א"י זענען געווען אויף אַ באַזוך אין פּלאָצק. עס האָבן באַזוכט זייער היים־שטאָט יוסף בן יעקב, פּערעלגריץ, קאָן, י. פלידערבלום א. אַ. זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַנ'אויפלעבונג אין „החלוץ". דער „החלוץ" האָט דעמאָלט געציילט בערך 150 חברים, צווישן זיי פיל וועלכע זענען געווען ווייט פון דעם חלוצישן אידעאַל. אַלע האָבן זיי געשטרעבט צו עליה. צענדליקער זענען אַוועק אויף הכשרה אין אַלע עקן פּוילן. אַ קרייז פון די וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאָרן אין קבוץ האָבן זיך צוויי מאָל אַ וואָך 6 פאַרטאָג צוזאַמענגעטראָפן פאַר אַ שמועס — איידער זיי זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט.

אין 1934 איז געוואָרן אָרגאַניזירט אַ חלוצישער קבוץ אין פּלאָצק,

וועלכער האָט געציילט 80 בחורים און מיידלעך. זיי זענען אַריינגעדרונגען אין אַלע צווייגן פון אַרבעט ווו נאָר אַ ייד האָט געקענט האָבן דריסת הרגל. דער קבוץ אין פלאָצק איז געווען דער שטאָלץ פון דער ציוניסטי־שער אַרבעטער באַוועגונג אין שטאָט. חברים פון „החלוץ" זענען אויך אַוועק אין דערבייאיקע שטעטלעך, פּרווונדיק דאָרט שאַפן באַזוּנס פאַר נייע קבוצים.

אַ טרויעריקער פאַל האָט געשען מיט אַ חבר פון פלאָצקער „החלוץ", וועלכער איז געפאָרן אויף הכשרה קיין דאַמבראָוויצע און דאָרט געשטאָרבן קורץ פאַר זיין עולה זיין. ליפמאַן לערמאַן איז געווען אַ קינד פון יידישער אָרעמקייט, וועלכער האָט געטרוימט צו לעבן אַן אַרבעטער־לעבן אין א"י. די „פרייהייט" אָרג. האָט דעמאָלט געשאַפן אַ ביכער אָפּ־טיילונג אין איר ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די רעכטע „פועלי־ציון" „פרייהייט", איז געוואָרן געגרינדעט אין 1926. עס האָבן זיך דאָרט גרופּירט יוגנטלעכע וועמען ס'איז נאָענט געווען דער געדאַנק פון ציוניזם און סאָציאַליזם.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער „פרייהייט" טעטיקייט איז געווען די זומער־קאָלאָניע. די ערשטע זומער־קאָלאָניע פון דער „פרייהייט"־באַוועגונג אין פּוילן איז געווען אין מאשעווע הינטער פלאָצק אין 1929, מיט דער באַטייליקונג פון יוגנטלעכע פון פלאָצק און אַרומיקער געגנט. אויסער דעם שליח פון דער צענטראַלע — פאַלעשוק, האָט זיך אין דער קאָלאָניע באַטייליקט אַ פאָרשטייער פון דער „בחרות סוציאליסטית" אין א"י — זאב שערף (וועלכער האָט נאָכן אַנטשטייען פון מדינת ישראל פאַרנומען דעם אַמט פון אָפּיציעלן סעקרעטאַר פון דער ישראל רעגירונג). אין 1929 איז פאָרגעקומען אַן אויפוואַכונג אין דער „פרייהייט"־באַוועגונג פאַר חלוצישער טאַט. פיל פון די חברים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין „החלוץ" און עולה געווען.

די קאָלאָניעס זענען פאָרגעקומען רעגלמעסיק יעדן יאָר. ס'איז גע־שאַפן געוואָרן אַ פאָנד צו העלפן אָרעמע חברים פאָרן אין דער קאָלאָניע וואָס איז געווען אַ מכשיר פאַר קולטורעלער און פיזישער ענטוויקלונג.

פאַר אַ צייט האָט אויך עקזיסטירט ביי דער „פרייהייט" אַ סקויטן־אָרגאַניזאַציע מיט וועלכע ס'האָט אָנגעפירט אברהמ'ל פעניגשטיין. ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן דאָרט יוגנטלעכע פון די פאָווּשעכנע־שולן.

ביי „פרייהייט" האָט עקזיסטירט אַ ביבליאָטעק מיט בערך 1000 ביכער. דאָרט האָט זיך געפונען אַ גרעסערע זאַמלונג פון יקר־המציאות'ן, בפרט זעלטענע אויסגאַבן פון אָנהויב פעריאָד פון דער „פועלי־ציון"־באַוועגונג.

די אָרגאַניזאַציע האָט רעגלמעסיק אַרויסגעגעבן יעדע צוויי וואָכן אַ וואַנט־צייטונג מיט פּרעכטיקע אילוסטראַציעס, וועלכע האָבן פאַרנומען אַ האַלבע וואַנט. די אָרגאַניזאַציע איז געווען טעטיק פאַר׳ן ק.ק.ל. אין אַנדערע פאָנדן בפרט אין פּאָליטישע אַקציעס ווי קאָנגרעס־וואַלן, שטאָט־ראַט־וואַלן א. אַ. „פרייהייט״ איז פּאַקטיש געווען דער רוקן־ביין פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי. די יוגנט איז אַלעמאָל געווען אַגרעסיוו צו טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

„החלוץ־הצעיר״ איז געגרינדעט געוואָרן אין 1925. די עלטער פון „החה״צ״ מיטגלידער איז געווען פון 12 ביז 18. דערגרייכנדיק די עלטער פון 18 יאָר זענען די מיטגלידער אויטאָמאַטיש אַריבער אין „החלוץ״, און זיך געדאַרפט גרייטן צו הכשרה און עליה. פון פלאַצקער „החלוץ־הצעיר״ האָבן זיך גרופּירט יוגנט פון קליינבירגערלעכע עלטערן און פון יידישער אָרעמקייט. דער גייסט פון חלוציזם און דער געדאַנק פון דעם זיך בויענדן אַרבעטער־לעבן אין א״י, האָט באַהערשט די דאָזיקע יוגנט.

עזריאל קאָוואַלסקי, פישל פלידערבלום, ז. כאַנאַכאָוויטש, זאַנדער, בוכמאַן א. אַ. האָבן אָנגעפירט מיט זייער קולטור־אַרבעט. די אָרגאַניזאַציע אַזוי ווי אַנדערע יוגנט־אָרג. האָט דורכגעפירט אויספלוגן יעדן שבת הינטערן שטאָט און אויפן גרינעם פעלד און אין וואַלד פלעגט מען איינאָרדענען שפּילן און דיסקוסיעס. אָפט פלעגן שקצים שטערן דורך וואַרפן שטיינער. אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן די אויספלוגן — שטערן האָט נאָר געקענט דער וועטער.

אַ גוט אָרגאַניזירטע חלוצישע יוגנט־באַוועגונג איז געווען דער „השומר־הצעיר״. דער עלעמענט אַ פּויליש־רעדנדע שטודירנדע יוגנט. דער השה״צ האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1918. ווי אומעטום, אַזוי אויך אין פלאָצק, זענען זיי פון אַ סקויטן באַוועגונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זיינע מיטגלידער זענען געווען מענשן פון טאָט. פיל פון זיי זענען אַוועק אין קבוץ און עולה געווען. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער טעטיקייט פאַרן קרן־קימת און איינגעוואָרצלט די העברעאישע שפּראַך צווישן זייערע מיטגלידער.

פון די רייען פון השה״צ קומט רוזשקע קורטשאַק, וועלכע איז אין צייט פון קריג פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווילנער געטאָ און געוואָרן אַ העלד פון ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס.

„הפועל״ איז געווען די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע ביי דער „פּועלי־ציון״ פּאַרטיי (רעכטע). געגרינדעט געוואָרן אין 1932 און געציילט איבער הונדערט מיטגלידער. די וויכטיקסטע ספּאָרט־סעקציע איז געווען די פוס־באָל־דרוזשינע. געהאַט אויך סעקציעס פאַר פינג־פּאַנג און לייכט־אַטלעטיק.

זיי האָבן אויך אָנגעפירט מיט אַ קולטור־אַרבעט צווישן די מיטגלידער. דער עלעמענט איז געווען אַנ׳אַרבעטער יוגנט און דער „הפועל״ האָט זיך אויסגעהאַלטן פון גראָשנדיקע מיטגליד־אָפּצאָל וואָס זייערע חברים האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייער אָרעמען לוין. פאַר׳ן קריג האָט די קהלה געגעבן דעם „הפועל״ אַ פּלאַץ פאַר זייער טעטיקייט.

„הפועל״ איז געווען דער המשך פון דער פריער געגרינדעטער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „קראַפט״.

די יוגנט אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן איז געווען „עקיבא״ און „השומר־הלאומי״ און פון די רעוויזיאָניסטן „ברית־טרומפּל־דור״. אין 1925 איז געוואָרן געגרינדעט דער „השחר״, אַנ׳אָרגאַניזאַציע וועלכע האָט נאָכגעפאָלגט זשאַבאָטינסקיס אידייען. נאָך אַ יאָר עקזיסטענץ, איז זי געוואָרן אויפגעלייזט דורך דער מאַכט, נישט זייענדיק לעגאַליזירט. די מיטגלידער זענען אַוועק אין „השומר־הצעיר״ אָדער אין „החלוץ־הצעיר״. דער שפּעטער אָרגאַניזירטער „ברית־טרומפּלדור״ איז געווען אידייאיש דאָס זעלבע וואָס דער „השחר״ וועלכער האָט עקזיסטירט זעקס יאָר פריער.

געווען אויך אַ חלוצישע יוגנט אָרג. „גורדוניה״. די גרופּע האָט זיך אָבער נישט אָנגעזעען אינ׳ם כאר פון דער חלוצישער יוגנט־באַוועגונג אין פלאָצק.

## די עקאָנאָמישע לאַגע

אין די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג זענען יידישע אַרבעטער געווען אָרגאַניזירט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען לויט זייערע פאַכן. דער „אַרבעטער לוח״ פון 1920, פאַרצייכנט 449 אָרגאַניזירטע מיטגלידער אין זעקס פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען: נאָדל בראַנזשע — 187 מיטגלידער, מעטאַל — 84, האַנדלס־אָנגעשטעלטע — 68, לעדער בראַנזשע — 32, בעקער — 38, אָן פאַכן — 60. די צענטראַלע ביוראָ פון די פאַריינען איז געווען אויף אַלטער־מאַרק 21.

נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָט עקזיסטירט אַנ׳אַרבעטער־קאָאָפּעראַ־טיוו „איינקייט״ אויף ברייטע גאַס 9, וועלכער האָט געציילט 185 מיט־גלידער. דער קאָאָפּעראַטיוו איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר פיל אַרבע־טער משפּחות, וועלכע האָבן באַקומען פּראָדוקטן פאַר פיל ביליקער ווי דער פּרייז.

פּרוּוון צו אָרגאַניזירן אַ בעקער־קאָאָפּעראַטיוו, זענען געמאַכט גע־וואָרן דורך י. מ. גרינשפּאַן, אַ פאָרשטייער פון דער צענטראַלע פון יידישע

קאָאָפּעראַטיוון אין וואַרשע איז געקומען פאַר דעם צוועק קיין פלאָצק. ס׳איז גאָרנישט געוואָרן דערפון צוליב מיינונגס־פאַרשידנהייט צווישן יידי־שע בעקער.

די אַנטיסעמיטישע עקאָנאָמישע פּאָליטיק אין פּוילן, האָט אויך גורם געווען צו דער עקאָנאָמישער ירידה פון יידן אין פלאָצק. אין 1928 האָט די יידישע קהלה געהאַט 1007 שטייער־צאָלער און אין 1935 — 803 צאָלער, מיט 20 פּראָצענט וויניקער. די שטייערן סומע וואָס דער ייד האָט געצאָלט דער קהלה איז געווען פון 6 ביז 1000 זלאָטעס. די רייכע צאָלער האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער.

אין דער זעלבער צייט איז די צאָל נויטבאַדערפטיקע, וואָס זענען אָנגעקומען נאָך שטיצע אין דער קהלה געוואָרן גרעסער. אין 1934 האָבן פון פּסח־שטיצע גענאָסן בערך 500 משפחות אָדער 2200 נפשות, וואָס האָט אויסגעמאַכט בערך דרייסיק פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַ־פעלקערונג אין פלאָצק. די אונטערשטיצטע זענען געווען פערציק פּראָצענט אַרבעטסלאָזע, פופציק פּראָצענט אָרעמע האַנטווערקער און סוחרים און צען פּראָצענט סתם אָרעמעלייט.

דער נעבעכדיקער מצב פון יידישן קליינהענדלער האָט זיך אָפּ־געשפּיגלט אין מאַרק ביי די „סטראַגאַנעס״, ווו אויף אַ טישל איז געווען אויסגעלייגט דאָס „האָב און גוטס״ פון דעם „סוחר״. די גאַנצע סחורה איז ווערט געווען אַ פּאָר געציילטע זלאָטעס. גאַנץ אָפט, איז דאָס ביסל אויך געווען אויף קרעדיט. דער גרעסטער טייל פון די מאַרק־הענדלער האָבן געלעבט אין דחקות. דער דורכשניט פּאַרדינסט זייערער, — ווי עס דערציילט א. ד. קראַטענבערג אין „פלאָצקער וואָרט״ פון 1936 — איז געווען אַ 6 — 5 זלאָטעס בערך. דאָס האָט געקענט זיין גענוג נאָר אויף ברויט מיט ביליקע זופּ. פון די „פאַרדינסטן״ האָט מען נאָך געדאַרפט צאָלן שטייערן. אָט די דאָזיקע „חיונה״, האָבן די פּאָליאַקן דעם אָרעמען ייד, אויך נישט פאַרגינען.

אין דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, די יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק. אָן זיי וואָלט די מעגלעכקייט פאַר חיונה געווען נאָך שווערער.

אויסער דער גמילת־חסדים קאַסע, וועלכע איז געווען אַ אָן־פּראָ־צענטיקע, — האָבן די האַנטווערקער געהאַט זייער קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וועמענס דירעקטאָר ס׳איז געווען אַ לאַנגע צייט אַלטבערג.

ס׳האָט עקזיסטירט אַ סוחרים באַנק אונטער דער דירעקציע פון סאָכאַטשעווער און אַ באַנק אונטער דער דאָמינירונג פון אגודה־טוער קילבערט.

ווי אַ קאָנקורענץ צום יידישן האַנדל, האָבן אַנטיסעמיטישע פּאָ־ליאַקן געשאַפן קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון און אויסן געווען אַוועקצו־רייסן דעם פּויער פון קויפן ביים ייד.

פאַקטיש, איז דער יידישער סוחר און קליינהענדלער, שוין לאַנג געוואָרן אויס בעל־הבית פון זיין קראָם. דער אמתער בעל־הבית איז געווען דער שטייער־אַמט, וואָס האָט דעם ביסן־ברויט אַוועקגענומען פון קרעמערס מויל.

אַן׳אָפּטע דערשיינונג איז געווען די דערדריקנדע סצענע, ווי דער שטייער רעקוויזיטאָר קומט אין הויז אַריין קאָנפיסקירן די מעבל, אפילו די בעטן, אָפּט אויך דעם מאַנטל אויפן ווינטער אָדער דעם זייגער פון דער וואַנט, פאַר די סומע שטייערן וואָס דער „סוחר" איז [illegible]לדיק. און אַז די סומע איז נישט געוואָרן באַצאָלט אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג, איז דאָס אַלעס געוואָרן צוגענומען.

שטייערן האָבן אויך געדאַרפט צאָלן, אָרעמע שניידער, שוסטער, זייגערמאַכער און ענלעכע פון וועמען עס איז באַשטאַנען דאָס פּלאָצקער האַנטווערקערטום.

אַ באַגריף פון יידישע פאַרדינסטן, וועלן מיר האָבן אין דער גאַ־לאַנטעריע־בראַנזשע אין 1936 (לויט „פּלאָצקער לעבן"):

אין צייט פון סעזאָן וואָס מאַכט אויס ביז 6 חדשים אין יאָר, האָבן די בעסער סיטואירטע יידישע הענדלער געלייזט פון 100 ביז 200 זלאָטעס אַ וואָך, מיט אַ וועכנטלעכן פאַרדינסט פון 15 ביז 30 זלאָטעס אַ וואָך. אין צייט פון נישט־סעזאָן, פאַלט דער פדיון ביז העלפט אָדער ווייניקער.

אַנ׳ערך 30 אָרעמע יידישע „סוחרים", לייזן אין סעזאָן־צייט פון 50 ביז 80 זלאָטעס אַ וואָך, מיט אַ וועכנטלעכן פאַרדינסט פון 1 ביז 5 זלאָטעס. (5 זלאָטעס איז דאַן געווען בערך 1 דאָלאַר.)

דער פּלאָצקער סוחרים־פאַריין איז געוואָרן געגרינדעט אין 1916. ער איז געווען איינגעטיילט אין סעקציעס, לויט די בראַנזשעס פון זיינע מיטגלידער, ווי: מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע, פאַרטיקע מלבושים, פאַיאַנס, לעדער, קאָלאָניאַל־סוחרים און אַנדערע. איידער די קליינהענדלער זענען געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע אין 1937, זענען זיי פריער געווען אַנגעשלאָסן אַלס סעקציע אין סוחרים פאַריין.

פיל יידישע פאַכן, זענען צוליב דער אַנטיסעמיטישער עקאָנאָמי־שער פּאָליטיק פון דער מאַכט און דער פאַראָרעמונג פון דער באַפעל־קערונג געוואָרן אונטערגעגראָבן. אַזוי איז דער צעכן־געזעץ אויסן געווען אַרויסצורייסן די פרנסה ביים יידישן האַנטווערקער. אויך דער שחיטה־געזעץ איז אויסן געווען צורויבן דעם פלייש־האַנדל ביי יידן. ביי יידישע

קצבים אין פּלאָצק, איז געשטאַנען די פּראַגע פון שאַפן אַ יידישע קאָנ־סערוון־פּראָדוקציע אין פּלאָצק און ערמעגלעכן פּרנסה, פאַר די אַרויסגע־שטויסענע פון זייערע פּרנסות יידישע קצבים.

טראָץ דעם וואָס יידן האָבן אויך געטראָגן די גרעסטע לאַסט פון קאָמונאַלע שטייערן, האָט מען זיי אויף מאַגיסטראַט־אַמטן נישט צוגעלאָזן. די צאָל יידישע באַאַמטע אין מאַגיסטראַט אין „גוטע, סאָציאַליסטישע״־צייטן, איז מער ווי פיר נישט געווען.

איניקע יאָר פאַרן קריג, האָט פּלאָצק דורכגעפירט גרויסע עפנט־לעכע אַרבעטן, ווו ס׳זענען געווען באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטסלאָזע. אָבער צווישן די הונדערטער, האָט מען קוים געזען עטלעכע יידן. מ׳האָט יידן נישט צוגעלאָזן.

אויך אין אַ טייל אינדוסטריעס וועמענס אייגנטימער זענען געווען יידן, האָט מען ווייניק יידישע אַרבעטער צוגעלאָזן. אַזוי איז געווען אין דאַמפּער־פאַרקער אויף דער ווייסל, דאָסזעלבע אין די אייזן־פאַבריקן פון סאַרנע און מאַרגוליעס. יידן זענען גיכער געוואָרן באַשעפטיקט אין די אָפיסעס. בעסער איז שוין געווען אין די דריי יידישע מילן, מ׳האָט שוין דאָרט געזען אַ יידישן אַרבעטער.

אַ יאָר פאַר׳ן קריג איז אין פּלאָצק געוואָרן געגרינדעט די „אָרט״ געזעלשאַפט. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט אַ קורס פאַר קאַמאַשנשטעפּער וועלכע האָט געדויערט 4 חדשים. ס׳זענען געפּלאַנט געוואָרן קורסן פאַר אַנדערע פאַכן. מ׳האָט געלערנט 4 מאָל אַ וואָך צו 3 און אַ האלבע שעה אַ טאָג.

אין קליינעם פאַרנעם האָט עקזיסטירט ביי פּועלי־ציון אַנ׳אַרבעטס־פאַרמיטלונג ביוראָ, וואָס האָט געהאָלפן שאַפן אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע. עס איז זיי געלונגען אַריינפירן אַ צאָל יידן אין אינדוסטריעס וואָס באַ־לאַנגען צו יידן.

די קהלה האָט געפּרוווט לינדערן די נויט פון דער אָרעמער באַ־פעלקערונג. די געלטער צו דער דיספּאָזיציע פון דער קהלה זענען געווען נישטיק לגבי די נויטן. אין אַנ׳אויפרוף צו דער באַפעלקערונג צו העלפן די אָרעמע אויף פּסח (1926) לייענען מיר צ. אַ.: „די קאַסע פון דער יידישער קהלה איז ליידיק. די אינסטיטוציעס אויפצוהאַלטן די יידישע זקנים און יתומים, קריגן נישט זייערע סובסידיעס. די קהלה פאַרוואַלטונג שטייט מאַכטלאָז און פאַרצווייפלט. די קהלה־אָנגעשטעלטע, דאָס רוב אויך אָרעמעלייט, קריגן נישט אויסגעצאָלט זייערע פּענסיעס״, א. אַ. וו.

אַזוי האָט זיך כסדר געראַנגלט די יידישע קהלה מיט אירע פינאַנסן. אין דער זעלבער צייט, האָט די מאַכט געלייגט שטיינער אין וועג דער קהלה. געשטראָכן וויכטיקע סובסידיעס און באַשטעטיקט נאָר די וועלכע

זענען דעם סטאַראָסטאַ געפעלן. אין רעזולטאַט האָט געליטן די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג.

## דער אַנטיסעמיטיזם אין פלאָצק

די אַלטע שנאה צום ייד האָט געפונען אַ פרוכטבאַרן באָדן אויף פוילישער ערד. דער פּאַליאַק, אומוויסנד און איר „אינטעליגענץ" ס׳רוב אַ רעאַקציאָנערע, האָט געפונען אינ׳ם ייד אַ שעיר לעזאזל פאַר אירע אייגענע שווערע פּראָבלעמען. אויך אין דער דורות אַלטער געשיכטע פון יידן אין פלאָצק, — כאָטש אַנטיסעמיטישע אויסברוכן פון מאַסן־פאַרנעם זענען דאָרט נישט פאָרגעקומען, זענען אָבער געווען פיל אינצידענטן פון יידן־האַס און מ׳האָט אין דער העצע אויך אַריינגעשלעפּט דעם פּויער פון דאָרף. דער אַנטיסעמיט האָט געשפּילט, נישט נאָר אויף די רעליגיעזע סטרונעס, נאָר בעיקר אין די לעצטע יאָרן אויף דער עקאָנאָמישער סטרונע. יידישע עמיגראַציע וועלכע איז געגאַנגען פון פלאָצק, צוגלייך מיט אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, איז געווען אַ רעזולטאַט פון די רדיפות אויף יידן. די עמיגראַציע פון פלאָצקער יידן קיין אַמעריקע דאַטירט פון יאָר 1840. עליה פון פלאָצק קיין ארץ־ישראל איז אונז באַקאַנט פון 1830.

אינטערעסאַנט איז אַ פאַקט ווי אַזוי די מאַכט האָט געניצט אַלע פאַלשקייטן שווערער צו מאַכן דעם ייד דאָס לעבן: כדי צו באַשטימען די שטייערן וואָס יידן דאַרפן אַריינטראָגן, האָט די מאַכט דורכגעפירט אַ ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פלאָצק. אין 1808 האָבן די רעגירונגס־באַאַמטע געציילט 8172 יידישע משפחות אין פלאָצק. אין 1810 האָבן זיי געציילט נאָר 5432.

ביי די קהלה־פירער איז געווען קלאָר אַז די ציילונג איז געווען איבערטריבן, כדי די רעגירונג זאָל קענען איינקאַסירן מער שטייערן. אין אַ בריוו פון 2־טן אָקטאָבער 1809, צו די פירער פון די פויזנער קהלה, באַקלאָגן זיך די פלאָצקער פרנסים אויף די אומגעהויער שווערע שטייערן וואָס מ׳האָט אַרויפגעלייגט אויף דער פלאָצקער קהלה: „כי כבד ממנו הדבר. לא נוכל שאת צעקת דלים ועניים, בודאי דא עקא יפה בקהלות ועוד בשלש קהילות הסמוכות יוסף צער על צערנו כי כתבו יותר פאמיליעס בין הנמצאים — וכבר עשינו השתדלות בוורשא לפני היו״ט שעבר אשר בודאי הוא עול גמור להוסיף פאמיליעס וטעות בדבר שבמנין במידי דאיכי לברורי ועדיין תשובתם נשארה מעט ואנו מחכים יום יום על כל פנים להשיג תשובה להסיר ממנו עול הפאמיליעס הנוספות שלא בדקדוק

חשבון הראוי...״ (א. אייזנבאַך „בלעטער פאַר געשיכטע״, באַנד 2, וואַרשע 1938).

אונטער צאַרישער אָקופּאַציע אָדער אינ׳ם זעלבסטשטענדיקן פּוילן — די שנאה צום ייד איז געווען די זעלבע.

די פּאָליאַקן, פאַר אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, האָבן געוואָרפן די שולד אויפן ייד. ווען די דייטשן זענען אַריין אין פּלאָצק אין ערשטן וועלט־קריג, האָבן פּאָליאַקן פאַרשפּרייט אַ בלבול אַז יידן האָבן באַהאַלטן זילבערנע מטבעות פאַר די דייטשן.

איידער די דייטשן זענען אַריין אין פּלאָצק, האָבן די רוסן געוואָרפן אַ בלבול אויף צוויי פּלאָצקער יידן אַז זיי שפּיאָנירן פאַר די דייטשן. מ׳האָט זיי געשטעלט פאַר אַ קריגס־געריכט וואָס איז פאָרגעקומען אויפן „טשארני־דוואָר״. דער פאַל האָט אַרויסגערופן שרעק ביי דער יידישער באַפעלקערונג. מ׳האָט זיך גערעכנט, אַז קאַזאַקן וואָס זענען איינגעשטאַנען אין שטאָט וועלן מאַכן רויב־אָנפאַלן. יידן האָבן מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אין גאַס, — האַלב געעפנט זייערע קראָמען און ערוואַרט דאָס ערגסטע.

די עסקנים אַלטבערג און סארנע האָבן זיך באַמיט ביים פּרעזעס פון דעמאָלט עקזיסטירנדן „בירגער־קאָמיטעט״, וועלכער איז געווען אַ גלח. דער גלח האָט אינטערווענירט ביים מיליטערישן געריכט און פאַרזיכערט מיט זיין ערן־וואָרט אַז די אַרעסטירטע זענען אומשולדיק. מ׳האָט די באַשולדיקטע פאַראורטיילט צו פאַרשיקונג אין סיביר. אין צווישנצייט זענען די דייטשן אַריין אין פּלאָצק.

אַנדערע צוויי יידן זענען אויך געפאַלן קרבנות פון אַ בלבול. משה בארנשטיין, אַ שניידער און זאיאנץ, דער פאַרוואַלטער פון דער מקוה. זיי זענען געוואָרן אַרעסטירט פאַרנדיק קיין ווישעגראַד צוליב פּרנסה. ביי זאיאנץ׳ן האָט מען געפונען אַ פּלאַן פון דער מקוה און מ׳האָט זיי ביידע חושד געווען אין שפּיאָנאַזש פאַר דייטשלאַנד. די רוסן האָבן ביידע אומשולדיקע געהאנגען.

ענדע ערשטן וועלט־קריג איז די אַנטיסעמיטישע העצע געווען אַזאַ שאַרפע, אַז יידן זענען געשלאָגן געוואָרן אין די גאַסן. דער ייד שענוויץ וועלכער האָט געקעמפט אין די פּוילישע לעגיאָנען איז דורך אַנטיסעמיטן געהרגעט געוואָרן אין גאַס.

אין צייט פון קריג ווען די שטאָט איז אַריבער פון די רוסן צו די דייטשן און צוריק צו די רוסן, איז די יידישע באַפעלקערונג געווען

דעזאָריענטירט. ווען דער דייטש האָט געהערשט אין פלאָצק, האָבן יידן דערוואָרבן געוויסע פּריווילעגיעס וואָס ביי די רוסן האָבן זיי עס נישט געהאַט.

אין אַזאַ צייט פון כאַאָס האָבן פּוילישע כוליגאַנעס אויפגעהויבן דעם קאָפּ. מען איז באַפאַלן יידן אין גאַס. פּאָליאַקן זענען אַריין אין בית־המדרש און געזוכט געווער אין ארון־קודש — כלומרשט די דייטשן האָבן עס דאָרט באַהאַלטן.

מיטן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, האָט זיך צעבושעוועט דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם אין גאַס און ביי די הערשנדע קרייזן אין לאַנד. אפילו דאָס לעגאַליזירן די „הזמיר״־ביבליאָטעק איז ערשט געלונגען נאָך שווערע באַמיונגען. ערשט אין 1923 נאָך דער אינטערווענץ פון דעפּ. גרינבוים איז געוואָרן דערלויבט ווידער עפענען די „הזמיר״ ביבליאָטעק.

דער „קלוב וויאָסלארסקי״ וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1876, האָט נישט אַריינגעלאָזן קיין ייד. דאָך האָבן זיי געמאַכט אַנ׳אויסנאַם פאַר איין ייד — לעווענשטיין, וועלכער האָט זיך שפּעטער געשמדט.

יידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ, זעענדיק אַז מ׳לאָזט זיי נישט אַריין אין קריסטלעכע פּאַרוויילונגס פּלעצער, האָבן זיי אין די דרייסיקער יאָרן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קלוב, האָבנדיק זייערע צימערן אין „האָטעל־פּאָלסקי״.

טראָץ דעם אַנטיסעמיטיזם, האָבן פלאָצקער יידן אַרויסגעוויזן ביי יעדער געלעגנהייט זייער בירגערלעכע פליכט. אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין 1920, האָט די יידישע גמינע אין פלאָצק אַרויסגעלאָזן אַנ׳אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג: „פּוילן איז אין געפאַר! אַזוי ווי איין מאַן, אַלס זין פון איין לאַנד, מוזן מיר זיך שטעלן צו פאַרטיידיקן די ערד ווו מיר לעבן. ווער עס איז געזונט און שטאַרק זאָל זיך שטעלן אין די רייען צו קעמפן קעגן שונא. ווער עס איז נישט פעאיק צו טראָגן געווער, דער זאָל זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און פאַרמעגן ברענגען אַלס קרבן אויפן מזבח פון אונזער פאַטערלאַנד״.

טראָץ דעם אויפריכטיקן ווילן פון די יידן צו פאַרטיידיקן פּוילן, איז דעם פּאָליאַקס שנאה צום ייד נישט קלענער געוואָרן.

אין צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין 1920, זענען יידישע זעלנער אויסגעשטאַנען גרויסע צרות אין דער פּוילישער אַרמיי. נישט נאָר פיזישע יסורים, נאָר אויך גייסטיקע. עס זענען אין פלאָצק איינגעשטאַנען צוויי פּולקן מיליטער. ווען יידישע סאָלדאַטן האָבן מאַרשירט אין שוהל אַריין לכבוד אַ יידישן יום־טוב, האָט מען געצוואונגען

**זינגען לידלעך וואָס חוזקן אָפּ פון יידישע זעלנער. זיי האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן זינגענדיק:**

Mojego Lejbusza co poszedl na wojne aj waj, gewald, wszystkie zydki wykrzykneli· aj waj, gewald.

**יידן האָבן אַלע מאָל אָװעקגעגעבן זייער בלוט אין די קאַמפן פאַר פוילנס פרייהייט, אַזוי אין דער פּאָװסטאַניע, אַזוי אויך שפּעטער. עס זענען געפאַלן אין שלאַכט די יידן: נאַרוואַ, קראַנגאַלד, שיף און פיל אַנדערע. בערקנפעלד, דער אייגנטימער פון דער זייף פאַבריק אויף דאַבזשינסקאַ גאַס, האָט באַקומען אַ מעדאַל פון דער רעגירונג פאַר זיינע פאַרדינסטן אין צייט פון קאַמף פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט.**

**אין 1925 האָט אַ שוידערלעכער מאָרד אויפגערודערט די שטאָט. אין הויף אויף קרולעוויעצקאַ גאַס ווו ס'האָבן געוווינט די בוכמאַנס, האָט זייער אַ שכן פון זעלבן הויף, אַ קיילער־יונג, אַ שגץ, דערשטאָכן אויף טויט דעם יונגן בחור יוסף בוכמאַן. אָן שום מאָטיוו. די איינציקע סבה — ער איז אַ ייד. דער מערדער האָט זיין פאַרדינטע שטראָף נישט באַקומען. ער האָט זיך געפונען אויף דער פריי.**

**אין „באַפרייונג" פון 27 סעפּטעמבער 1925 איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אַ נעקראָלאָג געשריבן פון אָנפירער פון די פלאָצקער „צעירי־ציון" — ג. צימבאַליסטאַ:**

„אינגאַנצן 16 יאָר אַלט! אַזוי בלוט־יונג, די ערשטע האָפנונגס־שריט אין לעבן געשטעלט און אַזוי טראַגיש פּלוצלונג אַוועקגעריסן געוואָרן!

„געטראָגן זיך מיט ברייטע יוגנט־חלומות. געווען אַ מיטגליד פון צ.ס. יוגנט גרופּע, געהאָלפן שאַפן דעם „החלוץ־הצעיר" און געטרוימט וועגן אַ קבוצה לעבן און דערווייל זיך גייסטיק מכשיר געווען, זיך געגרייט צו דעם נייעם שווערן לעבן, באַזוכט די קולטור־קרייזן פון אונזער בשותפותדיקער קולטור־קאָמיסיע פון צ.ס. און „החלוץ". קיין איין פאַרזאַמלונג נישט דורגעלאָזן.

„אַ שטילינקער תמיד און באַשיידענער איז ער געגאַנגען זיין אויסגעטראָטענעם וועג. גייענדיק פון דער אַרבעט איז ער אין מיטן גאַס דורך אַ מערדערלעכער האַנט מיט אַ מעסער דערשטאָכן געוואָרן.

„עס איז מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן אַ יונג לעבן. עס זענען איבערגעריסן געוואָרן די אַלע טרוימען און האָפנונגען, מיט וועלכע דער יונגער בחור האָט זיך אַרומגעטראָגן און וואָס ווערן צוזאַמען מיט אים אין דעם פרישן קבר באַגראָבן".

**געווען אַנדערע מערדער אָנפאַלן אויף יידן. אין 1926 איז דער־**

מאָרדעט געוואָרן דער קצב קאזא. אַ פויער האָט ביים אַקערן זיין פעלד, געפונען דאָרט באַגראָבן דעם קערפּער. מ׳האָט שפּעטער געפונען דעם מערדער, וועלכער איז אָפּגעקומען מיט אַ קורצן תּפיסה־טערמין.

אין 1934 זענען צוויי ברידער, די קליינ׳ס דערשטאָכן געוואָרן צום טויט אין אַ סאד וועלכן זיי האָבן געדונגען הינטער דער שטאָט.

נאָך אַ מאָרד אָנפאַל אויף אַ ייד איז געשען אין 1935. אַן׳אַלטער ייד, אַן׳אַרימאַן, באַקאַנט מיטן נאָמען „שובעריע״ איז דערשטאָכן געוואָרן אין גאַס אויף טויט.

יידישע פוטבאָל־מאַנשאַפטן וועלכע זענען אויפגעטראָטן אין אַ פאַרמעסט מיט אַ פּוילישער מאַנשאַפט, זענען געווען אין געפאַר פון בלוטיקע אָנפאַלן אויב זיי האָבן דעם פאַרמעסט געוואונען. אין מיטן שפּילן, ווען יידישע שפּילער האָבן געהאַט די איבערהאַנט, האָט מען זיי „געראָטן״ בעסער צו פאַרשפּילן דעם פאַרמעסט, אַז נישט, וועט מען זיך „אָפּרעכענען״ מיט זיי.

זענען טאַקע אָפט אויסגעבראָכן עקסצעסן אויפן ספּאָרט־פעלד. די אַנוועזנדע פּאָליציי האָט זיך רויק צוגעקוקט און אָפט אַרעסטירט די יידן וועלכע האָבן צוריקגעשלאָגן.

ל״ג בעומר איז געווען אַ יום־טוב פאַר חדר יינגלעך. מ׳איז אַרויס מיטן רבין הינטער דער שטאָט און זיך געלאָזט ווילגיין מיט שפּילערייען איבער פעלד און וואַלד. דער יום־טוב פאַר קליינע חברה איז אָפט געווען אַ פאַרשטערטער. מ׳איז אָפּגעקומען מיט שרעק ווען אַרומיקע שקצים האָבן גענומען וואַרפן שטיינער. דער רבי פלעגט באַקומען אַ בלייך פּנים און מ׳האָט דעם יום־טוב געמאַכט „קורץ״.

אין פּוילישן נאַציאָנאַלן־טאָג דעם 3־טן מאַי, זענען יידישע פאָלקסשולן געווען פאַרפליכטעט צו מאַרשירן אין פאַראַד. מ׳האָט די יידישע קינדער אַוועקגעשטעלט די לעצטע אין פאַראַד ווי אַ נאָכשלעפּעניש און אַז עס זענען געפאַלן די בליקן פון די פּאָליאַקן אויף זיי, איז עס געווען פול מיט חוזק: „זשידקי, וואָס טוט איר דאָ?״

אָנפאַלן אויף יידישע שפּאַצירער אין סקווערן, בפרט הינטערן טום, איז געווען אַן׳אָפטע דערשיינונג. דאָס באַקלאָגן זיך פאַר דער פּאָליציי אויף די אָנפאַלן, האָט נישט געהאַט קיין פּעולה. אָפט האָבן זיי נאָך צוגעגעבן מוט די אָנפאַלער. אין רעזולטאַט פון די אָנפאַלן, האָט דער „מכבי״ אָרגאַניזירט אַ גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון „מכבי״ אינסטרוקטאָר פּאַביאַן, וועלכע מ׳האָט געלערנט די תּורה פון צוריקשלאָגן. אויך יידישע אַרבעטער פּאַרטייען האָבן אָרגאַניזירט גרופּן פאַר אַ ווידערשטאַנד.

געווען אַ פאַל אין 1932, וואָס די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַ

גרופּע פון אַ צען יוגנטלעכע פון „פּועלי־ציון" וועלכע זענען געגאַנגען רויק אין גאַס (דער שרייבער פון די שורות צווישן זיי).

אין דער פּאָליציי האָט מען זיי צעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן. וועגן דעם פאַל האָט אינטערווענירט דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט אין וואַרשע ביים אינערן־מיניסטעריום. ס'איז געוואָרן פאַרפירט אַנ'אויספאָרשונג וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט.

אויף די דאמפערס וואָס האָבן קורסירט צווישן פּלאָצק און וואַרשע, זענען יידישע פּאַסאַזשירן אָפט נישט זיכער געווען מיטן לעבן. די דאמפער־אייגנטימער זענען טאַקע געווען יידן, — דאָס האָט אָבער נישט אָפּגע־שטעלט די אָפטע כוליגאַנישע אָנפאַלן. מערסטנס איז עס געשען, ווען אַ גרופּע פּאָליאַקן האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו קענען דערקוטשען אײַן איינציקן ייד.

געווען איין יידישער דראשקאזש אין שטאָט, איז ער אויסגעשטאַ־נען צרות פון זיינע קריסטלעכע „חברים"־דראשקאזשעס. געווען אַ פאַל, ווען פאָרנדיק פון דער באַן מיט אַ פּאַסאַזשיר וועלכער איז גראָד געווען אַ גלח, האָבן די פּוילישע דראשקאזשעס געהאַט פּריער לויז געמאַכט אַ ראָד אין זיין דראזשקע. די ראָד איז אַרויס. צום גליק איז דער גלח אַרויס אַ גאַנצער.

די רדיפות האָבן אָבער נישט געקענט אָפּהאַלטן יידן פון אָנגיין מיט זייער קאַמף פאַר חיונה און לעבן.

די פּוילישע אַנטיסעמיטישע צייטונג „גלאָס מאַזאָוויעצקי", האָט אָפט געהעצט די פּלאָצקער פּאָליאַקן קעגן די יידן. אין אַ נומער פון 28 יולי 1937 האָט די צייטונג געשריבן, אַז אין דער אַלייע הינטער דעם טום, פאַרזאַמלען זיך יידישע יוגנטלעכע און מיט זייערע אויסגעלאַסענע שטיפעריייען און נישט מאָראַלישע געשרייען, פאַרשוועכן זיי דעם פּלאַץ ווו עס געפינט זיך די קאַטעדרע.

דאָרט ווו ס'רירט אָן קריסטלעכע הייליקייטן, זענען די פּאָליאַקן געווען לייכט אויפגעהעצט צו ווערן. האָט מען טאַקע אָפט געהערט ווי זיי וואַרפן פאָר דעם ייד, אַז ער האָט געטויט יעזוסן. דעם אמת פון דער זאַך איז זיי נישט אָנגעגאַנגען און ווער יעזוס איז געווען — אויך נישט. דעם אומוויסנדן פּאָליאַק האָט מען אַלעס געקענט „פאַרקויפן".

די פּאָליאַקן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט פריי צו פירן זייער אַנטיסעמיטישע העצע. יידן האָבן זיי נישט געקענט ענטפערן אין דער געהעריקער שפּראַך. פאַר פּאַלעמיזירן מיט די יידן־פרעסער האָט געדראָט אַ שווערע שטראָף פאַר „באַליידיקן פּוילן".

דער פּאָגראָם אין פּשיטיק האָט אויפגערודערט דאָס פּוילישע

**יידנטום. אין אַלע שטעט און שטעטלעך איז אַלס פּראָטעסט פאַרמאַכט געוואָרן די געשעפטן און יידישע אַרבעטער האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט. צו אַנטיסעמיטישע אינצידענטן איז געקומען אין דער צייט פון פּראָטעסט־טאָג אויך אין פלאָצק. כוליגאַנעס האָבן זיך געכאַפּט שלאָגן איינצלנע יידן און פּאָליציי האָט זיך נישט אַריינגעמישט. אַנשטאָט אַרעסטירן די אָנפאַ־לער האָט מען אַרעסטירט די באַפאַלענע יידן. צווישן צענדליקער אַרעס־טירטע איז אויך געווען בצלאל אקאליצא. טייל פון די אַרעסטירטע זענען שפּעטער פאַרמשפּט געוואָרן צו געלט שטראָפן. עובד יישאיעוויטש, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין פּראָטעסט קעגן פּשיטיקער פּאָגראָם איז געוואָרן באַשטראָפט מיט 25 זלאָטעס.**

**ס׳איז כדאי צו ציטירן פון אַ בריוו וואָס כ׳האָב דערהאַלטן קורץ פאַר׳ן קריג פון פישל פלידערבלום — דעם לעצטן ראש־הקהל פון פלאָצק:**

„...גלויבט מיר דאָס עס איז אונמעגלעך מיט ווערטער די טאָג־טעגלעכע איבערלעבענישן איבערצוגעבן. אין די לעצטע חדשים האָט זיך אַלץ קאָלאָסאַל געענדערט פון שלעכט צום ערגערן. און מכלומרשט הייסט יעצט די צייט אַ באַרופנדיקע איבער דער מלחמה שטימונג און מ׳וויל נישט, יידן זאָלן שרייען. איז ווי יענע שטיף־מאַמע: מען קנייפּט שטיקער נאָר עס זאָל קיין צייכנס נישט בלייבן. עקאָנאָמיש דערדריקט, און מען נעמט צו יעדע מעגלעכקייט פון זיין. דערנידעריקט, ווערט מען אַפּאַטיש צום לעבן און דאָס איז מען אויסן צו געפינען דעם מאָראַלישן אָנלען פון עקזיסטענץ. אפשר האָט איר שוין געליינט פון לעצטן פאַרפאַל. אין גאַמ־בין איז דאָ אַ בונדישע זומער־קאָלאָניע, זענען צוויי בחורים געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד, זענען צו צוויי שקצים און זיי געשטאָכן מיט מעסערס, זיבן שטעך אין דער פּלייצע. איינעם האָט מען געבראַכט קיין פלאָצק, איז ער באַלד געשטאָרבן. דער צווייטער בלויז אין דער האַנט, איז ער גע־בליבן לעבן".

**געווען אין פלאָצק אַ ווילדער אַנטיסעמיט, נאָוואַק, האָט ער פון אַנטיסעמיטיזם געמאַכט אַ געשעפט.**

**אין „פלאָצקער לעבן" לייענען מיר: „יעדן מאַרק־טאָג, ווערן פאַר־שפּרייט צעטלעך, אויף וועלכע ס׳איז אויסגעמאָלט, ווי אַ קריסט שלאָגט אַ ייד אין אַ יידישן היטל און אויף דעם צעטל שרייבט זיך: „יידן קריגן פעסט געשלאָגן ווען דו קויפסט ביי נאָוואַק, ווייל ער האָבנדיק אַ שטענדיקע הכנסה, טוט אָפּ די יידן פיינע שטיקלעך".**

**די צעטלעך העקטאָגראַפירטע מיטן בילדל און לידל וואָס צום גראַם, זענען געוואָרן פאַרשפּרייט אין טויזנטער אין די טאַרג־טעג.**

**שלמה קאַלישער אין „פלאָצקער לעבן", קאָמענטירט אויפן אויבן־**

געבראַכט: „צי איז אַזאַ משוגעת־רעקלאַמע ערלויבט? צי געהערט עס אויך צום „אָושעם״־סטיל?

דערזעלבער יידן־פרעסער נאָוואַק, האָט פאַרעפנטלעכט אַ וועכנט־לעכע שוואַרצע ליסטע פון פּאָליאַקן וואָס קויפן ביי יידן. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ פּעריאָדיש בלעטל פון אַכט זייטן געווידמעט בלויז יידן־האַס. דאָרט האָט ער באַקלאָגט דעם גורל פון רוסישן פאָלק, וואָס ליגט פאַרקנעכט אין יידישע הענט און געוואָרנט די פּאָליאַקן קעגן די יידן וואָס פאַרכאַפּן אַלע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין פּוילן און גלייכצייטיק גערופן די קריסטן צו קויפן ביי אים אין געשעפט. ער האָט פון זיין „תורה״ געמאַכט אַ קרדום לחפור בה. אין איין בלעטל זיינעם, דערציילט ער, אַז עס זענען ענטשטאַנען אין פּלאָצק 92 נייע פּוילישע אונטערנעמונגען וואָס פאַרדינען יערלעך אַ האַלבן מיליאָן זלאָטעס, וועלכע זענען אזוי אַרום געוואָרן אַרויסגעריסן ביי יידישע סוחרים. די 92 אונטערנעמונגען, שרייבט ער, האָבן צוגענומען פּרנסה ביי 500 יידן.

אין זיין בלעטל, האָבן פּוילישע סוחרים אַנאָנסירט זייערע סחורות. נאָר איין פּוילישע אונטערנעמונג, וואָס האָט אַנאָנסירט איר סחורה אין זיין בלעטל "Przebudzenie" האָבן יידן בלב ונפש געוווּנשן גרויס דער־פאָלג: מאַטשעיאַווסקיס געשעפט פון טרומנעס אויפן אַלטן מאַרק.

די אַגיטאַציע צווישן פּויערים צו באָיקאָטירן יידישע געשעפטן איז געווען אַ גאַנץ שאַרפע. דער פּויער האָט אָבער געזוכט צו קויפן ביליק און פון אייביק אָן, געווען געוווינט צו האַנדלען מיטן ייד — האָט ער ווייטער געקויפט ביים ייד.

דער יידן־פרעסער נאָוואַק, האָט נישט נאָר אָנגעפירט זיין אַנטי־סעמיטישע העצע אין פּלאָצק, נאָר אויך אַרומגעפאָרן איבער שטעט אין פּוילן און אָרגאַניזירט אַנטיסעמיטישע טעטיקייט.

ביי די לעצטע, פאַרן קריג, פאָרגעקומענע שטאָט־ראַט־וואַלן, האָבן די ענדעקישע אַנטיסעמיטן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. פון פריערדיקע דריי ראַטמענער, האָבן זיי אויסגעוויילט ניין. ביי די דאָזיקע וואַלן האָט אויך נאָוואַק קאַנדידירט (אין 5־טן וואַל־קרייז) אויפן ערשטן אָרט. ער איז געוואָרן דורך זיינע אייגענע מענשן פאַראַטן און געשטראָכן געוואָרן פון דער ליסטע. די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט וועגן זיין מיאוסן סוף. די מפּלה זיינע, האָט אים נאָך מער צערייצט קעגן יידן.

טראָץ דער פּאַטריאָטישער שטימונג אין לאַנד, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „לופט־הלואה״ וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט דורכגעפירט און פּלאָצקער יידן, ווי בכלל איבערן לאַנד — האָבן געגעבן מיט אַ ברייטער

האָט ווי עס האָבן געגעבן פּאָליאַקן, — איז דער אַנטיסעמיטיזם נישט געוואָרן שוואַכער.

ווי אַ רעזולטאַט פון „גוט לערנען", האָבן פּוילישע סטודענטן, אַהיימקומענדיק חגאות־צייט אויף וואַקאַציע, זיך גענומען צו זייער באַליבטער מלאכה, וואָס איז זיי געלעגן אין די ביינער מער ווי לערנען וויסן: פירן קריסמעס־צייט אַ באָיקאָט־קאַמף קעגן יידישן האַנדל. קעגן וועמען האָבן זיי געפירט דעם קאַמף? קעגן די בידנע, אויסגעוואָרצלטע פון עקאָנאָמישער עקזיסטענץ יידישע „סוחרים", וואָס האָבן פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע.

די קריסטמעס־חגאות איז געווען די איינע צייט אין יאָר, ווען יידישער האַנדל האָט זיך געריכט אויף אַ ביסל מער לייזונג, געלייזט האָט מען גלייכצייטיק אַביסל מער צרות.

ווען די דאָזיקע פּוילישע „אינטעליגענץ", די סטודענטן, זענען געקומען אויף וואַקאַציע, איז געוואָרן אָרגאַניזירט דער באָיקאָט אויף יידישע געשעפטן, מיט דער לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ".

אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג, איז די לאַגע אין דער חגאות־צייט, געווען אַ מער אָנגעשטרענגטע. די פּוילישע „שטובאַקעס" מיט כוליגאַנישע עלעמענטן, האָבן זיך געגרייט צו עקסצעסן און ביי די יידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס איז געשטאַנען די פראַגע פון זעלבסטשוץ.

אין חגאות־צייט 1937, איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז אין אַ באַשטימטן טאָג נאָך דער גאָטעס־דינסט אין קירכע וועט מען אָנפאַלן אויף יידן אין דער ברייטער גאַס. עס האָט זיך באַמערקט אַ נערוועזיטעט. נישט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי דער פּוילישער שטודירנדער יוגנט, וועלכע האָט געזוכט די „מלאכה" דורכפירן.

די יידישע יוגנט איז געווען גרייט. עס האָט זיך באַמערקט אַ קאָנצענטרירונג פון שקצים אויף דער קאָלעגיאַלנע גאַס און פון יידישער יוגנט אויף ברייטער גאַס. די זאַך איז אַדורך בשלום. וואַרשיינלעך, ווייל די כוליגאַנעס האָבן געזען יידישע גרייטקייט צוריקצושלאָגן.

ווי אַ דאָקומענט פון יענער צייט, ווילן מיר ציטירן פון אַ בריוו וואָס עס האָט געשיקט די צענטראַלע פון רעכטע „פּועלי־ציון" צו דער פּאַרטיי־אָפּטיילונג אין פּלאָצק, — דאַטירט 6־טן יולי 1938, אונטערגעשריבן פון ל. שטשופּאַקעוויטש.

„מיר לעבן איצט איבער אַ זער שווערע תקופה. אויף אונזער פּאַרטיי ליגט היינט אַ גרויסע אחריות, מיר דאַרפן אַלע זייער אַקטיוו און ענערגיש אַרבעטן כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן אַלע פינסטערע כוחות וואָס בושעווען אויף אַלע אונזערע פראָנטן קעגן אונז.

מיר קענען נישט אַריבערגיין גלייכגילטיק איבער דער ידיעה אין אייער בריוו, וועגן די סיסטעמאַטישע איבערפאַלן אויף יידישע דורכגייער אין אייער שטאָט. מיר טאָרן נישט שלום מאַכן מיט דעם פאַקט. מיר דאַרפן צוערשט אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז די מאַכט זאָל דערצו נישט דערלאָזן. אויב נישט, דאַרף מען זוכן אַנדערע מיטלען, צוזאַמען מיט אַנ־דערע פּאַרטייען. אַבער דערלאָזן אַז דאָס זאָל ווערן אַ נאַטירלעכע דער־שיינונג, אַז יידן זאָלן געשלאָגן ווערן, — דאָס טאָרן מיר נישט דערלאָזן. אויב נויטיק, מוז ווערן אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד דער דאָזיקער אומ־דערלאָזבאַרער סיטואַציע. שרייבט אונז גלייך וואָס איר האָט אין דער פראַגע באַשלאָסן".

**דער לעצטער יידישער קרבן איידער די דייטשן זענען אַריין אין פלאָצק איז געווען דער בחור פליישער. ווען די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט פלאָצק, איז ער געלאָפן איבער דער בריק קיין גאמבין. אַ פּוילישער זעלנער וועלכער האָט פּאַטרולירט די בריק האָט אים דערשאָסן. זיין פאָטער האָט שפּעטער געבראַכט דעם קערפּער, טראַגנדיק אים אין אַ זאַק. מ'האָט אים מקבר געווען אויפן בית־עלמין איידער די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט.**

# אין דער יידישער קהלה

**פלאָצק איז נישט געווען אַנדערש פון פיל אַנדערע שטעט אין פּוילן. דאָך איז פלאָצק געווען אייגנאַרטיק. פלאָצק איז געווען אַנ'אויפ־געקלערטע שטאָט. פלאָצק איז געווען צווישן די וויניק שטעט אין פּוילן ווו נייע אידייען האָבן זיך שנעל איינגעוואָרצלט. פלאָצק איז געווען נישט נאָר משכיליש נאָר אויך חסידיש, אַסימילאַטאָריש און נאַציאָנאַל. די ציו־ניסטישע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען האָבן פרי אָנגעהויבן זייער טעטיקייט אין פלאָצק. דאָס יידישע לעבן איז געווען רייך אין איר לעבנס־שטייגער. דער אַמאָל און דאָס נייע לעבן — טיף יידיש פאַרוואָרצלט — ביידע האָבן זייער פולן אויסדרוק געהאַט אין טאָג־טעגלעכן לעבן.**

**אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די רוסן זיך געגרייט אַרויסצוטרייבן די יידן פון פלאָצק, ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט.**

**די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געריכט פאַר דעם ערגסטן, פאַר אַ גירוש ווו זיי וועלן מוזן איבערלאָזן זייערע היימען, זייער האָב און גוטס און וואַנדערן. יידישע סוחרים האָבן זייערע סחורות אַוועקגעגעבן צו די מאַריאַוויטן צו האַלטן עס ביז זיי וועלן זיך צוריקקערן, מיטן צוזאָג אַז זיי וועלן עס צוריק באַקומען.**

שבת, צוויי טעג פאַרן גירוש, האָבן יידן איבערפולט די שוהל. יידן האָבן געוויינט. אַלע זענען געווען מיט זאָרג וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

דערווייל איז פאָרגעקומען אַ גרויסע מיליטערישע באַוועגונג אי־בער די גאַסן. אויף טראָקס, רייטנדע און צופוס האָבן זיך מיט שנעלקייט און אומרו געצויגן מאַסן סאָלדאַטן און אָפיצערן. קיינער פון דער באַפעל־קערונג האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט געדויערט די מיליטערישע באַוועגונג דורך דער שטאָט.

צומאָרגנס האָט מען נישט געזעען קיין איינציקן רוסישן סאָלדאַט. אויך די ציווילע רוסן זענען אַוועק. זיי זענען אַלע אַוועק אין דער ריכטונג פון דער קוטנער באַן־ליניע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רוסן האָבן געליטן אַ שווערע מפלה און גענומען צוריקציען זייערע כוחות פון פראָנט אין דער ריכטונג צו רוסלאַנד. זיי זענען דערגאַנגען ביז קוטנע ווו דער דייטש האָט זיי גענומען געפאַנגען.

ערשט האָט מען געלעבט אין שרעק פון גירוש, און מיטאַמאָל איז דער רוס אַנטלאָפן. ס׳איז אַלץ פאָרגעקומען איבערראַשענד שנעל. צוויי טעג איז פלאָצק געווען אָן אַ רעגירונג. פאַר די פלאָצקער יידן איז דעם דייטש׳ס אָנקומען געווען אַ ישועה.

דער ערשטער דייטשער קאָמענדאַנט האָט באַנייט די טעטיקייט פון בירגער־קאָמיטעט וואָס איז באַשטאַנען פון פאָליאַקן, דייטשן און יידן. די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרטראָטן אַלטבערג און סארנע. ס׳האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטאָטישע אַדמיניסטראַציע. צום ערשטן מאָל זענען יידישע באַאַמטע געוואָרן באַשטימט אויף הויכע פאָסטנס. דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך גענומען סטאַביליזירן. יידישע פאַרטייען זענען געוואָרן טעטיק.

די דייטשן האָבן אַרויסגעוויזן פריינטשאַפט צו יידן. אַלס אַ פריינט־לעכער זשעסט, האָט די דייטשע מיליטערישע קאַפעליע געשפּילט יעדן זונטיק אויף דער ברייטער גאַס מוזיק, אויך די „התקוה״.

די דייטשן האָבן אַרויסגעוויזן אינטערעס אין דער ספּאָרט טעטי־קייט פון „מכבי״ און זיי געהאָלפן אין די ספּאָרט אויפטריטן.

צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון „מכבי״ זענען געווען: גאָלדבערג, האזן, בערעק זעליגמאַן, שטערן, פשעניצא, פלאנסקער א. א. די צאָל מיטגלידער אַקטיווע אין ספּאָרט, האָט אין יענער צייט דערגרייכט ביז 300. די קאָמאַנדע ביי די איבונגען איז דאַן געגעבן געוואָרן אין העברע־איש. נאָך אַזוי פיל דורות געטאָ־לעבן, האָט די יידישע יוגנט אָנגעהויבן אויסגלייכן אירע רוקנס.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז אויסגעבראָכן אַ

טיפוס־עפידעמיע אין שטאָט. די דייטשע מאַכט איז געווען גרייט אָנצו־נעמען דראַסטישע מיטלען וואָס וואָלטן זיך שלעכט אָפּגערופן אויף דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט וואָס זאָל אויפפּאַסן פאַר בעסערע סאַניטאַרישע באַדינגונגען אין די אָרעמע היימען זוו די געפאַר פון דער עפּידעמיע איז געווען צום שטאַרקסטן. ס׳איז גע־וואָרן געפירט צווישן דער באַפעלקערונג אַן אויפקלערונגס־אַקציע ווי אַזוי צו באַקעמפן די עפּידעמיע.

אין 1917 האָט „מכבי״ דורכגעפירט אַ ספּאָרט יום־טוב אין טעאַ־טער, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פייערלעכע שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳איז אויפגעקומען אַ נייע יוגנט, אַ נייע וועלט פאַרן יונגן דור, וואָס האָט שטאָלץ געטראָגן דעם בלוי־ווייסן פאָן. די אידייע פון אויפוואַכנדן ציוניזם און דער מכבי־גייסט האָט דאַן מיט שטורם איינ־גענומען פּלאָצק.

ס׳איז געווען דער פּעריאָד פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וועלכע האָט אַרויסגערופן טיפע באַגייסטערונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אין די זאַמל־אַקציעס פאַרן אויפבוי פון א״י, האָבן פּלאָצקער יידישע פרויען מיט פרייד צוגעטראָגן זייערע גאָלדענע רינגלעך און אוירינגלעך.

אין 1925 ווען די יידישע וועלט האָט געפייערט די עפענונג פון העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, האָט אויך דאָס יידישע פּלאָצק געפייערט דעם יום־טוב. די באַלקאָנען זענען געוואָרן באַצירט מיט טע־פּיכער, אויפרופן און לאָזונגען איבער די גאַסן, פאַרזאַמלונגען אין שוהל און אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע אין טעאַטער. צו פאַרשטערן די פאָלקס־שמחה האָבן חסידישע בחורים אַרויסגעהאנגען אַ שוואַרצע פאָן איבער דעם קליינעם בית־המדרש׳ל.

די ערשטע וואַלן אין דער יידישער קהלה אין באַפרייטן פּוילן, זענען פאָרגעקומען אין 1924. וואָל רעכט האָבן געהאַט נאָר מענער פון 25 יאָר און העכער. ס׳איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַר מער רעכט פון יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פּוילן. אין די וואַלן צו דער פּלאָצקער קהלה, האָבן אָנטייל גענומען נאָר בירגערלעכע פּאַרטייען ווי „אגודה״, ציוניסטן, מזרחי, האַנטווערקער פאַריין. די קהלה האָט זיך הויפּט־זעכלעך פאַרנומען מיט באַזאָרגן די רעליגיעזע הצטרכותן פון דער קהלה, ווי אַ רב, שוחטים, בית־עלמין, תלמוד־תורה א.אַ. די סאָציאַלע נויטן וועלכע זענען אַלעמאָל געווען אַ שווער פּראָבלעם, זענען געשטאַנען אויפן צווייטן אָרט אין דעם קהלה־בודזשעט. עס האָט געדאַרפט געשטיצט ווערן דאָס שפּיטאָל, בית־יתומים, מושב־זקנים, אינסטיטוציעס ווי „טראָפּן־מילך״

פאַר קינדער, עזרת־חולים א. אַ. די באַדערפענישן פאַר די דאָזיקע אינסטי־טוציעס זענען אַלעמאָל געווען גרעסער ווי די באַקומענע סובסידיעס.

אַז די „אגודה" האָט אין איר וואַל־פּלאַטפאָרם גערעדט וועגן די נויטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז איר איינציקער אינטערעס געווען דאָס רעליגיעזע לעבן. דער „מזרחי" איז געגאַנגען אַ שריט ווייטער אין אויסער זיין פּראָ־ארץ־ישראלדיקייט, האָט ער, ווי די ציוניסטן, געהאַט אויך אינטערעס אין די סאָציאַלע נויטן פון דער באַפעלקערונג.

די קהלה אין איר בודזשעט פאַר סאָציאַלער שוץ, האָט סובסידירט דעם שפּיטאָל, עזרת־חולים, זומער־קאָלאָניעס פאַר יידישע קינדער, גמילת־חסד־קאַסע א. אַ. אויב דער וואיעוואָדישער מאַכט איז נישט געפעלן וועלכע ס׳איז סובסידיע, האָבן זיי געשטראָכן די סומע און די אינסטיטוציע האָט זיך געדאַרפט ראַנגלען פאַר עקזיסטענץ.

די קהלה האָט אויך סובסידירט חדרים. אינטערעסאַנט, אַז אין 1937 האָט דער וואיעוואָדע באַפוילן העכערן די סובסידיע פאַר „אגודה"־חדרים. אין דער צייט האָט די „אגודה" געשטיצט די דריי־פּערטל אַנטי־סעמיטישע סאַנאַציע רעגירונג. אין דער זעלבער צייט האָט די מאַכט געשטראָכן אַלע סובסידיעס פאַר אינסטיטוציעס פון אַ פאָלקס־כאַראַקטער. ווי: ייווא, יידישע גימנאַזיע, „הזמיר"־ביבליאָטעק, ק.ק.ל., קרן היסוד, מכבי א. אַ. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, אַז די יידישע קהלה איז געוואָרן געשטערט פון דער מאַכט צו שטיצן די אינסטיטוציעס וועלכע זענען נישט אויסגעשפּראָכן רעליגיעז.

די קהלה האָט געהאַט אין איר בודזשעט הילף פאַר עליה קיין א״י. די מאַכט האָט דאָס אויך אויסגעשטראָכן. געווען אַ פאַל מיט אַ חלוצה, וועלכע האָט באַקומען אַ סערטיפיקאַט און נישט געקענט עולה זיין צוליב מאַנגל אין געלט. די קהלה האָט איר קיין שטיצע נישט געגעבן און איר פאָטער האָט געמוזט פאַרקויפן דעם איינציקן שפּייזער — דאָס פערד, כדי צו האָבן די נויטיקע סומע.

אַ קאַמף איז אָנגעגאַנגען מיט דער מאַכט, וועלכע האָט נישט צו־געלאָזן פרייע זעלבסטפאַרוואַלטונג. כדי צו באַזייטיקן קעמפערישע עלע־מענטן, האָט די מאַכט געפסל׳ט אָדער גוטגעהייסן וואַלן, אויסגעבעסערט און געדרייט ווי ס׳האָט זיך איר געלוינט. די דאָזיקע לאַגע האָט אויס־געניצט פאַר אירע אינטערעסן די „אגודה", אַרויסווייזנדיק חניפה צו די מאַכט אָרגאַנען, שטיצנדיק זייערע קאַנדידאַטן צו סיים און שטאָט־ראָט וואַלן — מעגן זיי זיין אפילו אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן.

פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער אין דער קהלה איז מצד דער „אגודה" געווען לייביש קילבערט, פון „מזרחי" — י. י. אשכנזי און

פון די ציוניסטן — שפערלינג, גאַלעווסקי און ד״ר פיינבערג, וועלכער איז געווען הויפּט דאָקטאָר פון פּלאָצקער יידישן שפּיטאָל וואָס איז צוריק געעפנט געוואָרן אין 1924 דורך אַ דערלויבעניש פון סטאַראָסטאָ. אַז דער „החלוץ״ האָט געשיקט זיינע חברים אויף הכשרה, איז נויטיק געווען אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג, פעסטצושטעלן דעם געזונט צושטאַנד פון דעם חלוץ. די דאָזיקע אונטערזוכונג האָט פריי געגעבן ד״ר פיינבערג, וועלכער האָט אָנגעשריבן אַ באַשיינונג אין העברעאיש: „ראוי לעבודה פיזית קשה״. ד״ר פיינבערג, קומענדיק אויף אַ וויזיט צו אַ חולה, האָט ער נישט אַדורכגעלאָזן אַריינצוקוקן אין אַ ספר, אויב ער האָט אַזעלכעס באַמערקט אין שטוב.

אַן׳אַנדער טיפּ דאָקטאָר איז געווען ד״ר טעמערסאָן, וועלכער האָט געהאַט דעם אויפזיכט איבער דעם היגיענישן צושטאַנד פון די קינדער אין די פאָווּשעכנע שולן. ער איז איינמאָל אַרויסגעקומען אין דער עפנט־לעכקייט מיט אַ „חשבון״ אַז יידישע קינדער זענען מיט כך וכך פּראָצענט מער לויזיק ווי די קריסטלעכע. ער האָט זיי געציילט... דער דאָזיקער „סטעיטמענט״ האָט אַרויסגערופן ענטריסטונג ביי דער יידישער באַפעל־קערונג.

אַ צאָל פּלאָצקער דאָקטוירים וועלכע האָבן פּראַקטיצירט אין וואַרשע, האָבן זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען אין זייער מעדיצינישער פּראַקטיק. צווישן זיי ד״ר עדוואַרד פלאַטאָו און ד״ר שענוויץ. עס איז באַקאַנט, אַז יידישע דאָקטוירים אונטער קריסטלעכע נעמען האָבן פּראַקטיצירט אין פּלאָצק מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

נאָכן טויט פון באַליבטן רב מרדכי יונה זלאָטניק אין 1922, איז פּלאָצק פיל יאָרן געווען אָן אַ רב. די „אגודה״ פון איין זייט און „מזרחי״ מיט די ציוניסטן פון דער צווייטער זייט, האָבן זיך נישט געקענט איי־ניקן וועמען אויסצוקליבן. עס זענען געווען 27 קאַנדידאַטן, צווישן זיי אָנגעזעענע פירער ביי יידן ווי דעפּוטאַט הרב בראדט. לויט אַ קאָמפּראָמיס צווישן די אויבנדערמאָנטע פּאַרטייען, האָט מען צו די וואַלן אַרויסגע־שטעלט בלויז דריי קאַנדידאַטן, וואָס זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס אונ־פּאַרטייאישע. פון די דריי איז אין 1926 געווײלט געוואָרן דער מאַקאָווער רב איידעלבערג. בעת דער זיצונג פון דער קהלה איז איינגעפלאָסן אַ פּראָ־טעסט מיט אַ צאָל אונטערשריפטן קעגן דעם וואָס מ׳האָט צו די וואַלן געשטעלט בלויז דריי קאַנדידאַטן און נישט אַלע 27.

הרב איידלבערג האָט זיך נישט געמישט אין פּאַרטיי־זאַכן. ער איז געווען עקסטרעם אָרטאָדאָקסיש, אָבער געשעצט ביי אַלע אין שטאָט. אין דער ציוניסטישער „נאָווע סלאָווא״ פון יאַנואר 1932, ווערט

באַריכטעט וועגן אַ פּראָצעס וואָס דער קאַנדידאַט פאַר ציוניסטישן דאזאר אין פלאָצק ד״ר בראָמבערגער האָט פאַרפירט קעגן אגודה־פירער קילבערט, פאַר שאַפן אַ ליסטע מיט אויסגעגנאַרטע אונטערשריפטן קעגן זיין קאַנדי־דאַטור, ווענלדיק אים אַרונטעררייסן אַלס קאַנדידאַט.

אין געריכט האָט דער 76 יעריקער אברהם משה איינפעלד עדות־געזאָגט, אַז מ׳האָט אים געדראָט אַרויסצוואַרפן פון געוער שטיבל אויב ער וועט נישט אונטערשרייבן. אויפן פאַרלאַנג פון קילבערטן האָט איינ־פעלד זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַ שבועה אין געריכט אויס רעליגיעזע מאָטיוון. דאָס געריכט האָט אים דערפאַר באַשטראָפט מיט אַ טאָג תפיסה. צום סוף, האָבן ביידע צדדים מסכים געווען אויף אַ בוררות־געריכט וואָס איז באַשטאַנען פון סארנע, בליי און עלבערג, וועלכע האָבן געפסקנט אַז קילבערט מוז באַצאָלן שטראָף 500 זלאָטעס פאַר ווילטעטיקע צוועקן ווי: יידיש שפּיטאָל, מושב זקנים, יתומים הויז, עזרת חולים און קראַפּלע מלעקא (טראָפּן־מילך).

אַ צווייטער קאָרופּטער, יידיש־געזעלשאַפטלעכער ענין איז געקומען אין פוילישן געריכט אַריין אין 1937. עס זענען געוואָרן באַשולדיקט פער־זאָנען, פאַראינטערעסירטע אַדורכצופירן זייערע קאַנדידאַטן צו די קהלה־ראַט וואַלן, — אַז זיי האָבן געקויפט שטימען פאַר געלט.

דער געזעלשאַפטלעכער טוער פסח וואלראט, וועלכער איז אויפגעט־טראָטן אַלס עדות, האָט געגעבן אַן אָפּשאַצונג אין געריכט „וועגן דער געמוי־זאכץ אין דער יידישער קהלה אין פלאָצק״. דער עדות דערציילט, אַז געוויסע „פרומע קרייזן״ האָבן זיך ביי די פריערדיקע וואַלן גענוצט מיט קויפן שטימען פאַר געלט. דער כאָאָס — זאָגט ער — וואָס הערשט ביים היינ־טיקן טאָג אין דער יידישער קהלה, איז אַ רעזולטאַט פון אוננאָרמאַלע קאַמפן, וואָס געוויסע יידישע קרייזן ברענגען אַריין אין פלאָצקער יידישן לעבן. די פּראָגרעסיווע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פלאָצק ווייטיקן איבער דער לאַגע.

אין רעזולטאַט פון דעם פּראָצעס, זענען עטלעכע פאַראורטיילט געוואָרן אויף 6 חדשים תפיסה און די שטראָף סוספּענדירט אויף 3 יאָר.

מיט דער ענטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, זענען אויך ענטשטאַנען נייע נויטן און פּראָבלעמען צו פאַרענטפערן. פון איין זייט אַ מאַנגל אין עקאָנאָמישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, פון דער צוויי־טער זייט, זענען די קהלה־פירער געווען הינטערשטעליק דער צייט אין וועלכער מ׳האָט געלעבט. די קהלה האָט געדאַרפט געבן אַ ענטפער נישט בלויז אויף רעליגיעזע פראַגן.

אין 1936 האָבן אַ גרופּע חברים פון די רעכטע פּועלי־ציון: ברוך גינזבורג, דוד גאָלד, גרשון כאַנאַכאָוויטש, שמחה מינץ, שלמה קאַלישער און שלמה גרינשפּאַן באַשלאָסן אַרויסגעבן אַ וואָכן־צייטונג „דאָס פּלאָצקער לעבן". די צייטונג האָט געטראָגן אַן אַגרעסיוון כאַראַקטער קעגן דער אַפּאַטיע פון געוויסע קהלה־פירער, שטרעבנדיק אויפוועקן דעם אינטערעס צו די געזעלשאַפטלעכע נויטן אין שטאָט. די צייטונג ברענגענדיק פאַקטן פון יידישן לעבן אין שטאָט, אונטערשטרייכנדיק דאָס פּאָזיטיווע און באַקעמפנדיק דאָס נעגאַטיווע, איז געוואָרן וואַרעם אויפגענומען דורך דער יידישער באַפעלקערונג. די צייטונג איז געווען געזיכערט פינאַנציעל דורך אַנאָנסן און פאַרקויף.

נאָכדעם ווי צוויי נומערן זענען דערשינען, האָט די מאַכט פאַרבאָטן עס צו דרוקן, מאָטיווירנדיק, אַז עס איז נישט ווינשענסווערט ביי די יעצטיקע פאַרהעלטעניסן. אין דער זעלבער צייט זענען דערשינען 2 פּוילישע טעגלעכע צייטונגען, וועלכע האָבן כסדר געהעצט קעגן יידן.

אין 1938 זענען פאָרגעקומען וואַלן צו דער יידישער קהלה־פאַרוואַלטונג. צום ערשטן מאָל האָבן אין די וואַלן אָנטיילגענומען יידישע אַרבעטער פאַרטייען, וועלכע האָבן געהאַט אַ נצחון אין די וואַלן. אַלס רעזולטאַט, איז ראש־הקהל ערווילט געוואָרן דער פּועלי־ציון פירער פישל פלידערבלום. עס איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייער צייט פאַרן אָרגאַניזירטן יידישן קהלה לעבן אין פּלאָצק. די מלחמה וואָס איז אויסגעבראָכן אַ יאָר שפּעטער האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלעם.

אין 1937 איז געוואָרן 700 יאָר (לויט די היסטאָרישע מקורות) ווי עס האָט עקזיסטירט אַ יידישער ישוב אין פּלאָצק.

צו פייערן די דאָזיקע וויכטיקע דאַטע איז געוואָרן אין שטאָט אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון דער קהלה פאַרוואַלטונג, ווירטשאַפטלעכע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס. די אָנפירונג פון קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון: סארנא, ניכטענבערגער, פלאנסקער און בליי. דער קאָמיטעט האָט געפּלאַנט אַרויסגעבן אַ גרויס יובילײ־ווערק „די געשיכטע פון יידן אין פּלאָצקער מאזאווישע פון יאָר 1237 — 1937. זיי האָבן זיך געוואַנדן צו אַלע קהלות אין דער אומגעגנט, זיי צו העלפן זאַמלען מאַטעריאַלן און געלט.

דער אויסגעבראָכענער קריג האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלעם. ס'איז פאַרניכטעט געוואָרן דאָס יידישע לעבן אין פּלאָצק נאָך זיבן הונדערט יאָר פון לעבן און שאַפן.

# ווערטער, פאָלקס־פאַרגלייכענישן און אידיאָמען אין יידיש גענוצט אין פלאָצק

אין די אַלטע דאָקומענטן ביזן 12־טן יאָרהונדערט איז **פלאָצק** פאַרצייכנט אין פאַרשידענעם וואָרט אויסלייג ווי: Ploczk, Plozk, Ploczko.

היסטאָריקער באַצייכענען, אַז דער נאָמען „פלאָצק" שטאַמט פון דער פאַרבינדונג פון דער פּראָדוקציע און האַנדל מיט לייוונט מיט וועלכע דאָס אָרט איז געווען באַקאַנט.

ביי אונז יידן, האָבן מיר אונזער אייגענעם אויסטייטש פון אַ נאָמען. נעמען פון יידישע שטעט און שטעטלעך זענען געבויט אויף וואָרט־קאָמבינאַציע, אויף באַזונדערע אַרטיקע באַדינגונגען און אייגנאַרט פון אירע איינוווינער. זייער אויסטייטש וואָרצלט אין יידישן פאָלקלאָר. מנשה וואַקסער אין זיין פאָרשונג פון פאָלקלאָר פון יידישע ישובים דערמאָנט פלאָצק צו וועלכער מ׳האָט געפּרוווט צונויפשטעלן אַ נאָמען פון ראשי־תבות. פלאָצק מאַכט: פה למדו אבותינו צדיקים קדושים.

אידיאָמען, פאָלקס־פאַרגלייכענישן זענען דער קלאָרסטער אויסדרוק פון די טיפענישן פון דער פאָלקס־נשמה. ס׳איז חריפות און פאָלקס־חכמה, ס׳איז עשירות פון פאָלקס־שפּראַך, דער אויסדרוק פון לייד און פרייד פון אַ פאָלק וואָס לעבט זיך אויס אין זיין שפּראַך.

דער גרעסטער טייל יידן אין פלאָצק האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיטן שכן דעם גוי אָדער דעם פּויער פון דאָרף מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפן אויפן מאַרק. פיל פּוילישע ווערטער האָבן זיך איינגע־בירגערט אין יידיש און געוואָרן אַ טייל פון זיין לשון.

פלאָצק איז אַ לאַנגע צייט געווען אונטער דייטשער אָקופּאַציע. בעת דער צווייטער צעטיילונג פון פּוילן איז פלאָצק געוואָרן באַהערשט דורך די דייטשן ביז 1807, ווען עס איז ענטשטאַנען דאָס וואַרשעווער הערצאָג־טום. פיל פלאָצקער יידן האָבן גוט באַהערשט די דייטשע שפּראַך און איר ליטעראַטור. פיל ווערטער פון דער דייטשער שפּראַך זענען אַריין אין יידיש אין אונזערע מקומות און געוואָרן אַ טייל פון טאָג־טעגלעכן יידיש אין פלאָצק.

נח פּרילוצקי אין זיין „יידיש פאַר אַלע" (אָקטאָבער 1938) האַלט, אַז „דייטשמעריש אין דער יידישער שפּראַך, איז אַ שפּראַך עלעמענט וואָס איז אַריינגעדרונגען צו אונז יידן אין 19־טן יאָרהונדערט".

שפּראַך עלעמענטן אין יידיש זענען נאָך אַ ענין פאַר שפּראַך־פאָרשונג.

פלאָצק איז געווען אָקופּירט פון דייטשן און רוסן. יידיש אין

פלאָצק איז געווען באַאיינפלוסט פון דער דייטשער שפראַך און כמעט גאָרנישט פון דער רוסישער. יידן אין פלאָצק האָבן געהאַט מער מסחר־קאָנטאַקט מיט דייטשע געגנטן און די פלאָצקער השכלה האָט באַקומען איר איינפלוס פון דייטשלאַנד.

די באַציונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג איז געווען אַ פריינטלעכע צו יידן און די פלאָצקער יידישע באַפעלקערונג האָט דורך יידיש לייכטער זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט דייטשן אָקופּאַנט.

אין דער צייט ווען די רוסן האָבן געהערשט אין פוילן, האָבן פוילישע משכילים זיך קעגנגעשטעלט דעם איינפלוס פון דער רוסישער שפראַך און קולטור. אַן׳אויסנאַם איז געווען די שטעלונג פון א. י. פּאַפּיערנא.

מיר האָבן אין דער זאַמלונג, אויסער ווערטער וועלכע ווערן היינט כמעט מער נישט געברויכט אין יידיש, אויך פאָלקס־אויסדרוקן וואָס דאַרפן דינען אַלס מוסר־השכל, פאָלקס־פאַרגלייכענישן מיט טיפן שפראַך־אויסדרוק, קללות אין מויל פון פאָלק און פאַרשידענע פאָלקס־אויסדרוקן מיט וועלכע יידיש איז געווען אַזוי רייך און וועלכע זענען געוואָרן גערעדט אין פלאָצק.

די אַלע ווערטער און אויסדרוקן, זענען געקומען פון זכרון, אַזוי ווי מ׳האָט זיי גערעדט אין פלאָצק. עס איז נאָר אַ קליינער טייל וואָס אַ יחיד האָט געקענט צונויפשטעלן.

די זאַמלונג פון ווערטער וואָס מיר ברענגען, זענען פיל פון זיי גענוצט געוואָרן, נישט נאָר אין פלאָצק. זיי זענען אָבער געווען אַ חלק פון׳ם שפּראַך־אוצר פון פלאָצקער ייד.

**ווערטער:**

אָנקאָרמען — געבן עסן
אַרומפּאַטשקען —
אָנגעפּאָיעט — געבן אָנצוטרינקען
אָפּגעשאָסן — אָפּגעבליאַקעוועט
אָפּגעדעפּטשעט — שמוציק געמאַכט מיט די פיס
אשר־יצר פּאַפּירל — אַ קליין שטיקל פּאַפּיר
אַרומבלאָנדזשען — אַרומלאַבעזעווען, שטיפן
אַן׳אייזערנער קאָפּ — איז תופס גוט אַ ענין
אָנגעזעצט — באַנקראָטירט
אַרובל אַראָפּ, אַרובל אַרויף — דורכקומענדיק אין מסחר
אַ נישט־גוטער —
איינגעמאַכטס —
אָקאָוויט — שטאַרקער בראַנפן
אַ ביסל גייעס — זעענדיק פיל גויים
באַלאַמוטשעט — פאַרלירן צייט מיט גאָרנישט
דאַרמאָזיאַד — אומזיסטער עסער
שיבן — אַריינרוקן ברויט אין אויוון
לאַטיק — אָפּגעריסענער יונג
מישע׳דמאָנקע — אַ געמיש פון פאַרשידנס
דראַפּיק — בעזים
שישקע —
ענדער — בעסער
מעלעיער — אומגליק
וויעכעטש —
שווישטשען —

שוואַרגאָטשען — רעדן אָן אויפהער
סמאָלוך — אַ פאַרקאָפטשעטער
צוואַניאַק —
לאַידאַק — אויסוווּרף
הודו נאַפשוד —
קעלבאַס — אָנגעפרעסענער יונג
צוגע׳סליחה׳נט — צוגעגנבעט
יאַפע — אַ גרויס מויל
לאַזוך — אויסוווּרף
שטוקעס — קונץ־שטיק
פיעטשאָנטקאָ — קאָלירט אויסגעשניטן בילדל
קאָפעלע־טשעלע — טראָגן אַ קינד אויפן אַקסל
וועימער־גיצ־קינד — ווי גוט עס איז
שטשערקע — קוק־האַנטוך
כאָינקע — קריסטמעס־בוים
ספאָדעק —
טשעשטש — סאַלוטירן
טין — אַ פאַס
טינדל — אַ פעסל
זשליאָקעט — טרינקט ווי אַ פערד
סאַ־ווי־סאַ — סיי ווי
נעהאָראָ — עין־הרע
אַ קרומער הוקן — אַנטיפאַטישער מענש
שקומע — השכמה
טיפלע — קלויסטער
פאַרליאַפעט — פאַרליבט
פאָמיעס — פליסיק שמוץ
פאָמעשאַף — ״ ״
געהאַקטע באַנקעס —
געבעטשעט — געוויינט
סוואָנד — טשאַד
אַ כליאַפ — אַ גאָס רעגן
אַ בראָך — אַ צרה
וואָרטשעט — אָנגערייצט ווי אַ הונט
לעצ־געלט — פאַרן אַוועקפאָרן האָבן קינדער באַקומען אַ מטבע
סעקן — טיפער שלאָף
צוועיל — טישטוך
שאַקרעס — שקרות
שיבערן זיך — זיך קראַצן
לעקער — צונג
ס׳שווענדזשעט — עס בייסט
פישטשען — שרייען ווי אַ פויגל
שטשאַפעס — גרויסע שטיקער האָלץ

סענקעס — האָלץ מיט פיענקעס
שווענצלען — דעם גלח׳ס אָפגיסן
פאַטשיילע — אַ פרוי׳ס טוך זיך אַרומצוהילן
אויסגעסטראָיעט — אויסגעפוצט
שטאָליער — גנב
קליאַטקע — שטייג
פאָדוועזש — הויף
אַ צעכאַפעניש —
אָפגעפאָרן — פטור געוואָרן
שטוניק — קיכל אָנגעפילט מיט פרוכט
פעצענע — שטיק ברויט
אַ רעיפל ברויט — פת לחם
קרוכע — ווייך
קלויצקעס —
שאַבעלעך —
שילגעלעך —
קלאָפס — צעמאָלן פלייש
באַניקערן —
אַ פיגע — אַ פייג, וועסט גאָרנישט באַקומען
שמאַנט — סמעטענע
שובאַכץ — קאַרטאָפל־שאָל
לעזעלקעס — קליינע באָרעלעך
הייוון — צום יעירן, ביים באַקן
לאַכמע ברויט — אַ שטיק ברויט
גריוון — פון אויסגעלאָזטן פעטס
צעגראַפטשעט — צעריסן די הויט פון פנים
אַ מתנת־יד — אַ פאַטש
אַ חליקה — באַקומען געשלאָגן
אַריינגעכאַפט אַנ׳עליה — ״ ״
אַריינגעצימבלט — אָנגעשלאָגן
בויקערן — שלאָגן מיט דער פויסט
באָכניען — ״ ״ ״
דזשאָכניע — אַ שטויס געטאָן
אַ כמאַל — אַ פאַטש
קאָפיען — בריקן מיט די פיס
אַ קאָזע — געפענגעניש
קאָכעלעפל — מישט זיך אומעטום
שלאַטן־שמש —
אָפגעקלאַפטע שאַנע — ווען אַ זאַך טויג צו גאָרנישט
סאָטשע? — איר האָט שוין?
מאָטשע — מיר האָבן שוין
אַבי צאָצע — אַבי איר האָט שוין
אַנ׳אָפגעדאַוונטער — טויג שוין צו גאָרנישט
טשאַקער — ליגנער

קילע־גראַבלער — אַ קאַכלעפל
אַ שטיק עשיו — אַ שלעכטער מענש
שמאָדער — שמוץ
אַ שליאָך — אָפּגעלאָזענער הילוך
שלעפּער — שנאָרער
פּלאָקנשיסער —
שוויצער —
אַ תנא־באַרטיק — אַ חכם כלומרשט
טשוט־טשוט — שיער, שיער
פּימפּער — נאָך אַ זער קליינער
שאַטקע־מאַכער — זופּ־מאַכער
אַ פּאַרטאַטש — שלעכטער בעל־מלאכה
כאַפּ־לאַפּ — שנעל געטאָן
כפּרה־הינדל — אומזיסטער קרבן
ניאָניע — אַ גרויסע נאָז
גוליע — נאַר
ראָצער — ווען איינעם רינט פון נאָז
שניעק — אַ קליינער, אַ גאָרנישט
סמאַרקאַטש — ראָצער
אַ וואָיטעק — ווען איינער קען נישט לערנען
גאַפּע — איינער וואָס קוקט פאַרשטאַרט
בענקאַרט — ממזר
דרוואָל — דערוואַקסענער אָן שכל
כמאָל — גראָבער יונג
יאָק — נאַר
חיש — נאַר
לאַפּסערדאַק — אָפּגעלאָזענער
פּלאָשער — רעדט אַ סך
סמאָלע־קאָפּ — אַ שוסטער־יינג
קוואַטש — אַ גאָרנישט
צוהעקלען — צושפּיליען
אַ צוציק — אַ זער קליינער
כליפּען — שטאַרק וויינען
האַק אָפּ — מאַך אַ סוף
אויסגעדאַרטע זשמיע — אַ דאַרער נפש
שטובאַק — פּוילישער שילער אין מיטל־שול
פּליאַמע — פּלעק
קלאָמפּערשט — כלומרשט
קלעק־פּאַפּיר — לעש־פּאַפּיר
ווענטקע — צו כאַפּן פיש
לאַכודראַק — אָפּגעלאָזענער יינג
יאַדן — נודיען
פּעשל־קאָרטן — אַ סעט קאָרטן
אַ חמימה — אַ היץ

קאַמעניצע — הויז
קרזשאַקעס — צווייגן
קרעלן — האַלז־צירונג
אַ טשוטשו — שלימזל
נאַרזשעקן — זיך באַקלאָגן
וויאַנקעס —
פּזשיסטאַן — דאַמפּער־סטאַנציע
לודקע — שיפל
שליזקאַווקע — גליטש
ליזשוועס —
פּיעכאַטע — צו פוס
צמענטאַרזש — קריסטלעכער בית־עלמין
טרומנע — קריסטלעכער ארון פאַר אַ מת
בלישטש — געוויקס פאַר שבועות
אַ גונער — אַ האָן
לאַשטשען זיך — חנפה׳נען
תורת לאָקש — נישט קיין גוואַל־טיקע תורה
פּרישטשעס — הויט אויסשיט
כאַטשיק — כאַטש
פּאַריאַכמערט — דערהיצט
הינע — אין דעם צימער
דרינע — אין צווייטן צימער
זשלאָב — גראָבער יינג
מיגל — עקל
מיערטשישעם — אם ירצה השם
אַ זשאַטרזשאַסקע —
פונדעווען — מכבד זיין
שניצאַכץ — האָלץ־אָפּפאַל
באַלעם — פּילקע
איינמאַרינירן —
אַנ׳אַלט־געמיט —
אָנציען — פּאַראינטריגירן
שמעטניק — מיסט קאַסטן
שומיט — ס׳רוישט
דזשערזשאַווע — פאַכט
פּאָרענטש —
פּיעקעליק —
אַ איינשיט
אַ לעיעק —
קרישקעס — שטיקלעך ברויט
זעיגאַכץ — אָפּפאַל פון זעגן האָלץ
וויעזשבעס —
דינעצע — אַ כלי
אַלעביידע — ביידע
ס׳קאַצל קומט —
אַ פּימפּער — אַ קליינער גאָרנישט
שאַבל —

נורטעווער — אומרויק
אַ צעלייגער — אַ גרויסער „אויפ־טוער"
בלעקעצן — דעם גלח׳ס תפלה־טאָן
טשעפּן זיך —
אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן — אָרעם אָנגעטאָן
גאַנג חומשים — אַ סעט חומשים
אַ קאָבילע — יינג פערדל
פּאָקאָלעניע — אָפּשטאַם
אָוועטאָווע — אַ סאָרט מענש
פּראַנצעוואָטע — קרעציק

**אויסדרוקן:**

אַ מויד ווי אַדונער —
זיך שוין אויסגעקראַצט — ווען איינער קומט שפּעט
דו אָן מיר, ווי אַ קליאַמקע אָן אַ טיר —
ער קוקט געדיכט — ווען איינער קוקט צופיל
ער הערט אים ווי דער קאָטער — וויל אים נישט הערן
קריכט אויף גלייכע ווענט — טוט וואָס מ׳דאַרף נישט
ער שיט ווי אַ קאָזע מיט באָבקעס —ווען איינער רעדט פיל און שנעל
גייט אַרום מיט אַ נאָז — אַ ברוגזער
אַ בייז געלעכטער — ווען איינער קען נישט פאַרטראָגן יענעם׳ס לאַכן
אַ גדולה אויף זיין קאָפּ — זאָל ער זיך פרייען...
איינמאַכן אין אַ קליין טעפּל — אָפּנאַרן
איינשלינגען אַנ׳אָקס מיט די קאָ־פּיטעס — אַלעס אַריינכאַפּן
לאָ מיט אַנ׳אַלף — קאַטעגאָריש: ניין.
אַ בייז מזל — ווען איינער פאַרגינט נישט יענעם׳ס מזל
עס וואַרפט אים געדוכעס (קדחת) —ווען איינער איז אויפגערעגט
ער לייגט נישט אונטערן אויער — ווען איינער פרעסט
ס׳פּאַלט פון אים ס׳פלייש — ער האָט פיל עגמת־נפש

ער קוקט אויף די הינער, פגר׳ן די גענז — נישט סימפּאַטישער אויסזעען
שריי חי וקים! — אומזיסט זיין טרחה
אַ תירוץ פאַר די וואַנצן — ווען איינער זאָגט אַ פוילן תירוץ
ער צערייסט די פּאָלע — טוט אי־בער דער מאָס
געשאָסן און געטראָפן — ווען איי־נעם געלונגט אַ זאַך
איינמאַכן פון קאָפּ ביז פיס — אָפּנאַרן
ס׳ברענט אויף אים די הויט — אומגעדולדיק
ער מאַכט אַ צימעס פון אַלעם — איינער ווערט פון אַלעם נתפּעל
יאָקי איטשעץ, טאָקי סין — ווי דער טאַטע, אַזוי איז דער זון
ער מישט קאַשע מיט באָרשט — רעדט אָן טעם
ס׳קוועטשט אים ביים פּיפּיק — עס פאַרדריסט אים
צוגעמאַכט אַנ׳אויג — געשטאָרבן
אַ קופּערנער יצר־הרע — גלייכ־גילטיק צום צווייטן געשלעכט
אַזוינס און אַזעלכעס — אויסער־געוויינלעכעס
ער קען אַריינרוקן אַנ׳אָקס מיט די קאָפּיטעס — אַ פרעסער
ער טראָמבעט אַ קאָפּ — רעדט צופיל
האָקט אַ טשייניק אַז ס׳גייט אַ רויך —רעדט צופיל
ער צערייסט דעם ספּאָדיק — פאַרקאָכט אַ קאַשע — אַ רכילות׳ניק
ער האָט צו זינגען און זאָגן — ער האָט צרות
אויף טיש און אויף בענק — אַ גערודער, אַ טומל
האָק אין טרען — ווען ס׳איז שווער איינעם איבערצוצייגן
ער האָקט אַ טשייניק — רעדט אַ סך
דריי נישט קיין ספּאָדיק — פּרווו נישט איינרעדן
אויפן בוידים אַ יאָריד — אַנ׳אויסגעטראַכטע זאַך
קאָפּ, מה. מאַגיסטראַט — צו איינעם, וועמען ס׳איז שווער מסביר זיין

אַראָפּגעפּאַלן פון דאַך — אַריין ווי
אַ יון אין סוכּה
גיין אויף ס׳קאָפּ יענעם — אַ
חוצפּה׳ניק
אַ גנב מיט די אויגן —
דאָ שטעל זיך נישט, דאָ מעק זיך
נישט —
קאָטשקעלע גדולות — איבערגע־
טריבענע פרייד
איינרעדן אַ לונג און לעבער אויף
דער נאָז —
מאַכט וואַסער אין אויער —
מאַכט אַ מענטליק — רודערט אויף
אַנ׳עניין
מישט קאַשע מיט באַרשט — רעדט
נישט צו דער זאַך
משה זוך־מיך — ווען איינער ווערט
פאַרשווונדן
ניע האָצע ניע פּלאָצע — ס׳איז
אַ בלאָף
ער דאַרף עס נייטיק אין טאָפּ אריין
נישט ביי מאָטיען —
אַ פּסוק מיט אַ שטעקן —
ער דרייט אַ פּיעקעליק — פאַר־
דרייט די פאַקטן
שטינקט אַ מייל פון ווייטנס —
אַ מויל אויף שרויפן —
האָב אַ גוטן שליטוועגס —
לאַפּ קורי ד׳בעצקע — כאַפּ די הון
אין טין אַריין
ני־בע, ני־מע, ני־קוקוריקו —
אַ יאָלד אין אַ קאַפּעליוש —
דאָס חזיר פּיסל שטאַרט אַרויס —
פּירן פאַר דער נאָז —
צאָלן רבי געלט —
רייסן אַ פּאָלע —
אַ הויכע שישקע —
צוקלעבן מיט ניכטערע שפּייעכץ —
באָדט זיך אין עסיק און האָניק —
רעד מיר צום דאשעק —
אַז מ׳לייגט זיך מיט הינט, שטייט
מען אויף מיט פליי —
פאַרמישט די יוצרות —
ענג געזעסן, קרענק געגעסן, און
אַ שוואַרצע נאַכט דערצו —
אַ טרפה׳נע קישקע —
הענג זיך אויף, אויף אַ צוקער שנור,
וועסטו האָבן אַ זיסן טויט —
אַרויסבלעקן אַ צונג —

אַז מ׳האָט אַ טאַטע, אַ הונט, זאָגט
מען אים אַפּודזשאָס —
רעדט זיך איין אַ קינד אין בויך —
רייסט שטיקער פון זיך — באַ־
דויערט וואָס איז געשעען
לאָזט זיך אָנמאַכן — לאָזט זיך
אָפּנאַרן
האָט אַ פולן בויך מיט מעשיות —
ס׳רינט פון אים דער שמאַלץ —
ער איז זער פעט
ער בלאָזט פון זיך — אַ בעל
גאווה׳ניק
אַ האַרטער נוס — שווער מיט אים
דורכצוקומען
אַ תּירוץ פאַר דער באָבע —
אַ פאַרשלעפּטע קרענק —
אויפדעקן די קאָרטן — אַרויסקו־
מען מיטן אמת
איינמאַכן ביים חשבון — אָפּנאַרן
איינגעמען שטומעניש — שווייגן
איינציען דעם פּאַסיק — זיין
שפּאָרזאַם
אָנטאָן זיך אַ מעשה — זיך נעמען
ס׳לעבן
אָנמאַכן אַ ווינט — מאַכן אַ טומל
אָפּזאָגן אַ רבנן־קדיש — אַ זאַך
וואָס איז פאַרפאַלן
אָפּעסן די ביינער — זיין אַ דאַר־
מאָזיאַד
אַרבעטן מיט די זייטן — שווער
אַרבעטן
האָבן ס׳לויפעניש — זער פאַרנומען
ער נעמט די פּיס אין די הענט
און אַנטלויפט —
אויף מעסערשטעך — שונאים
איינער דעם צווייטן
הלך ילך — זאָל ער גיין
נישט לאָזן שפּייען אין קאַשע —
שטעלן ווידערשטאַנד
ליגן איינגעלייגט — נישט מישן
זיך
לא מיט אַ ספּאָדיק — קאַטעגאָרי־
שער: ניין
ליגן אין פּעקל — האָבן צרות
לייגן אַ פינגער אין מויל — געבן
צו פאַרשטיין
אַ קאָנע מאַכן — מאַכן צרות יענעם
מאַכן שבת פאַר זיך — זיין אָפּ־
געזונדערט

אַ פינפטער ראָד צום וואָגן — אַנ׳־איבעריקער מענש

עס הויבט אים פון בענקל — אום־געדולדיק

אַ גליק האָט אים פּאַטראַסקעט — אַ גליק האָט אים געטראָפן

מעכל האָט אַ קרעמל — פּאַרנומען מיט גאָרנישט

ס׳איז ווערט אַ בוידים — ס׳איז גאָרנישט ווערט

ער רייסט פּאָסן — נעמט באַצאָלט מער ווי דער פּרייז איז

עס קלעבט ווי אַנ׳אַרבעס צו דער וואַנט —

ער דרייט אַ ספּאָדיק — רעדט אַהין און אַהער

נישט געשטויגן נישט געפלויגן — ווען איינער מאַכט פון אַ קליי־ניקייט אַ גאַנץ וועזן

ס׳איז ווערט אַ צווייער — גאָרנישט ווערט

ס׳איז ווערט אַ וואַנץ — גאָרנישט ווערט

אַ סוף, אַנ׳עק, אַראָפּ פון מאַרק — מאַכנדיק אַ מקח

עס ברענט אויף אים די הויט — אומגעדולדיק

עס שווענדזשעט אים די האַנט — פּילט ווי צו שלאָגן

עס צופּט אים ביים פּופּיק — ס׳פּאַרדריסט אים

ער איז אויף געהאַקטע צרות — ס׳איז אים שלעכט

ער פּאַקט אין דעם אַריין די באבע מיטן זיידע —

אַ פולע מחילה מיט ווערטשאַפּט — זער פּאַרנומען (אין חוזק)

געבוירן מיט אַ גאָלדן אוירינגל — אַ בר־מזל

ער האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס — אַ קלוגער מענש

ס׳וואַקסט אַ כלי — ער וועט קיין לייט נישט זיין

גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט — ווען טראַגישעס איז געשעען

אויף אַלע ידישע קינדער געזאָגט — אַ גוטער ווונש

חושך מצרים — שטאַרק פינסטער

איינגעזייפט אים — אָפּגענאַרט אים

אַ גאַנצער שמעלקע — כלומרשט אַנ׳אויפטוער

אַ גאַנצער יאַ טשעביע־דאָם — כלומרשט אַנ׳אויפטוער

ער עפנט אַ מויל זאָל גאָט אָפּהיטן — איינער מיט אַ גרויס מויל

פּאַרשרייב אין קוימען — אַ נישט וויכטיקע זאַך

אַ קלעפּקע אין קאָפּ — אַנ׳איינ־רעדעניש

ווידער אַ קאָזע געפגרט — די זאַך איז נישט וויכטיק

קריכט אויף אַלע פיר — אַ חניפה׳ניק

שיטן זאַלץ אויפן ווידל — זיך אויסלאַכן דערפון

שיטן זאַמד אין די אויגן — אָפּ־נאַרן

מאַכט זיך געפגרט — מאַכט זיך טמעוואַטע

אַ תירוץ פאַר די וואַנצן — אַ פוילער תירוץ

אַ האַרטער ביין — אַנ׳עקשן, ווען איינער איז קאַרג

סראַקעט, אַז ס׳גייט אַ רויך — פּאַרקאַכט אין קאַרטן שפּילן

ס׳שמעקט ריח ניחוח — ווען אַ זאַך שטינקט

ער קאַפּטשעט — רויכערט אָן אַ שיעור

איינרעדן אַ גראַנדע אין די אויגן — אַ מיאוסער ליגן

אַנ׳אָפּענער זעקס און זעכציק — אַ קלאָרער ענין

אויפעסן מיט די אויגן —

איבערציען דאָס שטריקל — טוען איבער דער מאָס

איינגעפאַלן אַ שמע־קולנו אין קאָפּ — אַ מאָדנער איינפאַל

אָנמאַכן אַ פייער — אַרויסרופן אַ קריגעריי

ס׳קומט אים אָן מיט גרינע ווערים — ס׳קומט אים אָן שווער

אויסקוקן מיט ליכט — וואַרטן אומ־געדולדיק אויף איינעם

מאַכן אַ שוואַרץ־שבת — אָנפאַלן און באַליידיקן
קען נישט קיין צוויי ציילן — אַ שלימזל
ענטפערן בוידים קלאָץ — ער דרייט מיט דער צונג
פּאַרטווישן די יוצרות — אויסגעמישט
פארלייגן מיטן קאָפּ — פאַר־עקשנ׳ט
ס׳בורטשעט אים אין בויך — הונגעריק
ער שפּילט זיך מיט אים... — ווייסטו כאַטש ווער ער איז?
קריכט אויף גלייכע ווענט —
לאָז אים לויפן — לאָז אים צורו
שקר מיט שלימזל —
רייסט איין די וועלט —
צערייסט די פלאַכטע —
אַ קעלבערנע בהמה — גולם, שלימזל
אַ אָנגעשטאָפּטע קישקע — אַנ׳־אָנגעפּרעסענער
הונט מיט אויערן — אַ שלעכטער מענטש
אַ דריי קאָפּ — אַ פּעאיקער מענטש
ער לערנט מיט קאָפּ — לערנט זיך גוט
וואַלגערט זיך אין רינשטאָק — אַ שכור
אַ נעכטיקער טאָג — פאַרפאַלן
שלעפּט ביי די פּאַלעס —
אַ שאָק מיט יאָרן — אַ לאַנגע צייט
טאַשן די קאָרטן — מישן די קאָרטן
אַ קלעצל (פּאָדים) —
מישט קאַשע מיט באָרשט —
שעם זיך אין דיין ווייטן האַלז אַריין... —

**אויסדרוקן פון שלאָגן:**

אַ פראַסק אין דער מאָרדע —
ער זעצט אַז ס׳גייט אַ רויך —
אָנגעהאַקט אַ ווידהייסמעס —
ער צימבלט אַז ס׳גייט אַ רויך —
ער זעצט אים בלאָ און בלוי —
איך מאַך פון דיר קאַשע —
ער האָט אים אַריינגעשאָסן —
אַ וויש איבער דער נאָז —
זעט די עלטער באָבע פאַר די אויגן
אָנגעריבן אַ מאָרדע —
זען קראָקע פאַר די אויגן —
געכאַפּט אַנ׳אָפּשניט —
כאַפּן אַ פּאָרציע —
קריגן אַנ׳עליה —
קריכן אויפן אָטשיסק — טרעטן אויף די הינער־אויגן

**קללות:**

פאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן —
כאַפּט אים דער וואַטעמאַכער —
ברענען זאָלסטו ווי קין —
אַ שיינע ריינע כפּרה —
ווער צעפּלאַצט —
מאַך זיך איין אין אַ קליין טעפּל —
ברעך דעם קאַרק —
זאָל דיר אַריין אַ רוח —
אַ רוח אין דיין טאַטנס־טאַטן —
נישט געדאַכט זאָלסטו ווערן —
אויף תשעה ניינציק כפּרות —
אויסציען די קאַפּיטעס —
ס׳זאָל דיך וואַרפן קדחת —

**פאַרגלייכענישן:**

אַ קינד — אַ גאָלד
אַלט ווי די וועלט
איינגעזונקען ווי קורח
אָפּגעריסן זיך ווי אַ הונט פון דער קייט
אַזוינס און אַזעלכעס
אַרבעט ווי אַנ׳אייזל
אַ פּנים ווי פון יענער וועלט
אַ קאָפּ ווי אַ מיניסטער
אַ לאַנגער ווי עוג מלך הבאָטשאַן (הבשן)
אַ פּנים ווי די מאַטקע־באָסקאָ
אַ פּנים ווי אַ זויערע אוגערקע
אַרומלויפן ווי אַ פאַרסמטע מויז
אויסגיין ווי אַ ליכט
אַ האַרץ ווי פון גאָלד
ברענט ווי אַ שטרוי
ביידע ווי אָנגעמאָסטן
בלאָזט זיך ווי אַנ׳אינדיק
בלאַס ווי די וואַנט
ביליק ווי באָרשט
געפאַלן ווי פון הימל אַראָפּ
געשוואָלן ווי אַ באַרג
גרויס ווי אַ גענעץ
גרין ווי גראָז
גרויס ווי אַ מינוט
גראָב ווי אַ חזיר
געזונט ווי אַ פערד

גרינג ווי אַ פעדער
גלאַנצט ווי אַ פאַרך
דרייט זיך ווי אַ וואָרעם
דאַר ווי אַ שטעקן
דרייט זיך ווי שלאַנג
האָרעוועט ווי אַנ׳אייזל
היטן זיך ווי פון אַ גנב
האָט מער אין קאָפּ ווי אין פלעשל
הונגעריק ווי אַ וואָלף
הויך ווי אַ דראָנג
הערט אים ווי דער קאָטער
היט עס ווי אַנ׳אויג אין קאָפּ
האַרט ווי אַ נוס
וואָרטשעט ווי אַ הונט
ווייך ווי פּוטער
ווערט באַצאָלט ווי אַ טאַטע
זעט אויס ווי אַנ׳אָפּגעצווויגענע קאַץ
זאָגט ווי פון סידור אַרויס
זעט ווי אַ בלינד פערד
זיי־לעבן ווי צוויי קעץ אין איין זאַק
זיך צעלייגן ווי וואָרם אין כריין
״ ״ ווי ביים טאַטן אין
ווייַנגאָרטן
זיצט ווי אויף שפּילקעס
זיס ווי האָניק
זיס ווי די וועלט
זעט אויס ווי אַ רוח
טאַנצט ווי אַ בער
טריף ווי חזיר
טרוקן ווי אַ ביין
טויב ווי די וואַנט
כראָפּעט ווי אַ פערד
כיטרע ווי אַ פוקס
כשר ווי אַ חזיר פיסל
כאַפּט ווי לאָקשן
לויפט ווי אַ רוח
ליגט ווי געפּגרט
לאַשטשעט זיך ווי אַ קעצל
ליב האָבן ווי פעפער אין נאָז
לעבן ווי אַ קאַץ און מויז
לעבט ווי גאָט אין פראַנקרייך
ליגט אויסגעצויגן ווי אַ נבלה
ליב האָבן ווי ס׳לעבן
לויפט אַרום ווי אַ פאַרסמטע מויז
לייכט ווי אַ פעדער
לעבט ווי אַ פּריץ
מ׳צעכאַפּט ווי מצה וואַסער
מעקעט ווי אַ קאָזע
מאַכט זיך ווי געפּגרט
נאַס ווי אַ קאַץ

נייטיק ווי דאָס לעבן
״ ווי אַ לאָך אין קאָפּ
״ ווי אַ פינפטער ראָד צום
וואָגן
ס׳וואַרפט אים ווי אַ קעדוכעס
(קדחת)
ס׳ציט אים ווי אַ מאַגנעס
סאָפּעט ווי אַ גאַנז
ס׳שיט זיך ביי אים ווי פון אַ
געלעכערטן זאַק
ס׳גייט ווי געשמירט
ס׳אַרט אים ווי דער פאַראַיאָריקער
שניי
ס׳גייט אים מיט דער פוטער אראָפּ
עס גייט ביי אים ווי אַ מזמור
ער זאָגט עס ווי געשמירט
ער קען לערנען ווי א וואסער
ענלעך ווי צוויי טראָפּן וואַסער
ער שטייט ווי אויף איין פוס
עס איז ווערט אַנ׳אויסגעבלאָזן איי
עס הענגט אים ווי אַ לונג און
לעבער אויף דער נאָז
פינסטער ווי אין אַ קבר
פליט ווי א רוח
פארגעסט ווי אין טויט
פארפאלן, ווי אין וואסער אַריין
פעט ווי אַ חזיר
פאליש ווי אַ קאַץ
פילט זיך ווי א פיש אין וואַסער
צעגיין ווי פּוטער
ציטערט ווי אַ פיש
צעפאלט זיך ווי א קאָרטן־שטיבל
צעקוועטשט ווי א וואַנץ
צערייסן ווי א הערינג
צוגעפּאַלן ווי צו הייסע לאָקשן
קען פון אויסעווייניק ווי אַ מזמור
קלוג ווי די וועלט
קלאָר ווי בוימאייל אויפן וואַסער
קוויטשעט ווי אַ חזיר
קאַלט ווי אייז
אַ קאָפּ ווי אַ פערד
רויט ווי א באָריק
ריין ווי גאָלד
רייך ווי קורח
רעדט ווי אַ גאַנצער קנאַקער
רעדט פאַר פייער און וואַסער
שניידן ווי מיט אַ מעסער
שרייען אויף די ציין
שילט ווי אַ מאַרק יידענע

שלמה גרינשפּאַן

שנעל ווי אַ האָז
שטאַרקער פון אייזן
שטום ווי אַ פיש
שטיל ווי אַנ׳אויער
שטילער פון וואַסער
שיין ווי די וועלט
שכור ווי אַ גוי

שלאָפט ווי אַ געהרגעטער
שפּילט זיך ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז
שוואַרץ ווי אַ קוימענקערער
שיינט ווי די זון
שטייט ווי אַנ׳אָפּגעשמיסענער
שמוציק ווי אַ חזיר
שאַרף ווי אַ מעסער



N. G.

# דריטער טייל

## חורבן פלאצק

אַ מרה שחורה וואָס וואַרגט זיך מיט געוויין
אַ שנאָה וואָס קאָן זיך נישט אַליין פאַרשטיין
און תּזרט כּסדר איין איינציק וואָרט נאָר: מאָרד!
אין פייער רויכערט מיין טאַטנס ווייסע באָרד
אַ קללה צאַפּלט צווישן זיינע ציין
מיין שוועסטערס אויגן טרערן און פאַרגיין
אַ שטומע טענה: „ווי האָבן זיי געטאָרט"?
די קללה און די טענה טרינק איך אויס ווי סם
אומזיסט דיין חנדלען זיך, גערמאַניש טעמפּער תּם,
מיט דיין זיסן שובערט־ניגון: „קאַמראַד, פּאַרצייַ!"
דו האָסט געהערט „איין בעכליין רוישן", איך אַ ים
פון בלוט און טרערן, פייערן און סם,
פאַר דיין חרטה האָב איך בלויז — אַ שפּיי"

איציק מאַנגער: „פאַראַן אַ טרויער".

## אונטער דייטשע נאגאנעס אין פלאָצק

ווען די דייטשן זענען אַריין אין פלאָצק האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן די צרות. די יידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן אַריינגעטריבן אין אַ געטאָ וואָס איז באַשטאַנען פון ברייטע גאַס, גילדענע און עטלעכע שמאָלע געסלעך.

אין דער מאלאכאוויאנקע איז געווען אַ סטאַנציע פון די ס. ס. יידן זענען דאָרט געוואָרן געצוווּנגען צו טאָן אַרבעט. די דייטשן זענען געווען דערפינדעריש אָנצוטאָן ענויים די יידן. זיי האָבן גענומען צען יידן זיי אַריינגעפּאַקט אין אַ קאַסטן און פאַרקלאַפּט דעם קאַסטן מיט נעגל. צווישן די צען יידן איז געווען מושקאט ווען זיי האָבן צוערשט מערדערלעך צעשלאָגן און מ׳האָט אים געמוזט נעמען אין יידישן שפּיטאָל. (די ערשטע פּאָר וואָכן פון דער אָקופּאַציע האָבן זיי נאָך געלאָזן דעם יידישן שפּיטאָל אין יידישע הענט).

אַרעסטירטע יידן וועלכע די נאַציס האָבן געפירט אין דער געביידע פון סעמינאַריום האָבן זיי געצוווּנגען קושן דאָס בילד פון דער „הייליקער מאַריאַ".

די ערשטע גרויסע גרופּע אַרעסטירטע יידן האָבן די ס. ס. אַוועקגעפירט אין הויף פון „האָטעל פלאָצקי". דאָרט זענען די אַרעסטירטע געוואָרן בלוטיק צעשלאָגן. פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעפירט און געהאַלטן אין דער מיליטערישער קאַזאַרמע עטלעכע טעג. איידער מ׳האָט די יידן אַרעסטירט האָט מען באַרויבט זייערע היימען. ווען סטזשיג איז אין זיין הויז געוואָרן פון די דייטשן צעשלאָגן, און דער קליינער זון זיינער האָט זיך מיט שרעק צוגעקוקט, פרעגט ער מיט געוויין דעם מערדער: פאַרוואָס שלאָגסטו מיין טאַטן?

ביי זילבערבערגן אויפן נייעם מאַרק, ווען די דייטשן זענען אַריין אין הויז, האָבן זיי געוואָלט אַוועקשלעפּן די טאָכטער. עס זענען געווען מוראדיקע געשרייען. די טאָכטער זייערע איז אַנטלאָפן. די דייטשן האָבן די וווינונג פולשטענדיק דעמאָלירט.

ביי האָלצמאַנען אין הויז אויף שענקעוויטשאַ גאַס איז אויסגעבראָכן אַ פייער, האָבן די דייטשן באַשולדיקט די יידן אין מאַכן אַ שרפה. אַ באָדזאַנאָווער ייד וועלכער האָט דאָרטן געוווינט, האָט געפּרווט אַרויס־

טראָגן בעת'ן פייער עטלעכע זאַכן, האָבן אים די דייטשן דערפאַר צעשלאָגן ביז טויט.

מיכאל כעוועל וועלכער האָט געטאָן צוואַנגס־אַרבעט, האָט אין דער באַשטימטער שעה געגעסן צוגלייך מיט אַלע. צו אים איז צוגעגאַנגען אַן־ס. ס. מאַן און פאַר אים אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן טאָפּ מיט עסן און באַפוילן: עס! אַז כעוועל האָט מער נישט געקענט עסן, ווייל דאָס עסן איז אים געקראָכן פון האַלז, האָט דער דייטש גענומען אַ לעפל און מיט געוואַלט אים געשטופּט דאָס עסן אין מויל.

ס'איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע יידן מוזן זיך אָפּשערן די בערד. טייל זענען אַרומגעגאַנגען פאַרבונדן דאָס פּנים מיט אַ טיכל — כלומרשט צוליב צאָן־ווייטיק און די באָרד באַהאַלטן אין טיכל. אַז מ'האָט דעם פרומען משה מענדעלסאָן געכאַפּט אין גאַס טראָגן זיין באָרד, האָבן זיי אים צעשלאָגן און די באָרד ביי אים אויסגעריסן. דאָס זעלבע האָט גע־טראָפן משה העניך מאַרגוליעסן, וועמען זיי האָבן אויסגעריסן די באָרד מיט די הויט.

יעקב מענדעלסאָן האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער ביים דייטש פּיטערס וועלכער איז געווען אַ הויכער דיישטער באַאַמטער. פון אים איז מענדעלסאָן טייל מאָל געוויר געוואָרן וועגן אַן'אָנקומענדער גזרה און ער האָט עס איבערגעגעבן די פאַראַנטוואָרטלעכע מענשן אין יידן־ראַט, וועלכע זענען געווען אומבאַהאָלפן אויסצומיידן אָנקומענדע צרות. מענדעלסאָן און זיין פרוי (פון די באכענעקס) זענען שפּעטער געשטאָרבן פון טיפוס אין זשאַרונאַוו, נעבן פּיאָטריקאָוו.

ווען די נאַציס האָבן זיך דערנענטערט צו פּלאָצק האָבן חברים פון „פּועלי־ציון" אַראָפּגעריסן דאָס שילדל פון פאַריין פון האַנדלס־אַנ־געשטעלטע וואָס איז געהאַנגען אויף גראַדזקאַ 9, זיי האָבן פאַרברענט אַלע ביכער און דאָקומענטן. דאָס זעלבע איז געטאָן געוואָרן מיט די פּאַרטיי־אַרכיוון און דאָקומענטן. די פענער פון פּאַרטיי און „פרייהייט" זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן בית־עלמין. דאָס איז געטאָן געוואָרן צו פאַרווישן שפּורן וועלכע קענען פירן צום אַרעסט פון חברים דורך די נאַציס.

די „הזמיר" ביבליאָטעק איז געווען פאַרמאַכט. די אויפזיכט איבער דער ביבליאָטעק האָט געהאַט דער נאַצישער ממונה איבער יידישע ענינים. אַ גרופּע פון „הזמיר"־טוער האָבן באַשלאָסן אַרויסנעמען אין געהיים די מער ווערטפולע ביכער און זיי באַהאַלטן. מ'האָט געמיינט אַז ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן און די וועלט וועט זיין צוריק וועלט, וועט מען ווידער עפענען די ביבליאָטעק. זיי האָבן זיך אַריינגעגנבעט דורכן פענסטער און ביסלעכווייז אַרויסגענומען בערך 500 ווערטפולע ביכער, בעיקר פון

דער א. מ. אַלטער אָפּטיילונג. וועגן דער זאַך איז שפּעטער געווויר געוואָרן דער נאַצישער באַאַמטער פאַר יידישע ענינים. עס האָט געדראָט אַ געפאַר פאַר פיל יידן. די זאַך איז פאַרשוויגן געוואָרן נאָך דעם ווי מ׳האָט אים געגעבן אַ סומע געלט.

די נאַצישע רדיפות און פייניקונגען זענען געווען אָן אויפהער. אין אַ בריוו שרייבט שלמה קאַלישער פון רוסלאַנד: „בעת די באָמבאַרדי־רונגען זענען פיל אַנטלאָפן נאָך גאמבין, אָבער אין גאמבין האָבן זיי די באָמבעס אויך געטראָפן. אַזוי אַרום זענען פיל פּלאָצקער געהרגעט געוואָרן. צווישן זיי קובא טילמאַן, זיין פרוי קינד און שווער, טילמאַנס טאָכטער, מאַנטשוק און זיין פרוי, יאַנקל וואַרשאַוויאַק, בן־ציון פאַרבאַ און פיל אַנדערע. די אמתע צרות האָבן זיך אָנגעהויבן ווען די דייטשן זענען אַריין אין פּלאָצק. אונמעגלעך אויסצורעכענען די אַלע פּיין און יסורים וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן אונז. איך בין אין תפיסה געזעסן דריי טעג און דאָרט האָט מען מיך געשלאָגן מכות־רצח. איך האָב באַשלאָסן אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. איך בין אַוועק קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט האָט מען מיך געשיקט אין טיף רוסלאַנד״.

די נאַציס האָבן אַוועקגעפירט עטלעכע יידן קיין ראַדזשיוויע און דאָרט זיי באַגראָבן ביז דעם האַלז. ווען די דייטשן האָבן זייער שוידערלעכע אַרבעט אָפּגעטאָן און זענען אַוועק, האָבן אַרומיקע פּויערים זיי אויסגע־גראָבן און געראַטעוועט זייער לעבן.

טייל יידן, באַגרייפנדיק וואָס דער מאָרגן קען ברענגען, האָבן איינגענייט אין מאַנטל אַ טלית, וועלנדיק שטאַרבן ווי יידן. אַנדערע האָבן זיך איינגענייט אין די מלבושים געלט, האָפנדיק אַז עס וועט צונוץ קומען אויף אַ שטיקל ברויט אין אַנ׳עת צרה.

דעם אַלטן בית־עלמין האָבן די דייטשן באַפוילן פאַרוואַנדלען אין אַ פּאַרק. די מצבות האָבן זיי גענוצט צו פּלאַסטערן די גאַסן. ווען עס איז אַרויס די פאַראָרדנונג צו דעמאָלירן דעם אַלטן בית־עלמין, זענען אַ גרופּע פרומע יידן צווישן זיי די זין פון מיכאל רובינשטיין און לייבל געליבטער מיט נאָך עטלעכע פון חברה קדישא זענען אַוועק שטילערהייט אויפן אַלטן בית־עלמין, אויפגעגראָבן דאָס קבר פון פאַרהייליקטן ר׳ זישא פּלאָצקער, וועלכער איז געשטאָרבן מיט 103 יאָר פריער. זיי האָבן דאָס איבערבלייב פון צדיק איינגעהילט אין אַ טלית, אַריינגעלייגט אין אַנ׳ארון און אים מקבר געווען אויפן נייעם בית־עלמין. זיי האָבן דאָרט אויך באַגראָבן די דורך נאַציס געשענדעטע ספרי־תורות.

מרדכי פלאַרעק דערציילט, אַז ווען זיין פאָטער משה דער שניידער פון ברייטע גאַס איז געגאַנגען דאַווענען שבועות, האָבן אים דייטשן גע־

כאַפּט מיט אַנדערע עלטערע יידן און זיי אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט די יידן פון מושב־זקנים נאָך דזשאַלדאָווע. שפּעטער האָט מען אויסגעפונען אַז אַלע אַוועקגעפירטע זקנים זענען געווען די ערשטע קרבנות אויף פּראָבע אין אַ גאַז־אויוון וואָס די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט אין דזשאַלדאָווע.

נחום שמיגא דערציילט ווי ער האָט צוגעזען ווי דייטשן האָבן געכאַפּט אַ גרויסע גרופּע יידן און זיי געפירט צו אַרבעט אין סעמינאַריום־געביידע, צווישן זיי זענען געווען, סעגאַל, קרעדיט, בערמאַן א. אַ. מ׳האָט די אַרעסטירטע צעשלאָגן און נאָכער מיט ראַזיר־מעסערלעך אויסגעשניטן אויף זייערע פּלייצעס מגן־דוד׳ס. דערנאָך האָט מען די יידן אַריינגעלייגט אין פּעסער און די פּעסער אַראָפּגעוואָרפן פון שטיגן.

אַ שרעקלעך בילד איז געווען ווען די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן אין מושב־זקנים, געשלאָגן די אַלטע לייט, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך אויך געפונען דער בלינדער גראבאווסקי.

דייטשן האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז יידן האָבן דערמאָרדעט צוויי דייטשע זעלנער. אַלס נקמה זענען אַ צאָל זעלנער אַריין אין געטאָ און אַרויסגעפירט פון דאָרט צען יידן, זיי אַוועקגעפירט הינטער דער שטאָט און געצוואונגען זיי אויסגראָבן פאַר זיך קברים. צווישן די קרבנות זענען געווען: דער שוחט יעקב יוסף בערגסאָן, דוד פּשעכעצקי מיטן זון, הירש ראובן זילבערבערג, קרעדיט, (אַ בחור פון יתומים־הויז וועלכער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דייטשן), סאדזאווקא אברהם לייב, וועלכער איז צען יאָר פאַרן קריג צוריקגעקומען פון אַמעריקע קיין פּלאָצק. דער לעצטער ביים גראָבן דעם ברודער־קבר האָט צוזאַמענגעבראָכן און אַראָפּ פון זינען.

הרב ל. געליבטער דערציילט: איינמאָל האָט פּאַסירט אַז עס זענען אַריינגעקומען אין דער קהלה עטלעכע ס. ס. לייט און געפאָדערט פון דעם סעקרעטאַר בנימין יאגאדא, ער זאָל זיי גלייך צוטיילן צען יונגע לייט פאַר צוואַנגס־אַרבעט אין דער מאלאכאוואנקע. זייער פאָדערונג איז גלייך דערפילט געוואָרן. איך בין אויך געווען צווישן די צען אַוועקגעפירטע יונגעלייט. צוערשט האָבן זיי אונז אַלעמען באַזוכט און נאָכער גענומען אונז פּייניקן און מערדערלעך שלאָגן. זייענדיק אַ צווייט מאָל אַרעסטירט צוזאַמען מיט מיין פאָטער. ווערנדיק אויפגעוועקט אין מיטן נאַכט פון שלאָף, האָט דער קאָמענדאַנט פאַרלאַנגט פון מיר, זייענדיק אַ באַנק־באַאַמטער, די נעמען פון רייכע יידן. ער האָט מיר געגעבן איין מינוט צייט צו ענטפערן, אויב נישט וועט ער מיך דערשיסן. איך האָב באַשלאָסן נישט אויסגעבן, בעסער אַליין ליידן איידער מסרן אַ יידן. זעענדיק אַז איך ענטפער

נישט, האָבן זיי מיך געגומען ברוטאַל שלאָגן. זיי האָבן מיך צוגעשטעלט צו דער וואַנט און געדראָט צו דערשיסן. איך האָב אָפּגעזאָגט ווידוי. עפּעס ווי דורך אַ נס האָבן זיי מיך אָפּגעלאָזט. זעקס וואָכן בין איך דער־נאָך געלעגן אין בעט. ד״ר פיינבערג וועלכער איז געקומען מיך באַהאַנד־לען, אַז ער האָט געזען מיין צושטאַנד, האָבן זיך אים געגאָסן טרערן פון די אויגן.

נחום און הערשל שמיגא, גייענדיק אין גאַס האָבן זיי געזעען צוויי אָנקומנדע ס. ס. זעלנער. כדי זיי אויסצומיידן זענען זיי אַריינגעלאָפן צו גאמבינסקין אין הויז און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. די זעלנער זענען זיי נאָכגעלאָפן און פאַרלאַנגט פון די איינוווינער אַרויסצוגעבן די צוויי באַ־האַלטענע, אויב נישט וועלן זיי אַלע איינוווינער פון הויז אויסשיסן. נחום און הערשל האָבן זיך אַליין איבערגעגעבן אויסצומיידן אַ גרעסער אומ־גליק. די צוויי זעלנער האָבן זיי שוידערלעך צושלאָגן מיט די ביקסן און זיי איבערגעלאָזן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

אַ צאָל יידן האָבן די דייטשן באַפוילן פאַרלאָזן פּלאָצק. צווישן זיי אויך לייביש קילבערטן וועלכער איז אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט איז ער געשטאָרבן פון הונגער און נויט.

דאַווגען בצבור איז געווען פאַרבאָטן. בעת אַנ׳אבלאָווע אויף גראָדזקאַ 3, האָבן די ס. ס. געטראָפן עטלעכע צענדליק יידן דאַווגען אין הויז פון ר׳ מאיר כהן, דעם גבאי פון גערער שטיבל. זיי האָבן אַלעמען באַפוילן אַרויסגיין אין גאַס אין טלית און תפילין און געהייסן זיי מאַרשירן איבער די קריסטלעכע גאַסן מיט אַ ספר־תורה.

עס האָט אָפט געטראָפן, אַז אַ ייד איז פאַרבייגעגאַנגען אין גאַס און נישט געגריסט צו אַ דייטשן זעלנער, איז דער זעלנער צו אים צו־געגאַנגען און דערלאַנגט אַ פּאַטש. „נאָכאַמאָל זאָלסטו גריסן צו אַ דויטש, דו פאַרפלוכטער יודע״. עס האָט אָפט געטראָפן אויך פאַרקערט, אַ ייד וועלנדיק אויסמיידן אַ צרה, האָט געגריסט פאַר אַ דייטשן זעלנער, אַראָפּ־געצויגן פאַר אים דעם הוט, לויט דער פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט, — איז צו אים צוגעגאַנגען דער זעלנער און דערלאַנגט קלעפּ, שרייענדיק: וואָס גריסטו עפּעס צו מיר, וואָס בין איך דיין פריינט? פאַרפלוכטער יודע. אויב עס האָט זיך געענדיקט מיט נאָר קלעפּ, איז עס געווען גוט.

יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן די געלע לאַטע. אויב דער געלער צייכן האָט זיך נייעט געגוג אָנגעזעען, האָט אים געדראָט געפאַר. איין לאַטע האָט מען געמוזט טראָגן פון פאָרנט און איינע אויף דער פּלייצע.

די דייטשן האָבן געשאַפן אַ יידן־ראַט וואָס איז באַשטאַנען פון

ד״ר בראַמבערגער אַלס פּרעזעס, שאַטאַן סאַמעק אַלס וויצע פּרעזעס, שפּערלינג, שעכטמאַן, שענוויץ א. אַ. זיי זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך דורכצופירן די באַפעלן וואָס די דייטשן האָבן געגעבן.

אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פּליטים פון אַרומיקע שטעט־לעך. די ערשטע זענען געווען יידן פון דאַבזשין נאָד דרוועניצאַן. די פּלאָצ־קער קהלה האָט זיך מיט זיי פאַרנומען און געטאָן וואָס נאָר מעגלעך די אומגליקלעכע צו העלפן. צוערשט האָבן זיי זיך געפונען אין בתי־מדרשים און שפּעטער האָט מען זיי איינגעאָרדנט אין פּריוואַטע היימען.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז געווען שרעקלעך. צען און מער מענטשן אין איין צימער. ס׳איז געווען אַ דוחק אין שפּייז און מעדיקאַמענטן צו העלפן די גרויסע צאָל קראַנקע. ווינטער צייט איז נישט געווען מיט וואָס צו באַהייצן די שטובן. מ׳האָט אויסגעריסן טירן און געהייצט די אויוונס.

אין זאַל פון מכבי האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַ וואַרשטאַט פון ניי מאַשינען, וועלכע האָט געאַרבעט פאַר דער דייטשער אַרמיי. די שיינע שוהל האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַ לאַגער פאַר סחורות. די געוועלבער נעבן בית־המדרש זענען געוואָרן געניצט פאַר אַ פונקט פון וואַנען מ׳האָט געשיקט יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט.

יעדן טאָג האָבן יידן אין עלטער פון 16 ביז 60 געמוזט גיין טאָן שווערע אַרבעט, לאַדעווען קוילן, האָלץ האַקן, וואַשן פאַדלאָגעס, בוי־אַרבעט, טוענדיק די אַרבעט אין דרויסן ביי שווערע קעלטן.

איינמאָל אין אַ גרויסן רעגן האָבן די נאַציס אויסגעקליבן די עלטסטע יידן אין שטאָט צווישן זיי: סענדער כמיעל און מאיר קאָן, אָנ־געטאָן אין טלית און תפילין, זיי געפירט איבער די גאַסן און געהייסן קניען.

די קאָנפיסקאַציע פון יידישע פאַרמעגנס איז צוגעגאַנגען לויט אַ פאָרויס אויסגעאַרבעטן פּלאַן.

די קאָנפסיקירטע סחורות פון אַלע געשעפטן און וווינונגען זענען געוואָרן פאַרטיילט לויט די בראַנזשעס אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַ דייטש. גאַנצע הייזער זענען געוואָרן צוגענומען פאַר סחורה לאַגערן ביי וועלכע זיי האָבן באַשעפטיקט אויך אַ צאָל יידן אין וועמען זיי האָבן זיך געגוויטיקט צייטווייליק.

די פיזישע ענויים און בעסטיאַלישע פייניקונגען אין פּלאָצק, האָבן געליטן טויזנטער. וואָס מיר פרווון, איז נאָר פאַרצייכנען דאָס געהערטע פון עטלעכע געליטענע, עדות פון דער שרעקלעכער צייט. דער שוידער־

לעכער גורל איז געווען אַלעמענס. אונזערע נאטיצן זענען נאָר אַ טראָפּן אין ים פון ליידן.

## דער גירוש

די דייטשן האָבן געגרייט די פלאָצקער יידן צו זייער לעצטן וועג. יידן האָבן זיך געריכט אויף שרעקלעכעס. אַז מ׳האָט געהערט די זעלנערישע טריט ביינאַכט, איז דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק. דער באַפעל צו פאַרלאָזן די היימען איז געקומען פלוצלונג אין מיטן דער נאַכט. פיל האָבן זיך געריכט דערויף און זענען געזעסן אויף די פּעקלעך גרייט. פאַר שרעק איז מען אַליין אַרויסגעלאָפן אין גאַס נישט וואַרטנדיק אויפן באַפעל. מיט אַ געפּיל פון שרעק זענען אַלע געשטאַנען אויסגעשטעלט אין דער לענג פון ברייטע גאַס, קוקנדיק צום לעצטן מאָל אויף זייערע היימען, ווו זיי און זייערע עלטערן און זיידעס זענען געבוירן געוואָרן, דאָ געלעבט און געהאָפט און אויך איבערגעלעבט פיל שונאים; וועט מען אויך דעם דייטשן שונא איבערלעבן? וועט מען נאָך זיין צוריק אין אונזער היים, אונזער פלאָצק? — די מחשבה איז געווען ביי יעדן. ס׳איז אָבער שווער געווען זיך פאַרצושטעלן, אַז דאָס איז דער לעצטער וועג אין לעבן; אַז דאָס טרייבט דער דייטש צום טויט; אַז קיין אַנדער וועג וועט שוין נישט זיין פאַר פיל טויזנטער יידן, אַז מ׳גייט באַגעגנען אַ שוידערלעכן, אכזריות׳דיקן טויט.

אין די דאָזיקע טראַגישע לעצטע שעה׳ן פון די פלאָצקער יידן, האָבן די נאַציס אַרויסגעוויזן זייערע ווילדע חיה׳שע אינסטינקטן.

אַ שוידערלעכע סצענע האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די ברייטע גאַס אין צייט פון גירוש.

אַ קאַלטע נאַכט איז געווען פעברואַר דעם 20־טן 1941. אין מיטן דער נאַכט האָט מען באַפוילן אַלע אַרויסצוגיין אין גאַס און נישט מיטנעמען גאָרנישט מיט זיך. די וואָס האָבן מיטגענומען פּעקלעך האָבן עס געמוזט לאָזן ליגן אין גאַס. די דייטשן האָבן שפּעטער אַלעס צוגערויבט.

אָט שטייט צווישן דער מאַסע דער אַלטער קליינפעלד, דער תבואה־מעקלער. פון גרויס ווייטיק און שרעק באַקומט ער אַ בלוט־שטורץ און פאַלט אַוועק. צווישן די נאַציס וואָס האָבן באַוואַכט די יידן, איז געווען איין ס. ס. מאַן, וועלכער, צוזעענדיק די שוידערלעכע סצענעס, האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. עס איז צו אים צוגעגאַנגען אַ העכערער אָפיציר און אויף אים אָנגעשריען וואָס ער שטייט „פאַרגאַפט". דער זעלבער ס. ס. מאַן האָט באַפוילן עטלעכע יידן אַריינטראָגן דעם האַלב־טויטן קליינפעלד אין דער קראָם פון זיידמאַנען, אים געלאָזן ליגן אויף דער ערד צום שטאַרבן

און דאָס געוועלב פאַרשלאָסן. די דייטשע „טרערן" זענען אים נאָך גע־שטאַנען אין די אויגן...

די אַלטיטשקע פרוי שוואַרץ, וועלכע האָט נישט פּינקטלעך אויס־געפירט די אָנווייזונגען פון נאַצי־רוצח, איז בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן און אַרויפגעוואָרפן אויפן לאַסט־אויטאָ.

דעם ד"ר ברעסלער האָט מען אַרויסגעפירט פון אַ הויז אַ צעבלו־טיקטן. דער קאָפּ און קערפּער באַגאָסן מיט בלוט. דאָס זעלבע איז גע־שען מיט פיל אַנדערע. אויף די דעכער זענען געשטאַנען ס. ס. מענער און גענומען בילדער פון די שוידערלעכע סצענעס.

די נאַציס האָבן געוואָלט אַ ביסל אַ „שפּאַס" טאָן. זיי האָבן גע־נומען אַ פאַרקריפּלט קינד פון 3 יאָר, צעשויבערט עס די האָר און אַוועק־געשטעלט דאָס קינד אין אַ פּאָזיציע מיט די הענט האַלב־ווילד צעשפּרייט און גענומען בילדער דערפון. דאָס בילד — האָט מען שפּעטער אויסגע־פונען — איז דערשינען אין „שטירמער", ווייזנדיק ווי ווילד עס זעען אויס יידישע קינדער.

געוועזן איז שלמה סאַכאַטשעווסקי אַ יינגער בחור.

פון אַ פּאַרטיע אַוועקגעשיקטע, האָט אַ נאַצישער אָפיציר אים גע־נומען צו זיך, — בעסער געזאָגט — פאַר זיך, צו זיין אַ קנעכט פאַר אים.

ער פלעגט טאָן אַלערליי אַרבעטן פאַר אים. פון רייניקן די הויז ביז פּוצן פאַר דעם נאַצי די שטיוול.

דעם דייטש איז געפעלן דער בחור און ער האָט געוואָלט אים אויף ווייטער האַלטן מיט זיך.

ווען די ענטגילטיקע אויסזידלונג איז געקומען און די לעצטע געבליבענע יידן פון פּלאָצק, זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין לאַסט־וואַגאָנעס, צום אַוועקפירן אין טויט־לאַגערן, — האָט דער אָפיציר, אים, שלמה'ן קלאָר געמאַכט, אַז ער וועט אים האַלטן ווייטער און ער וועט אויסמיידן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער וואָס איז אַ לאַגער פון פאַרניכטונג.

שלמה האָט געבעטן דעם אָפיציר, ער זאָל זיין מוטער איבערלאָזן מיט אים, — ווייל ער וועט נישט לאָזן די מוטער אַוועק פון אים.

— דאָס קען איך דיר נישט טאָן — זאָגט אים דער אָפיציר.

— וועל איך גיין ווו מיין מאַמע וועט גיין. איר גורל איז מיין גורל — ענטפערט ער אים.

צומאַרגנס האָט מען זיי ביידן — דעם זון און די מוטער אַוועק־געפירט. זיי האָבן צוזאַמען געטיילט דעט טויט מיט טויזנטער אַנדערע יידן.

איבער דער גאַנצער ברייט פון ברייטע גאַס, זענען געוועזן אויס־



**פלאָצקער יידן אויף זייער לעצטען וועג.**
אויף דער לענג פון דער ברייטער גאַס, זענען זיי אויסגעשטעלט געוואָרן
אריינגעפּאַקט צו ווערן אין טראָקס און ווערן פאַרשיקט אין טויט-לאגערן





די קרעמאטאָריע האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט



ווערנדיק געפייניקט פון אַ דייטשן סאַדיסט

געשטעלט די יידן פון שטאָט. אַרויסגעטריבענע פון זייערע היימען, גרייט אָוועקגעשיקט צו ווערן צו אַ גיהנום־טויט. מענער און פרויען, זקנים און קינדער, זיי שטייען אויסגעשטעלט אונטער די וואַכזאַמע אויגן פון די דייטשע מחבלים, — בלוט דורשטיקע פאַר מענשלעך בלוט. מ׳האַלט נאָך אין אַרויס־טרייבן פון די היימען, די לעצטע יידישע פאַמיליעס, וועלכע מוזן איבער־לאָזן אויף הפקר זייער האָב און גוטס פאַרן דייטשן רויבער.

אויף ראָג גילדענע און ברייטע איז אַרויס פון זיין הויז ר׳ בער טאהב. אַ עלטערער ייד, פול מיט שרעק און אויך מיט אַ געפיל פון בטחון. ער האָט זיך געשטעלט אין דער ריי מיט אַנדערע יידן, צו ווערן אָוועקגעפירט אין דער אומבאַוווסטקייט.

אַ דייטשער זעלנער האָט באַמערקט, אַז עפּעס באַהאַלט דער ייד אונטערן מאַנטל. ער איז צוגעלאָפן צו אים און מיט רציחה אַ ריס געטאָן דעם מאַנטל און ס׳איז אַרויסגעפאַלן אַ ספר־תורה.

ר׳ בער האָט געפּרוווט די ספר־תורה אויפהויבן, אָבער דער דיי־טשער סאָלדאַט האָט אים אַ שטויס געטאָן און אים גענומען שלאָגן ביז ער איז אַוועקגעפאַלן אָן כוחות.

מיט שפּאָט האָט דער דייטש צעשפּרייט די יריעות איבער דער לענג פון גאַס און מיט סאָלדאַטסקן טראָט געגאַנגען ווי אַ זיגער איבער דער אויפגעוויקלטער ספר־תורה.

קורץ נאָכדעם, האָבן לאַסט־וואַגאַנעס אַוועקגעפירט די יידן אין פאַרשידענע ריכטונגען, אויף וועגן פון פּיין, נויט און טויט. צוזאַמען מיט אַנדערע, איז אויך ר׳ בער געוואָרן אַריינגעשטופּט אין לאַסט־אויטאָ.

אַ טיפער אומרו האָט אים געטריבן מיטצונעמען די ספר־תורה. וואָס די קומענדע שעה זאָל נישט זיין, וויל ער האָבן די ספר־תורה מיט זיך. אַ גאַנץ לעבן זענען זיי געווען צוזאַמען, — וועט ער עס ווייטער טראָגן, אפילו דורך פייער און שווערד. אַזוי האָט געוואָלט ר׳ בער.

— איבער דער אויסגעליידיקטער יידן־ריינער גאַס, איז נאָך גע־לעגן צעשפּרייט די געשענדטע ספר־תורה מיטן לא תרצח־וואָרנונג צו די הימלען.

אין דער ריי אַריינגעיאָגט צו ווערן אין לאַסט־אויטאָ איז אויך געשטאַנען זלמן דוד רובינשטיין. ווען זיין פרוי און קינדער זענען אונטער קלעפּ אַריין אין אויטאָ, האָט ער פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט און נישט רעכנדיק זיך מיט געפאַר פאַר זיין לעבן, אָנגעהויבן רופן די יידן צו אַ ווידערשטאַנד. ער האָט אָנגעהויבן אויפן קול שרייען: אַז מ׳פירט אונז ווי שאָף צו דער שחיטה און וואָס זענען נעבעך די אומשולדיקע קינדערלעך שולדיק? די דייטשן האָבן זיינע רייד נישט פאַרשטאַנען און זיך ווייטער

אַנגעגאַנען מיט שלאָגן די אַריינשטייגנדע אין אויטאָ. די ס. ס. זענען גע־שטאַנען פון ביידע זייטן אויטאָ און מיט די ביקסן און שטעקנס געשלאָגן איבער די קעפּ יעדן איינעם, אַלטע און יינגע, קינדער און מאַמעס. שוואַכע און אַלטע האָבן אַמערסטן קלעפּ באַקומען, ווייל זיי האָבן נישט געקענט שנעל אַריין אין אויטאָ.

צענדליקער וועלכע האָבן נישט אויסגעפּירט פּינקטלעך דעם באַפעל, זענען געוואָרן מערדערלעך צעשלאָגן.

ביי יצחק ראוויצקי אויף ברייטע גאַס, האָט זינט דעם קריג גע־וווינט ביי אים אַ ברודער פון דייטשלאַנד מיט זיין פרוי. צוגלייך מיט אַנדערע דייטשע יידן וואָס שטאַמען פון פּוילן, האָט מען אויך זיי אַרויס־געטריבן פון דייטשלאַנד. ער און זיין פרוי זענען געקומען קיין פּלאָצק וווינען ביים ברודער. ווען די ס. ס. האָבן באַפוילן יעדן צו פאַרלאָזן די הייזער און זיך שטעלן אין אַ רייע אין גאַס, האָט זיין פרוי, אַ קראַנקע נישט געוואָלט פאַרלאָזן די שטוב. זיי האָבן איר אויפן אָרט דערשאָסן. אויך ישראל ראוויצקי און זיין שוועסטער זענען געוועזן ברוטאַל צעשלאָגן.

די פרוי פון דוד מענדעלסאָן האָט ביי דער אויסזידלונג, געפירט אַ קינד פון אַ יאָר אין אַ וועגעלע. אַ דייטש זעענדיק עס, האָט דאָס קינד מיטן וועגעלע איבערגעדרייט.

גיהנום סצענעס זענען פאָרגעקומען ביים אַריינטרייבן די יידן ווי די בהמות אין די לאַסט־אויטאָס. די טראָקס זענען געוועזן אָנגעפּילט מיט מענשן, דערשטיקט צו ווערן. טייל מענשן זענען אין די לאַסט־אויטאָס אויפן וועגן דערשטיקט געוואָרן פון ענגשאַפט און מ׳האָט זיי אַראָפּגענומען טויטע.

אַזוי זענען די אויטאָס מיט די פּלאָצקער יידן בעת דער ערשטער אויסזידלונג, אַוועק אין דער ריכטונג פון דזשאַלדאָווע.

## אין די טויט לאַגערן

מיר פרווון נאָר איבערגעבן גבית־עדות פון בערך 4 אָדער 5 געליטענע אין די לאַגערן. טויזנטער פּלאָצקער האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן אין די טויט־לאַגערן. וואָס עטלעכע מענשן דערציילן איז נאָר אַ טראָפּן אין ים פון ליידן, וואָס עס זענען געווען די לאַגערן.

אין דזשאַלדאָווע ביים אַראָפּשטייגן האָט מען ווידער געשלאָגן מכות־רצח. פון די אויטאָס האָט מען אַראָפּגענומען די דערשטיקטע. הערש נתן אַש׳ן האָבן זיינע קינדער אַראָפּגענומען אַ טויטן און אַריינגעטראָגן אין אַ באַראַק ווו ס׳זענען געלעגן טויטע. אויך די טויטע האָט מען נישט

געלאָזן צורו. אַרומיקע גויים האָבן אויך באַרויבט די טויטע און אַראָפּ־געצויגן פון זיי די מלבושים.

אין דזשאַלדאָווע האָט מען אַלע אַריינגעטריבן אין פינסטערע שטאַלן, פול מיט פערד־מיסט. עס האָבן זיך געטראָגן געשרייען פון קראַנקע און פאַרחלשטע און קיין הילף איז נישט מעגלעך געווען. פיל זענען געשטאָרבן און מ׳האָט זיי באַגראָבן הינטער דער אוביקאַציע. די בערך פינף טויזנט מענטשן אין די שטאַלן, האָבן אויף זיך געבעטן דעם טויט, אַבי נישט צו ליידן די איבערמענטשלעכע יסורים וואָס די דייטשן האָבן דאָרט צוגעטיילט. אין די באַדינגונגען איז דאָרט ביי אַ פּלאָצקער פרוי געבוירן געוואָרן אַ קינד. ד״ר ווינטערס פרוי, אַנ׳אַקושערין, האָט דאָס קינד אָפּגענומען.

פון דזשאַלדאָווע האָט מען אַוועקגעשיקט טראַנספּאָרטן מיט יידן אין פאַרשידענע שטעטלעך און לאַגערן, אַ טייל קיין סוכעדניאָוו און אַ טייל קיין סטאַראַכאָוויעץ.

אַראָפּגייענדיק פון די טראָקס, האָבן מענטשן אין פּאַניק געטראָטן איינער אויפן צווייטן. שוואַכע און אַלטע וועלכע זענען נישט געווען פלינק, זענען געווען די ערשטע קרבנות. יעדער איז געלאָפן אַראָפּ, אויסצומיידן די מערדערלעכע קלעפּ וואָס די דייטשן האָבן דערלאַנגט מיט ביקסן און נאַגאַנעס.

אין סטאַראַכאָוויעץ איז געווען אַ טאַרטאַק ווו מ׳האָט געאַרבעט. דאָרט האָט אויך געאַרבעט קורשטיין, האָבן די דייטשן ביי אים געפונען 60 זלאָטעס איינגענייט אין מלבוש, האָבן זיי אים דערפאַר דערשאָסן. דאָס זעלבע איז געשען מיט פירסטענבערג׳ן וועלכער האָט אויך דאָרט געאַרבעט. פאַר שרעק האָבן פיל אַוועקגעוואָרפן די געלט וואָס זיי האָבן מיטגענומען.

געווען אַ פאַל פון אַ פרוי וואָס האָט געטראָגן איינגעוויקלט איר קינד אויף דער פּלייצע, איז עס נישט געפעלן דעם ס. ס. מאַן, האָט ער די מאַמע מיטן קינד דערשאָסן.

אַנ׳עלטערער ייד האָט געפּרוווט זיין אייניקל מיטנעמען מיט זיך, ווען דאָס ייִנגעלע איז געווען באַשטימט אין אַ באַזונדערן טראַנספּאָרט צו ווערן אַוועקגעפירט — האָט דער ייד דערפאַר באַקומען שווערע קלעפּ פון ס. ס. מאַן.

עס דערמאָנט אַ סטראָפע פון דער באַרימטער פּאָעמע „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק״ פון אומפאַרגעסלעכן יצחק קאַצענעלנסאָן:

„איך האָב געקוקט און האָב געזען: מען האָט אַ ייד אַ זאַק<br>
אַראָפּגענומען פון זיין פּלייצע דאָר,<br>
און דער זאַק האָט אָנגעהויבן ווינען... אַ קינד! אַ יידיש

שלמה גרינשפאַן

קינד! דער זשאַנדאַר ברענט:
ער זוכט דעם טאַטן... שרייט צום קינד: דערקען אים!
דאָס יינגעלע קוקט אָן זיין טאַטן שטאַר,
ער קוקט אים אָן און וויינט ניט...ער קוקט אים אָן, דעם
טאַטן זיינעם און האָט אים נישט דערקענט!"

אין טאַרטאַק אין סטאַראַכאָוויעץ, האָט מען געאַרבעט שווער פאַר אַ ביסל שיטערע זופּ. פון די שווערע באַדינגונגען זענען פיל קראַנק געוואָרן. געווען אויך 4 טיפוס קראַנקע. צווישן די קראַנקע איז אויך געווען יצחק אַש. צוביסלעך איז ער שוין אַרויס פון דער געפאַר און אָנגעהויבן ווערן געזינטער. דער ברודער זיינער חיים וואָס איז געווען מיט אים האָט געטאָן אַלעס צו העלפן אים. מיטאַמאָל איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די 4 קראַנקע זאָל מען פירן אין שפּיטאָל אַריין. חיים האָט געמאַכט פון האַלץ און לייוונט די טראָג־בעטלעך. מ׳האָט אַרויפגעלייגט די 4 קראַנקע און זיי געטראָגן. אַ ברודער האָט געטראָגן אַ ברודער. געווען אויך אַ פאָטער וואָס האָט געטראָגן זיין טיפוס־קראַנקן זון. אַזוי האָט מען די פיר קראַנקע געפירט. געווען זיכער אַז מ׳פירט זיי צום שפּיטאָל. אויפן וועג האָבן די נאַצישע וועכטער באַפוילן פירן זיי אויפן יידישן בית־עלמין. דאָרט האָבן זיי באַפוילן איבערדרייען די 4 קראַנקע. זיי האָבן די קראַנקע קאַלטבלוטיק דערשאָסן און געהייסן באַגראָבן.

צוריק אין באַראַק אַריין, האָט חיים אַש זיך אומגעקערט אָן אַ ברודער, אַזוי אויך דער טאַטע אָן זיין זון. אַזוי אויך די אַנדערע.

מ׳איז אַריין אין באַראַק. דער מוח איז ווי פּאַראַליזירט. שווער צו טראַכטן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. עפּעס איז אַלץ איינס צי מ׳לעבט יאָ, צי מ׳לעבט נישט.

די צרות האָבן אַוועקגענומען די פעאיקייט פון טראַכטן און באַ־נעמען. אַלעס איז ווי אָפּגעטעמפּט אינעווייניק אין מענשן. אָט האָט ער געמיינט אַז ער האָט אַ ברודער און מיטאַמאָל איז אַלעס אויסגערונען. אָט האָט דער טאַטע געהאַט זיין זון און דאָ האָט מען אים ווי אָפּגעווישט פון דער ערד. דער מערדער טוט עס אַזוי רויק, אויסגערעכנט. עס זענען ווי אָפּגעמעקט געוואָרן די געפילןביים מערדער און ביים קרבן. ביים לעבן־געבליבענעם קרבן איז פון די טאָג־טעגלעכע צרות אָפּגעטויט געוואָרן דער פּראָטעסט־געפיל, דער אויפשוידער, געבליבן איז נאָר אַ שטילער ווייטיק וואָס גריזשעט. לאַנג טראַכטן דערפון קען מען נישט, ווייל נייע צרות און ענויים קומען אונטער. זיי זענען פּערמאַנענט. זיי געדויערן אַנ׳־אייביקייט. מ׳האָט געלעבט און געוואַרט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

מ׳האָט געטראַכט: איז דער מאָרגן דער טאָג־טעגלעכער גיהנום, אָדער ברענגט דער קומענדער טאָג — טויט?

דרייסטערע וואָס האָבן געפּרוווט אַנטלויפן, האָבן שנעל אויסגע־פונען אַז קיין אַנטרינונג איז נישטאָ. נאָר דער טויט קען באַפרייען. מאַרשירנדיק איינמאָל ווי סאָלדאַטן צו דער אַרבעט, האָבן זיי פאַרביי־גייענדיק געזעען זיצן אויף שטולן דריי מענשן מיט פאַרבויגענע קעפּ. זיי זענען געזעסן דערשאָסענע, אונטערגעשפּאַרט די הענט אויף לאָפּאַטעס, נישט אַראָפּצופאַלן. מ׳האָט די דערשאָסענע אין דער פּאָזיציע אַוועק־געזעצט ווי אַ וואָרנונג פאַר די נאָך לעבעדיקע, אַז דאָס איז דער סוף פון די וואָס פרוון אַנטלויפן.

אין סוכעדניאוו, האָבן די דאָרטיקע יידן נישט אויפגענומען פריינט־לעך די אָנגעקומענע פלאָצקער. מ׳האָט נישט געהאָלפן די אָנגעקומענע ווי עס האָבן געטאָן יידן אין אַנדערע שטעט. פלאָצקער זענען געווען גע־צווונגען שנאָרן פאַר אַ שטיקל ברויט. טייל האָבן געפּרוווט געפינען אַ ביסל אַרבעט אין דאָרף און קריגן עסן דערפאַר. די דייטשן האָבן שנעל אָפּגעשטעלט דאָס גיין זוכן אַרבעט. ס׳איז אַרויס אַ פאַרבאָט צו גיין אין די דערפער אַריין. מיט דער וואָרנונג אַז ווער מען מ׳וועט כאַפּן אין דאָרף וועט מען דערשיסן.

אַנ׳ערך 800 יידן זענען געוואָרן פאַרשיקט קיין כמיעלניק. כמיעל־ניקער יידן האָבן געהאָלפן מיט אַלעם מעגלעכן די קומענדע פלאָצקער. די פלאָצקער האָבן צווישן זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט געהאָלפן די געליטענע, ווי ווייט מעגלעך, אין די שווערע באַדינגונגען. אין קאָמיטעט איז געווען זער טעטיק כילעק פלידערבלום.

אין אָקטאָבער 1942 איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג פון כמיעלניק. פון דאָרט האָט מען די פלאָצקער מיט די כמיעלניקער פאַרשיקט קיין טרעבלינקאַ. פון כמיעלניק האָט מען געמוזט מאַרשירן צו פוס קיין קיעלץ אונטער דער וואַך פון באַוואָפנטע דייטשע און פוילישע אויפזעער. ״שוואַכע וואָס זענען געבליבן הינטערשטעליק, האָבן זיי דערשאָסן. גלאָבוס האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו פאַרשנורעווען זיין שוך, האָט ער באַקומען אַ קויל פון הינטן. דער אַלטער ראַטמאַן איז געוואָרן דערשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין גריב נעבן שאָסיי. מ׳האָט אַרויסמאַרשירט פון כמיעלניק אין דער פרי און אָנגעקומען אין דאָרף מאַראַווויץ אין אָוונט. דאָרטן האָבן זיי אַלע באַפוילן בלייבן איבער נאַכט. אַ טייל קראַנקע וואָס מ׳האָט געפירט אין פויערישע וואָגנס, האָט מען געהייסן בלייבן אין די וואָגנס זאָלן זיך אומ־קערן צוריק. גרשון מענדעלסאָן האָט געפּרוווט מיט אַ גאָלד־שטיק איבער־קויפן איינעם פון די פוילישע פורמאַנעס, ער זאָל אים צוריקפירן קיין

כמיעלניק. ער האָט געדרעכנט פון דאָרט צו אַנטלויפן אין אַ צווייטער ריכטונג. דער גוי האָט גענומען די געלט, אָבער אים נישט געוואָלט מיטנעמען. ער האָט זיך געוואַנדן צו אַ צווייטן וועלכער האָט געטריבן אַ וואָגן, יענער האָט אים מיט גענומען און קיין געלט ביי אים נישט געוואָלט נעמען.

מאטעק גלאַווינסקי איז בעת דער אויסזידלונג אַנטלאָפן, וועלנדיק אָנקומען צו זיין פאָטער וועלכער איז געווען פאַרשיקט אין אַ לאַגער אין פּאדלענזשע. שוין זייענדיק מיט זיין פאָטער, זענען זיי ביידע געוואָרן פאַרשיקט אין אַ גאַז־קאַמער.

די פאַרטריבענע פלאָצקער אין טשענסטאכאָוו, זענען מיט האַר־ציקייט געוואָרן אויפגענומען פון די טשענסטאָכאָווער יידן. מ׳האָט זיי געגעבן אָרט צו שלאָפן און ספּעציעלע קוכן זענען געווען טעטיק פאַר זיי. טראָץ דעם, איז דאָרט די לאַגע אויך געוואָרן אומדערטרעגלעך. דאָס עסן איז אויסגעגאַנגען און יידן האָבן אָנגעהויבן בעטלען איבער די גאַסן צו שטילן דעם הונגער. אַמאָליקע גבירים זענען געשטאַנען אין גאַס און געבעטלט אַ שטיקל ברויט. פיל פלאָצקער זענען דאָרט געשטאָרבן פון טיפוס. דער ציוניסטישער טוער שפּערלינג איז געשטאָרבן אַ וואָך שפּעטער נאָכן מספּיד זיין אַ בן־עיר.

בעת דער אויסזידלונג אין טשענסטאכאָוו, זענען פיל פלאָצקער געוואָרן פאַרשיקט אין פאַרניכטונגס־לאַגערן. אין דער צייט פון דער „אַקציע״, האָט דוד מענדעלסאָן געפּרוווט אַריבער אויף דער אַרישער זייט. ער איז בעת׳ן אַריבערלויפן דערשאָסן געוואָרן.

טויט־הונגעריקע האָט מען די יידן געטריבן אין די לאַגערן. אָפּעסן אַ ברויט צו דער זאַט, איז געווען דאָס איינציקע וואָס מ׳האָט געטראַכט. כאָטש אויפעסן אַ ברויט, זיין זאַט און נאָכדעם זאָל אַפילו דער דייטש דערשיסן.

ביז יאַנואר 1945 האָבן זיך פלאָצקער געפיניקט אין דער טשענ־סטאכאָווער געטאָ.

אין דעם לאַגער אין בוכנוואַלד האָבן זיך געפונען די 4 ברידער ליכטמאַן. צווישן זיי ראובן, דער סעקרעטאַר פון די „פועלי־ציון״ פאַרטיי אין פלאָצק. איינער איז דאָרט אויסגעגאַנגען פון הונגער. זיי האָבן דאָרט באַקומען 15 דעקאַ ברויט אַ טאָג און אַ האַלבן ליטער „סופּ״ פון לויטער וואַסער. איינער פון זיי האָט בעת דער באַפרייונג געווויגן 90 פונט.

אויך אין וואַרשע האָבן זיך געפונען פיל פלאָצקער, וועלכע האָבן געטיילט דעם גורל פון יידן. האַזענשפּרונג איז געווען דאָרט טעטיק אין

דער וואַרשעווער גמינע. אָפּט האָט ער פאַרטראָטן אַדאַם טשערניאַקאָוו׳ן אַלס הויפּט פון יידן־ראַט.

חיים אַש דערציילט: אין אוישוויץ האָבן געברענט פיר קרעמאַ־טאָריעס. זיי האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט און דער געשטאַנק פון ברענענדע מענטשן קערפּערס איז געווען אין לשער. אין אַ שכנות׳דיק בלאָק פון אונזערן, האָבן זיך געפונען זעקס טויזנט ציגיינער פון רייכס־דייטשלאַנד. אין עטלעכע שעה צייט זענען די זעקס טויזנט ציגיינער פאַרברענט גע־וואָרן אין קרעמאַטאָריע. געמיינט האָט מען אין אונזער בלאָק, אַז דאָס נעקסטע וועט זיין אונזער רייע, אָבער עס האָט אונז אויסגעמיטן.

אין לאַגער נעבן לאַנדסבערג, האָבן זיך געפונען עטלעכע פּלאָצקער, צווישן זיי אויך מענע. אים איז אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז דאָס גאַנצע מוטשען זיך איז נישט כדי, מ׳וועט עס נישט איבערהאַלטן. מיט דער איינרעדעניש, אַן אַ ברעקל מוט און האָפנונג, איז ער קראַנק געוואָרן און געוואַרט אויפן טויט. מ׳האָט אים אַוועקגעפירט אין אַ לאַגער פון וואַנען מ׳קומט מער צוריק. דאָרט איז ער געשטאָרבן.

פון דעם זעלבן לאַגער האָט מען געהייסן אַ גרופּע פירן אַ וועגעלע מיט אַ צאָל טויטע צו באַגראָבן. צווישן די אויפן וועגעלע זענען געלעגן עטלעכע נאָך האַלב־לעבעדיקע קרבנות. די וואָס האָבן דאָס וועגעלע גע־פירט, זענען טייל געגאַנגען מיט צעריסענע שיך אָדער צעבראָכענע האַל־צערנע שיך, האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט פון די טויטע די שיך פאַר זיך.

ווען מ׳האָט אונז אַוועקגעפירט פון סטאַראַכאָוויעץ אין אַ צווייטן לאַגער אַריין, האָט זיך ניוניעק קורשטיין אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. הינט פון די דייטשן האָבן אים און נאָך עטלעכע דערשנאָפּט און די דייטשן האָבן אים דערשאָסן.

ווען די אַמעריקאַנער האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן האָט מען אונז אַוועקגעפירט קיין טיראָל. זיי האָבן באַשאָסן דייטשע פּאָזיציעס אין די אַרומיקע דערפער. די דייטשע ס. ס. וואָס האָט אונז באַוואַכט איז גע־וואָרן דערשראָקן פון די אַמעריקאַנער באָמבאַרדעס און מורא האָבנדיק פאַר זייער סוף, זענען זיי געוואָרן מיטאַמאָל מילד צו אונז.

ווען זיי האָבן אונז אַוועקגעפירט קיין אַלאַך הינטער מינכען, האָבן זיי אונז געוואָרנט, אַז ווער ס׳קען נישט מאַרשירן זאָל בלייבן אויפן אָרט, ווייל די וואָס וועלן אָפּשטיין אין מיטן וועג וועט מען דערשיסן. דער לאַגער אין אַלאַך ווו מיר זענען אָנגעקומען, איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן פון פאַרשידענע לאַגערן.

דעם 1־טן מאַי האָבן אונז די אַמעריקאַנער באַפרייט. די פרייד

פון באַפרייונג איז געווען געמישט מיט טרויער, זעענדיק דעם סך־הכל פון אונזערע משפחות, פון אונזער פלאַצק און פון אונז יידן אין פוילן.

טיבערט רחל פון ברייטע גאַס האָט דורכגעמאַכט די ביטערע צייט פון די נאַצי לאַגערן. ענדע קריג איז זי אַוועק קיין איטאַליע מיט דער האָפנונג פון דאָרט זיך צו דערשלאָגן צו די א״י ברעגן. זי איז געפאָרן מיט איינער פון די מעפּילים־שיפן. אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, אַ פּאָר הונדערט יאַרד פאַרן ברעג, זענען די עולים אַראָפּ פון דער שיף אויף קליינע שיפלעך, אַנדערע זענען געשווומען צום ברעג, ווענלנדיק דערגרייכן זייער ארץ־ישראל, נאָך יאָרן פון טויט־מאַטערניש. די ענג־לענדער האָבן גענומען שיסן אין די שווימענדע יידן. רחל טיבערט, וועלכע איז געווען אַ גוטע שווימערין איז צוגעשווומען, שוין געווען נאָענט צום ברעג. זי האָט אָבער דעם ארץ־ישראל באָדן נישט דערגרייכט. אַ ענגלישע קויל האָט איר געטראָפן און געמאַכט אַ סוף צו איר לעבן און ציל.

אַ באַזונדער קאפּיטל פון ליידן האָבן דורכגעמאַכט די אַנטלאָפענע קיין רוסלאַנד. דאָרט איז דער מלאך המות געווען אין געשטאַלט פון הונגער, קראַנקהייט און קעלט. זער פיל פלאָצקער זענען דאָרט אומגע־קומען. מיר ווילן דאָ ציטירן אַ בריוו וואָס איז אָנגעקומען אין די ערשטע טעג ווען פלאָצקער האָבן אָנגעהויבן אַריבערלויפן די גרענעץ קיין רוסלאַנד.

שמחה מינץ (ער איז שפּעטער געשטאָרבן אין רוסלאַנד) שרייבט:
מיר זענען געפאָרן צו דער באַן ביז דער גרענעץ און פון דאָרט צופוס בייננאַכט דורך וועלדער און וואַסערן. אָבער נישט יעדן האָט זיך דאָס איינגעגעבן. טייל זענען אויפן אַזוי גערופענעם „נייטראַלן פאַס״ געלעגן צוויי וואָכן אויפן פרייען פעלד, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ אין גרויסע פרעסט און שנייען. נישט איינער איז געשוואָלן געוואָרן פון קעלט און פיל זענען געשטאָרבן אויפן פעלד. זיי האָבן ווייטער נישט געקענט גיין. נישט אַהין, נישט צוריק. פון איין זייט: יודע! צוריק! פון דער צווייטער זייט: סטופּאַי! נאַזאַד! אויך אין ביאַליסטאָק, ווו די רוסן האָבן אונז גערופן „ביעזשענצעס״, האָט עס געקלונגען אין אונזערע אויערן ווי „פאַרפלוכטער יודע״!

פיל פלאָצקער זענען מיט מאַסן אַנדערע יידן פאַרשיקט געוואָרן אין ווייטע מקומות אין סיביר. אין די שוידערלעכע באַדינגונגען, אָן ברויט צו שטילן דעם הונגער, אין שוידערלעכע פרעסט, אָן מעדיצינישע הילף זענען מענשן געפאַלן ווי פליגן. די רוסן האָבן נישט געמאָרדעט קיין יידן. מ׳האָט נאָר געלאָזט זיי אויסגיין פון הונגער און קעלט. פיל פלאָצקער האָבן דאָרט זייער קבר געפונען.

**נאָכן קריג האָבן פלאָצקער אָנגעהויבן קומען צוריק פון רוסלאַנד. די צאָל פון די לעבן־געבליבענע איז געווען אַ קליינע.**



**מיר גיבן נישט קיין כראָניק פון צרות און פיין — דאָס איז פשוט אונמעגלעך. מיר פרווון נאָר פאַרצייכנען אַ צאָל פאַקטן וואָס נאָר עטלעכע פלאָצקער האָבן אַדורכגעמאַכט אין זייער געראַנגל צו בלייבן לעבן.**

## דער אָנטייל פון פלאָצקער אין טרעבלינקער אויפשטאַנד

אַ פלאָצקער וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין אַנ׳אויפשטאַנד אין טרעבלינקער לאַגער און געבליבן אַ לעבעדיקער עדות צו קענען דערציילן, איז פלאטקעוויטש, וועלכער האָט געהאַט אַ פסעוודאָנים „קארטאפלאזש״. ער דערציילט אַז אין אַנ׳אָנקומענדן צוג מיט יידן אין לאַגער אַריין איז אויך געווען דער פלאָצקער יידישער שאָפער אַדאָלף. אָריענטירנדיק זיך וואָס עס קומט פאָר מיט די אָנקומענדע יידן, האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט און געוואָרפן אַ גראַנאַט וועלכן ער האָט געטראָגן מיט זיך און דערהרגעט 12 דייטשן. די דייטשע ס. ס. האָבן אים אויפן אָרט דער־הרגעט מיט לאָפּאַטעס און שטעקנס.

אַ גרופּע יידן, זעענדיק די באַדינגונגען אין לאַגער, אַז זיי קענען גאָרנישט פאַרלירן, האָבן באַשלאָסן נעמען נקמה אין די דייטשן און פרווון ראַטעווען זייער לעבן דורך אַרויסרייסן זיך פון לאַגער. אין שפּיץ האָט זיך געשטעלט אַ ברודערן־זון פון געוועזענעם טשעכישן פּרעזידענט מאַ־סאַריק מיט דעם יידישן קאַפּיטאַן גאַלעווסקי. דעם ערשטן אַקט פון אויפ־שטאַנד האָבן דורכגעפירט דער פלאָצקער סטאָליאַר גוטמאַן און טיק פון נאָווידוואָר, וועלכע האָבן דערהרגעט דעם ערשטן דייטש אין וואַרשטאַט.

דער באַפעל פון גאַלעווסקין איז געווען אַרויסצובאַקומען דאָס געווער פון מאַגאַזין. צו דעם צוועק איז געמאַכט געוואָרן אַנ׳אָפּדרוק פון שליסל פון ברויט דורך דעם נאָווידוואָרער ייד בודניק.

דער ערשטער איז אַריין אין מאַגאַזין פון געווער דער פלאָצקער בחור ראָזענבערג מיט זיין פאָטער כאַצקל. זיי ביידע האָבן אַרויסגעגעבן אין געהיים דאָס געווער. באַקומענדיק דאָס געווער זענען זיי געגאַנגען צו דער אַרבעט, מיטן געווער פאַרבאַהאַלטן. די וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די שמאַטעס, די אַזוי גערופענע לומפּיאַזשעס, האָבן געהאַט ביי זיך אַרי־בער הונדערט רעוואָלווערן און גראַנאַטן.

פונקט 6 אז. פאַרנאַכט לויטן אָנגעזאָגטן צייכן פון גאַלעווסקין איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. דער פלאַצקער העלד רודעק לובראַניעצקי מיט אַ טשעכישן ייד האָבן אונטערגעצונדן 5 ציסטערנעס מיט בענזין און די איבעריקע האָבן פאַרניכטעט די גאַז־קאַמערן.

די דייטשן זענען געלאָפן צום מאַגאַזין נאָך געווער, אָבער דאָ זענען זיי באַשאָסן געוואָרן דורך די פלאָצקער יידן: פּערעלגריץ מאַטעק, גוטמאַן („פּופּציק") און רודעק לובראַניעצקי.

די אויפשטענדלער האָבן פאַרניכטעט די טורעמלעך ווו די וואַך איז געשטאַנען און זענען אַריבער די דראָט־פאַרצוימונגען און אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון וואַלד. זיי האָבן באַמיט זיך דורכצורייסן דעם דייטשן רינג ווייטער פון לאַגער. אַ גרופּע פלאָצקער און אַנדערע האָבן זיך דורכגעריסן קיין קיעלץ. אַנדערע זענען באַפאַלן געוואָרן פון דייטשע ס. ס. און פאַליאַקן און דערהרגעט געוואָרן. אַ טייל איז געלונגען זיך אויסבאַהאַלטן און שפּעטער זיך אָנשליסן אין די פאַרטיזאַנען.

דעם פלאָצקער פלאַטקעוויטש איז געלונגען זיך אָנשליסן אין די פאַרטיזאַנער און בלייבן לעבן.

לויט דעם עדות זאָגן פון אַ לעבן־געבליבענעם פון לאַגער — סטאַניסלאַוו קין — וועגן די נקמה־אויסברוכן פון פאַרצווייפלטע יידן אין דעם טרעבלינקער לאַגער און וועגן דעם אויפשטאַנד אין לאַגער דעם 2־טן אויגוסט 1943 (אין „ידיעות בית לוחמי הגיטאות" ז"ז 535־538) ווערט דערמאָנט צווישן די טעטיקסטע אין דעם אויפשטאַנד רודעק פון פלאָצק. רודעק לובראַניעצקי איז געבוירן אין פלאָצק אין 1918, געווען אַ שלאָסער פון פאַך און געאַרבעט ביי מאַרגוליעסן אין דער פאַברק. ער איז געווען טעטיק אין דער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע פון „מכבי" אין פלאָצק און געווען אַן׳אויסגעצייכנטער ספּאָרטלער, באַקומענדיק אויסצייכנונגען אין פאַרשידענע ספּאָרט־פאַרמעסטן. צווישן אנדערע האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין אַ פאַרמעסט פון שיפלען אין אַ לודקע אויף דער ווייסל, פון פלאָצק ביז דעם באַלטישן ים. ער איז געווען אַ מיטגליד פון בית"ר. זיין מוטער און שוועסטער וווינען אין תל־אביב.

**רבקה גלאַנץ**, די חברה פון פלאָצקער קבוץ, איז געבוירן אין קאָנין אין 1915. זי איז געווען אַ חברה פון „פרייהייט". זייענדיק אין פלאָצקער קבוץ האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַרבעטסזאַמקייט, חברישער באַציונג און זאָרג פאַרן קבוץ. שפּעטער האָט זי אָנטיילגענומען אין אַ סעמינאַר פון דער „החלוץ" באַוועגונג.

אין צייט פון קריג איז זי אַרויסגערופן געוואָרן דורכן מרכז „החלוץ" צו טאָן אונטערערדישע אַרבעט פאַר דער חלוצישער באַוועגונג. זי איז

געוואָרן געשיקט קיין טשענסטאכאָוו, וווהין מ׳האָט פאַרשיקט הונדערטער פלאָצקער פאַמיליעס. דאָרט האָט זי אָנגעפירט מיט אַ חלוצישן קבוץ וואָס איז געווען טעטיק אין דער געטאָ אויף נאַדזשאַטשנע גאַס.

זי איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ געהיימער ווידערשטאַנדס אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאכאָווער געטאָ. זיי האָבן דורכגעפירט אַ באַוואָפנטן קאַמף מיט די דייטשן און אין דער צייט זענען פיל יידן אַנטלאָפן אין די וועלדער. די אַנטלאָפענע האָבן געמאַכט אָנפאַלן אין די אַרומיקע דערפער צו באַקומען שפּייז און קענען דערהאַלטן ס׳לעבן. ווען אַ פּויער האָט אָפּגעזאָגט צו געבן שפּייז האָבן זיי אים דערשאָסן. זיי האָבן אויך אויסגעפירט סאַבאָטאַזש אַקטן קעגן די דייטשן. די דייטשן האָבן פשוט זיך געהיטן נישט צו פאַרפירן מיט זיי אַ קאַמף אין וואַלד.

געווען אַ פאַל, אַז די דייטשן האָבן געפונען אַ צאָל באַהאַלטן געווער אין געטאָ, לויט אַן׳אָנווייזונג פון אַ נידערטרעכטיקן יידישן פּאָליציאַנט. אין רעזולטאַט זענען געפאַלן פיל יידן צוליב דייטשער נקמה.

רבקה גלאַנצ׳ס אַ חברה פון „החלוץ״ שרייבט וועגן איר אין „בנדודים ובמחתרת״: „אין דער לעצטער צייט איז זי געווען די מוטער פון די טשענסטאכאָווער יידן (ווו עס האָבן זיך אויך געפונען פאַרשיקטע פלאָצקער). ווען זי האָט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס אָרט, האָבן זיי איר געבעטן צו בלייבן. די איבערגעבליבענע אין געטאָ האָבן געהאַלטן, אַז אַזוי לאַנג ווי רבקה איז מיט זיי, פילן זיי זיך פעסטער און שטאַרקער״.

דעם 26־טן יוני 1942 האָט זי אָנגעפירט מיט אַ גרופּע פון 40 מענטשן, וועלכע האָבן מיט געווער אין האַנט געפּרוווט אַרויסרייסן זיך פון דער באַלאַגערטער געטאָ. אין דער שלאַכט זענען זיי אַלע געפאַלן און אויך רבקה גלאַנץ. זי איז געפאַלן ווי אַ העלד, מיט געווער אין האַנט.

## פלאָצקער, וואָס האָבן געשריבן ביכער וועגן חורבן

.1

רייזל קורטשאַק, אָדער, ווי מ׳האָט זי גערופן רוזשקע, איז געבוירן געוואָרן אין פלאָצק אין 1921. זי האָט איר דערציונג דורכגעמאַכט אין דער פלאָצקער רעגירונגס־שולע. נאָך לערנענדיק אין דער שולע האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין „השומר־הצעיר״. אירע עלטערן זענען געווען אָרים, — דער פאָטער, אַן׳אַרבעטער, האָט באַלאַנגט צום טראַנספּאָרט פאַריין.

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, האָט זי דורכגעמאַכט אַלע צרות און פּיין פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. געלאָפן פון אָרט צו אָרט, געגנבעט גרענעצן, ביז זי האָט דערגרייכט ווילנע. דאָרט האָט זי זיך פאַרבונדן מיט חברים פון „השומר־הצעיר״ און זיך אינגאַנצן געווידמעט דעם אונטער־

גרונט־קאַמף. זי האָט אַרויסגעוויזן גרויס מוט, איינשטעלנדיק אָפט דאָס לעבן ביים דורכפירן אירע שליחות׳ן, מאַכנדיק פאַרבינדונגען מיט פאַר־טיזאַנען קעמפער און ביים דורכפירן סאַבאָטאַזש אַקטן. גלייכצייטיק, האָט איר געניט אויג, איינגעזאַפּט אין זיך די געשעענישן אין ווילנער געטאָ וועלכע זי האָט מיט אַ פאַרוואונדעט האַרץ פאַרצייכנט.

דאָס שוידערלעכע לעבן אין געטאָ און דעם העלדישן אונטער־ערדישן קאַמף, שילדערט רוזשקע אין איר בוך „להבות באפר״, וואָס איז דערשינען אין 1946, אין פאַרלאַג פון „השומר־הצעיר״ אין ארץ־ישראל. דאָס בוך איז געוואָרן איבערזעצט פון פוילישן כתב־יד.

„להבות באפר״ גיט אַ ברייט בילד פון די געשעענישן אין ווילנער געטאָ. די ענויים וואָס ווילנער יידן זענען אויסגעשטאַנען, די סיסטעמאַטישע אויסראָטונג דורך די דייטשן, דער געראַנגל פאַר לעבן אין געטאָ, די פאַרניכטונג פון דער געטאָ און דער העלדישער קאַמף פון אונטערגרונט.

זי פאַרצייכנט אַלעס מיט פּינקטלעכקייט און מיט ציפערן און אויך מיט טיפער איבערלעבונג, דעם טאָג־טעגלעכן גרויל אין דער געטאָ ביז זיין ענדע. אין איר דאָקומענטאַרן בוך, גייט דורך אַ גאַנצע גאַלעריע פון העלדישע קעמפער פון פאַרשידענע יוגנט אָרגאַניזאַציעס, בעיקר חלוצישע, ווו זי האָט איר לעבן געווידמעט. זי פאַרצייכנט אין איר בוך, די ליידן און פריידן פון געטאָ, די געזאַנגען פון טרויער און האָפנונג און די כראָנאָלאָגיע געשריבן אויף די ווענט, פון יידן וואָס זענען געגאַנגען זייער לעצטן וועג.

מאַרשירענדיק צו דער אַרבעט אין רייען, האָט זי זיך צוגעהערט צו אַ געשפּרעך, וואָס עס האָט געפירט ז. קאַלמאַנאָוויטש, דער שרייבער און ייוו״א מיטאַרבעטער מיט ד״ר גאָרדאָן, וועלכע האָבן מאַרשירט אין אַ שורה פאַר איר:

ז. קאַלמאַנאָוויטש האָט פּשוט געשריען צו גאָרדאָנען: „און איך זאָג דיר אַז כ׳האָב נישט קיין מורא פאַר זיי״.

פרעגט אים גאָרדאָן מיט פאַרוואונדערונג: „וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן, קאַלמאַנאָוויטש״?

און קאַלמאַנאָוויטש האָט אים געענטפערט:

ניין! מיך קען זייער בלוטיקע האַנט נישט גרייכן! איך האָב אַ זון אין ארץ־ישראל!״



רוזשקע קורטשאַק איז געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פאַרטיזאַנער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. זי איז געווען פון די געציילטע אין

דער קאַמאַנדע פון דער אָרגאַניזאַציע פון ווילנער געטאָ־קעמפער, וועלכע האָט דורכגעפירט פיל סאַבאָטאַזש אַקטן קעגן די נאַציס. זי איז געווען אָנפירערין פון יידישן פּאַרטיזאַנען־לעגיאָן „נקמה" אין ווילנער געגנט.

די ברענענדע געטאָס, דאָס געשריי פון די אומשולדיק אומגעקו־מענע, דער העראָאישער און מענשלעכער קאַמף פאַר יידישן כבוד, האָט ענגער געשלאָסן דעם בונד פון רוזשקע מיטן גורל פון יידישן פאָלק אין מדינת ישראל.

באַלד נאָך דער נאַצישער מפּלה, האָט זי געהאָלפן פלאַסטערן אַ וועג פון עליה קיין א״י פון דער שארית הפּליטה. אויף דער לאַנדעס קאָנפערענץ פון דער הסתדרות, האָט זי אויפגעשטעלט־רעמט דעם יידישן צבור אין א״י און אומעטום, מיט איר דערציילן פון די גרויליקע טעג אונטער די נאַציס און פון קאַמף וואָס די חלוציש רעשטלעך האָבן געקעמפט אין די געטאָס און אין די וועלדער.

.2

חיה דאַרעמבוס און איר מאַן ישראל האָבן געהאַט אַ שניט־קראָם אויף קאַלעגיאַלנע גאַס. ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, זענען זיי מיט זייער צוויי יעריק טעכטערל תמר׳ל אַנטלאָפן קיין וואַרשע.

ביי איינער פון די אַקציעס אין געטאָ, האָבן די דייטשן בלוטיק צע־שלאָגן איר מוטער מיטן קינד וועלכע זענען אומגעקומען ביי דער דע־פּאָרטאַציע.

חיה און איר מאַן האָבן זיך אַריבער באַקומען קיין וואַרשע אויף דער אַרישער זייט און זיך אייסבאַהאַלטן ביי אַ ברודער פון זייער פּלאָצ־קער שכן, אַ קריסט. דער פּאָליאַק, סטאַך, האָט זיי נישט נאָר אויסבאַ־האַלטן, נאָר געטאָן אַלעס מעגלעכעס אויך צו ראַטעווען אַנדערע פון זייערע נאָענטע.

אירע איבערלעבונגען האָט חיה דאַרעמבוס פאַראייביקט אין בוך: „אויף דער אַרישער זייט".

דאָס בוך איז געשריבן מיט פּשוטע ווערטער. טאָג־טעגלעכע פּאַ־סירונגען וויקלען זיך פונאַנדער אין אַ שוידערלעכער בילד. נאָר מיט איבער־מענשלעכער גבורה, האָט אַ ייד געקענט איבערלעבן די דאָזיקע צייט אויף דער אַרישער זייט. ס׳איז דאָס לעבן פון אַ חיה אין שטענדיקער געפאַר, אַז אַ שטאַרקערער זאָל איר נישט פאַרצוקן.

מיר זעען בילדער פון גרויל און בילדער און פאַקטן פון מענש־לעכער דערהויבנקייט, געראַנגל פאַר לעבן און אַ פראַגע צי לוינט עס?

זי באַשרייבט סצענעס אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכע זי האָט ביי־

געווינט, זייענדיק אויפן וועג צו באַזאָרגן אירע קרובים מיט אַ באַהעל־טעניש. מיר האָבן דאָרטן שילדערונגען פון העלדישן קאַמף אין וואַרשע־ווער געטאָ, וועלכע מ׳האָט געקענט זען פון דער אַרישער זייט. אויך די פּאָליאַקן זענען געווען איבערראַשט פון דעם יידישן ווידערשטאַנד. גאַנץ פּוילן האָבן די דייטשן פאַרנומען אין עטלעכע טעג און די וואַרשעווער געטאָ האָט אויסגעהאַלטן דעם קאַמף וואָכן־לאַנג.

פּאָליאַקן קוקנדיק אויף דער ברענענדער געטאָ, האָבן באַדויערט „פאַרוואָס מ׳האָט נישט די יידן געסמ׳ט ווי מייז און דאָס גאָלד, מעבל און סחורות וואָלט געבליבן פאַר זיי״ (ז. 217). אַזוי האָט געטראַכט אַ גאַנץ פּויליש פאָלק מיט יעזוסעס נאָמען אויף די ליפּן.

עס זענען געווען אויסנאָמען ביי די פּאָליאַקן, אַ דאַנק וועלכע איינע ווי דאָרעמבוס האָט זיך געראַטעוועט. זיי זענען אַזוי קליין אין צאָל, אַז ס׳איז אַ שאַנדע. די פּאָליאַקן אַליין, געדרודפּטע אונטער דער בייטש פון נאַצי, האָבן זיי מער אין זינען געהאַט דאָס פאַרניכטן דעם ייד, ווי דעם דייטשן שונא.

אַ גוי פון אונטערגרונט וועלכער איז געווען אין קאָנטאַקט מיט די דאָרעמבוסעס, האָט זיך צעשמועסט מיט זיי: ווי קומט עס — האָט ער געטענה׳ט, וואָס יידן האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. גאַנצע זעק מיט געלט האָבן זיי מיטגעשלעפּט אַנשטאָט גראַנאַטן. פאַרוואָס האָבן זיי נישט אונטערגעצונדן די שאָפּן? פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט געוואָרפן מיט העק און גאָלע הענט אויף די מערדער?

ער האָט נישט געזען די טראַגישע סיטואַציע, אַז אין דער פאַר־ניכטונג פון די יידן, האָבן די פּאָליאַקן דעם גרעסטן חלק. באַהאַלטענע יידן, האָבן נישט די דייטשן געפונען, נאָר די פּאָליאַקן האָבן זיי פאַר אַ באַלוינונג אַרויסגעגעבן. אַ טרעבלינקע, האָבן די דייטשן געקענט שאַפן נאָר אין אַזאַ לאַנד ווי פּוילן. אינם שטילן גיין צום טויט פון הונדערטער־טויזנטער, פון מיליאָנען — ליגט אפשר אויך אַ גבורה! — אַ גרויזאַמער שטילער פּראָטעסט פון אַנ׳אויסגעקוילעט פאָלק. דעם שאַנד פלעק טראָגן די שטאַרקע, — האָט אים פאַרגעוואָרפן ישראל.

חיה דאָרעמבוס איז פריער נישט געווען אַ שרייבערין. זי פאַרמאָגט באַאָבאַכטונגס־פעאיקייט און דעם טאַלאַנט פון אויסדריקן אירע געדאַנקען און געפילן וואָס קומען ממעמקים. די קינסטלערישקייט פון דעם בוך איז די פשטות און טיפע מענשלעכקייט וואָס קוואַלט פון מחבר. די שרעקלעכע צייט, אַזוי שטיל איבערגעגעבן, מאַכט אַ רושם. עס ציען זיך ווי אַ פּאָדים חלומות פון אַמאָל, דעם שטילן יידישן לעבן און די קאָשמאַרן פון גורל, פון אייגן קינד און די נאָנטע אין די נעגל פון טויט.

דער גורל׳דיקער אויסדרוק: יידן דיט זיך נישט מיאש, האָט טיף געלעבט ביי אַזעלכע חיה דאַרעמבוסעס. דער מענש האָט געדאַרפט צו זיין פון אייזן דורכצולעבן יעדן טאָג און יעדע שעה, מאָמענטן ווי אַ שאַרף, פרעמדע טריט, אַ פרעמד קול האָט געקענט מיינען דאָס קומען פון מלאך המות.

„מיר לעבן ווי האָזן. עס דאַכט זיך מיר אַז אפילו אין שלאָף האַלט איך איין אויג אָפן. ביי יעדן קלענסטן קלאַפּ, לויפט אַדורך אַ פראָסט איבערן לייב" (ז. 79).

דאַרעמבוס פילט, אַז זי וועט שוין קיינמאָל נישט זיין ווי אַמאָל. עס זענען — זאָגט זי — אין איר אָפּגעשטאָרבן די וויכטיקסטע יסודות וואָס באַשיינען אַ מענש: זיין גלויבן, זיינע טרוימען, זיין ליבשאַפט צו מענשן, זיין האָפנונג — אַלץ איז טויט. אין דער אמת׳ן, האָט חיה דאַרעמבוס, אין די צרה׳דיקע טעג, געהאַט אין זיך אַ ים מיט ליבע צום מיטמענשן. דער דאָזיקער געפיל שנירלט זיך דורך אין איר גאַנצן בוך. אָן דעם וואָלט איר שווער געווען איבערצוקומען דעם נערוון־ברעכנדן גיהנום. זייענדיק פאַרנומען מיט ראַטעווען איר לעבן, האָט זי גלייכצייטיק מיט אייפער געראַטעוועט דאָס לעבן פון אַנדערע, שטעלנדיק אָפט איר אייגן לעבן אין געפאַר.

מיר לייענען סצענעס פון גרויל וואָס דער טייוול אַליין וואָלט עס נישט געקענט אָפּטאָן. אַ גבורה האָט זיך געפאָדערט צוזעענדיק די עינויים און יסורים, דאָס אויסמאָרדן אין קאַלטן בלוט יידן און נישט קענען אויסשרייען דעם ווייטיק און מוזן אַנגיין ווייטער מיטן לעבן. „עס דאַכט זיך מיר אַ סך מאָל אַז מיין האַרץ ווערט גוייש, פאַרגליווערט, אַז אויב איך קען לעבן, האָב איך קיין ווערט נישט, בין איך אַ חיה"! (ז. 204).

ווי האָט זיך אויסגעדריקט דעם מחבר׳ס אַ באַקאַנטע, פאַרן גיין אויפן אומשלאַגס־פּלאַץ: איך וויל וואָס שנעלער זיין אין הימל, כדי צו קענען פון דער הויך אַראָפּשפּייען אויף דער גאַנצער וועלט.

ווען די רוסן זענען אַריין אין וואַרשע, האָט חיה באַמערקט אַ באַקאַנטע אויף דער גאַס.

חנה, חנה! רופט זי איר.

פון וואַנען נעמט איר אַז איך הייס חנה?

עס האָט זיך מיר געדוכט אַז איר זענט אַ באַקאַנטע. איך האָב אַ טעות. זייט מוחל.

רופט זיך אָפּ די פרעמדע: און אפשר הייס איך טאַקע חנה? איך האָב פאַרגעסן מיין אמת׳ן נאָמען. איך האָב געהאַט אַזוי פיל נעמען, געשטאַמט פון אַזוי פיל פאַראַפּיעס, געהאַט אַזוי פיל מאַמעס און טאַטעס.

אין אמת׳ן האָב איך קיינעם נישט! אפשר קענט איר מיר זאָגן פון וואַנען איך שטאַם, ווי איך הייס, וווהין צו גיין? איך האָב פאַרלאָרן די האָפ־נונג און קאָן נישט אָפּזוכן גאָט, וועלכער איז מיר אומגעקומען אין געטאָ. מען האָט אים ווייזט אויס אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקא, צוזאַמען מיט מיינע קינדער. איך מעג שוין יעצט שרייען אויף יידיש: אַ בראָך האָט מיך געטראָפן״.

ווען חיה דאָרעמבוס איז געווען אין פלאָצק נאָכן קריג, האָט זי געפונען איר וווינונג פאַרנומען פון אַ פּוילישער שוסטער משפחה.

„די שוסטערקע פרעגט וואָס איך וויל; זי ווייסט נישט, אַז איך בין די אייגנטימערין פון דער וווינונג. אַ נישט זיכערע, אַ פאַרשעמטע, זאָג איך עס איר. זי פאַרלירט זיך נישט. מיט אַ ציטרען שמייכל דער־קלערט זי, אַז איך וועל אַודאי באַקומען אַ צווייטע וווינונג. זי בעט מיך אפילו נישט זיצן. איך פרעג זי, צי זי דערלויבט מיר אַ קוק טאָן אויף מיין געוועזענער שלאָפשטוב. „פּראָשען״ — ווייזט זי אָן מיטן פינגער — אָבער שטיל; מיין טאָכטער איז פאַרקילט און ליגט אין בעט״. איך בלייב שטיין אויף דער שוועל. אין מיין ברייט טשעטשאָט־בעט ליגט אַ יונג בלאָנד שיקסל. צוויי בלויע אויגן קוקן אויף מיר מיט חוצפה און טענה. איבערן מיידלס קאָפּ גרינט אויף דער וואַנט מיין באַליבטע פאַלמע, די אויסגעמאָלטע פון אין פלאָצק באַקאַנטן מאַלער סטזשאַלקאָ. אַ לאַנגע צייט האָט ער געאַרבעט ביי דעם דאָזיקן בוים, וואָס איז אַרויסגעקומען ווי לעבעדיק. איצט איז די פאַלמע אָפּבלאַקירט, פאַרחלשט, נעבעכדיק. נעבן דער פאַלמע העַנגען פאָטאָגראַפיעס, הייליקע בילדער, פאָרמען פון כאָליעוועס, מאָסן, אפילו אַ פּאָר אַלטע הויזן.

...דאָ ביים פענסטער איז געשטאַנען תמר׳ס בעטל. דאָ ווידער — דער טאַפּטשאַן, אַנטקעגנאיבער — די טאָאַלעט מיטן שפּיגל. איך שטיי אָנגעבויגן און קען זיך נישט אויסגלייכן. כ׳בין שטיל און ביים זינען. רויק פאַרלאָז איך מיין געוועזענער היים.

אַ קורצער ווינט־פלאַטער, ווי אַ ווידערקול פון אַ טיפן זיפץ, לויפט נעבן מיר אַדורך. אַנטלויפן פון דאַנען, וואָס שנעלער אַנטלויפן!״

דאָס בוך „אויף דער אַרישער זייט״ איז געשריבן פון אַ טיף פילנדער נשמה. עס אַנטפלעקט זיך אין בוך אירע קינסטלערישע פעאי־קייטן פון קענען מיט פשוטע ווערטער אַזוי אויפטרייסלענדיק שילדערן און דערציילן אירע איבערלעבונגען אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע.

נאָכן לייענען דאָס בוך, באַגלייטן דיך פאַר אַ לאַנגע צייט בילדער פון דער אַרישער זייט. ווי אַ קאָשמאַר וואָס איז שווער זיך צו באַפרייען דערפון.

ס׳איז אַ דאָקומענט פון אַ שרעקלעכער צייט פאַר אונזער פאָלק, וואָס וועט בלייבן פאַר אייביק.

3.

**פנחס שוואַרץ** האָט זיין שרייבערישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין דער „סאָציאַליסטישער יוגנט־שטימע" שפּעטער איז ער געוואָרן מיטאַרבעטער אין דער בונדישער „פאָלקסצייטונג" אין וואַרשע. אַלס רעפּאָרטער האָט ער באַריכטעט די פּאָרגעקומענע סיים־סעסיעס. ער איז געווען וויצע־פאָר־זיצער פון זשורנאַליסטן־פאַריין און אַקטיוו אין דער „בונד"־באַוועגונג.

אין וואַרשע האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך „פּילסודסקי און די יידן־פראַגע".

ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז ער מיט אַנדערע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער אַוועק פון וואַרשע אויסצומיידן די אָנקומענדע נאַציס.

די איבערלעבונגען פון די וואַנדערונגען איבער שטעט אין פּוילן „מיטן וואַנדער שטאַק אין האַנט", דערציילט ער אין בוך „דאָס איז געווען דער אָנהויב", וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן אַרבעטער רינג אין נ. י. אין 1943.

צוזאַמען מיט אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טוער, איז ער דורכ׳ן „יידישן אַרבעטער קאָמיטעט" אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע אין צייט פון מלחמה.

4

**וולאַדיסלאַוו בראַניעוויסקי.** גאָר זעלטן האָט געטראָפן, אַז אַ פּאָליאַק מיט איינפלוס אין עפנטלעכן לעבן זאָל אַרויסווייזן אָפענע פריינטשאַפט צו יידן. אפילו נאָך דער גרויסער טראַגעדיע מיטן פּוילישן יידנטום, האָט מען זעלטן, זעלטן געהערט פון אַ פּאָליאַק אַ וואָרט פון מיטגעפיל און חרטה פאַר די שיידערלעכע מאָרדן צו וועלכע די פּאָליאַקן זענען געווען שותפים.

צווישן דעם פּוילישן אַנטיסעמיטן־פאָלק זענען געווען געציילטע וואָס האָבן אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צום גרויסן אומגליק פון יידישן פאָלק. איינער פון זיי איז געווען דער באַדייטנדער פּוילישער דיכטער וולאַדיסלאַוו בראַניעווסקי וועלכער איז אַ פּלאָצקער. ער איז אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער. אין היינטיקן פּוילן, שוין מסתמא אַ נאַציאָנאַלער פּאָעט.

אין דער צייט פון דער מלחמה און חורבן פון פּוילישן יידנטום, האָט ער געשאַפן לידער באַזינגענדיק יידישע העלדישקייט און די גרויסע יידישע טראַגעדיע אין פּוילן.

אין דער לידער אַנטאָלאָגיע „יידן אין דער פוילישער פּאָעזיע", וואָס פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעגעבן אין פּאַריז, איז אויך בראָניעווסקי פאַר־טראָטן מיט לידער אויף יידישע טעמעס. אין אַ ליד „די פּוילישע יידן", וואָס איז געווידמעט דעם אָנדענקן פון ש. זיגעלבוים, באַוווּנדערט דער דיכטער די העלדישקייט פון די וואַרשעווער געטאָ־קעמפער, „די זין פון די מכביים וואָס זענען אויפגעשטאַנען צום קאַמף אָן אַ האָפנונג פון זיג".

דער דיכטער פאַרענדיקט דאָס ליד מיט די ווערטער: „אַז מען באַדאַרף אויסקריצן ווי מיט שטיין אין דעם פוילישן זכרון אַז אַ „שותפות'־דיקע" היים האָט מען אונז צעשטערט און דאָס פאַרגאָסענע בלוט פאַריי־ניקט אונז, עס בינדט אונז די מויער פון עקזעקוציעס אין דאכאו און אשוויענטשים, ס'בינדט אונז יעדער נאָמענלאָזער קבר און יעדער תפיסה קאַמער. אַ שותפותדיקער לויכטנדיקער הימל וועט אויפגיין איבער דער צעשטערטער וואַרשע, ווען מיר וועלן צוזאַמען פאַרענדיקן אונזער בלוטיקן זיג דעם לאַנגן, יעדער מענש וועט באַקומען פרייהייט, ברויט און רעכט. עס וועט אויפשטיין איין ראַסע — די העכסטע — פון מענטשן גערעכטע".

קען זיין אַז בראָניעווסקי איז אויפריכטיק אין זיין ליד. ער פאַר־געסט אָבער דעם בלוטיקן חלק אין יידן־מאָרד וואָס זיינע פּאָליאַקן האָבן. ס'איז איבערטריבן ווען ער דערמאָנט וועגן דער „שותפותדיקער היים" פון יידן און פּאָליאַקן. די דאָזיקע „שותפותדיקע היים" האָבן פּאָליאַקן מיט פרייד געהאָלפן פאַרניכטן ביז'ן גרונט. ביז'ן גרונט איז ווייט פון אמת אַז „דאָס פאַרגאָסענע בלוט פאַרייניקט אונז".

אין אַ צווייט געדיכט „באַלאַדן און ראָמאַנסן" ווענדט זיך דער דיכטער צום קינד — צו רבקה'ן וואָס לויפט אַ נאַקעטע און באָרוועסע איבער דער שטאָט וואָס ליגט אין חורבות און ווו ס'הערשט טויט און פאַרניכטונג. די 13 יעריקע רבקה לויפט אַליין איבער די חורבות און די פוילישע פאַרבייגייער וואַרפן איר צו אַ שטיקל ברויט אָדער אַ גראָשן. זי וויל אַוועקטראָגן דאָס באַקומענע שטיקל ברויט פאַרן טאַטן אין מיי־דאַנעק און פאַר דער מאַמען וואָס ליגט באַהאַלטן אונטער די חורבות. און דער „פּאַן יעזוס" קומט אויך אין געטאָ. און ביידע, סיי דער קליינער רבקה'ן, סיי יעזוס'ן פירן די ס. ס. לייט אַרויס אויפן וועג און די דייטשן דערשיסן זיי צוזאַמען. „זי זינט יודען"...

די יידישע מאָטיוון האָט בראָניעווסקי אָנגעשריבן מלחמה־צייט אין גלות זייענדיק אַוועק פון פוילן.

אַ אינטערעסאַנטן פאַל ברענגט דער זשורנאַל „היימיש" (ספּט. 1959): ווען בראָניעווסקי איז געווען אין ארץ־ישראל און פאַרגעלייענט

אין אַ קבֿוץ זיינס אַ פּאָעמע און ווען די עלעקטרישע ליכט איז קאַליע געוואָרן און ער האָט נישט געקענט פאַרטזעצן זיין ליינען אין דער פינס־טער — האָט אַ מיידל פון קבֿוץ געדענקט פון אויסנווייניק די פּאָעמע פון פוילישן דיכטער בראָניעווסקי — און זי האָט דעקלאַמירט דעם המשך אין דער פינסטער.

## יידן אין פּלאָצק נאָכן קריג

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט זענען אַ צאָל פּלאָצקער יידן צוריקגעקומען קיין פּלאָצק, גלויבנדיק אַז זיי וועלן קענען פאַרטזעצן זייער לעבן דאָרט.

דעם פּאָליאַק׳ס יידן־שנאה איז מיט גאָרנישט געוואָרן קלענער, טראָץ דעם וואָס די רעגירונג האָט דעם אַנטיסעמיטיזם באַקעמפט. די קליינע צאָל יידן אין שטאָט, איז ביי די פּאָליאַקן אין די אויגן געווען צו גרויס.

פסח צייט 1946 איז פאַרשוווּנדן אַ פויליש קינד אין שטאָט. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין שטאָט אַז יידן האָבן דאָס קינד דער־הרגעט פאַר ריטועלע צוועקן. די שטימונג איז געווען אַ געררייצטע. דאָס רעשטל יידן האָט געלעבט אין שרעק פאַר אַ פּאָגראָם. צווישן די פּאָליאַקן איז אָנגעגאַנגען אַ העצע אַז מ׳דאַרף אויסהרגענען די יידן וואָס היטלער האָט דורכגעלאָזן. אַ דאַנק דעם פּ. פּ. ס.ישן טוער קעמפּטשינסקי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן „אוזשאָנד אוביזפּיעטשאַלני״, זענען געוואָרן אָנגע־נומען מיטלען אויסצומיידן אַ בלוטיקן פּאָגראָם.

אַ טאָג שפּעטער, האָט מען דאָס קינד געפונען אַ לעבעדיקעס.

ס׳איז דער ערשטער בלוט־בלבול פאַרצייכנט צו ווערן אין פּלאָצק און געשעען איז עס נאָכ׳ן אויסמאָרדן פינף און ניינציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, ערשט מיט אַזאַ קורצער צייט צוריק.

די צייטונג „על המשמר״ אין ישראל באַריכטנדיק וועגן דעם אַנטי־סעמיטיזם אין „פּאָלקס־דעמאָקראַטישן״ פוילן, דערציילט וועגן אַ כאַראַק־טעריסטישן בריוו וואָס אַ יידישער איינוווינער פון פּלאָצק האָט געשריבן צו „טריבונאַ לודו״, דעם אָרגאַן פון דער פוילישער אַרבעטער פּאַרטיי. דער ייד אַלפרעד בערנשטיין באַקלאָגט זיך אַז דער אַרטיקער אַנטיסע־מיטיזם האָט שווער געטראָפן זיין פאַמיליע. אין דעם ענטפער גיט די צייטונג אָן אַז זיין ענין ווערט איבערגעשיקט צום אַמט וועלכער האָט יורידיקציע איבער דעם.

אַ „איטאַ״ ידיעה פון וואַרשע האָט דערציילט אַז עס זענען גע־פונען געוואָרן צוואַנציק ספרי־תורות און 2000 ספרים באַהאַלטן אויף

דעם בוידעם פון דער שוהל אין פּלאָצק און מ׳האָט עס פּאַרטיילט צו אַ צאָל קהלות אין פּוילן.

„דאָס נייע לעבן״ פון לאָדזש האָט באַריכטעט אַז פּוילישע אַרבעטער האָבן געפונען די פאָן פון פּלאָצקער „מכבי״ ביים דורכפירן קאַנאַליזאַציע־אַרבעטן. די פאָן איז פאַרגראָבן געווען אין אַ טאָפּ. ס׳איז געווען די פאָן וואָס „מכבי״ האָט ענטהילט צו איר 18 יאָריקן יובל. די פאָן איז גע־וואָרן איבערגעגעבן דעם יידישן קאָמיטעט. אויך איז דעם קאָמיטעט, נאָך גרויסע באַמיונגען געוואָרן איבערגעגעבן אַ צימבל וואָס איז איבערגע־צויגן געווען מיט פּאַרמעט פון אַ ספר־תורה.

אין ערשטן יאָר פון אויפקום פון מדינת־ישראל, ווען רוס־לאַנדס שטעלונג איז געווען אַ פריינטלעכע, איז דורכן יידישן קאָמיטעט אין פּלאָצק געוואָרן דורכגעפירט אַן אַקציע צו געבן בלוט די פאַרווונ־דעטע קעמפער פון צבא הגנה לישראל.



דעם 26־טן אָקטאָבער 1946 איז פאָרגעקומען די עקסהומאַציע פון 25 יידישע קרבנות אין פּלאָצק, דערמאָרדעטע דורך די נאַציס אין 1941. מ׳האָט זייערע צעריסענע פון קוילן קערפּערס איבערגעפירט פון אימיעל־ניצע, אַ דאָרף הינטער פּלאָצק — צום בית־עלמין און באַגראָבן זיי מיט ערע. אין דער לויה האָבן אָנטיילגענומען דאָס רעשטל יידן וואָס האָט געוווינט אין פּלאָצק און אַ רייע דעלעגאַציעס פון יידן אין וואַרשע און אַרומיקער געגנט און פאָרשטייער פון דער מאַכט. דער לויה־צוג האָט זיך אָנגעהויבן פון הויז אויף שענקעוויטשאַ 27 ווו ס׳האָט זיך געפונען די ביוראָ פון יידישן קאָמיטעט. ביים אָפענעם קבר האָבן גערעדט פאָר־שטייער פון דער מאַכט, אַלפרעד בליי פון יידישן קאָמיטעט, דער ריכטער מיכאל קעניגסבערג פון פּלאָצק און אַנדערע. אַלפרעד בליי רעדנדיק האָט אויסגערעכנט די נעמען פון די ערשטע ברוטאַל דערשאָסענע פּלאָצ־קער יידישע קרבנות: סאַדזאווקא משה, גרינשפּאַן משה, ראובן באַגאַטש, פּלאָצקער הערש, פּשעכאַדזקי דוד, פּשעכאַדזקי אברהם, פלאַקס אברהם, זיין זון פּנחס פלאַקס, ראַטבלאַט שמחה לייב, בורשטין אברהם, בורשטין עזרא הערש, פייקא אפרים, פּאַפּיערטשיק פישל, שוואַרץ מאַניעק, קרעדיט מאַרעק, זילבערבערג הערש, קורשטיין מאַניעק, שמידט אהרן לייזער, גאָלדבערג, קאַמזעל, הערקאַוויטש צדוק, זגאַל אַלטער, ריפּענהאָלץ יצחק, גראַובאַרד אפרים, חיים יוסף בלומערט.

ביים אָפענעם קבר האָט אויך גערעדט מיכאל קעניגסבערג, (וועל־כער איז געוואָרן באַשטימט צום ריכטער־אַמט אין העכסטן געריכט אין

פּוילן), ער דערמאָנט די דורות יידן אין פּלאָצק וועלכע זענען פאַרשווּנדן אויף אייביק, אָבער איבערגעלאָזן נאָך זיך מאָנומענטן פון שאַפן אויף פיל געביטן פון לעבן. ער האָט גערעדט וועגן פּלאָצק פון אַמאָל וואָס פלאָצקער אומעטום דערמאָנען מיט בענקשאַפט און וועגן די אומגעקומענע ניין טויזנט קרבנות. ער רעדט וועגן די פּלאָצקער ברידער וועלכע זענען געקומען 5 יאָר שפּעטער, נאָך דער שרעקלעכער עקזעקוציע איבער די 25 קרבנות, זיי אָפּגעגעבן כבוד און באַגראָבן מיט ערע און דערמיט אויך ערן אַלע טויזנטער ברוטאַל אומגעקומענע דורך די נאַציס.

ביים אָפענעם קבר איז געוואָרן געמאַכט אַ ״אל מלא רחמים״.

די 25 קרבנות האָבן זיך געפונען אין אַ טראַנספּאָרט וואָס מ׳האָט געפירט קיין דזשאַלדאָווע. פון זיי האָבן די דייטשן אַרויסגענומען 25 קרבנות, ווער עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט, מענער און יוגנט־לעכע אין עלטער פון 17 ביז 63 יאָר און מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אין אימיעלניצע און דאָרט דערשאָסן. די דייטשן האָבן זיי דערשאָסן אין גרופּעס צו 5. די לעבן־געבליבענע גרופּע האָט געמוזט באַגראָבן די דער־שאָסענע. די לעצטע גרופּע דערשאָסענע האָט געמוזט באַגראָבן דער יידן־ראַט וועלכער האָט געמוזט ביייוווינען די עקזעקוציע און גלייך נאָכדעם פאַרלאָזן די שטאָט.

אין פּלאָצקער געריכט איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס קעגן יאַקוב פּאָהל, דער תליון פון די גאָסטינינער יידן. אַלס אָנפירער פון אַנ׳ס. ס. גרופּע האָט ער אין 1939 אַרעסטירט הונדערטער יידן, זיי געפּייניקט אויף אַ סאַדיסטישן אופן. פיל פון זיי האָט ער אַרויסגעפירט אין שכנותדיקן וואַלד און דאָרט דערמאָרדעט. צווישן די דערשאָסענע זענען געווען פיר יידישע ראַטמענער. ער האָט שפּעטער באַפוילן דערמאָרדן פיל מער יידן און זיי באַרויבט. פון פוילן האָט היטלער אים איבערגעשיקט קיין פראַנק־רייך דאָרט פאָרטזעצן זיינע בלוטיקע מעשים. נאָך היטלערס מפּלה האָט ער זיך באַזעצט אין מערב־דייטשלאַנד. ער איז שפּעטער דעמאַסקירט גע־וואָרן און איבערגעגעבן דער פּוילישער מאַכט. דאָס פּלאָצקער געריכט האָט דעם בלוטיקן דייטש פאַרמשפּט צום טויט.

אויפן טאָג־אָרדנונג ביים יידישן קאָמיטעט איז געשטאַנען די פראַגע וואָס צו טאָן מיט דער שוהל. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָבן די דייטשן פאַראומריייניקט די שיינע שוהל, עס פאַרוואַנדלט אין אַ סחורה־לאַגער און דעמאָלירט די איינריכטונג פון אינעווייניק.

צוריק איבערבויען די שוהל ווי אַ מקום תפילה איז נישט געווען פאַר וועמען. עס איז געשטאַנען די פראַגע ביי די צוריקגעקומענע צאָל

יידן, ווי אַזוי האַלט מען אויף דעם לעצטן סימבאָל פון יידישן פלאָצק, אַז עס זאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד.

עס איז אַריינגעפלאַסן אַ פּלאַן פון געוועזענעם לאַוניק בורשטין, צו פאַרוואַנדלען די שוהל אין אַ מאַזאָלעאום נאָך די קדושים פון פלאָצק און פון דער אומגעגנט.

די צוריקגעקומענע בערך הונדערט יידן וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פלאָצק, האָבן אַזאַ פּראָיעקט נישט געקענט דורכפירן. זיי האָבן גע־גלויבט צו קענען עס דורכפירן מיט דער הילף פון פלאָצקער אין אַמע־ריקע. פון דער צווייטער זייט איז נישט געווען קלאָר די שטעלונג צו דער זאַך פון דעם מיניסטעריום פאַר קולטור און קונסט אונטער וועמענס יוריסדיקציע די זאַך האָט זיך געפונען.



צו באַערן דעם אָנדענק פון דער פאַרניכטעטער יידישער באַפעלקע־רונג אין פלאָצק איז דעם 23־טן אָקטאָבער 1949 ענטהילט געוואָרן אַ דענקמאָל וואָס איז געבויט געוואָרן דורכן פלאָצקער אַרכיטעקט פערלמוטער. דער דענקמאָל איז געוואָרן געשטעלט אויפן בית־עלמין. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווייסן בנין מיט ברייטע טרעפּ און פון פראָנט איבערגעבויגן ווי אַ דאַך. פון אויבן קוקן אַראָפּ גרויסע אותיות: על אלה אני בוכיה. אויף די ווענט זענען אויסגעקריצט נעמען פון קדושים.

אין דעם בויען פון דענקמאָל איז געווען אַקטיוו אַלפרעד בליי. ער איז שוין געווען אַ ייד אַ זקן, וועלכער האָט נישט געזען קיין צוועק אין זיין פאַרלאָזן פוילן. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ הייסער פּוילי־שער פּאַטריאָט און אַנ'אַסימילירטער ייד. אַ לעבנס־לאַנג איז ער געווען טעטיק אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און באַשלאָסן נאָכן קריג בלייבן אין פלאָצק, ער האָט געמיינט אַז עס וועט זיך נאָך צוריק אויפבויען אַ יידיש לעבן אין פלאָצק. טראָץ דעם וואָס נאָכן קריג האָט ער געקוקט מיט שטאָלץ אויפן אויפקום פון מדינת־ישראל, האָט ער געפילט אַז אין זיינע יאָרן קען ער שוין מער נישט אָנהויבן פון דאָסניי און אין דעם אייביק טייערן פאַר אים פלאָצק, האָט ער ווייטער געטאָן לטובת דעם רעשטל געבליבענע יידן. ווען ס'זענען שוין כמעט קיין יידן געבליבן אין פלאָצק, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און דאָרטן געשטאָרבן.



אין מאַי 1957 האָבן זיך געפונען אין פלאָצק נאָר 44 יידן. די צאָל איז באַשטאַנען פון 28 פאַמיליעס: 23 מענער, 21 פרויען און 40 קינדער.

זייער באַשעפטיקונג איז געווען: אין קאָאָפּעראַטיוון — 18, אין רעגי־רונגס־אַנשטאַלטן — 5, פּריוואַטע געשעפט־אייגנטימער — 1, פּריוואַטע לאַנד־ווירטשאַפט — 1, פּריוואַטע בעלי־מלאכות — 3, דענטיסטן — 2, הויז באַלעבאָסטעס — 12, קראַנקע — 2.

פון דער דאָזיקער צאָל זענען כמעט אַלע עולה געווען אין מדינת־ישראל. אין 1959 זענען געבליבן 3 יידן אין פּלאָצק.

✡ ✡ ✡

בצלאל אָקאָליצאַ

# אין פּלאָצק און אין סיביר

פרייטיק דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 6 פאַרטאָג האָבן זיך געהערט באָמבאַרדירונגען איבער דער שטאָט. די באַפעלקערונג האָט געגלויבט, אַז דאָס האָבן פּוילישע פליער מאַכנדיק מאַנעווורעס, על פּי טעות אַראָפּגע־וואָרפן באָמבעס. דעם קלאַנג אַז דער פּוילישער לופט־פלאָט מאַכט מאַנעוו־רעס האָבן די דייטשן בכיון פאַרשפּרייט, אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט צו דער ערשטער דייטשער לופט־אַטאַקע.

עס זענען געפאַלן עטלעכע צענדליק קרבנות. אַלע זענען ־עלעגן פאַרשטעקט אין די קעלערן ערוואַרטנדיק נייע לופט־אָנפאַלן. די פּוילישע מאַכט האָט מאָביליזירט די באַפעלקערונג צו גראָבן אקאָפּעס פאַר פאַר־טיידיקונג. די גאַסן האָבן באַקומען דעם אויסזען פון אַ שלאַכט־פעלד. צוגרייטנדיק די פאַרטיידיקונג, זענען די פּוילישע באַאַמטע דערווייל אַנט־לאָפן פון שטאָט אין דער ריכטונג פון וואַרשע. קוקנדיק אויף זיי האָט אויך די באַפעלקערונג אָנגעהויבן אַנטלויפן. מען איז געפאָרן מיט וועגע־נער און געגאַנגען צו פוס. פיל זענען אַוועק קיין גאמבין, גלויבנדיק אַז אין אַ קליין שטעטל וועט מען אויסמיידן די באָמבעס. צום סוף איז פּלאָצק געפאַלן אָן אַ קאַמף. דאגעגן שלאַכטן מיט שווערע באָמבאַרדירונגען זענען געפאַלן אויף גאמבין. דאָרט האָבן זייער טראַגישן סוף געפונען פיל פּלאָצקער וועלכע זענען אַהין אַנטלאָפן.

דאָס נישט אָריענטירן זיך אין דער געטראָפענער לאַגע, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן און וווהין צו לויפן, האָט געקאָסט דאָס לעבן פון פיל פּלאָצקער יידן. ענלעכעס איז פאָרגעקומען אין אַלע שטעט און שטעט־לעך. די רוסישע גרענעץ איז דעמאָלט געווען אָפן. אויך פּלאָצקער יידן האָבן געהאַלטן אַז מ׳דאַרף נישט אַנטלויפן, בפרט אין די ערשטע טעג ווען די דייטשן האָבן נישט אַרויסגעוויזן זייער פולע ברוטאַליטעט. ווען די נאַציס האָבן געוויזן זייער אמת׳ן פּרצוף, געמאָרדעט און גערויבט, דעמאָלט זענען די מעגלעכקייטן פון אַנטלויפן געוואָרן שווערער.

די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפן אין תפיסה צענדליקער יידישע פאָרשטייער און סתם רייכע יידן. מ׳האָט זיי געהאַלטן אַלס „זאַקלאַדניקעס" ביז ס׳וועט צוגעשטעלט ווערן די קאָנטריבוציע פון אַ מיליאָן זלאָטעס וואָס די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט. אין דער צייט זענען די מעגלעכקייטן פון אַנטלויפן געוואָרן שווערער. אַלע וועגן זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן

און באַוואַכט. אַ זער קליינע צאָל איז געלונגען זיך דורכרייסן אַ וועג צו דער רוסישער גרענעץ. פיל האָבן באַצאָלט דערביי מיט זייער לעבן. די אַנטלאָפענע זענען געוואָרן געשלאָגן פון די רוסישע גרענעץ וועכטער, און ווען מ׳איז צוריק געלאָפן האָבן געשלאָגן און געשאָסן די נאַ־צישע גרענעץ וועכטער. טייל זענען צוריקגעלאָפן קיין פלאָצק אונטער לעבנס־געפאַר און שפּעטער באַצאָלט מיטן לעבן אין די פאַרשיקונגס־ערטער.

אָנהויב 1940 האָבן די דייטשן געשאַפן די געטאָ אין פלאָצק און באַפוילן אַלעמען טראָגן די געלע לאַטע. די יידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן אַריינגעשטופּט אין ברייטע, גילדענע און שוהל־גאַסן. יידן האָבן זיך געפונען ווי חיות אין אַ שטייג, גרייט פאַרצוקט צו ווערן פון די נאַצים. דאָס פאַרלאָזן די געטאָ האָט געדראָט מיט טויט.

פון די ערשטע קרבנות איז געווען דער בעקער ראָזנשטיין. ווען דער דייטש האָט זיך דערנענטערט צו פלאָצק, האָט ראָזנשטיין צוגעמויערט אַ וואַנט אין זיין הויז און דאָרט באַהאַלטן פאַרשידענע חפצים, צווישן אַנדערע אויך אַ ראַדיאָ. ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט פלאָצק, האָבן זיי באַפוילן אַראָפּוואַרפן אַ צאָל הייזער אין אַ ריי גאַסן. צ. אַ. אויך דאָס הויז אויף ראָג בעלסקאָ און ברייטע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט ראָזענשטיינס הויז. ווען דאָס הויז איז געוואָרן דעמאָלירט איז איינגעפאַלן די צוגעמויערטע וואַנט אין ראָזענשטיינס הויז און די דייטשן האָבן גע־פונען די באַהאַלטענע זאַכן און אויך די ראַדיאָ. מ׳האָט אַוועקגעפירט ראָזנשטיינען אין שטאָב פון דער געסטאַפּאָ וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון גלחים־סעמינאַר. מ׳האָט אים דאָרט געהאַלטן אַרעסטירט דריי חדשים און געפייניקט ער זאָל זאָגן פון וואַנען די ראַדיאָס נעמען זיך דאָרט. זיי האָבן אים איינגעשפּאַנט צו שלעפּן אַ פּרעס־מאַשין מיט וועלכע מ׳ברוקירט די גאַסן און אים געשלאָגן מערדערלעך.

דעם 20־טן פעברואַר 1941 איז פאָרגעקומען די ערשטע אויס־זידלונג פון פלאָצקער יידן און דעם 28־טן דעם זעלבן חודש האָט מען אַרויסגעטריבן די רעשט געבליבענע יידן פון געטאָ. די דייטשע מערדער האָבן אָנגעפּאַקט די יידן אין לאַסט־אויטאָס ווי הערינג אין אַ פאַס. די וואָס האָבן נישט באַוויזן שנעל אַריין אין אויטאָ, האָבן באַקומען שרעק־לעכע קלעפּ. פיל קראַנקע און שוואַכע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. מיין מוטער איז אומגעקומען פון די קלעפּ ביים אַרויפשטייגן אין לאַסט־אויטאָ.

מ׳האָט די אָנגעלאָדענע אַוועקגעפירט אין פאַרשידענע פונקטן, קיין באָדזשענטין, ווישליצע, פּיעטריקאָוו א. אַ. כמעט אַלע האָבן זיי געענדיקט

זייער לעבן דורך הונגער, קראַנקהייט און לעבעדיק פאַרברענט ווערן אין קרעמאַטאָריעס.

די דייטשן האָבן געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך יידישע קהלה פאַר־שטייער פאַר דער דורכפירונג פון זייערע פאַראָרדנונגען. דאָס האָט מיך געצוווונגען אַנטלויפן פון פלאַצק. איך בין אַוועק קיין ביאַליסטאָק ווו ס׳האָבן זיך געפונען פיל אַנטלאָפענע פלאָצקער. די רוסן וועלכע האָבן אָקופּירט ביאַליסטאָק, האָבן דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון די פליטים און געגעבן די ברירה אָדער אַרויסנעמען רוסישע פעסער אָדער צוריק־פאָרן קיין פוילן וואָס איז געווען אונטער דייטשער אָקופּאַציע. כמעט אַלע האָבן זיך רעגיסטרירט צוריקגעשיקט צו ווערן צו זייערע משפחות. די וואָס האָבן נישט אַרויסגענומען רוסישע פעסער, האָבן די רוסן פאַרשיקט אין סיביר אויף שווערע אַרבעט. מ׳האָט זיי פאַרשיקט אין ווילדערנישן אויסצוהאַקן וועלדער. יעדן טאָג זענען מענשן געפאַלן ווי פליגן פון דער שווערער אַרבעט און שלעכטע דערנערונג. דער ערשטער פון די פלאָצ־קער קרבנות אין אַרכאַנגעלסק איז געווען יצחק מאיר גרינשפּאַן. אַנדערע געפאַלענע פון די שווערע סיבירער באַדינגונגען זענען געווען זילבערבערג יוזשעק, מעלצער מאיר, גאָלדשמיד חיים, ליסער, פאביאַן, אַלטמאַן און פיל אַנדערע. אין נאָר איין פונקט אין סיביר, אין קאָמי, ווו איך האָב זיך געפונען זענען געבליבן זיבן קברים פון פלאָצקער. די האָפנונג אַז דער קריג וועט אַריבער און מ׳וועט אונז אַלעמען צוריקשיקן אין אונזערע היימען, האָט אויפגעהאַלטן דאָס לעבן ביי די פאַרשיקטע.

טייל פלאָצקער וואָס זענען געווען אין דער ציוניסטישער אַרבע־טער באַוועגונג אין פלאַצק, האָבן באַוויזן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט חברים אין א״י. די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין א״י האָט געזוכט יעדן וועג צו קומען אין קאָנטאַקט מיט חברים און בכלל מיט יעדן פאַרשיקטן יידן אין רוסלאַנד. דורך אַ ביוראָ אין איראַן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פּעקלעך מיט מלבושים, זייף און אַנדערע נויטיקע זאַכן ובפרט אַ דער־מוטיקונגס־וואָרט וואָס איז מער פון אַלעם נויטיק געווען אויפצוהאַלטן דעם מוט און געגעבן די האָפנונג סוף כל סוף צו דערגרייכן ארץ־ישראל.

אין די יאָרן 1942־43 זענען אַזעלכע בריוו פּעריאָדיש אָנגעקומען צו פאַרשיקטע חברים. שטאַרק צונויף געקומען זענען אויך געווען די דער־האַלטענע שטיקלעך זייף וואָס פאַר דעם האָט מען געקענט באַקומען אַ ביסל האָלץ אָנצוואַרעמען די פאַרפרוירענע פיר ווענט פון די כאַלופּעס. פאַראַדאָקסאַל, אַז אין דער געגנט וואָס איז געווען לויטער וואַלד פאַר הונדערטער קילאָמעטער, איז נישט געווען אַ ביסל האָלץ צו האַלטן די

שטוב וואַרעם אין די אומגעהויער ביטערע קעלטן. די טראַנספּאָרטאַציע איז געווען זייער באַשווערט.

ווען איך און מיין פרוי האָבן זיך געפונען אין קאַמי, האָבן מיר אָפּט באַקומען בריוו פון זרובבל, ערעם און אַנדערע חברים וועלכע מיר האָבן געקענט פון פּוילן. אין די בריוו האָבן מיר געהאַט ידיעות אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן, וועגן דער לאַגע אין א״י א. אַ. וו. אָפט זענען אויך טיילן פון בריוו געווען אויס־געשניטן פון דער צענזור. פון די בריוו זענען מיר אויך געוווּיר געוואָרן וועגן דעם העלדישן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. זיי האָבן אונז אויך געבעטן צו שיקן זיי וואָס מער אַדרעסן פון „קאַזינס״ וועלכע וווינען אין דער זעלבער געגנט, וועלן זיי שיקן צו זיי פּעקלעך און זיי העלפן. מיר האָבן עס מיט פרייד געטאָן.

י. טינסקי

# אין פלאָצק ביזן גירוש

פרייטיק אין דער פרי זענען געפאַלן באָמבעס איבער דער שטאָט. די קריסטן האָבן געפרווט „אויפקלערן״ אַז דאָס האָבן פּוילישע עראָפּלאַנען על פי טעות אַראָפּגעוואָרפן באָמבעס איבער דער שטאָט. די דייטשע קאַלאָניסטן וועלכע וווינען אַרום פלאָצק, האָבן עס גענומען ווי אַן אָנזאָג פון אַרויס־טריטן קעגן יידן. דער צוטרוי וואָס יידן האָבן געהאַט צו די דייטשע קאָלאָניסטן האָט מיט אַמאָל אויפגעהערט. די מילך וואָס זיי האָבן געברענגט אין שטאָט אַריין און האָט זיך געפונען אין יידישע היימען האָבן יידן אויסגעגאָסן. דעם פרייטיק האָט מען די געשעפטן נישט געעפנט. אויף דער פּוילישער גאַס, האָבן זיך רעגירונגס־באַאַמטע און פּוילישע טוער געגרייט צו אַנטלויפן פון שטאָט. אַלע זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון וואַרשע. די ענגשאַפט אויפן דאמפער איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער בוכהאַלטער קאַראַש איז דערדריקט געוואָרן. ער איז געווען דער ערשטער יידישער קרבן אין שטאָט. ערגער האָבן געהאַט די וואָס זענען געלאָפן נאָך גאמבין. די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט דאָס שטעטל און צווישן די צעגליקער קרבנות זענען אויך געווען עטלעכע פלאָצקער יידן: דער שלאָסער גאָמבינסקי, זיין פרוי און צוויי קינדער, וואַרשאַוויאַק מיט זיין פרוי, לייביש טילמאַן מיט זיין שוועד א. אַ

אויך די פלאַצקער וואָס זענען געלאָפן קיין גאסטינין, האָבן צו־זאַמען מיט די דאָרטיקע יידן געליטן צרות. די דייטשן האָבן פאַראָרדנט אַלע מענער אַרויסגיין אין מאַרק. די יידן האָבן זיך געמוזט לייגן אויף דער ערד מיטן פנים אַראָפּ. שפּעטער האָט מען זיי געשלעפּט צו שווערע אַרבעט. דעם דאָרטיקן רב בורשטין, אַ פלאָצקער, אַ ברודער פון מלמד זלמן מעכל בורשטין, האָט מען געצוואונגען צו טראָגן וואַסער און רייניקן די וואגאנעס ביי דער באַן.

ווען דאָס דייטשע מיליטער איז אַריין אין פלאָצק, האָבן זיי אַרויס־געטריבן אַלע יידישע מענער אין גאַס און גענומען 300 פון זיי אַלס משכנות און שפּעטער זיי באַפרייט. דערווייל האָבן אַנטלאָפענע פלאָצקער יידן זיך אָנגעהויבן צוריקקערן, ווייל אויך אין אַנדערע ערטער איז די לאַגע נישט געווען בעסער.

לויט אַ פאַראָרדנונג, האָבן סוחרים געמוזט עפענען זייערע גע־שעפטן. מיליטער לייט האָבן זיך גענומען אָן באַצאָלט וואָס זיי האָבן געוואָלט. דייטשע דינסט־מוידן פון מאשעווע זענען געגאַנגען מיט דייטשע סאָלדאַטן און געראַבעוועט די קראָמען.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן באַפוילן צו מאַכן אַ רעמאַנענט פון די סחורות און די ליסטע אַריינטראָגן אין מאַגיסטראַט. שפּעטער האָט מען באַפוילן ברענגען די שליסלען פון די געוועלבער און די דייטשן האָבן די געשעפטן פאַרחתמעט. קורץ נאָכדעם האָט מען קאָנפיסקירט ביי די יידן די מעבל פון די שטובן.

אין דער געשפּאַנטער שטימונג, אָן אַן׳אויסוועג, די יידן מיט שרעק און זאָרג, איז געקומען אַ באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, אַז די יידישע באַ־פעלקערונג מוז צושטעלן קאָנטריבוציע אַ האַלבן מיליאָן זלאָטעס. די זאַך האָט אויפגעציטערט יעדן, ס׳איז געשטאַנען די פראַגע פון וואַנען צו נעמען אַזאַ גרויסע סומע. מ׳איז געקומען צום באַשלוס, אַז אַ דעלע־גאַציע צו דער געסטאַפּאָ זאָל בעטן, אַז אַנשטאָט אַ טייל געלט זאָלן זיי נעמען גאָלדענע חפצים. ס׳איז געווען אַ פראַגע ווער זאָל זיין אין דער דעלעגאַציע, מ׳האָט מורא געהאַט פאַרן לעבן. עס האָט זיך געמאָלדן אַ פרוי, אַ דענטיסטן, וועלכע קען גוט דייטש און זי איז אַוועק זיך משתדל זיין. די דייטשע מאַכט האָט מסכים געווען, און צו מאַכן זיכער אַז זיי באַקומען די קאָנטריבוציע האָבן זיי אַרעסטירט דריי אָנגעזעענע יידן: שיליט, גראַובאַרד און קילבערט. נאָך גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען צו שאַפן די סומע פון 350 טויזנט זלאָטעס און מ׳האָט די משכנות באַפרייט.

יעדן טאָג האָבן דייטשע זעלנער זיך אַרויסגעלאָזט איבער די

גאַסן און געטריבן די מענער צו שווערע, שמוציקע אַרבעט. אין פּיל פֿאַלן האָבן פּוילישע שקצים אָנגעוויזן ווו יידן געפֿינען זיך. אַזוי האָבן זיי אָנגעוויזן אויף דער וווינונג פֿון רב, ווען מ'האָט געשלעפּט צו אַרבעטן אין די מיליטערישע קאַזאַרן און געמוזט מיט די הענט צונויפֿ־נעמען פֿערדישע צואה. כדי אויסצומיידן ענלעכעס, איז דער רב אַריבער וווינען אין מושב זקנים.

אויסצומיידן ענויים האָבן פֿרומע יידן זיך אָפּגעשוירן די בערד. ווען אַ דייטש האָט געזעען אַ ייד אין אַ באָרד, האָט ער מיט אַ שער אָפּגעשניטן, מיטשניידנדיק שטיקער הויט. טייל פֿרומע זענען אַרומגעגאַנגען מיט טיכער פֿאַרבונדן דאָס פּנים כלומרשט צוליב צאָן־ווייטיק, באַהאַלטנדיק אין טוך די באָרד.

ביי דער לאַגע איז אויסגעבראָכן אַ שרפֿה אין „דייטשער מיל", וועלכע איז געווען אין אַרענדע צו די מעהל־סוחרים גרינשפּאַן, טילמאַן, שיינוואַלד. מ'האָט די אויבנדערמאָנטע אַרעסטירט. ביי דעם אַרעסט פֿון גרינשפּאַנען האָט די געסטאַפּאָ געטראָפֿן אין זיין וווינונג, צוויי יידישע בחורים, זיינע שוועסטערן־זון פֿון באַדזאַנאָוו, וואָס זענען גראָד די נאַכט דאָרט געשלאָפֿן. אויף זיי איז געוואָרפֿן געוואָרן די באַשולדיקונג, אַז זיי זענען ספּעציעל געקומען אונטערצינדן די מיהל. צום גליק האָט זיך פֿאַר זיי איינגעשטעלט דער דייטשער מיהל־אייגנטימער וועלכער האָט פֿאַרזיכערט אַז די יידן האָבן עס נישט געטאָן. נאָך אייניקע טעג האָט מען זיי באַפֿרייט.

מען האָט אויך אַרעסטירט יידן אויף ווען זייערע געוועזענע קריסטלעכע דינסטן האָבן אָנגעוויזן אַז זייערע בעלי־בתים האָבן זיי גע־צוווּנגען צו ראַסן־שאַנדע.

ווען מ'האָט באַפֿוילן אַז יידן זאָלן מער זייערע געוועלבער נישט עפֿענען, האָט מאַשקאָוויטש פֿון דער גילדענער גאַס אַרויסגעטראָגן מלבושים פֿון זיין געשעפֿט צו באַהאַלטן און געמאָלדן אַז גנבים האָבן אַרויסגעגנבעט די סחורה. דערפֿאַר האָבן די דייטשן געמאַכט אַ שרעקלעכן פּאָגראָם אויף דער ברייטע און גילדענע גאַס. זיי האָבן צעהאַקט טירן מיט העק, אויסגעליידיקט פֿון שענק וואָס זיי האָבן געפֿונען, בלוטיק צעשלאָגן יעדן אין די הייזער.

דער מאַגיסטראַט האָט אַרויסגעגעבן יידן צייגנישן אָן אונטער־שריפֿטן, נאָר מיט פֿינגער אָפּדרוקן.

צו די פֿייניקונגען, רויבערייען, האָט מען נאָך באַפֿוילן טראָגן דעם שאַנד־צייכן, אַ געלע לאַטע. אין גאַס האָט מען געקענט זען אויסגעשפּרייט יריעות פֿון ספֿר־תורות וואָס זיי האָבן גענוצט ווי כאָדניקעס. מ'האָט גע־

פירט יידן אין קריסטלעכע גאַסן אַנגעטאָן אין טלית און תפילין. איין ייד האָט מען אָנגעטאָן די צערעמאָניאַלע קליידער פון ביסקופ און געפירט איבער דער גאַס.

די דייטשע מאַכט האָט דאָן באַשלאָסן איינשטעלן אַ יידן־ראַט וועלכער זאָל אויספירן אַלע אָנווייזונגען פון די דייטשן. שאטאן, אַ געוועזענער באַאַמטער אין מאַגיסטראַט, איז געוואָרן באַאויפטראגט צו אָרגאַניזירן אַ יידן־ראַט, וועלכער איז באַשטאַנען פון: ד״ר בראָמבערגער, אַלס פּאָרזיצער, שאטאן, שפּערלינג, גוזשיק, שענוויץ, זעליגמאַן און שעכטמאַן. דער יידן־ראַט האָט געדאַרפן צושטעלן יעדן טאָג 150 אַרבעטער. ס׳זענען באַשטימט געוואָרן צוויי בעקערייען, 1 פליישׁ געשעפט, 1 מילכיקע געשעפט און צוויי האָלץ און קוילן סקלאַדעס, אַ מעדיצינישע סטאַנציע, אַ פּאָסט־באַדינונג, אַ וווינונגס־אַמט און אַ יידישע מיליץ. די מיליץ פון 20 מאַן האָט געהאַלטן אָרדנונג ביי די רייען וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט צו באַקומען פּראָדוקטן און ביים מעלדן זיך צו דער אַרבעט. די באַאַמטע ביים יידן־ראַט זענען געווען באַפרייט פון פיזישע אַרבעט. אין זאַל פון מכבי איז געוואָרן געשאַפן אַן׳אַלגעמיינע קוך און די נויטבאַדערפטיקע האָבן באַקומען פריי אַ מיטאָג.

יידישע דאָקטוירים און דענטיסטן איז נישט ערלויבט געוואָרן באַהאַנדלען קריסטלעכע פּאַציענטן. יידן האָבן זיך ערנערט מערסטנס פאַרקויפנדיק אויס חפצים פון הויז. די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט דעם לאָקאַל פון „אָרט״ מיט די מאַשינען. די וואָס האָבן געאַרבעט אין קריסטלעכן סעמינאַריום, האָבן שוידערלעך געליטן, מ׳האָט דאָרט פשוט זיי פאַרפייניקט צום טויט אויף אַ סאַדיסטישן אופן.

פרומע יידן האָט מען געצווונגען ביי דער אַרבעט, עסן פון די טרפה׳נע סופּן. איינפעלד, דער זון פון געוועזענעם שוחט האָט זיך געלאָזט פאַרמוטשען צום טויט און נישט געוואָלט עסן טרפות.

קריסטן וואָס זענען געווען אין באַציונגען מיט יידן, האָבן דערציילט, אַז אין מאַגיסטראַט ווערט געגרייט אַ ליסטע פון אַלע יידן, וועלכע מ׳וועט אין אַ געוויסן טאָג אַרויסטרייבן פון שטאָט.

פון זיך אַליין, איז אַרויסגעוואַקסן אַ יידישער שתדלן, וועלכער האָט אין מאַגיסטראַט אויסגעפועלט פאַרשידענע פאַרלייכטערונגען. עס איז געווען שמעון קרישעק.

די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגעשיקט פון שטאָט אַלע גייסטיקקראַנקע און דעפעקטיווע מענשן. דעם ביטערן גורל האָבן אויך געטיילט די אַלטע־לייט פון מושב זקנים. אין אַ פּראָסטיקן שבת נאָכמיטאָג, זענען צוגעפאָרן אויטאָס מיט ס. ס. לייט און פון דאָרט אַוועקגעפירט אַלע איינ־

ווינער צו פאַרניכטונג. דערביי איז געשען דער פאַל מיט משה טינסקי. וועלכער איז געלאָפן זען, אפשר וועט ער עמיצן קענען אָפּראַטעווען. איז ער אויך פאַרכאַפּט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַלטעטשקע מענער און פרויען.

די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט דאָס פוילישע שפּיטאָל און זיי אַוועקגעגעבן דערפאַר דאָס יידישע שפּיטאָל. די פוילישע שפּיטאָל־באַאַמטע האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיטן יידן־ראַט און זיי ערלויבט אַרויסנעמען אַ טייל שפּיטאָל־מכשירים.

געווען אַ פאַל אַז אַ גרופּע געסטאַפּאָ־לייט זענען אַהיימגעגאַנגען שפּעט פון אַ הוליאַנקע, האָט זיך זיי פאַרגלוסט דורכצוגייען די גילדענע גאַס. ווען זיי זענען צוגעקומען צום ניעצאַלא געסל ווו ס׳האָט געוווינט הערש וואָלף זילבערבערג, דער אויפזעער פון מושב־זקנים, האָבן זיי אָנגעקלאַפּט אין הויז. דער יידישער סטרוזש (אַלע יידישע הייזער האָבן געמוזט ווערן באַדינט פון יידישע סטרוזשעס) האָט מורא געהאַט צו עפענען. האָבן זיי אין פענסטער אַריינגעשאָסן און אויפגעריסן די טיר. ווען זיי זענען געגאַנגען אויף די געדרייטע טרעפּ אין דער פינסטער, איז איינער פון זיי אַראָפּגעפאַלן און זיך צעבלוטיקט. זיי האָבן געמאָלדן אין דער געסטאַפּאָ, אַז יידן האָבן זיי בלוטיק צעשלאָגן. אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אַלע איינוווינער פון הויז, אין זייערע נאַכט־העמדער געפירט אין טורמע. אין דער פרי האָט מען אַרעסטירט אַלע מענער פון ברייטע, גילדענע און ביעלסקאַ גאַסן און זיי אַוועקגעפירט אין טורמע.

דעם 19־טן פעברואַר האָט מען אויפגעפאָדערט די יידישע מיליץ צו שטעלן זיך אין געסטאַפּאָ. מ׳האָט זיי שרעקלעך געשמיסן און געפייניקט. די בייטשן מיט וועלכע מ׳האָט געשמיסן זיי איז געווען אַ געצוווּנגענער געשאַנק פון יידן־ראַט.

אין דער נאַכט פון 19־טן אויף 20־טן פעברואַר האָט מען אויפגעוועקט אַלע איינוווינער פון יידישן קוואַרטאַל. די שרעקלעכע געשרייען אין גאַס האָט אַלעמען צעמישט. ס׳האָט אויסגעזען ווי מ׳איז אַרומגערינגלט אין אַ ברענענדיק הויז אָן אַ וועג אַרויס. מ׳האָט אַלעמען אַרויסגעיאָגט אין ברייטע גאַס אַרויס און געשטעלט אין רייען. די פעקלעך וואָס מענשן האָבן געהאַט מיט זיך האָט מען ביי יעדן אַרויסגעריסן. די וועלכע זענען געווען צו פיל מלבושים אָנגעטאָן, האָט מען עס ביי זיי אַראָפּגעריסן. קריסטלעכע וואגנס האָבן אַלע פּעק אַוועקגעפירט. די יידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן אויסגעשטעלט אין דער לענג פון דער גאַס, פון בית־המדרש ביז דעם סעמינאַריום. שוואַכע און קראַנקע האָט מען געלאָזט ליגן אויף דער ערד.

אַכט אין דער פרי האָט מען אָנגעהויבן אָנלאָדעווען די מענשן אויף לאַסט־אויטאָס ווי די בהמות און זיי אָפּגעפירט קיין דזשאלדאָווע נעבן מלאַווע. אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט דאָס אָפּטראַנספּאָרטירן. ווען זיי האָבן געהאַט דעם פולן קאָנטיגענט לויט זייער פּלאַן, האָבן זיי די איבערגעבליבענע באַפוילן צוריק פאַרנעמען די וווינונגען זייערע. דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ פון דער אויסזידלונג.

מלך זיינוועל (פּאמועלם)

# ובדמיך חיי

די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט. דייטשע סאָלדאַטן אויף מאָטאָרציקלען זענען אַרומגעפלויגן איבער די גאַסן. אַ מאָטאָרציקל שטעלט זיך אָפּ, אַ סאָלדאַט שפּרינגט אַרויס און שיסט אין מענשן. די דייטשע קאָמאַנדע האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דערשיסן אַלע הינט. עס איז זיי נישט געפעלן דער הינטישער „קבלת פנים". די הינט האָבן אינסטינקטיוו דערפילט אַז ס׳קומען „מענשן" וואָס ברענגען צרות...

אין געציילטע טעג זענען קאָנפיסקירט געוואָרן די געשעפטן, יידן האָבן געמוזט טראָגן געלע לאַטעס און געווען פאַרבאָטן גיין אויפן טראָטואַר, — נאָר אין מיטן גאַס.

ווען ס׳איז אַרויס דער באַפעל פון אַריינשטויסן יידן אין אַ געטאָ האָט מען אין צען מינוט צייט געמוזט פאַרלאָזן אונזערע היימען. וואָס מ׳האָט באַוויזן מיטצונעמען אין די אייניקע מינוט האָט מען מיטגענומען. דאָס בעטגעוואַנד איז געווען דאָס טייערסטע ביי מיין מאַמען. מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן אונזער היים אין אַ פרייטיק צונאַכטס. איך וועל קיינמאָל פאַרגעסן מיין מאַמעס טרערן פאַרוואָס די פאַרשאָלטענע דייטשן האָבן איר פאַרשטערט דעם שבת און זי האָט נישט געקענט אָנצינדן ליכט לכבוד שבת.

אויפן מאַרק איז מיר געלונגען דינגען אַ פויערישן פערד און וואָגן און אַרויפלייגן אונזער ביסל אָרעמקייט אויפן וואָגן וואָס זאָל עס פירן אין געטאָ. מיין מאַמע האָט כסדר געמורמלט: פינסטער איז אונזער וועלט, מיר זענען מחלל שבת!

אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען געבראַכט אַ פּאָר טויטע און

פאַרווונדעטע אין געטאָ, וועלכע האָבן נישט באַוויזן שנעל צו פאַרלאָזן זייערע היימען און לויפן אין דער געטאָ. די ענגשאַפט אין געטאָ איז געווען אַ שרעקלעכע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קראַנקהייטן. יעדן טאָג האָט די גמינע געמוזט צושטעלן הונדערטער מענשן צו צוואַנגס־אַרבעט. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסשיקן „טראַנספּאָרטן״ מיט מענשן וואָס זייער גורל איז געווען אומבאַוווּסט. שרעקלעכע געוויינען זענען אויסגעבראָכן בעת די פאַרשיקונגען און די דייטשע מערדער האָבן גע־קוקט און סאַדיסטיש געלאַכט.

אין יולי 1941 האָט מען פאַרזאַמלט אַלע יידן אויף דער גאַס און אַ טייוולאָנישע דייטשע שטימע האָט אויסגעדונערט די נעמען פון 500 יידן אַוועקגעשיקט צו ווערן אין אַנ׳אַרבעטס־לאַגער. אַ קאַלטער שווייס האָט באַגאָסן מיין קערפּער ווען דאָס ווילדע קול האָט אויסגערופן מיין נאָמען. מיין מאַמע האָט געקלאָגט. איך בין די נאַכט נישט געשלאָפן. ווען דער פינסטערער פרימאָרגן איז געקומען, בין איך אַרויס אין גאַס. אין אייניקע מינוטן בין איך שוין געווען צוזאַמען מיט אַנדערע אויף יענער זייט שטעכיקע דראָטן וואָס האָט אַרומגעצוימט די געטאָ. מיין מוטער האָט פאַרצווייפלט געוויינט: מלך׳ל, וווהין נעמט מען דיך אַוועק פון מיר?! איך האָב שוין נישט באַוויזן זיך געזעגנען מיט מיין מאַמע. מאַרש! מאַרש! האָבן די דייטשן ווילד געשריען. די ס. ס. האָבן אונז געפירט צו דער באַן־סטאַנציע און אונז אַריינגעטריבן אין וואַגאָנען פאַר בהמות. דריי מעת־לעת זענען מיר געשטאַנען אין שרעקלעכער ענגשאַפט אין די וואַגאָנען. אָן ברויט און אָן וואַסער. מיר האָבן זיך געבעטן ביי די דייטשן: גיט אונז אַ טרונק וואַסער. זייער ענטפער איז געווען: קראַפּיר יודע! זיי האָבן אַריינגעשאָסן אין די געפּאַקטע וואַגאָנען. בלוט איז גערונען, מענשן זענען אויסגעגאַנגען.

אויפן פערטן טאָג זענען מיר אַריינגעטריבן געוואָרן אין היל־צערנע באַראַקן אין אַ דאָרף היגעלהאַוזען. מיר האָבן דאָרט געהאַקט שטיינער און געבויט שאָסייען. עסן האָט מען אונז געגעבן פינף קאַר־טאָפעל, אָפט פאַרפוילטע מיט אַ ביסל שמוציג וואַסער. פיל זענען אומ־געקומען פון קעלט, שמוץ און הונגער. פון אונזער טראַנספּאָרט — 500 יידן, איז געבליבן ווייניקער ווי אַ העלפט. ווידער האָבן די ס. ס. אונז אַריינגעטריבן אין וואַגאָנען פאַר פערד. די וואַגאָנען פאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס און אונז געפירט ווייטער. אַרויסגייענדיק האָט מען אונז גע־טריבן אין אַ מאַרש אַ פאַר שטונדן ביז מ׳האָט אונז אַריינגעפירט אין אָשוויענטשים. מ׳האָט אונז באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט ווי גאָט האָט אונז באַשאַפן און אונז געלאָזן שטיין נאַקעטע אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס

האָבן מיר באַקומען געשטרייפטע הויזן און אַ העמד און דאָס איז געווען אונזער קליידונג. די דייטשן האָבן אונז געזאָגט דעם טרויעריקן אמת, אַז פון דאַנען קומט מען שוין נישט אַרויס. צוויי מאָל אַ וואָך זענען דאָ פאַרגעקומען סעלעקציעס. ווו איך האָב זיך געפונען האָט מען גערופן „דער ציגיינער לאַגער".

יעדן דינסטיק און פרייטיק האָבן זיך צוועלף טויזנט נאַקעטע קערפּערס געמוזט אויסשטעלן ווי די סאָלדאַטן אין רייען, אונטער יעדן וועטער. די ס. ס. לייט האָבן מיט אַ צייכן פון דער האַנט געוויזן רעכטס אָדער לינקס. איין זייט איז געווען צו צוואַנגס־אַרבעט, די צווייטע זייט פאַרברענט צו ווערן אין קרעמאַטאָריע. אַזוי זענען יעדע וואָך אַכט טויזנט מענטשן געוואָרן פאַרגאַזעט און פאַרברענט.

פיר אַ זייגער פאַרטאָג האָט מען אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די באַראַקן פאַר אַן „אפעל" וואָס האָט געדויערט 3 שטונדן. די קאַלטע וועטערן זענען אַריין אין די ביינער. די פעלדער ווו די באַראַקן זענען געשטאַנען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טיפע זומפּן. מיר האָבן פּשוט געזונקען אין די בלאָטעס. אונזערע פיס באָרוועסע, ווייל קיין שיך האָבן מיר נישט געטאָרט טראָגן. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. נאָך די „אפעלן" האָט מען אונז געפירט צו דער אַרבעט פון שלעפּן שווערע שטיינער. אויך יידישע פרויען האָבן געטאָן די זעלבע אַרבעט. די פרויען אין די געבראַכטע טראַנספּאָרטן, האָבן זיי באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט אין די אויגן פון מענער, אַראָפּרייסנדיק זייער מענטשלעכע ווירדע. מ׳האָט פולשטענדיק אָפּגעשוירן זייערע האָר. אין קאַלטע רעגנדיקע טעג זענען פרויען צוגלייך מיט מענער געשטאַנען אין וואַסער און געגראָבן טיפע גריבער.

אין סעפּטעמבער 1943, בעת אַ סעלעקציע, בין איך געווען צווישן 500 אויסגעקליבענע אַוועקגעשיקט צו ווערן. מ׳האָט אונז געהאַלטן שטונדן לאַנג אין דרויסן. אונזערע פיס זענען געזונקען אין בלאָטעס. ענדלעך הערן מיר אַ ווילד געשריי: אַכטונג! מ׳האָט יעדן געגעבן אַ פּאָר האָל־צערנע שיך. מיינע אויסגעפרוירענע נאַסע פיס האָבן ווידער דערפילט דעם טעם פון אַ שוך, באַדיי אַ האָלצערנעם. באַלד איז געקומען דער באַ־פעל: מאַרש! מיר פאַרלאָזן אָשוויענטשים. אונזערע פיס זינקען אין די בלאָטעס. מיר שטרענגען אָן אַלע כוחות אַרויסצושלעפּן אונזערע פיס פון די זומפּן, צו קענען שטעלן אַ טריט. מען פירט אונז צו דער באַן־סטאַנ־ציע אונטער אַ שטרענגער וואַך. מען שטופּט אונז אַריין אין פינסטערע וואַגאָנען ווי הערינג אין אַ פאַס. שווער אָטעם צו כאַפּן. די וואַגאָנען ווערן פאַרזיגלט, זיצן איז קיין פּלאַץ נישטאָ, אַזוי פאָרן מיר שטייענדיק

צונויפגעפרעסט. ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט זענען מיר אַרויס אונטער אַ האָגל פון מערדערלעכע קלעפּ פון די ס. ס. די אַוועקגעפאַלענע האָבן מיר געמוזט מיטשלעפּן מיט זיך. מ׳האָט אונז אַריינגעפירט אויף ליידיקע פעלדער אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. ווער ס׳האָט זיך דערנענטערט צו די דראָט־פאַרצוימונגען, האָבן די דייטשן וועלכע זענען געשטאַנען אין דערבייאיקע טורעמלעך, גלייך דערשאָסן. זייער „פּאַרוויי־לונג״ איז געווען צו וואַרפן אַ סיגאַרעט נאָענט צו די דראָט־פאַרצוימונגען, ווען איינער האָט זיך דערנענטערט עס אויפהויבן, האָבן זיי אים דערשאָסן.

אין דעם לאַגער פינהייכען האָבן די דייטשן אונז געצוווּנגען אַר־בעטן אין קרופּס אַמוניציע פאַבריק. ווען די אַמעריקאַנער האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די דייטשע קריגס־אינדוסטריע האָבן די דייטשן איבערגע־פירט די אַמוניציע פאַבריקן אין דערפער נאָענט צו די וועלדער אין פאַר־וואָרפענע פלעצער. טויזנטער שקלאַפן פון די לאַגערן האָבן געמוזט בויען גרויסע אַמוניציע צענטערן. אין די ריזיקע האַלעס האָט מען אונז אויסגע־שטעלט אין רייען ביי הונדערטער מאַשינען אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון באַוואָפנטע דייטשן וועלכע האָבן אונז געיאָגט צו פּראָדוצירן מער און מער. יעדן טאָג האָט מען אונז געטריבן צו דער אַרבעט 4 מייל פון קאַצעט־לאַגער. מיר האָבן געטאָפּטשעט אין טיפע שנייען. ווען איינער האָט נישט געקענט אַרויסשלעפּן די פיס פון שניי האָט געקענט געשעען ער זאָל אַנידערפאַלן. די וואָס האָבן זיך געשלעפּט הינטער אים זענען אויך געפאַלן. אַזוי איז ענטשטאַנען אַ געדרענג פון מענשן וואָס האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. די דייטשן האָבן גענומען שיסן אין דער מענשן־מאַסע. די געבליבענע אין פּאַניק האָבן געטראָטן אויף דערשאָסענע און לעבעדיקע. דער סאָרט טעראָר איז אָנגעגאַנגען טעגלעך אויפן וועג צו דער אַרבעט.

מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט אין דער אַמוניציע פאַבריק פּראָ־דוצירנדיק יעדער צו צוויי רערן פאַר האַרמאַטן, אַ טאָג. אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר שוין געמוזט מאַכן דריי רערן, אַזוי איז עס דערגאַנגען ביז פופצען רערן אַ טאָג. פאַר נישט קענען פּראָדוצירן די נאָרמע האָט מען דערשאָסן.

דורך אַ צופאַל איז צו אונז דערגאַנגען אַ דייטשע צייטונג און מיר זענען געוווּיר געוואָרן פון די דייטשע מפּלה אין סטאַלינגראַד און ביי על־אלעמיין. ס׳איז געווען אַ גרויסע פרייד פאַר אונז. גלייכצייטיק האָבן מיר זיך אַליין געפרעגט: וועט מען כאָטש דערלעבן צו זען די פרייהייט?

אין יאַנואר 1945 האָבן די רוסישע קאַנאָנען שוין אַריבערגעשאָסן אונזער לאַגער. די דייטשע מערדער האָבן אונז באַפוילן ווייטער צו וואַנ־

דערן. ס'איז געווען אַ שווערער ווינטער מיט טיפע שנייען און גרויסע פרעסט. די דייטשע וועכטער האָבן זיך געשראָקן נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון זיך דערנעטרנדע רוסן. די נאָענט צו צוואַנציק טויזנט אַרעסטירטע אין לאַגער האָט מען באַפוילן זיך אויסשטעלן אין לאַנגע רייען. יעדער וואָס וועט אַרויס פון דער ריי, האָט מען געדראָט צו שיסן. מיר האָבן געזען אַז די דייטשע מפלה דערנעענטערט זיך. קיין כח צו שלעפּן די פיס איז שוין נישט געווען. מענשן אין די רייען זענען געפאַלן ווי פליגן, אָן כוחות, דערשעפּט. מענשן האָבן געטאָן זייער מענשלעך גע־ברויך מאַרשירנדיק. מען איז געגאַנגען און געשלאָפן. ווי אין אַ היין־הער פלעט האָט מען געשלעפּט די פיס. ביינאַכט האָבן די ס. ס. אונז אַריינגע־טריבן אין סטאַדאַלעס אין די דערפער. צוליב ענגשאַפט זענען הונדערטער געבליבן אין דרויסן אין שניי. די וואָס זענען אַריין אין סטאַדאַלע זענען געפאַלן מאַכטלאָז פון שלאָפלאָזיקייט און ערשעפּונג. פיל זענען דאָרט פון ענגשאַפט דערשטיקט געוואָרן.

אין דער פרי האָבן אונז די „קאַפּאָס” אויפגעוועקט מיט געוואַלדן. מיר ווילן אויפשטיין פון שניי און קענען נישט. איך זאָג צו מיין חבר משה'לע: העלף מיר זיך אויפשטעלן. משה'לע ענטפערט מיר: איך קען אויך נישט, מיינע הענט און פיס זענען געפרוירן. און דאָ זעען מיר ווי די ס. ס. הרגענען די מענשן וואָס קענען זיך נישט אויפשטעלן. איך ווייס נישט ווי אַזוי, נאָר די שרעק פון ווערן דערשאָסן האָט אַזוי געווירקט אויף מיינע נערוון, אַז איך, ווי פיל אַנדערע, האָב זיך מיט איבערמענשלעכע כוחות אַרויסגעריסן פון שניי און זיך געשטעלט אויף די פיס. אַזוי האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז מאַוטהאַוזן, אַ פאַרניכטונגס־לאַגער אין טיראָל. די קרעמאַטאָריעס אין מאַוטהאַוזן האָבן נישט באַוויזן צו פאַרברענען די בערג מיט טויטע אָנגעוואָרפענע אין לאַגער. די רוסישע געפאַנגענע פון אונזער לאַגער האָבן געפּלעגט אָפּשניידן פלייש פון טויטע און דאָס אָפּ־קאָכן אין אַ פאַרראָסטן בלעכערנעם טאָפּ וואָס זיי האָבן געפונען אין פעלד. אין מאַוטהאַוזן האָבן מיר באַקומען אַ פונט ברויט פאַר אַכט מענשן אויף צוויי טעג. ביים צעטיילן דאָס ברויט זענען אויסגעבראָכן געשלעגן. שפּעטער האָט יעדער גרופּע אויסגעקליבן איין מענשן וואָס זאָל צעטיילן דאָס פונט ברויט.

פיר אַ זייגער פאַרטאָג האָט מען אונז האַלב נאַקעטע אַרויסגעטריבן אויף דער גליענדער פראָסט. יעדער האָט לייכט געקענט פאַרפרוירן ווערן אויף טויט. אָבער ווען עס קומט אַ גרויסע צרה, טוליעט זיך איין מענש צום אַנדערן און אַלע שרייען מיט איין קול: גאָט, העלף אונז! אַזוי איז אויך געווען אין מאַוטהאַוזן. ווען די שוידערלעכע קעלט אין דרויסן

האָט געפּרעסן אונזערע נאַקעטע קערפּערס, האָט זיך איין מענש געטוליעט צום צווייטן. אַזוי האָבן זיך צוזאַמענגעדריקט טויזנטער האַלב נאַקעטע קערפּערס צו ווארעמען איינער דעם צווייטן. עס האָט זיך פאָרמירט איין ריזיקע קערפּער־מאַסע וואָס האָט געשריען צו די דייטשן: מערדער! רוצחים! איר ווילט אונז פאַרניכטן! ווען איינער איז געוואָרן אָוועקגע־שטופּט פון דער זיך טוליענדער באַוועגלעכער קערפּער־מאַסע אין פראָנט אַריין, האָט ער זיך געפּרוווט ראַטעווען פון פראָסט און זיך געריסן צוריק אַריין אינעווייניק צווישן אַנדערע אין דער מאַסע. אַזוי איז אַנגעגאַנגען אַ באַוועגונג אין דעם אומגליקלעכן, פאַרצווייפלטן מענשן־געדראַנג ווי די כוואַליעס אויפן ים. אַזוי איז עס אַנגעגאַנגען ביז די נאַכט איז צו־געפאַלן און מ׳האָט אונז אַריינגעטריבן אין די באַראַקן.

אַ צווייט מאָל האָט מען אויפגעוועקט אין מיטן דער נאַכט, געהייסן אויסטאָן נאַקעט אין דרויסן און דאָרט באַפוילן איבערלאָזן די „מלבושים״. אונז אַריינגעטריבן אין קעלערן און דאָרט אונז באַשפּריצט מיט הייס וואַסער און אַרויסגעטריבן אין דרויסן אין דעם קנאַקעדיקן פראָסט. יעדער האָט געציטערט ווי אַ פיש און געזוכט זיין העמד און הויזן. ס׳איז ענט־שטאַנען אַ גרויסע סומאַטאָכע, קיינער האָט נישט געפונען זיין אַנטאָן צווישן טויזנטער פעקלעך מיט אַנטואַכץ. מענשן זענען געלאָפן נאַקעטע אויפן פראָסט ווי פאַרסמטע מייז. די ס. ס. האָט דערווייל דערהרגעט פיל פון דער מאַסע. די וואָס האָבן נישט געקענט געפונען זייער העמד און הויזן האָט מען אַוועקגעפירט אין גאַז־קאַמער.

ווידער האָבן די ס. ס. אונז אַריינגעפּאַקט אין אָפענע וואַגאָנעס ווי הערינג אין אַ פאַס און געפירט ווייטער. מענשן אין די וואַגאָנען, טויט פאַרמאַטערט זענען געפאַלן אויפן דיל. די אַנדערע אויך טויט־מיד זענען דערשטיקט געוואָרן. רייסערייען און געראַנגל איז פאָרגעקומען צווישן די קרבנות, יעדער האָט געקעמפט צו זיין אויף דער אויבערפלאַך און בלייבן לעבן. יעדן אין דער פרי האָט מען אָפּגעשטעלט דעם צוג און באַפוילן אַרויסוואַרפן די טויטע און דער צוג האָט געריירט ווייטער. צו שטילן דעם דאָרשט, האָבן מיר אויפגעעפנט אונזערע מיילער און דער שניי איז אַריין אין מויל. יעדן טאָג זענען מער און מער מענשן אומגע־קומען. פון די 120 ביז 140 מענשן אין אַ וואַגאָן, זענען געבליבן לעבן נאָר פון 12 ביז 15 מענשן.

ווען דער „צוג פון טויט״ האָט זיך אָפּגעשטעלט האָבן מיר זיך געפונען אין לאַגער אין עבענזי.

ווען די אַמעריקאַנער האָבן זיך דערנענטערט צום לאַגער, האָבן די ס. ס. אונז געהייסן בלייבן אין די שטאַלן אין די בערג און נישט

גייען צוריק אין לאַגער אַריין. מיר האָבן זיך אָבער דערוווּסט אַז זיי ווילן אונז פאַרניכטן מיט דער לעצטן דינאַמיט וואָס זיי האָבן געהאַט איידער די אַמעריקאַנער באַפרייען אונז. מיר האָבן זיי געענטפערט אַז מיר ווילן אין די בערג־שטאָלן נישט בלייבן און מיר זענען צוריק גע־גאַנגען אין לאַגער. אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר געהערט אַ שרעקלעכן אויפרייס. דאָס האָבן די נאַציס אויפגעריסן די שטאָלן.

די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט זיך דערנענטערט און דאָס רעשטל פון צענדילקער טויזנטער אין לאַגער באַפרייט.



די דייטשן האָבן אונז געוואָלט פאַרניכטן ביזן לעצטן. פון דער אַש פון די קרעמאַטאָריעס איז די שארית הפליטה ווידער אויפגעשטאַנען צום לעבן. מיר זענען עדות פון דעם שוידערלעכסטן חורבן אין אונזער געשיכטע. מיר זענען אויך עדות פון דעם פריידיקסטן אין אונזער גע־שיכטע: דער אויפקום פון מדינת ישראל.

דעם פאַרשאָלטענעם עמלק, דעם אויסוואָרף פון מענטשלעכן מין, דעם דייטש, — ווילן מיר אייביק געדענקען.

**חיה עלבוים־דאָרעמבוס, תל־אביב.**

## דער גרוס

וואַרשע, אָנהויב 1940. טאָג נאָך טאָג נייע גזירות. יידן מיט ווייסע לענטעס אויף די אַרבל, יידן געפּלאָגטע, פאַרצווייפלטע, צעטומלטע, מיט צעלאָפענע אָנגעשפּיצטע אויגן, אומרואיקע מוחות אין וועלכע עס פּלאָנ־טערט זיך אַ האָפענונג צו קענען אַנטלויפן, צו ראַטעווען זיך פון זיכערן אומקום.

בסוד דערציילט עמעצער וועגן אַ גרופּע יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזט פּוילן און זענען שוין אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. עס פאַלן נעמען: דער גערער רבי, איטשע מאיר לעווין, הרב כהנא, ד״ר מישורסקי און אַנדערע.

אַן אומגעהויערער ווילן אַרויסצוראַטעווען מיין משפחה פון סכנה לאָזט מיך נישט רוען, איך וואַנדער פון איין „מאַכער״ צום צווייטן און אומעטום באַקום איך דעם זעלבן ענטפער: „געלט און דאָקומענטן״.

דאָקומענטן קאָן איך באַקומען נאָר אין אונזער פריערדיקן ווינאָרט פּלאַצק. פּלאָצק געהערט איצט צום רייך. ווי אַזוי קומט מען אַהין? די גרענעץ צווישן גענעראַל־גובערנאַמענט און רייך איז שטאַרק באַוואַכט.

וועגן אַ פּאַסירשיין איז נישט צו טרוימען. באַשליס איך צו שוואַרצן די גרענעץ.

אין אַ פּראַסטיקן פּאַרנאַכט, אַן איינגעהילטע אין אַ גרויסער פּויע־רישער פּאַטשיילע, שפּרייז איך צוזאַמען מיט אַ חברה שמוגלער, ווי איינע פון זיי.

וואַרשע בלייבט הינטער אונז. אַ צעשויבערטער, אָפּגעריסענער בין־השמשות פול מיט שאָטנס שלעפּט זיך אונז נאָך. פאַר מיר, לעבן מיר און נאָך מיר — שמוגלערס: פרויען און מענער, פרעמדע, כיטרע פּנימער מיט שפּיזיקע אויגן. עס באַפאַלן מיך שלעכטע מחשבות: אפשר וועל איך מער נישט צוריקקומען פון די פיינטלעכע וועגן? איז עס דען נישט אַ משוגעת, אַ ווילדקייט אָט די דאָזיקע אַזאַרט שפּיל? באַלד קומען אָבער קעגן־געדאַנקען: די אויסגעטרוימטע פרייהייט, אייגענע ערד, פּאַלמען, ציפּרעסן, רואיקע, העלע מזרח־נעכט געוויגטע פון ים־געררויש.

— אָבי ביז אַריבערן נאַרעוו — גיט אַ זאָג אַ שמוגלערין לעבן מיר — אָבי ביז איבערן נאַרעוו, דערנאָך איז שוין אַ נאַרישקייט! די צוויי־דריי קילאָמעטער ביז צו דער באַן סטאַנציע פאַרשווינדן אונטער די פיס.



אַן איינזאַמע כאַלופּע אויף אַ וויס, פּוסט פעלד, ווייט פון טראַקט. מיר גייען אַריין אינעווייניק ווי אין אַ פינסטערער הייל. אַ געדיכטע, טוכלע לופט פון אַ ניט געלופטערטער פּויערישער כאַטע נעמט אונז וואַרעם אַרום. די שטוב פילט זיך אָן מיט מענשן. די פינסטערניש ווערט ביס־לעכווייז מילדער. די קאַרגע פלעמלעך, וואָס שאַרן זיך אַרויס פון אונטער דער צעזשאַרעטער, ליימענער קיך, וואַרפן פונאַנדער רויטלעכע רעפלעקסן. שווייגנדיקע, שטומע געשטאַלטן זעצן זיך צו דער ערד. צוזאַמען מיט זיי — אומרו און דערוואַרטונג. אַלץ זעט אויס געהיים און סודותדיק ווי בשעת אַ „סאַבאַט" פון מכשפות. אָט וועט זיך באַלד אָנהויבן די וואַל־פּורגיע־נאַכט מיטן בעזעמטאַנץ.

דער פּויער, דער אייגנטימער פון דער כאַלופּע, נעמט צוזאַמען דעם אָפּצאָל „פון קעפּל". די שמוגלער שאַרן נענטער צו זיך צו די קלומיקעס. די באַבעס בינדן זיך פעסטער אַרום מיט זייערע סחורות. אַלע און אַלץ אַרום שווייגט. בלויז דאָס ברענענדיקע האָלץ אין דער קיך שיסט אויס פון צייט צו צייט מיט אַ בראַזג פון פונקען, וואָס פאַלן אַראָפּ דורך דעם רושט אין אַש אַריין ווי אַ גאָלדענער רעגן.

— כאָדזשוואַ! — בלייבט הענגען אין דער לופט אַ געדעמפּטער אויסרוף — כאָדזשוואַ, יענאַ מילצקעם!

איינציקווייז שאַרן מיר זיך אַרויס. עס פאַרכאַפּט אונז אַ פּראַסטיקע, שטילע ווינטערנאַכט; אַ בלענדיק־העלע, אַ צעפינקלטע מיט מיליאָנען שטערן אויפן הימל און אויף דער ערד. אַ שנור מענשלעכע סילועטן, ווי בוימער ביים טראַקט. טונקל־בלויע שאָטנס שלעפּן זיך נאָך אויפן שניי און טאַנצן אַ פאַנטאַמימע־טאַנץ. אַ צעלויכטענע, גרויסע לבנה זיפּט אַדורך איר ליכטיקן שטויב ווי דורך אַ גלעזערנער זיפּ. דאָ און דאָרט — איינצלנע בוימער־סקעלעטן, באַדעקטע מיט שניי, ווי מיט אַ דיקער שאַכט גלאַנציקער וואַטע. ביים קלענסטן באַריר פון ווינט ציטערן די ווייסע, פּוכיקע צווייגן און שטערנדלעך ווירבלען, פאַלן און פאַרשווינדן אין דער פאַרכישופטער נאַכט. פאַרשטומט אין קאַלטן בליאַסק, הערט זיך אַלץ איין אין דער שרעקעוודיקער סימפאָניע פון שווייגן.

מיר גייען און גייען, טאַפּטשען אין טיפן שניי, וואָס זאַפּט איין יעדן שאָרך. אַ שוויס ריזלט איבערן לייב. אַ לאַנגע שנור געשטאַלטן. פון דער רעכטער זייט האָריזאָנט, ווייט־ווייט טונקלט זיך אַ וואַלד; איבער אים — אַ בלוי־זילבערנער נעפּל. לינקס פון וואַלד דאַרף זיך געפינען דער נאַרעוו. אָ, גאָט, אַבי בשלום אַריבערקומען, אַבי שוין זיצן אין צוג, וואָס פירט קיין שערפּץ, קיין פּלאָצק.

ס'מוז שוין זיין האַלבע נאַכט. בלאָנדזשען מיר נישט? פאַרפירט אונז נישט דער וועגווייזער? די אימה, וואָס גייט מיט אונז טראָט ביי טראָט, פאַרטרייבט די מידקייט. דער שניי אונטער די פיס ווערט מיט אַ מאָל פלאַכער, האַרטער. עס גייט זיך לייכטער, שנעלער. גייען מיר שוין איבערן נאַרעוו?

— פיו — יו — יו — יאָו — או — שניידט פלוצים אַדורך די שטילקייט אַ געוואָי פון קוילן איבער אונזערע קעפּ.

— פיו — ו — ו — ו, צצם־צצצם — פליען פאַרביקע פלעמלעך און לעשן זיך אויס מיט אַ צמאָקע ערגעץ אין דער ווייטקייט.

די שנור שמוגלערס צעשיט זיך, פאַלט צו צו דער ערד. אויך איך ליג אומבאַוועגלעך מיטן פּנים צום שניי. דאָס האַרץ קלאַפּט, אַז עס רוישט אַזש אין די אויערן. אַ בילעריי פון הינט דערנענטערט זיך מיט דער שנעלקייט פון ווינט. אָט שטייען שוין אַרום אונז וועלפישע חיות מיט אויסטעטשירעטע ציין. אין זייער געברום הערט זיך וואָרנונג כלפּי יעדן איינעם. וואָס וועט זיך דערוועגן צו רירן פון אָרט. די שיסעריי שטילט זיך איין. אין קאָפּ איז מאָדנע פּוסט, ווי אין אַן אויסגעליידיקטן צימער. בלייז אַ נאַרישער געדאַנק וויגט זיך פויל אין מוח, אַ געדאַנק,

אַז דאָס אייז אונטער אונז קאָן צעגיין און זיך איינברעכן. די צייט ציט פונאַנדער די רגעס אין אַן אָנברעגיקער דערוואַרטונג. דאָס אויער ביי דער ערד כאַפּט אויף אַ וויטן סקריפּ פון שווערע טריט וואָס דערנענטערן זיך. כ׳בין אַן דאָקומענטן, אָן שמוגל, זיי וועלן מיר אָננעמען פאַר אַ שפּיאָן. אפשר זאָגן דעם אמת? — אַלץ איינס — אַ קויל.

— אַאופשטעען, דרעקיקע פאַלען. אַאופשטעען! — דונערן דייטשישע קולות. אַלע שמוגלערס שפּרינגען אויף ווי קוקלעס. זעקס זשאַנדאַרן און זעקס הינט רינגלען אונז אַרום. זיי פירן אונז ביז צו דער וואַך־בודקע, נאָענט ביים וואַלד. .

— כאָלעראַ! — סיקעט מיין שכן — צו נאָענט האָט ער אונז געפירט דער סוקין־סין, צו נאָענט! כ׳על אים די בעבעכעס!...

— דאָס געפעק צונויפלייגן אויף איין אָרט! — הילכט אַ דייטשער באַפעל.

פלוצלונג בלייב איך ווי געליימט: איינער פון די הינט טראָגט אין פיסק אַן אָרעמבאַנד מיט אַ מגן־דוד. פאַראַן, הייסט עס, צווישן די שמוג־לערס, אויסער מיר, נאָך אַ ייד. ער האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן איבער־צולאָזן די לענטע אין דער היים און דאָ זי אַוועקגעוואָרפן. מורא געהאַט פאַר אַ רעוויזיע. די לענטע קאָן אונז ביידן אומברענגען.

איך באַטראַכט אַלעמעס פּנימער: ווער פון זיי איז דער ייד? שווער פעסטצושטעלן. עס וואַקסט אויס אַ באַרג רוק־זעק, קלומיקעס, קויש־לעך, איין שמוגלערקע ווייגט, וויל אויסבעטלען איר ביסל אָרעמקייט. זי פאַלט דעם זשאַנדאַרם צו די פיס און יאָמערט. מיין בליק לויפט נאָך דעם הונט. אָט לייגט ער אַוועק אַ יידיש לעבן ביי צוויי דייטשישע שטיוול. דער מגן־דוד ליגט מיטן פּנים אַראָפּ. די ווייסקייט פון דער לענטע שיידט זיך ווייניק אונטער פונם שניי. אַלעמענס אויגן זענען געווענדט צום בערגל געפעק.

— צו פערזענלעכער רעוויזיע!! — ווידער אַ באַפעל.

געוויינען, אַ סקאָמליען פון באַעוולטע, באַרויבטע.

מיין ריי. האַלב אין פויליש, האַלב אין דייטש, באַשיידן, שטיל און רויק דערקלער איך, אַז איך בין נישט קיין שמוגלערין. מיין מוטער אין פלאָצק איז שטערבלעך קראַנק. דער הויפּטמאַן אין וואַרשע האָט מיר געהייסן קומען אין דריי טעג אַרום נאָך אַ פּאַסיר־שיין, אָבער איך קאָן נישט וואַרטן אַזוי לאַנג, איך מוז זי זען, מיין מוטער — קאָנסט מיך פאַרשטיין? פרעג איך דעם דייטש — וואָלסטו אַנדערש געטאָן? וואָלסטו נישט איינגעשטעלט דיין פרייהייט, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין דעם לעבן פון דיין מוטער?

בשעתן ריידן דערפיל איך, אַז מיין מוטער איז באמת שטערבלעך קראַנק. איך דערפיל, אַז דער מאָמענט איז אַ דעצידירנדיקער. איך קאָן מיין מאַמען אָפּראַטעווען. די גאַנצע ליבשאַפט צו איר, דער פחד פאַר איר לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין מיין בליק. אַ סוגעסטיווער כוח, וואָס האָט אויך מיך באַאיינפלוסט, האָט, ווייזט אויס, געמוזט ווירקן אויפן דייטש, ווייל באַלד האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אָ, יאָ, דו ביזט פריי!

ער האָט צוגערופן אַ זשאַנדאַרם, עפּעס אים געזאָגט, יענער האָט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט געוויזן מיר די ריכטונג וווהין צו גיין.

איך בלייב אָבער שטיין און דערוועג זיך צו זאָגן:

— איך קען נישט דעם וועג און האָב מורא צו גיין אַליין. איך וועל פאַרבלאָנדזשען, אפשר וועט נאָך עמעצער באַפרייט ווערן, וועלן מיר גיין צוזאַמען.

— לאַאוסס! — האָט דער זשאַנדאַרם מיט אַ משונהדיק קול אויסגעשריגן, „לאַאוסס" — האָט אָפּגעהילכט צענפאַכיק דאָס ווידערקול.

אַ דערשראָקענע האָב איך אָנגעהויבן לויפן צו דער גרויסער, ווייסער פּוסטקייט. געלאָפן און געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט, אָט שיסט מען מיר נאָך. געלאָפן אין איין אָטעם. אונטער די פיס — אַ גלייכער באָדן, הייסט עס — כ׳בין נאָך אַלץ אויפן נאַרעוו. גאָט אין הימל, העלף מיר! איך לויף און האָב מורא זיך אומצוקוקן. די פאַרשוויצטע לידקעס ווערן שטייף פון פראָסט. פונ׳ם פנים זעצט אַ געדיכטע פאַרע. די אויגן קוקן ווי דורך אַ נעפּל. דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי שנעל, אַז נאָך אַ רגע און עס וועט פּלאַצן. איך בלייב שטיין און... קוק זיך אום. ווייט־ווייט וויגן זיך אויפן שניי, אין דער נאַכטישער העלקייט, צוויי לאַנגע שאָטנס. אַוודאי באַפרייטע שמוגלערס. ס׳איז כדאי אונטערצוואַרטן. און אויב דאָס זענען דייטשן, אָדער אַנדערע פינסטערע פאַרשוינען?...

איך טאָפּטשע אין טיפן שניי. דער נאַרעוו איז שוין הינטער מיר. די ווייטע שאָטנס פאַרקערעווען אויף רעכטס, דאָרט ווו עס טונקלט דער וואַלד. איך באַשליס צו גיין אין יענער ריכטונג. וואָס ס׳האָט צו זיין זאָל זיין! איינע אַליין בראָדזשען אין דער פּוסטקייט איז אַזוי אימהדיק, אַזוי שרעקלעך. ווי הייס קאָן זיין אין אַזאַ פראָסטיקער נאַכט! די פיס טאָפּטשען און פאַלן אַריין אין שניי ביז צו די קני. קוים שלעפּ איך איין פוס אַרויס, פאַרזינקט דער צווייטער אינ׳ם ווייסן, קאַלטן פוך.

— האָפּ, האָ — אָ — אָ — פּ! — דערגייט צו מיר אַ רופן.

— האָ — אָ — אָ — פּ — ענטפערט דער וואַלד. איך קערעווע מיינע טריט אויף רעכטס, צו יענע צוויי געשטאַלטן. מיר ווערן וואָס אַ מאָל

נענטער צו זיך. איך אונטערשייד שוין אפילו, אַז דאָס זענען צווי פרויען. מיר דערפרייען זיך ווי אַלטע באַקאַנטע. זיי קענען גוט דעם וועג. מיין געשפּאַנטקייט לאָזט נאָך. איר אָרט פאַרנעמט אַן אומגעהויערע מידקייט. אפילו די געדאַנקען ווילן מער נישט דינען. די העלע, בלענדיקע לבנה שאַרט זיך פאַמעלעך אויבן און מיר — אונטן.

די באַנסטאַנציע. דער צוג דאַרף אָנקומען ערשט אין די פאַר־מיטאָג־שעה׳ן. איינע פון די פרויען, אַ יונג שיקסל מיט צווייי בלאָנדע צעפּ, וויל נישט וואַרטן. זי האָט אַ מומע אין נאָענטן דאָרף, געזעגנט זי זיך און גייט אַהין צו פוס. די נאַכט ווערט וואָס אַ מאָל גרויער, באַלד וועט אָנהויבן טאָגן.

---

פלאָצק. מיין פלאָצק. נאָך נישט קיין האַלב יאָר, ווי כ׳בין פון דאַנען אַוועק און... נישט מער די זעלביקע שטאָט. שורות שטומע הייזער. צעפלאַטערטע, רויטע פענער מיט שוואַרצע האַקנקרייצן. פוסטע אָפּגע־שטאָרבענע גאַסן אָן מענשן. אַלץ איז פול מיט אַ ווידערקול פון אַמאָליקן לעבן. אומעטום — שאָטנס פון עבר, איבערגעוועקטע געשפּענסטער, וואָס גייען מיר נאָך און פּליסטערן מיט די טרויעריקסטע שטימען פון זכרונות. מיין אויג כאַפּט אויף מיט ליבשאַפט און ווייטיק אַלץ, וואָס איז געווען אַזוי נאָענט, אַזוי אייגן. כמעט אַלע פענסטער — פאַרהאַנגען מיט ראָ־לעטן. ס׳רוב געוועלבער — פאַרמאַכט. אַ שטילקייט ווי אויף אַ בית־הקברות. אָט איז די טומסקע גאַס און דאָרט, ביים עק — בעטלעיס אַפּטייק. איין הויז ווייטער — קאָלעגיאַלנע 3 — מיין געוועזענע היים. דאָס גע־וועלב, די שויפענסטער, דאָס טויער. צוגיין? ניין! אויסמיידן, אויסמיידן, גיין ווייטער!

מיינע טריט הילכן אָפּ טויב און שרעקעוודיק. אָט איז קאָזאַקע־וויטשעס צוקערניע. די טירן — פאַרהאַמערט. וווינט נאָך רוזשקע אין איר פריערדיק שטיבל? אָ, זי זאָל נאָר זיין אין דער היים. נאָך דריי הייזער, נאָך צוויי.

פּלוצים — אַן אָפּהילך פון מאַרשירנדיקע פיס און... אַ מעכטיק התקווה־געזאַנג. התקווה? דאָ?! אומבאַוועגלעך בלייב איך שטיין לעבן אַ טויער און קאָן זיך בשום אופן נישט רירן פון אָרט. אַ גרעסערע גרופּע יידן מיט לאָפּעטעס, גראַבליעס, האַמערס און ברעכאייזנס דערנענ־טערן זיך, פיר אין אַ ריי. אַ שוואַרצע פירעק, באַוואַכט פון צוויי דייטשן. „זינגען! זינגען! לאַאוטער!" — שרייט איינער אויפהויבנדיק די קאָלבע פון זיין ביקס. אַ הילכיקן געזאַנג פון התקווה פילט אָן די פוסטע גאַס, טראָגט זיך איבער די קעפּ פון די הייזער.

דער ערשטער ייד — אַ צעבלוטיקטער. האָט ער אַן אויסגעהאַקט

אויג ?! אַ כאַקאַנט פּנים! ווער איז ער? אָ, דאָס איז דאָך וויינבערג! זיין העמד, דער ראָק — באַגאָסן מיט בלוט. ער זעט מיך נישט. זיין איינציק אויג קוקט ערגעץ ווייט־ווייט. פון דעם ברייט צעעפנטן, פאַר־בלוטיקטן מויל רייסן זיך די טענער און ווערטער פון התקווה. דער דייטש ווייסט נישט וואָס די יידן זינגען...

— לאַאוטער! לאַאוטער!

קאָלעגיאַלנע 11. אין איין אָטעם לויף איך אויף די טרעפּ ביז צו רוזשקעס טיר. איך בלייב אַ רגע שטיין. מיט די לעצטע כוחות קלאַפּ איך אָן. עס דערגייט צו מיר רוזשקעס שטים. אָן אוממענשלעכע מידקייט ברעכט אונטער מיינע קני. די שטוב ווירבלט און דרייט זיך צוזאַמען מיט מיר. רוזשקע האַלט מיך אין די אָרעמס און וויינט, וויינט ביטער.

אין אָוונט האָב איך באַזוכט וויינבערגן אין זיין היים אויף שע־ראָקאַ גאַס. אין אַ קליין שטיבעלע האָט אין ווינקל, ביי דער קיך, געצאַנקט אַ פּיצעלע קאַגאַנעצל. וויינבערגס ווייב האָט זיך באַוועגט שטיל און שטום ווי אַ שאָטן. אויפן בעט אינ׳ם אָנטועכץ איז געלעגן וויינבערג. אויף זיין פּנים — אַ נאַס טוך.

ראַפּטעם שפּרינגט ער אויף. דאָס טוך גליטשט זיך אַראָפּ פון זיין צעקאַליעטשעט פּנים.

—איר אין פּלאַצק? ווי האָט איר זיך איינגעשטעלט צו קומען אין גיהנום אַריין? וואָס פאַר אַ לייכטזין!

עס פאַלן אָפּגעריסענע ווערטער, ווערטער פון פאָרוווּרף און ווייטיק.

איך דערצייל אים וועגן די סיבות פון מיין קומען. צוויי צעגליטע דלאָניעס כאַפּן אָן מיין האַנט:

— הלוואי. הלוואי, — שעפּטשען זיינע ליפּן — הלוואי זאָלט איר מצליח זיין, אַהינקומען בשלום. מיין גאַנץ לעבן האָב איך געטרוימט וועגן ארץ־ישראל, וועגן אָן אייגן פעלד, אייגענע לאָנקעס, קי, געחלומט צו זיין אַ פּאַסטוך, אַ יידישער פּויער אין אַ יידיש דאָרף, זעטיקן זיך מיט אייגן ברויט. — — —

ווי אָפּגעריסן פון דער אַרומיקייט, באַהויכט מיט וויזיעס, האָט ער אין דער פינסטערניש פון צימער געקוקט מיט דעם איינעם אויג, ווי פון אַ תהומיקער טיפקייט, און געשעפּטשעט, אויסגעשעפּטשעט זיינע טרוימען. דער געלער בלישטש פון קאַגאַנעצל האָט זיך טראַגיש אָפּגע־שלאָגן אין דער ווונד פונ׳ם אויסגעהאַקטן אויג. די רגעס האָבן געציטערט, געפיבערט, געצאַנקט. אין דער דערדריקענדיקער שטילקייט האָט זיך פּלו־צים דערהערט אַ שלוכצן. וויינבערגס קאָפּ איז צוגעפאַלן צום קישן. זיין

ווייב האָט זיך שטיל דערנענטערט און אַרויפגעלייגט אויף דער ווונד אַ פריש, פייכט טיכל. פון אונטערן טיכל זענען געדונען רויטע טרערן.

— וויינבערג, — פלאָנטערט זיך מיר די צונג — וויינבערג, האָט איר אין ארץ־ישראל אַ קרוב, אַ פריינד איבערצוגעבן אים אַ גרוס פון אייך, אויב... אויב איך וועל אַהינקומען?

וויינבערג זעצט זיך ווידער אויף.

— אַ קרוב? אַ פריינד? אַלע יידן דאָרט זענען מיינע קרובים, מיינע פריינד! אַ גרוס? נעמט מיט פאַר זיי מיין היינטיקע התקווה, אונזער התקווה. זאָל זי צוזאַמען מיט אייך באַפרייט ווערן אויף אונזער הייליקער ערד. די געשיכטע וואָרט געדולדיק טויזנטער יאָרן... ס׳וועט אָבער קומען אַ טאָג, יום פקדי אותם, נאום ד׳, והעליתים, והשיבותים אל המקום הזה.

וויינבערג ווערט אַנטשוויגן. געלע, צעשראָקענע, צאַפּלדיקע פלעמ־לעך לויפן זיך פונאַנדער איבער די טונקעלע ווינקלען פון שטיבל, ווי זיי וואָלטן געזוכט אַ באַהעלטעניש אַנטרינען צו ווערן.

פאָרן הויז הויערט אַן אימהדיקע, זילבער־גרינע נאַכט מיט פוסטע גאַסן, שטומע הייזער, פלאַטערנדיקע רויטע פענער מיט גרויסע, שוואַרצע האַקנקרייצן. איבערן הימל וואַנדערט אַ קראַנקע, טרויעריקע לבנה מיט אַן אויסגעהאַקט אויג און אין פיין צוזאַמענגעצויגענע ליפּן.

י. בערנשטיין

## דער קעלמער מגיד

ווו איז דער קעלמער מגיד? ווו איז דער מאַן וואָס האָט אַנגע־וואָרפן פחד אויף יידן און געשטראָפט? ווו איז דער ייד, וואָס האָט געקאָנט אַלע מדורי־גיהנום און האָט געשילדערט ווי דאָס גיהנום זעט אויס, ווי אַזוי מען שטראָפט און פאַרוואָס מען שטראָפט? דער ייד וואָס האָט געמאַכט פיבערן לייבער און ציטערן לענדן, וואָס האָט אויפגעציטערט פאַרהאַרטעוועטע הערצער, וואָס האָט אָנגעצונדן מענשלעכע פאַרזאַמלונגען מיט שרעק פאַר באַצאָלונג, אויפגעבראָכן מענשלעכע געוויסנס מיט געוויין און יללה — ווו איז ער? אַ מענש — די רוט פאַר דעם פאָלקס פאַר־האַרטעוועטן געוויסן, וואָס זאָל אויפנעמען די פאַרצווייפלטע הילף־רופן, וואָס גייען אויף אין די גאַסן און בלייבן אַן ענטפער; די וויי־געשרייען פון פאַרצווייפלטע מוטערס, דעם אומגליק פון קליינע קינדער, די הונגער־חרפה פון רייפע מענער, די אומזיניקע בליקן פון פאַרהונגערטע צום טויט; די פלעקן און בלאָזן אויף פנימער, וואָס בליען מיט בלומען פון שחין צוליב הונגער; וואָס זאָל אויספלעכטן אַ רוט פאַר די בייזוויליקע פון

דער עדה, און זאָל זייערע לייבער דרעשן, און אַוועקרויבן זייער רו, פאַרגליווערן דאָס בלוט אין פחד פאַר באַצאָלונג?

צי גלויבט איר נישט אין באַצאָלונג? צי גלויבט איר נישט, אַז פאַר די זינד פון סדום קומט אַ רעגן פון פייער פון הימל, אַז זינד ברענגט אויף זיך אַ מבול, אַז זינד ברענגט פאַרלענדונג, מדה כנגד מדה, אַ מעסטל פאַר אַ מעסטל? איר גלויבט נישט אין גיהנום? איר, וואָס גייט אַרום איבער די גאַסן פון וואַרשע תש"א, איר גלויבט נישט אין גיהנום? אָדער גלויבט איר אין גיהנום פאַר אַנדערע, און נישט פאַר זיך?? איר, קלוגע, ראַציאָנאַליסטן, אַפּיקורסים, וואָס גלויבט איר נישט אין גיהנום, וואָס פרעמדע יידן טוען אייך נישט וויי, וואָס איר ווערט נישט וואָנזיניק, ווען איר טרעט איבער וועגן געפּלאַסטערטע מיט קינדערשע שיידלען — הערט, איר רויקע און זיכערע, און ווערט אומרויק: עס קומט אַ מגפה אונז צו פאַרלענדן, צו פאַרטיליקן. יעדער בלוטיקער שפּיי פון די פאַרהונגערטע, יעדער הויך פון זייערע פאַרצערטע לייבער, יעדע אויסדאַמפונג פון זייער בלוט און מאַרך, און די קללה, וואָס גייט פון זייערע לייבער אין דער שטיל, און דאָס כריפּנדיקע געבעט אויפן קול — וועלן אָנצינדן אַ צאָרן. הונגער, וואָס ווערט אַזוי פאַרוואַרלאָזט, ווערט פאַרווערעמט און פאַרוואַנדלט אין אַ סערפּ, וואָס שנײַדט אָרעם און רייך. די באַצאָלונג שטייט פאַר אונזערע טירן. דאָס געשפּענסט, וואָס ווערגט — מאַן און פרוי, יונג און אַלט, אָרעם און רייך — מדה כנגד מדה, אַ מעסטל פאַר אַ מעסטל, עונש און פייערדיקע ריטער.

ווו נעמט מען דעם קעלמער מגיד, וואָס זאָל וואַרפן אויף אייך פחד, ווי אַ ווערגנדיקע שטריק איבער העלזער, וואָס זאָל מאַכן צעגיין פאַרשטיינערטע הערצער, וואָס זאָל מיט צוואַנגען ביי אייך אַרויסציען דעם באַשלוס צו טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן פון אייער מויל מיט דעם הונגעריקן, וואָס זאָל אייך באַצווינגען דעם באַשלוס צו פאַרוואַנדלען אין מעשים? ווו נעמט מען דעם בייזן שטרענגן ייד, דעם קעלמער מגיד, וואָס זאָל אויפשוידערן די געוויסנס, וואָס זאָל אייך באַווייזן אַ צווייטן מדור פון גיהנום, וואָס זיין נאָמען איז: באַצאָלונג פאַר הונגער־טויט פון ברידער, ווען דער ערשטער מדור — הונגער — איז נישט גענוגנד? ווו נעמט מען אַ קעלמער מגיד, וואָס זאָל אייך צעברעכן, כדי איר זאָלט גאַנץ ווערן?

אונזער אָפּגעצוימקייט איז אַ מדבר פאַר שאַקאַלן. אונזער אָפּגעצוימקייט ברענט מיט וואונדן, בליט מיט שחין, זינגט אַ לויב מיט קאָרטשנדיקן ווייטיק: אונזער אָפּגעצוימקייט — איז אַ בית־המקדש פון ליידן און אַ הייל פון פאַרברעכן.

# ביבליאָגראַפיע צום צווייטן און דריטן טייל

לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור
דורות בונדיסטן — 2־טער באַנד נ. י. 1956
ז. רייזינס לעקסיקאָן
פלאָצקער וואָרט, 1936
פלאָצקער לעבן, 1937
„פרייהייט" — פלאָצק 1920
„פלאָצק", בלעטלעך געשיכטע — בוענאָס־איירעס 1945
נתן קאָזשען בוך — קאַנאַדע, 1948
זישא לאַנדוי בוך — נ. י. 1938
ש. טענענבוים — אַנאַ פראַנק, נ. י. 1959
ה. פענסטער — אונזערע יידישע מאַרטירער קינסטלער, פּאַריז
ר. אייזלאַנד — פון אונזער פרילינג
משה וואַרשע — וועגן פון אַ נשמה, נ. י. 1913
י. סאַנדעל — אומגעקומענע יידישע קינסטלער אין פוילן, וואַרשע, 1957
רייזעל קורטשאַק (רוזשקע) — להבות באפר — מרחביה א"י, 1946
חיה דאַרעמבוס — אויף דער אַרישער זייט, תל־אביב, 1957
תדהר — אנציקלופדיה לחלוצי הישוב ובוניה
לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער 2־טער באַנד, וואַרשע, 1934
פאָלקס־שטימע — וואַרשע, 1955
פלאָצקער פרייע שטימע — 1920
ספר „דרור" — ישראל, תשי"ז
יידישע שריפטן — לאָדזש, 1948
זשורנאַלן און צייטונגען פון פאַרשידענע פעריאָדן.

☆ ☆ ☆

## באַמערקונג פון מחבר

ליידער זענען אין בוך נישט אַריין אַ ריי מאַטעריאַלן — צוליב דוחק אין געלט. בפרט באַדויערן מיר וואָס צוליב דער זעלבער סיבה האָבן מיר נישט אַריינגעגעבן די רייכע קאָלעקציע פון הונדערטער פאָטאָגראַפיעס פון פלאָצקער יידישן לעבן אין אַלע אירע אַספעקטן, וואָס צוזאַמען וואָלט עס געשאַפן אַ זעלטענע פאַרשטעלונג פון יידישן אָרט־לעבן אין פלאָצק, ווי לעבעדיק פאַר די אויגן.

**יזכור** די פאַרלאָשענע יידישע מאַמעס און פאַרשניטענע יידישע טאַטעס, פאַרגאַזטע שוועסטער און ברידער און פאַרטיליקטע באָבעס און זיידעס און די שוי־דערלעך אויסגעקוילעטע קינדערלעך אונזערע. מיר קרובים פון זייער געבליבענעם אַש, וועלן זייער אנדענקן קיינמאָל פאַרגעסן.

אקאליצאַ: יהודה משה, דבורה, נפתלי־אריה, יחיאל מאיר, הענעך, פייגע רחל.
גראבמאַן: חנן, איטע, שרה, שלמה, ישראל, פריידע, לאה, טעוועלע, משה׳ל.
בזשעזשינסקי (זשעלאזניאַק): יהודית, בנימין.
איידלבערג: הרב מרדכי דוב, הרבנית פייגל, מנחם (און פאַ־מיליע), אַהרון דוד (און פאַמיליע), הדסה (מאַרקאָ־וויטש און פאַמ.), רייזל און חיים ראַמקאָווסקי־גלאַטשטיין.
געלבאַרט: יוסף, געלא, משה, ראָזאַ (בערנשטיין), מרדכי, ראובן, ראַשע, שמחה, אַברהם.
פלידערבלום: לאה, פישל און טאָלאַ, רבקה, מאַניע (פרענקעל) זאשא (ראַוויצקי).
טינסקי: העלא, סעמיועל, מארעק, טוביה און בעלא, סאלאמאַן, סעמיועל, עדוואַרד מרגליה, אַנקא.
כאַנאַכאָוויטש: חיים מרדכי, איידל איטע (צימבלער), צפורה (קאַן), אברהם זעליג, סאלא (ווינער), שמואל נח, הערש נתן, רייזל, דינה, הינדע, שיע.
קאַלמאַן: חיים יונה, רבקה, שרה (זאנדבערג), איידל, ברײנע שיוואַק), לייבל, הענעך, הערשל.
גרינשפאַן: יצחק מאיר, ליבע ראַצע, אַברהם, פנחס, הינדע, לייבל, ישראל, שמואל־אליהו און פאַמיליע, מרדכי־לייב שמיגא, צפורה אקאליצאַ, שמיגא: אסתר, פייגע, רבקה־רחל (אקאליצאַ) גוזשיק, סטאַשעק גוזשיק.
איצקאָוויטש: משה, הערש, רייצע, מיכאל, דינה, חיה, מרדכי.
באַראַן: לייביש, רחל.
לעדערמאַן: פנחס, רבקה, פייגע, רחל.
האנדלארזש: לייבל און גיטל.
גאלד: מאיר, אסתר מלכה, אברהם.
ווראבלעווסקאַ: פעסע און פאַמיליע.
טשיזשיק: פאַמיליע. קאָזאַ: לייביש.
ליסער: אסתר מלכה, מאַריא בירענצווייג (ליסער) און פאַמ.
ווייסמעל: מאיר וואָלף, געגענדל, לייביש.
ליפסאַן: הערשל און פאַמ. זלמן און פאַמ.
סטאַזשיג: משה און פאַמ.
גלאַבוס: מרדכי און דבורה.
אקאליצאַ: אליעזר.
זיינוועל: טאַבע.
פלאַקס: די פאַמיליע.
שמיגא: ישראל שיע, רבקה, שבתי, מרדכי לייב, הינדע שרה, דבורה, אברהם מאיר.
קאַגוט: משה און חנה.
כמיעל: סענדער, חיים, דוד, פישל און זייערע פאַמ. רויזע לאה, חוה און זייערע פאַמ.

זשעלאזניאַק: חנה, טאבטשע, יענטע, לאה׳טשע.
שמיגא: מרדכי, חנה, פרץ, שמעון יעקב, נח, הערשל, מלך, לאה רבקה, אסתר ראצע, שיינע האדיס, רחל.
טראַנספּארט: יונה, טאבע און פייגע בודניק.
פינקעלשטיין: שלמה און שרה.
ראָזענטאַל: שלמה יעקב, פערל, קלמן, שיע זלמן, משה אהרן.
ליסער: פעסע.
אַלטמאַן: יעקב שלום, צפורה.
פראַנקענשטיין: הערמאַן, בראָנקאַ, אַלעקסאַנדער.
לעווקאָוויטש: מאיר און חיה.
ציפּריאַן: אסתר, אברהם.
בערקאָוויטש: אברהם, הינדע, יצחק, רייוועל.
גרינשפּאַן: משה, רוזשקע, לייזער, זלמן.
ראָזענשטיין: ברוך, ריווע, יצחק אשר, גוטשע.
קוטשינסקי: אברהם, שרה. גראנאט: לייזער.
סטראַך: יעקב, חנה, ברוך, משה.
גאלדע: פייוול, גיטל, מרדכי.
כוטשער: דוד יוסף, מלכה, יצחק.
פוקס: ישראל זאב אוך שיינע.
וויינגראם: פאַמיליע.
גלאווינסקי: יעקב, מרדכי.
קאָזשען: חיה׳לע (סטזשיג) און משפחה. הינדע (קאַץ) און משפחה. גאלדע, נתן, יצחק, ישראל.
מענדעלסאַן: ברוך, דבורה, איטקא, דוד, אנקא (יישאַייעוויטש), יעקב, קובא. יעקב און צעשא (באכענעק).
גראַסמאַן: קלמן, פערל, בתיה, שמאי, רבקה.
באַרישאַק: צירל, הערש־יואל, יחיאל, לאה.
טאוב: משה און רבקה.
שטערן: דוד, העלען.
ניעדזשוויעדזש: מאיר און פאַמ., אַריאל, טאבע, מינץ: פאַמ.
קילבערט: משה, דאבע פריידע, מרדכי.
בורשטין: יעקב יוסף און פרוי, רעגינא.
אַרבייטער: הערש יצחק, האגארא, יוסף.
קאלמאן: משה מענדל, צביה ברכה, אברהם יצחק, שמואל, לייבל, קאַראָלאַ, פריידל.
טורזשאנאָווסקי: הערש יעקב, פרוי און קינדער.
סאבעל: טאבע און זילפע.
מאַשקאָוויטש: שמעון און רחל, יעקב אריה, מרדכי, רחל לאה, פעלאַ, פאָלאַ.
טשערניקאָווסקי: דבורה, חיים לייב, ישראל יצחק, רייזעל.
קרוק: דוד, אסתר, סאַלעק, בערעק.
זילבערבערג: נפתלי,ביילע, מיכאל, דבורה, שמואל, אהרן, טאבע.
ניימאַן: לייב און לאה, משה און פראניא, ישראל און אסתר, יעקב און אנקא.
פשעניצאַ: אידעק און עטקאַ, מארישא, העניעק.
פלארעק: משה, יאכלע, זיסמאַן, אפרים, פישל, נחום, שלמה, אברהם טוביה, רחל קאַן.
ווייצמאַן: מאיר, סימכע און פאַמ.
מאגנעס: מיכאל, הינדע און פאַמ. יוסף, מאניע און פאַמ.
גוטמאַן: חיים און ליבע.

מענכע: חיים מאיר, סאלקע (גוטמאַן), יעקב, סאַלאַ, יצחק, גוטעק.
ברי: אברהם חיים און עלקע. ישראל יוסף, מאיר און פנחס און פאַמיליעס.
אַש: הערש נתן און רבקה ראַצע, אברהם, יצחק.
לעיבגאַט: אברהם משה, חיה שרה (פעטבראַט), יהודה, שלמה זלמן.
טראַנספּאָרט: משה און שרה.
אַכאַטניק: טאבע, שמואל הערש.
זשעלאזניאַק: איטשע.
שעקערקאַ: גדליה.
באַרנשטיין: פייגע.
קליין: יונה, חיה רויזע, טישעל פריידע און פאַמ., יעקב לייב און פאַמ. ישראל הערש און פאַמ.
טאוב: משה און רבקה, יעקב, מיכאל און מאלע, פריידע און אברהם.
ליכטמאַן: חיים אליעזר, חנה, צבי הערש, אשר, רבקה רחל, דבורה, דאַבע.
באַרישאַק: חיים שלמה, שיינע הענע.
אייזנמאַן: בערל, רחל.
געלבאַרט: זישע, קרוזע.
יילאַווער: חיים, סורטשע.
סטראַך: אסתר טאבע, מאיר און פאַמ.
באַרישאַק: אהרן און פאַמ.
אַנשולאַווסקי: משה יחזקאל, רוזשע.
בזורא: פישל און פרוי, שמואל ד"ר.
זילבערבערג: לעאָן און פעלאַ.
לעווקאָוויטש: מאַניעק און פרוי.
שלעזינגער: בעריש און פאַמ.
קאַוואַדלאַ: דוד און פאַמ.
גאלדקינד ד"ר: און פאַמ.
שוואַרץ: יעקב און פרוי, מאַניעק.
פינקעלשטיין: אברהם בער, איטע, משה'לע, נעכעלע.
גוטעסקנאַט: מיכאל חיים און חייקע. איזראעלאָוויטש יוסף טעלצע איטע און פאַמ.
רובין: משה, אסתר און פאַמ. שרה (קאַטלאַרזש) און פאַמ.
גאלדמאַן: אברהם יצחק, חנה מרים, ישראל, ירחמיאל אשר.
ניידאָרף: מאַשע צביה.
האַלצמאַן: לייזער יעקב.
פּלאַקס: מיכאל און פאַמ.
חברים: אלעשניק אברהם, מאַקאָווסקי חיים, האבערמאַן יצחק, טשוק שרה, זילבערשטיין ישראל.
חברים: קאַלישער שלמה, מינץ שמחה, גאלדקינד מיכאל, נויבערגער יוסף, ריזש מרדכי, סעגאל משה, פרענקעל גרשון, יישאַיעוויטש עובד, אַש אברהם, זאנדער משה, ווישינסקי י., בוכמאַן פנחס, פעניגשטיין אברהמ'ל, פּרוסאַק שלום, ראַוויצקי ישראל.
אגורעק: רבקה, מאיר, לעמל.
קורשטיין: חיים, לייב.
מאַרדעל: סימכע, ישראל.

